

# שעקספיער'ס

## אויסגעוועהלטע ווערק

מיט זיין

## ביאגראפיע און בילד

—) און (—

12 איללוסטראציעס אין טעקסט.

פעארבייט אויס דעם ענגלישען פון

## ד. מ. הערמאלין.

דריטע אויפלאגע.

.1912

ארויסגעגעבען פון דער בוכהאנדלונג פון

ש. דרוקערמאן

50 קאנאל סטריט ניו יארק

# אינהאלטס פערצייכניס.

# פאררעדע.

דיעזעס ווערק איז געשריעבען געוואָרען מיט דעם צוועק צו געבען דעם אידישען לעזער א בעגריף איבער שעקספּיער.

מיר זאָגען א בעגריף, אָבער ניט קיין שטודיום, ווייל אום צו שטודירען שעקספּיער, און ווירקליך בעגרייפען שעקספּיער, מוזען מיר זיך ווענדען צום אריגינאַל, אָדער לכל־הפּחות צו דער בעריהמטער דייטשער איבערזעטצונג, וואָס איז באלד אזוי גוט וויא דער אָריגינאַל. אויב עס וועט אמאָל קענען זיין אזא אידישע איבערזעטצונג פון שעקספּיער וויא די דייטשע איז, איז א גרויסער ספק. פאָרלויפיג אָבער, רעכענען מיר, אז דאָס פאָלגענדע ווערק וועט זיין א גרויסער פערדיענסט פאר אונזער אָרעמע אידישע ליטעראַטור, ווייל דער אידישער לעזער וועט האָבען דיא מעגליכקייט צו וויסען, ווען ניט פיעל, וועניגסטענס עפּעס איבער שעקספּיער, און עפּעס, וויא בעקאַנט, איז בעסער וויא גאָר ניט.

שעקספּיער אין ערצעהלונגס פאָרמע, וויא דיעזעס ווערק איז, איז ניט ניי. צום ערשטען מאָל האָט מען דאָס געמאַכט טאַקי אין דער ענגלישער שפּראַך. דיא בעאַרבייטער זיינען געוועזען משארלז און מיירי לעמב, וועלכע האָבען געשאַפען דאָס ווערק „טעילז פראָם שעקספּיער.“ זיי האָבען דאָס געשריעבען אין ענגליש, כאָטש שעקספּיער האָט געשריעבען זיינע ווערקע אויך אין דערזעלבער שפּראַך.

דיא אורזאַכע איז געוועזען פאָלגענדע:

שעקספּיער איז ניט נאָר געוועזען א דראַמאַטורג, זאָנדערן אויך א גרויסער דיכטער, פיעללייכט דער גרעסטער וואָס דיא וועלט האָט געהאַט. ער האָט אָלזאָ געשריעבען זיינע דראַמען ערשטענס אין א דיאַלאָג פאָרמע, און צוויי־טענס אין א פּאָעטישער שפּראַך. דאָס אלעס איז גוט פאר דער ביהנע, אָבער ניט פאר דעם לעזער וואָס וויל זיך בעקענען מיט דיא טהעמאַס וואָס שעקס־פּיער האָט בעהאַנדעלט. עס איז א שווערע פאָרמע וואָס איז ניט צוגענגליך פאר'ן פאָלק.

# פאָררעדע

זיי האָבען געוואָלט פּאָפּולאַריזירען שעקספּיער פאַר'ן פאָלק און זיי האָבען גענומען צוואַנציג פון זיינע אויסגעוועהלטע ווערק און זיי איבער־געגעבען פאַר'ן ענגלישען לעזע־פּובליקום. דער לעזער האָט אַלזאָ א געלעגענ־הייט צו ערפאַהרען, אין א פּאָאר טעג לעזען דיעזע ערצעהלונגען, מעהר וויא אַן אנדערער וואָס פערברענגט א יאָהר אין שטודירען דיא דראַמען אין זייער אָריגינעלע פאָרמע. בעסער געזאָגט, דיא לעמבס האָבען געגעבען דעם ענג־לישען לעזע־פּובליקום א געלעגענהייט פאַר א פאָר־שטודיום פון זייער גרויסען דיכטער.

אַן ענגלישער שרייבער האָט געזאָגט: „דיא ענגלענדער האָבען מעהר ערפאַהרען איבער שעקספּיער'ן דורך דיא לעמבס, וויא דורך שעקספּיער גופא.“

דיא פראַנצויזען, דייטשען און אנדערע פעלקער, האָבען נאכגעפאָלגט דיא לעמבס און געגעבען אין זייערע שפּראַכען ענליכעס וויא דיא לעמבס אין ענגליש.

דאָס ווערק וואָס ליעגט יעצט פאַר'ן אידישען לעזער איז געשריעבען אויף דעמזעלבען אופן, מיט פאָלגענדען אונטערשיעד: אנשטאָט צו אי־בערזעטצען דאָס וואָס דיא לעמבס האָבען געשריעבען, האָבען מיר בלויז נאכ־געפאָלגט אין דערזעלבער ריכטונג, וועהרענד אויף פיעלע ערטער האָבען מיר זיך געווענדעט צום אָריגינאַל, און דאָ אָדער דאָרט איבערגעגעבען א מאָנאָ־לאָג, צוגעלעגט אַן ערקלעהרונג און אזוי ווייטער.

דער אידישער לעזער האָט אַלזאָ פאַר זיך צוואַנציג דראַמען פון שעקס־פּיער'ן און אויך איינע פון זיינע בעריהמטע פּאָעמען, „דהי רעיפּ אָוו לאָקרים“ (דיא פערגוואַלטיגונג פון לוקרעציא.) דאָס לעצטע איז דורכאויס גענומען פון דער ערשטער קוועלע, אָבער אויך געשריעבען אין דערזעלבער פאָרמע וויא מיר האָבען איבערגעגעבען דיא דראַמען.

האָבענדיג דאָס אַלעס צוזאַמען מיט שעקספּיער'ס ביאָגראַפיע, איז צו האָפען, אז דער אידישער לעזער וועט האָבען דיא בעסטע מעגליכע געלעגענ־הייט צו שטודירען דעם גרויסען ענגלישען דיכטער און זיך מאַכען א בעגריף ווער און וואָס ער איז געוועזן.

אויב שעקספּיער וועט, ווען עס איז, איבערזעצט ווערען אין אידיש וויא ער שטעהט און געהט, וועט דיעזעס ווערק אימער פערבלייבען א ניטצליכער פאָר־שטודיום צום דיכטער'ס ווערק וויא ער האָט זיי געשאַפען.

דער בעארבייטער.

# די ביאגראפיע פון וויליאם שעקספיער.




לויז איין זאַך געפינט זיך אונטער מענשען, וואָס זוכט ניט קיין יחוס און קיין גדלות. דאָס איז זשעניע. גרויסע מענשען, דאָס הייסט, גרויסע זשעניען, ווערען ניט געבוירען גראַדע פון אַנדערע גרויסע זשעניאַלע מענשען. זיי פאַלען וויא דיא טראָפענס רעגען, איבעראַל, אויף דער פרוכטבאַרער ערד פונקט וויא אויף דעם האַרטען פעלזען.

וויליאַם שעקספיער, דער גרעסטער דראַמאַטישער דיכטער, וואָס האָט נאָר ווען עס איז געלעבט, איז געוועזן דער זוהן פון דזשאַהן שעקספיער. דזשאַהן האָט געהאַט פערשיעדענע מלאכות, דאַרונטער אַ האַנדשוה־מאַכער און אויך אַ קצב.

זיין גרויסער און וועלטבעריהמטער זוהן איז געבוירען געוואָרען אַם 23טען אַפּריל 1564 אין דעם ענגלישען שטעטעל סטראַטפאָרד־אָפאַן־אַוואָן.

דיא מענשען האָבען דאַמאָלס קיין אַהנונג ניט געהאַט ווער עס האָט ערבליקט דאָס ליכט פון דער וועלט אין סטראַטפאָרד־אָפאַן־אַוואָן, דערפאַר האָט מען זיך ווייניג וואָס אינטערעסירט צו פערצייכנען דיא וויכטיגע איינצעלהייטען פון זיין צוקונפט. דיא מענשען האָבען אָבער אויך שפּעטער ווייניג וואָס געוואוסט איבער דעם ווערטה פון וויליאַם שעקספיער, און דערפאַר איז פאַר דער צוקונפט ניט איבערגעבליבען גענוג מאַטעריאַל אום זיך גענוי פאָרצושטעלען וויא דיעזער גרויסער גייסט האָט זיך ענטוויקעלט.

דאָס הויז וואו שעקספיער איז געבוירען געוואָרען, איז שפּעטער, אין יאָהר 1597, אָבגעקויפט געוואָרען פון אַ פאַמיליע מיט דעם נאָמען אָנדערהילל. עס האָט זיך גערופען „דהי גרעיט האוז“, (דאָס גרויסע הויז,)

ניט ווייל עס איז געווען א גרויסער און מעכטיגער פּאלאץ, זאָנדערן, ווייל צווישען דיא קליינע הייזלאך פון שטעטעל, איז דאָס געווען דאָס גרעסטע. דאָס הויז שטעהט נאך יעצט, ווייל עס איז אָבגעקויפט געוואָרען, שפּעטער מיט יאָהרען, און אויפבעוואהרט פון גרויסע קינסטלער, עס זאָל בלייבען ביי דעם אַלטען אויסזעהען, כדי דיא מענשען זאָלען לאַנג קענען קוקען אויף דעם פּלאַטץ וואו וויליאַם שעקספּיער איז געבוירען געוואָרען.

איבער שעקספּיער׳ס קינדהייט ווייסען מיר כמעט גאָר ניט. אַזוי פיעל איז אונז בעקאַנט, דאָס איינמאָל האָט אויסגעבראָכען א פּעסט אין שטעטעל און עס האָט געהאַלטען דערביי דיא וועלט זאָל פערלירען דיעזען גרויסען גייסט. דאַן ערפאַהרען מיר, אַז ער האָט בעזוכט דיא דאָרטיגע „פרי גראַמער סקול״, אָדער פרייע שולע, וואו ער האָט געלערענט, וויא דער מנהג איז דאַמאָלס געווען, אַביסעל לאַטייניש און נאָך ווייניגער גריכיש.

ענגליש איז ביי דיא ענגלענדער אַליין, דאַמאָלס ניט פערערעכענט געוואָרען מעהר וויא אידיש אונטער איהען מיט א דרייסיג יאָהר צוריק. „ענגליש קען יעדער, און מען דאַרף עס ניט לערנען,״ איז געווען דאַמאָלס א שפּריכוואָרט. שעקספּיער האָט שפּעטער אויך געקענט פראַנצויזיש און איטאַליעניש, אָבער דאָס האָט ער אַליין געלערנט.

ווען ער איז אַרויס פון דער שולע, האָט ער געהאָלפען א היבשע צייט זיין פּאָטער אין פליישהאַקען און פליישפערקויפען.

עס ווערט בעהויפּטעט, אַז ער איז אויך געווען אַן אַנגעשטעלטער ביי אַן אַדוואָקאַט, אָבער זיכער ווייסען מיר ניט אויב דאָס איז א פאַקט. באַלד נאָך זיין 18טען יאָהר, האָט ער חתונה געהאַט. זיין פרוי איז געווען א געוויסע אַנן האַטהאַוועי, דיא טאָכטער פון א דאָרטיגען געאַכטעטען בעל־הבית. אַנן איז געווען עלטער פון איהר מאַן מיט עטליכע יאָהר. עס שיינט, אונטערדעסען, אַז שעקספּיער איז ניט געווען זעהר גליקליך אין זיין פערהייראַטען לעבען.

אין 1583 איז געבוירען געוואָרען זיין טאָכטער סוזאַנא; מיט 18 מאָנאַט שפּעטער האָט איהם זיין פרוי געבוירען א צווילינג, א אינגעל מיט א מיידעל, האַמנעט און דזשודיטה. דאָס איז געווען שעקספּיער׳ס גאַנצע פאַמיליע. עס ווייזט אויס, אַז ער האָט ווייטער מיט זיין פרוי ניט געלעבט צוזאַמען.

האַמנעט, שעקספּיער׳ס איינציגער זוהן, איז געשטאָרבען ווען ער

## דיא ביאָגראַפיע פון וויליאַם שעקספּיער.

איז אַלט געווען 12 יאָהר, און דאָס האָט דעם דיכטער׳ס נשמה זעהר שטאַרק בעטריעבט. דיא טעכטער סוזאַנא און דזשודיטה, האָבען חתונה געהאַט און געהאַט קינדער.

יעצט פאַנגט אָן שעקספּיער׳ס קאַריערע. אהין, אין זיין שטעטעל, זיינען זעהר אָפט געקומען טהעאַטער קאָמפּאַניעס. שעקספּיער, נאָך אַלס קינד, האָט מעהרערע מאָל בעזוכט דיא פאָרשטעלונגען. ער איז אויך שפּע־טער פּערזענליך בעקאַנט געוואָרען מיט כאַנכע פון דיא אַקטיאָרען און געקריגען אַ גרויסען חשק צו ווערען אַליין אַ שוישפּיעלער.

דאַן האָט ער אָבגערייזט נאָך לאָנדאָן וואו ער איז געווען אַ דיענער אין אַ טהעאַטער און זיך „ארויפגעארבייט", מיט דער צייט, און איז גע־וואָרען אויך אַ שוישפּיעלער.

שעקספּיער איז געווען אַן אַקטיאָר וועהרענד אַ צייט פון 11 יאָהר, אָדער, ביז מיט 13 יאָהר פאַר זיין טויט. נאָר אזוי ווי אַ גוטער אַקטיאָר, האָט דאַמאָלס געקריגען זעקס שילינג מיט אַכט פּענס (אומגעפעהר אַ דאָלאַר) אַ וואָך, קענען מיר זיך פאָרשטעלען פיעל שעקספּיער האָט פערדיענט, ווען ער איז, צו אַלע גליקען, ניט געווען פערדערבענט פאַר אַ גוטען שוישפּיעלער.

פאר וואָס שעקספּיער איז דאַמאָלס ניט פערדערבענט געוואָרען אַלס אַ גוטער שוישפּיעלער, קענען מיר זיך מערקען דערפון, ווייל „דער וואָס האָט געשריען און געליארעמט" איז געווען אַ גוטער אַקטיאָר. שעקספּיער׳ס ליעבע צום נאַטירליכען, האָט איהם וואהרשיינליך ניט געמאַכט פאַר קיין „שרייער און ליארמער."

עס ווערט בעהויפּטעט, אַז ער האָט פריהער געשפּיעלט אין פער־שיעדענע פרעמדע פּיעסען, דאַן אין זיינע אייגענע, וויא אין דער ראָליע אַלס גייסט אין „האמלעט" און אדאם אין „וויא דיר געפעלט עס" („עז יו לאיק איט.")

ניט מאַכענדיג קיין ערפאָלג אַלס אַקטיאָר, האָט שעקספּיער גע־שטרעבט צו ווערען אַ פערפאַסער. ניט אכטענדיג אויף זיין גרויסען זשעניע, אַלס אַ זעלבסט־בעשאַפער, האָט ער זיך, אַ היבשע צייט, צופריעדען גע־שטעלט, איבערצוזעהען און פערריכטען דיא פּיעסען פון אנדערע.

פערפאַסערס האָבען אָבער דאַמאָלס אויך געמאַכט קליינע גליקען. דער גרויסער בען דזשאנסאָן, ווערט אונז מיטגעטהיילט, האָט דאַמאָלס געבעטען דעם טהעאַטער דירעקטאָר הענסלאָו, ער זאָל איהם געבען „פינף שילינג אין פאָראויס" אויף זיין פּיעסע.

דיא פּראָפעסיאָן וואָס שעקספּיער האָט זיך אַלזאָ אויסגעקליבען, האָט ניט פיעל פערשפּראָכען. אָבער צו וואָס האָט ער זיך געקענט נעהמען? אַלע אַנדערע געלערענטע אָדער פּאָליטישע פּראָפעסיאָנען, זיינען געלעגען אין דיא הענד בלויז פון דעם אַדעל'ס קינדער.

קיין צייט אין שעקספּיער'ס לעבען איז מעהר דונקעל, וויא דיא צייט ווען ער האָט אָנגעהויבען צו שאַפען זיינע אָריגינעלע ווערקע. מיר ווייסען ניט גענוי וועלכע דראַמען ער האָט געשריבען צום ערשטען. מיר ערפאַהרען בלויז, אַז אין 1592, איז ער שוין געווען בעקאַנט אַלס אַ דראַ־מאַטישער שרייבער. אַלע זיינע ווערק האָט ער געשאַפען צווישען דיא יאָהרען 1590 און 1613, אַ צייט פון אונגעפעהר 23 יאָהר.

מיר הערען, אַז שעקספּיער איז אַרומגעפאָהרען מיט טהעאַטער קאָמפּאַניעס פון שטאָדט צו שטאָדט, און אַזוי וויא אַקטיאָרען זיינען דאַ־מאָלס ניט שטאַרק געאַכטעט געוואָרען, האָט מען פון איהם אויך ניט פיעל געהערט.

פּלוצלונג ערפאַהרען מיר אָבער, אַז שעקספּיער האָט אָנגעהויבען צו זעהען מאַטעריעלע פרוכטען פון זיין אַרבייט. אין 1597, האָט ער געקויפט אַ הויז אין סטראַטפאָרד און אויסגעגעבען אַ היבשע סומע געלד דאָס איינצוריכטען. נעכסטעס יאָהר האָט אַ געוויסער ריטשאַרד קוואַיני, פון סטראַטפאָרד, זיך צו איהם געווענדעט נאָך אַ הלואה פון דרייסיג פונט. דאַן האָט ער אָנגעהויבען צו לייהען געלד אין סטראַטפאָרד כמעט צו יעדען איינעם וואָס האָט איהם נאָר געגעבען אַ גוטע פערזיכערונג.

זיין פערמעגען האָט געוואַקסען. אין 1602 האָט ער בעצאָהלט 320 פונט פיר 170 אַקער לאַנד. אין 1605 האָט ער ווידער געקויפט לאַנד פאַר 440 פונט; אין 1613 האָט ער געקויפט אַ מין טענעמענט הויז פאַר 140 פונט.

עס ווערט אויסגערעכענט, אַז ער האָט געהאַט אַן איינקונפט פון 250 פונט אַ יאָהר, וואָס איז דאַמאָלס געווען ווירקליך אַ פערמעגען.

יאָ, דיא צייט איז נאָך ניט געקומען צו פערשטעהן דעם אמת'ן ווערטה פון שעקספּיער'ן, אָבער איינצעלנע פערזאָנען האָבען זיך דאָך געפונען וואָס האָבען געהאַט אַ שטיקעל בעגריף פון איהם.

צווישען דעם אַדעל זיינען געווען דיא מאַרקיזען סאַמבראָון און מאָנטגאָמערי, וועלכע האָבען זיך קאָנקורירט איינער דעם צווייטען אין

טהאָן שעקספּיער'ן טובות, אויך דיא צוויי קעניגע פון שעקספּיער'ס צייט, האָבען זיך געוויזען זעהר פריינדליך צום דיכטער.

צו לעצט איז ער אליין געוואָרען א טהעאַטער דירעקטאָר און געשפּיעלט מיט זיין טרופּע מעהרערע מאָל פאר דעם מאָנארך מיט זיין פאַמיליע.

נאָך ביי זיין לעבען האָט מען געדרוקט מעהרערע פון זיינע דראַמען, אָבער דעם הויכען ליטעראַרישען ווערטה, האָט דער עולם ניט פערשטאַ־נען, ער האָט בלויז געמאַכט ערפאָלג אויף דער ביהנע.

דאַן, ווען ער האָט שוין געהאַט גענוג כבוד און געלד לויט זיין צייט און אומגעבונגען, האָט ער בעשלאָסען זיך צוריקצוציהען פון דער הויפּטשטאָדט לאָנדאָן. ער האָט אימער געבענקט נאָך זיין געבורט־שטע־טעל, סטראַטפאָרד, און זיך געוואונשען דאָרט צו שטאַרבען.

ער האָט זיך אלזא בעזעצט אין זיין הויז אין סטראַטפאָרד און געלעבט זעהר רוהיג און געלאַסען, געניסענדיג דאָס פערגניגען פון א רו־היגער עלטער אויף זיינע פעלדער און גיטער.

דאַן איז געקומען דיא צייט ווען דער פאָרהאַנג האָט בעדאַרפט פאַלען איבער דער לעבענסביהנע פון דיעזען גרעסטען פון אלע דראַמאַ־טישע דיכטער. עס איז געווען אונערוואַרטעט; שעקספּיער האָט זיך געפיהלט גאַנץ גוט און געזונדהייט. מיט איינמאָל איז אלזא געקומען דער סוף.

אם 23טען אפּריל, פּונקט צו זיין 52טען געבורטסטאַג, האָט ער געשלאָסען זיינע אויגען אויף אייביג. מיט צוויי טעג שפּעטער האָט זיין קערפּער צוריקגעקעהרט צו דער ערד פון וואַנען ער איז געקומען.

באַלד א גאַנצעס יאָהר־הונדערט האָט געדויערט ביז דיא ליטעראַרי־שע און קריטישע וועלט האָט אָנגעהויבען צו בעגרייפען ווער און וואָס שעקספּיער, דער אונגעבילדעטער, דעם קצב'ס זוהן, איז געווען.

מיט א קאָרגען מאָנאַט פאר זיין טויט, דאָס הייסט, אם 25טען מערץ 1616, האָט ער געשריבען א צוואה, וועלכע פאַנגט זיך אזוי אָן:

„אין נאָמען פון גאָט, אמן. איך וויליאם שעקספּיער, אין סטרייטפאָרד־אַפאָן־אַוואָן, אין דער קאָונטי פון וואַרוויק, אין פאָלשטענדיגער געזונדהייט און זכרון, (געלויבט איז גאָט דערפאַר!) טהו איך אין בעפעהל דיעזען לעצטען וואונש און צוואה אויף פאָלגענדען אופן: דאַס הייסט:

„ערשטענס גיב איך איבער מ׳ין נשמה אין דיא הענד פון גאָט, מיין בעשעפער, האָפענדיג, און זיכער גלויבענדיג... אנטהייל צו נעהמען אין אייביגען לעבען; און מיין קערפּער זאָל צוריק קעהרען צו דער ערד פון וועלכער ער איז געמאכט געוואָרען.״

ער האָט דאַן איינגעטהיילט זיין פערמעגען פאר זיינע קינדער און אויך פאר בעקאַנטע. פאר דיא אָרעמע פון סטראַטפאָרד האָט ער געלאָזט בלויז 10 פונט, און פאר זיין ווייב ניט מעהר וויא דאָס מעבעל.

זיין ווייב, וועלכע איז געוועזן עלטער וויא ער, האָט איהם איבערגעלעבט מיט עטליכע יאָהר.

אָט דאָס איז, אין קורצען, דיא ביאָגראַפיע פון וויליאַם שעקספּיער.

זיינע דראַמען, סאָנעטען און פּאָעמען, ווערען מיט רעכט בעטראַכט אלס אזעלכע מייסטערשטיקער וואָס ניט דיא גריכען אין אלטערטהום און ניט דיא דראַמאַטורגען אין דער מאָדערנער וועלט האָבען אויפגעשריבען.

שעקספּיער האָט געשריעבען אין אַ שפּראַך, וואָס איז נאָך דאַמאָלס ניט געוועזן קולטיווירט אָדער פערפיינערט. ער האָט אָבער קיינעם ניט בעדאַרפט; זיין זשעניע האָט געלעגט דעם פונדאַמענט פאר אַלע שעהנהייטען אין דער ענגלישער שפּראַך.

אלס דיכטער איז ער געוועזן ערהאַבען, און אלס דראַמאַטורג, איז ער געוועזן געטליך.

פיעלע קריטיקער פון היינטיגער צייט, האָבען טענות צו שעקספּיער׳ן, ווארום ער איז ניט געוועזן קיין נאַטוראַליסט אָדער רעאַליסט. פאר זיין צייט איז ער אָבער געוועזן נאָך מעהר וויא מען האָט געקענט פאָדערן. איבסען און הויפּטמאַן זיינען געווים גרעסערע נאַטוראַליסטען וויא שעקספּיער, אָבער שעקספּיער׳ס ציעלען זיינען ניט געוועזן איבסען׳ס אָדער הויפּטמאַן׳ס.

אין דראַמאַטישער מאַכט, שטייגט ער אריבער אפילו דיא אלטע גריכישע מייסטערס. אין שעהנהייט און קרעפטיגקייט פון שפּראַך, איז ער דער איינציגער און אַליין שטעהענדער אין דער דראַמאַ.

וואָס שפּעטער וועט זיין, ווייסען מיר ניט, ביז יעצט איז בלויז געוועזן איין שעקספּיער אויף דער וועלט און קיינער האָט נאָך ניט גערייכט צו זיין גראַד, שוין ניט רעדענדיג פון שטעהן העכער פון איהם.

ה.



ראָמעאָ און יוליאַ

# ראמעא און יוליא



יא צוויי אנגעזעהענסטע און רייכסטע פאמיליען פון דער שטאָדט ווערָאנא, איטאליען, זיינען געווען דיא קאַפולעט'ס און דיא מאנטאגיו'ס, אָבער שוין זייט א היבשע צייט זיינען דיעזע פאמיליעס געווען אין שטרייט. אין קריעג, און דאָס האָט געפיהרט דערצו וואָס ניט נאָר איינמאָל האָט געפלאָסען בלוט.

ויהי היום האָט דער אַלטער קאפולעט געמאַכט א סעודה. ער האָט געלאָזט איינלאַהען דיא רייכסטע און שענסטע דאַמען און הערען פון דער שטאָדט. דיא גאַנצע שטאָדט האָט געקלונגען מיט דיעזער סעודה.

דיא מאָנטאַגיוס, נאַטירליך, זיינען ניט געווען געלאַדען, אָבער א יונג מיידעל מיט דעם נאָמען ראזאלין האָט יא בעדאַרפט זיין איינע פון דיא געסט. דיעזע ראַזאלין איז געווען דיא געליעבטע פון דעם יונגען און שעהנעם ראָמעאַ, מאָנטאַגיו'ס זוהן. עס ווייזט זיך אָבער ארוים, אַז אָבוואָהל ראָמעאַ האָט געליעבט ראָזאַלינען, האָט זיא איהם ניט געליעבט. בענעוואָליא, ראָמעא'ס אַ פריינד, האָט בעהויפטעט, אַז ראָמעא דאַרף זיא ניט ליעב האָבען, און אום איהם אָבצוגעוואָהנען פון דיעזער ליעבע, האָט ער געפלאַנט צוזאַמען צו ברענגען ראָמעאַ'ן מיט אַנדערע שעהנע דאַמען, כדי ער זאָל פערגעסען אָן ראזאַלינען.

דיא בעסטע געלעגענהייט איז געווען דיא סעודה ביי קאָפולעט'ן. אָבער וויא אזוי קען אַ מאָנטאַגיו אַהין אריינקומען? בענעוואָליא האָט פאָרגעשלאָגען, אַז ראָמעא זאָל זיך מאַסקירען און בעזוכען דיא סעודה. ראמעא האָט אָנגענומען דיעם פאָרשלאַג, אָבער ניט אום צו זעהען פרעמדע דאַמען, זאָנדערן צו קוקען אויף זיין ראָזאַלינען.

אויף דער סעודה, מאַסקירט, זיינען אַלזאָ געקומען ראָמעאָ, בענעוואָליא און נאָך אַ פריינד זיינער מיט דעם נאָמען מערקוטיאָ. דער אַלטער

קאפולעט האט זיי זעהר שעהן עמפפאנגען. דיא יונגע לייט האבען גע־טאנצט מיט דיא דאמען, און ראמעא האט דערזעהען איין דאמע, וועלכע האט איהם, מיט איהר שעהנהייט, בעצויבערט. זיין בעוואונדערונג האט געוואקסען פון מינוט צו מינוט, ביז ער האט זיך ניט געקענט מעהר איינהאלטען און ער האט זיינע געפיהלע אויסגעדריקט אין ווערטער.

ווערענד ער האט אזוי פאנטאזירט איבער דער שעהנהייט פון דער יונגער דאמע, האט א געוויסער טיבאלט, קאפולעט׳ס א קרוב, זיך אונטערגעהערט און איהם דערקענט אן זיין שטימע

טיבאלט איז געווען א ווילדער און אויפגערעגטער יונג, און ער האט ניט געקענט ליידען, אז א מאנטאגיו זאל „פעראונרייניגען" דאס הויז פון דיא קאפולעטס. איבערהויפט האט ער געזאגט, אז ראמעא מאכט חוזק פון דער שעהנע דאמע, וועלכע איז געווען יוליא, קאפולעט׳ס געראטענע טאכטער. טיבאלט האט אנגעגריפען ראמעא׳ן און ער וואלט איהם דער־הרג׳עט אויפ׳ן פלאטץ, ווען דער אלטער קאפולעט וואלט זיך ניט אריינ־געמישט און ניט צוגעלאזט עס זאל געשעהען א מארד אין זיין הויז, אי־בערהויפט אין דער געגענווארט פון דיא געסט. אויסער דעם, האט דער אלטער קאפולעט געהערט, אז ראמעא, אויסער דעם וואס ער האט זיך קיינמאל ניט געמישט אין דיא פאמיליען שטרייטיגקייטען, איז ער אויך געווען א גאנץ רוהיגער און אנשטענדיגער יונגער מאן. טיבאלט, וועלכער איז געצוואונגען געווען זיך צו פערהאלטען רוהיג, האט פון דעסטוועגען געשווארען, אז ער וועט זיך, ביי דער ערשטער געלעגענהייט, נוקם זיין אן דיא מאנטאגיו׳ס.

ראמעא איז אלזא פערבליבען צו צוזעהען וויא דער עולם אמו־זירט זיך, נאר זיין ברענענדע ליעבע און בעוואונדערונג צו דער שעהנער יוליא, האט ער ניט געקענט אונטערדריקען. מיט דער מאסקע אויפ׳ן פנים, אבער מיט זיינע פרייע ליפען, האט ער פארטגעזעצט דעם לויב צו איהר שעהנהייט. זיא האט געהערט זיינע ווערטער און איז צוגעקומען צו איהם נעהענטער. עס איז ענטשטאנען צווישען זיי א געשפרעך, און אויך זיא האט זיך געשפירט צוגעצויגען צו דעם יונגען מאן.

אונווילענדיג האט זיא געפיהלט, דאס אבוואהל ראמעא איז זייער שונא, מוז זיא איהם דאך ליעבען.

עס איז שוין געווען האלבע נאכט ווען דער אונטערהאלט האט זיך געענדיגט. ראמעא מיט זיינע פריינד זיינען אוועק, אבער ער האט זיך

באַלד אָבגעטהיילט פון זיי און איז פערשוואונדען געוואָרען. ער איז אוועק צוריק אַהין וואו ער האָט איבערגעלאָזט דיא שעהנע יוליא, אריבער גע־שפּרונגען אַ פּאַרקען און איז אַריין אין אַ גאָרטען,, וואָס איז געווען נעבען יוליא׳ס הויז.

פּלוצלונג איז יוליא ערשיענען אויף אַ באַלקאָן ארויסקוקענדיג פון אַ פענסטער. דיא לבנה האָט אַרונטערגעוואָרפען איהרע זילבערנע שטראַה־לען און בעלייכטעט דאָס ענגעל־געזיכט פון זיין געליעבטער. זיא האָט אָנגעשפּאַרט איהר קאָפּ אויף איהר האַנד און ער האָט געמורמעלט:

„אַך, ווען איך וואָלט געווען ווייניגסטענס אַזוי גליקליך וויא דער האַנדשוה, וואָס בעריהרט יעצט איהר באַק!“

זיא וויעדער, ניט ווּיסענדיג, אַז עמיצער איז אין גאָרטען, האָט פּלוצלונג געזאָגט זיפצענדיג:

„אַך, ראָמעאָ, ראָמעאָ! פאַר וואָס ביסטו ראָמעאָ? פערלאָז דיין פאָטער, ענטזאַג זיך פון דיין נאָמען, צוליעב מיר; אָדער, ווען דו ווילסט עס ניט, זיי בלויז מיין געשוואָרענער געליעבטער און איך וועל מעהר ניט זיין קיין קאַפּולעט.“

ראָמעאָ איז נאָך מעהר בעצויבערט געוואָרען, און דאָס שעהנע מיידעל האָט ווייטער אויסגעזאָגט איהרע ליעבעס־געפיהלע אין דער שעה־נער און שטילער נאַכט. דאַן האָט ער זיך מעהר ניט געקענט איינהאַלטען און צו איהר אָנגעהויבען צו ריידען, זיא בעטענדיג, אַז זיא זאָל פערגעסען אַז זיין נאָמען איז ראָמעאָ, ווען דער נאָמען איז אירגענד אַ שטערונג.

יוליא האָט זיך רעכט דערשראָקען הערענדיג אַ מאַן׳ס שטימע אין גאָרטען. אין אָנפאַנג האָט זיא ניט געוואוסט ווער דאָס איז. זיא האָט אויפגעציטערט, און איהר ערשטער געדאַנק איז געווען, אַז יעמאַנד האָט איינגעדרונגען אין גאָרטען און ערפאַהרען איהר געהיימניס.

אָבער ליעבענדע הערצער האָבען אַזאַ מאַגנעט, דאָס זיי געפינען זיך באַלד אויס, אפילו אין שאָטען פון דער נאַכט. עס האָט אַלזאָ ניט פיעל געדויערט און זיא האָט דערקענט ראָמעאָ׳ס שטימע.

איהר ערשטער געדאַנק איז דאַן געווען, אַז זיין אַנוועזענהייט אין אַזאַ פּלאַטץ שטעלט איהם אין אַ גרויסער געפאַהר. זיין לעבען איז שוין ביי איהר טהייערער געווען וויא אַלעס. זיא האָט געוואוסט, דאָס אין פאַל ער זאָל דאָרט ערטאַפּט ווערען פון איינעם פון איהר פאַמיליע, דאָן איז

ער פערלאָרען. זיא האָט איהם דערפאר געבעטען ער זאָל אוועק, דאָרט מעהר ניט בלייבען.

„אך, געליעבטע,“ האָט ער געענטפערט, „עס איז מעהר געפאהר פאר מיר אין איינעם פון דיינע אויגען וויא אין צוואנציג שווערדען. קוק נאָר אויף מיר מילד, געליעבטע, און איך בין שוין געשיטצט געגען אלע מיינע שונאים. בעסער זאָל מיין לעבען געענדיגט ווערען דורך זייער האַס, וויא דאָס געהאסטע לעבען זאָל פערלענגערט ווערען און איך זאָל מוזען עקזיסטירען אָהן דיין ליעבע.“

„וויא ביסטו אהער אריינגעקומען?“ האָט יוליא געפרעגט, „ווער האָט דיר אהער געוויזען דעם וועג?“

„ליעבע האָט מיך געפיהרט“, האָט ער געענטפערט. „איך בין ניט קיין פילאָט (שטייער־מאַן), דאָך, ווען דו זאָלסט זיין אבגעטהיילט פון מיר, וויא דיעזער מעכטיגער ברעג וואָס איז געשווענקט פון דעם וויטעסטען ים, וואָלט איך אלץ געטראָפען צו דיר.“

דיא נאכט האָט פערשטעלט יוליא׳ס געזיכט, זאָנסט וואָלט ראָמעא געזעהען וויא איהרע שעהנע באקען זיינען אָנגעגאָסען געוואָרען מיט בלוט. זיא האָט געוואָלט חרטה האָבען אויף איהר מילדקייט, פריינדליכקייט און זיך אויסבייזערן אויף איהם. אָבער זיא האָט ניט געקענט.

דאָס פרויענצימער איז בטבע שעהמעדיג, און זיא איז ניט אזוי פריי וויא דער מאַן באלד צו געשטעהן איהר ליעבע. אָבער דיא ליעבע קומט ניט איבעראל אין איין גראד. אין געוויסע פעללע ברעכט זיא אויס וויא דיא לאַווא פון א פייער־שפייענדען בארג, וואָס קיינער קען זיא ניט צוריקהאלטען. דאס זעלבע איז אויך געוועזען מיט יוליא׳ן.

„הער אוים,“ האָט זיא געזאָגט, דוא האָסט מיך, דורך א צופאל, דאָ געטראָפען, און, דורך א צופאל, ענטדעקט דיא געפיהלען פון מיין הארץ, פערלייקענען קען איך ניט. איך וויים, אז עס איז ניט שעהן און ניט פאַ־סענד זיך אזוי שנעל אונטערצוגעבען, אָבער גלויב מיר, אז דאָס וועט ניט זיין קיין שטערונג צו מיין ברענענדער ליעבע צו דיר“....

ראָמעא האָט אָנגעהויבען אָנצורופען גאָט, דעם הימעל, אלס עדות, אז איהם פאלט גאָר ניט איין זיא צו פערדעכטיגען, אז ער איז בלויז גליק־ליך און ניט מעהר. זיא האָט אונטערבראָכען דעם שטראָם פון זיינע ווער־טער און איהם געבעטען ער זאָל אויפהערען צו שווערען, ווייל, אבוואָהל זיא פרייט זיך מיט איהם, האָט זיא אָבער זעהר ווייניג פרייד מיט אלעמען

וואָס האָט פּאַסירט אין דיעזער נאַכט; ווייל אַלעס איז געקומען אונאָי־בערלעגט, צו שנעל, צו אונערוואַרטעט.

אָבער ראָמעא האָט ניט געוואָלט פערלירען דעם גינסטיגען מאָמענט, און וויא יעדער יונגער פערליעבטער, האָט ער געוואָלט זיי זאָלען ביידע שווערען, אַז זיי בעלאַנגען איינער צום צווייטען.

„איך האָב מיך דיר שוין אוועקגעגעבען, נאָך איידער דוא האָסט מיך פערלאַנגט," האָט יוליא געמורמעלט.

פון דעסטוועגען איז זיא געווען צופריעדען נאָך אַ מאָל צו ווידער־האָלען, אַז זיא איז זיינע אויף אימער און אייביג.

זים איז דיא ליעבע, היילינ זיינען איהרע געפיהלען, און עס ווערט גאָר ניט נמאס נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל זיך איבערצוגעבען צו דיעזען וואָס מען ליעבט.

פּלוצלונג אָבער האָט איהר גאָווערנאַנטקע, וועלכע פלעגט שלאָ־פען מיט איהר, ערוואַכט, און זיא אוועקגערופען פון דיעזען ליעבעס גע־שפּרעך. זיא איז שנעל אוועק, אָבער באַלד האָט זיא צוריקגעקעהרט און אין עטליכע ווערטער האָט זיא איהם געזאָגט, דאָס אין פאַל זיין ליעבע איז אַן עהרענהאַפטע און זיין אַבזיכט איז צו הייראַטהען, וועט זיא איהם, אויפ'ן צווייטען טאָג, שיקען אַ שליח אום צו בעשטימען אַ צייט פאַר זייער חתונה, און דאַן וועט זיא זיך צו איהם איבערגעבען, איהם אַנערקענען אַלס איהר הערר און איהם נאָכפאָלגען איבער דער גאַנצער וועלט.

וועהרענד זיי האָבען געהאַלטען אין בעשפּרעכען זייערע פּלענער, איז יוליא גערופען געוואָרען עטליכע מאָל פון איהר גאָווערנאַנטקע.

מערקווירדיג, זיא האָט געוואָלט ראָמעא זאָל אַי אוועקגעהן און אַי בלייבען. ענדליך, זיך ווינשענדיג אַן אַנגענעהמען שלאָף און זיסע חלומות האָבען זיי זיך צושיידט.

אין דרויסען האָט שוין אָנגעהויבען צו טאָגען ווען זיי האָבען זיך צוטהיילט. אָבער ראָמעא איז ניט געגאַנגען אַהיים, ער איז אוועק אין אַ מאָנאַסטיר פון יענער געגענד אום זיך צו בעגעגענען מיט דעם גייסטליכען, אָדער מאָנאַך לאָרענץ, וועלכער האָט זיך דאָרט געפונען. דער מאָנאַך איז שוין געווען אויפגעשטאַנען און געהאַלטען ביי זיינע מאָרגען־געבעטע. דער־זעהענדיג אָבער ראָמעאָ'ן אַזוי פריה, האָט ער זיך געטראַכט, אַז ער האָט געוויס נאָך ניט געשלאָפען און פערבראַכט דיא נאַכט ערגעץ־וואו אין יו־גענדליכען אונטערהאַלט. ער האָט געהאַט רעכט, ווען ער האָט גערעכענט,

אז ראָמעא איז נאָך ניט געשלאָפען, אָבער דיא מיינונג, אז ראָמעא האָט פערבראכט מיט ראזאלינען, איז געוועזן אַ פאַלשע. עס האָט אָבער ניט פיעל געדויערט און ראָמעא האָט איהם אַלעס מיט געטהיילט איבער זיין נייער ליעבע, אז ער ליעבט יוליא׳ן.. ער האָט איהם אויך געבעטען ער זאָל איהם העלפען דורכפיהרען זיין פּלאַן און איהם פערהייראַטהען נאָך אין דעם זעלבען טאָג מיט יוליא׳ן.

דער מאָנאַך איז געווען שטארק איבערראַשט הערענדיג וויא שנעל ראָמעא האָט איבערגעטראָגען זיין ליעבע, און וויא ברענענד ער ליעבט זיין נייע בעקאַנטע. נאָר אַזוי וויא דערזעלבער מאָנאַך האָט איהם אַ מאָל גע־ראַטהען ער זאָל לאָזען געהן ראַזאלינען, ווייל זיא ליעבט איהם ניט, האָט ער יעצט געהאַט אורזאַכע צו פערלאַנגען זיין שטיצע אין אַ צייט ווען ביי־דע ליעבען זיך. ראָמעא האָט זיך געבעטען חער מאָנאַך זאָל זיך אריינ־מישען און זיי פערהייראַטהען, ווייל דאָס וועט ניט נאָר גליקליך מאַכען דיא צוויי יונגע מענשען, זאָנדערן אויך פעראייניגען דיא קאַפּולעטס און מאָנטאַגיוס וואָס יעדער האָט שוין לאַנג געוואָלט איבערבעטען. דער לעצ־טער ארגומענט האָט געווירקט, און דער גייסטליכער האָט פערשפּראָכען זיי צו פערהייראַטהען.

דיא געליעבטע האָבען זיך שפּעטער ביידע צוזאַמען בעגעגענט ביים מאָנאַך אין דער מאָנאַסטיר, און זייענדיג איבערפילט פון גליק, האָט דער גייסטליכער זיי פעראייניגט. דער אַלטער האָט אויך געבעטען גאָט ער זאָל בענשען דאָס יונגע פּאָאר און דורך זייער הייראַטה זאָל עס פיהרען דיא צוויי קריעגערישע פאַמיליען זאָלען ווערען פריינד.

נאָך דעם וויא דיא צערעמאָניע איז געווען פאַראיבער, איז יוליא שנעל אוועק צוריק אהיים וואו זיא איז פערבליבען אונגעדולדיג וואַרטענדיג אויף דער נאכט און ראָמעאָ האָט פערשפּראָכען צו קומען און זיא בעגע־גענען אין גאָרטען. אויף דעמזעלבען פּלאַטץ וואו זיי זיינען זיך שוין איינ־מאָל צוזאַמענגעקומען.

אין דעמזעלבען טאָג, אום מיטאַג־צייט, האָט אָבער פּאַסירט אַ שרעקליכע געשיכטע — אַ געשיכטע וואָס איז געווען בעשטימט צו ענדיגען אַלעס אין דער גרעסטער טראַגעדיע. בענוואָליאָ און מערקוטיאָ, ראָמעאָ׳ס פריינד האָבען שפּאַציערט איבער דער שטאָדט און זיך בעגעגענט מיט טי־באלט׳ן. דיעזער איז געווען זעהר אויפגערעגט און ענטשלאָסען פּאַרטצוזע־צען זיין קאַמפּף וואָס ער האָט אָנגעפאַנגען מיט ראָמעאָ׳ן לעצטע נאכט. עס

האָט ניט פיעל געדויערט און אַ העפטיגער וואָרט־שטרייט האָט אויסגע־בראָכען. אונגליקליכער ווייזע איז ראָמעאָ דאָרויף אָנגעקומען. אַבלאָזענדיג מערקוטיאָ׳ן און בענוואָליאָ׳ן, האָט ער זיך גענומען צו ראָמעאָ׳ן, און איהם אָנגערופען „לומפּ“.

ראָמעאָ האָט געוואָלט אויסמיידען אירגענד אַ שטרייט מיט טיבאָלט׳ן, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז ער איז יוליאַ׳ס שוועסטער־קינד און איז זעהר געאַכטעט פון איהר. איבערהויפּט האָט ראָמעאָ קיינמאָל ניט געהאַלטען פון דער פאַמיליען־קריעגעריי, און זייענדיג פון נאַטור אַ רוהיגער מענש, האָט ער אָנגעווענדעט אַלעס מעגליכעס צו בערוהיגען טיבאָלט׳ן. ער האָט גערעדט שטיל, געלאַסען, געשמייכעלט און געזוכט יעדעס מיטעל וויא אַבצוהאַלטען טיבאָלט׳ן פון אַן אויסברוך. אָבער טיבאָלט האָט געהאַסט דיא מאָנטאַגיו׳ס וויא דעם טויט און ניט געוואָלט הערען פון קיין זאַך. נאָך מעהר, ער האָט זיך פאָרגעשטעלט ראָמעאָ׳ס מילדקייט פאַר אַ מין חוזק, און ניט וואַר־טענדיג פיעל, האָט ער ארויסגעצויגען זיין שווערד.

מערקוטיאָ, ניט וויסענדיג פון ראָמעאָ׳ס ליעבעס געהיימניס און ניט זייענדיג בעקאַנט, וואָרום ראָמעאָ וויל פריעדען, האָט בעטראַכט ראָמעאָ׳ס האַנדלונג אַלס פון אַ פייגלינג, אַ טרוס. ער האָט דערפאַר אויך שנעל ארויסגעצויגען זיין שווערד און גענומען קעמפּפען מיט טיבאָלט׳ן. עס האָט ניט פיעל געדויערט, און טיבאָלט׳ס שווערט האָט דורכגעבויערט מערקוטיאָ׳ס ברוסט. מערקוטיאָ איז געפאַלען טויט.

דיזע סצענע האָט אָנגעצונדען ראָמעאָ׳ס צאָרן, און פערגעסענדיג אַן אַלעמען. האָט ער אויך ארויסגעצויגען זיין שווערד. אַ נייער בלוטיגער קאַמפּף איז ענטשטאַנען און דיזעס מאָל האָט ראָמעאָ געזיעגט, טיבאַלט איז געפאַלען דורכגעבויערט.

דאָס אַלעס האָט פּאַסירט אין דער עפענטליכער גאַס פון ווערָאנאַ. דיא נאַכריכט דערפון האָט זיך שנעל פערברייטעט איבער דער גאַנצער שטאָדט, און דיא קאַפּולעטס מיט דיא מאָנטאַגיוס און זייערע פרויען, צו־זאַמען מיט פיעלע אַנדערע מענשען זיינען געקומען זעהען וואָס עס איז פאָרגעקומען. צוזאַמען מיט זיי איז אויך ערשיענען דער פּרינץ פון ווערָאנאַ, וועלכער איז געוועזען אַ פריינד פון מערקוטיאָ׳ן, וועמען טיבאָלט האָט ער־מאָרדעט.

דער פּרינץ האָט ניט נאָר איינמאָל געהאַט גרויסע צרות דורך דעם

שטרייט פוןביידע פאמיליען; ער האט א סך מאָל פערשוויגען. יעצט אָבער איז ער געווען ענטשלאָסען צו מאכען א סוף פון אַלעמען.

בענעוואָליא, וועלכער איז געווען ביי דער גאנצער טראגעדיע, איז בעאויפטראגט געוואָרען פון דעם פרינץ צו דערצעהלען וואָס עס איז גע־ווען. ער האט מיטגעטהיילט אלעס, זיך האלטענדיג אזוי ווייט אָן דער וואהרהייט וויא עס איז נאָר געווען מעגליך. אין דערזעלבער צייט אָבער, האט ער זיך ניט געקענט העלפען און פערטהיידיגט ראָמעאָ'ן, ארויפוואר־פענדיג דיא גאנצע שולד אויף טיבאָלט'ן.

מאדאם קאפולעט, וועלכע איז געווען זעהר בעטריבט דורך דעם פערלוסט פון איהר קרוב טיבאָלט, האט געבעטען דעם פרינץ ער זאָל ניט אכטען בענעוואָליאָ'ס ווערטער, וועלכער איז ראָמעאָ'ס פריינד. אזוי האט דיעזע פרוי זיך אוועקגעשטעלט אלס א שרעקליכע געגנערין געגען איהר נייעם איידעם און פערלאנגט מיט טרערען אין דיא אויגען, זיין טויט.

מאדאם מאָנטאגיו וויעדער האט בעהויפטעט, אז איהר זוהן האט געהאנדעלט וויא יעדער עהרענמאן ווען האנדלען אין זיין לאגע און טי־באָלט, נאָך איהר מיינונג, האט עהרליך פערדיענט דעם טויט.

דער פרינץ איז געווען ענטשלאָסען צו נעהמען שטרענגע מאס־רעגעלען, און אום יוצא צו זיין פון ביידע זייטען, האט ער פעראורטהיילט ראָמעאָ'ן פערטריבען צו ווערען פון ווערָאנא.

שווידערהאפט איז געוועזן דיא נאכריכט, וועלכע האט געגרייכט דיא אונגליקליכע יוליא. בלויז עטליכע שטונדען זיינען פאריבער זייט זיא האט חתונה געהאט און יעצט, האט עס אויסגעזעהען, אז זיא מוז געשיעדען ווערען פון דעם מאן וואָס זיא ליעבט אזוי.

אין אָנפאנג, ווען זיא האט געהערט וואָס עס איז פאָרגעקומען, האט זיא אויסגעגאָסען כל־חמתה אויף ראָמעאָ'ן, וועלכער האט דער'הרג'עט איהר שוועסטער־קינד. זיא האט ראָמעאָ'ן אָנגערופען שעהנער טיראַן, טייוולישער מלאך, א רויבזיכטיגע טויב, א שעפס מיט א וואָלף'ס נאטור, א שלאנגען־הארץ מיט א בלומען־געזיכט, און נאָך אזעלכע ווידערשפרעכענדע נעמען, וועלכע האבען אָנגעצייגט דעם שווערען קאמפף פון ליעבע און האס אין איהר הארצען. ענדליך אָבער האט דיא ליעבע געזיעגט, דיא טרערען האבען פלאטץ געמאכט פאר דעם שמערץ צוליעב איהר געליעבטען, און נייע טרערען, פריידען־טרערען האבען אָנגעפאנגען צו רינען, דאָס טיבאָלט, וועלכער האט געזאָלט הרג'ענען איהר ראָמעאָ'ן, איז טויט, און ראָמעאָ לעבט!

אָבער דער גרעסטער שמערץ איז געווען, וואָס ראָמעא מוז פערטריבען ווע־רען פון דער שטאָדט.

ראָמעאָ, נאָך דעם גאַנצען אונגליק, איז ער אוועק צום מאָנאַך, וואו ער האָט אויסגעדריקט זיין גאַנצען שמערץ און זיין גאַנצע פערצווייפלונג. דער מאָנאַך האָט איהם פערשטאַנען, ער האָט איינגעזעהען, אַז ראָמעא איז געטריבען געוואָרען צו בעגעהן דעם מאָרד געגען זיין אייגענעם ווילען. ער האָט איהם געטרייסט און בערוהיגט און געראַטהען ער זאָל ווארטען ביז ביי נאכט, דאַן זאָל ער, וויא פריהער, בעזוכען יוליא'ן און נאכהער שנעל אוועק קיין מאַנטוא, וואו ער זאָל ווארטען אזוי לאַנג געדולדיג, ביז דער מאָנאַך וועט געפינען אַ פּאַסענדע צייט איבערצובעטעןביידע פאַמי־ליען. ווען דער פרינץ וויעדער, וועט זעהען אַז פון דיא שונאים איז געוואָרען פריינד, וועט ער בעגנאַדיגען ראָמעא'ן. אין דער זעלבער צייט, וועט דער מאָנאַך איהם שיקען אָפט בריעף און איהם בענאכריכטען וואָס עס געהט פאָר.

דיא לעצטע נאַכט האָט ראָמעא פערבראַכט מיט זיין יונגער און שעהנער פרוי. זיא האָט איהם אריינגענומען אין איהר צימער. זיי האָבען ביידע געוויינט און זיך געפרייט, אזוי איז דיא נאַכט פאָראיבער ביז עס האָט אָנגעהויבען צו ברעכען אויף טאָג.

אין דרויסען האָט אָנגעהויבען צו שפּיעלען דיא לערכע, אָבער יוליא האָט זיך געוואָלט טרייסטען און געמיינט, אַז דאָס איז דיא נאַכטיגאַל. דאַן ווען דער טאָג האָט זיך אָבער דייטליך בעוויזען אין מזרח זייט, האָבען זיי ביידע פערשטאַנען דיא טרויעריגע ווירקליכקייט. זיי האָבען זיך גע־מוזט שיידען. ער האָט זיך אויסגעריסען פון איהר אומאַרמונג, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז אין פאַל מען כאַפּט איהם ווען עס ווערט טאָג, איז זיין לעבען פערלוירען. ער האָט איהר פערשפּראָכען צו שרייבען יעדע שטונדע פון טאָג.

ווען ער איז ענדליך ארונטער אין גאָרטען און זיא האָט צו איהם אראָפּגעקוקט, האָט ער ביי איהר אויסגעזעהען, גלייך וויא טויט, אין קבר. אויך ראָמעא איז געווען אזוי טרויעריג. דער קומענדער טאָג האָט איהם אָבער דערמאָהנט אַז ער מוז אוועק.

נאָר אייניגע טעג זיינען פאָראיבער נאָך דיעזער געשיכטע, ווען דער אלטער קאַפּולעט האָט פאָרגעלעגט פאַר זיין טאָכטער אַ שדוך. ער האָט נאַטירליך ניט געוואוסט, אַז זיא איז שוין פערהייראַטהעט, אַז זיא איז אַ

פרוי, און האט א מאן. דעם חתן וואס ער האט איהר געֿרעדט, איז געוועזן א געוויסער גראף פאריז, א יונגער און בראוער עדעלמאן.

ווען יוליא האט דאס דערהערט, איז זיא פערציטערט געוואָרען. זיא האט געבעטען איהר פאטער ער זאל זיא נאך צורוה לאזען, ווייל זיא איז צו יונג, ווייל זיא איז אין טרויער נאך איהר שוועסטער־קינד טיבאלט, אבער וואס פאר אן אורזאכע זיא האט געקענט אנגעבען, האט אויף איהר פאטער ניט געווירקט. ער האט גע׳טענה׳ט, אז דאס איז דער בעסטער שידוך פאר איהר און זיא האט קיין רעכט ניט אוועקצולאזען אזא גליק.

אין איהר פערצווייפלונג האט זיך יוליא געווענדעט צום מאנאך נאך א ראטה. אין דערזעלבער צייט האט זיא איהם געזאגט, דאס זיא וועט גיכער שטארבען איידער בלייבען איהר מאן אונגעטריי.

דער מאנאך האט איהר געגעבען א מערקווירדיגע עצה. ער האט איהר געהייסען אהיים געהן, ערשיינען מונטער און פרעהליך, איינשטימען צו ערפילען איהר פאטער׳ס וואונש, און, מיט א טאג פאר דער חתונה, זאל זיא אויסטרינקען א פלעשעלע מיט פליסיגקייט וואס ער האט איהר געגעבען. דיעזער געטראנק וועט האבען דיא ווירקונג, וואס זיא וועט באלד אומפאלען וויא טויט. יעדער וועט זיא אויך רעכענען פאר טויט, אבער פונקט אין 48 שטונדען ארום וועט זיא ערוואכען וויא פון א חלום. דער חשבון איז געוועזן אזוי: מען וועט זיא אריינלעגען אין דער העהל וואו דער בית־הקברות פון דער פאמיליע געפינט זיך. ער, דער מאנאך, וועט ערשיינען פונקט צו דיא 48 שטונדען, זיא פון דארט ארויסנעהמען און אוועקשיקען צו איהר מאן נאך מאנטוא.

עס איז געוועזן א שרעקליכער פארשלאג, אבער אום צו דערגרייכען איהר ציעל און פערבלייבען ראמעא׳ס פרוי, האט זיא געפאסט מוטה און איינגעשטימט אויף אלעמען.

געהענדיג צוריק פון מאנאסטיר, האט זיא בעגעגענט גראף פאריז, און, האלב שעהמעדיג, האלב פערשטעלט, האט זיא איינגעשטימט מיט איהם צו הייראטהען. ווען דער אלטער קאפולעט האט דערפון געהערט, איז ער געוועזן אויסער זיך פאר פרייד. ער האט געהאלזט און געקושט זיין טאכטער, וועלכע איז ענדליך בעשטאנען צו ערפילען זיין וואונש. אונגעהייערע און קאסטבארע פארבערייטונגען זיינען געמאכט געוואָרען צו דער חתונה. גאנץ ווערָאנא האט ערווארטעט צו זעהען אזא צערעמאָניע, וויא מען האט נאך קיינמאל ניט געזעהען.

מיטוואָך איז געווען דער טאָג פאר דער האָכצייט, און אבענד האָט יוליא אויסגעטרונקען וואָס דער מאָנאך האָט איהר געגעבען. ווען דער יונגער גראף איז געקומען גאַנץ פריה בעגריסען זיין כלה מיט מוזיק, האָט ער זיא געטראָפען טויט.

פאריז האָט ווירקליך געליעבט דיא שעהנע יוליא, און איהר טויט האָט דערשטיקט אַלע זיינע שעהנע האָפנונגען פאר דער צוקונפט. אָבער נאָך טרויעריגער איז געווען דער שמערץ פון איהרע עלטערן.

אנשטאָט א גייסטליכער זאָל זיא פערהייראַטהען, האָט מען גע־רופען א גייסטליכען ער זאָל זיא בעערדיגען.

שלעכטע נאַכריכטען וואַנדערן שנעלער וויא גוטע. דער מאָנאָך האָט אפילו אָבגעשיקט א שליח קיין מאַנטוא בעקאַנט צו מאַכען ראָמעא'ן מיט דיא ריכטיגע פּאַסירונגען, אָבער ראָמעא האָט פריהער ערפאַהרען, אַז יוליא איז טויט.

שרעקליך איז געווען דער קלאַפּ פאר דעם אונגליקליכען יונגען פערליעבטען. ניט צו ווארטען קיין סך, איז ער אוועק צו אַן אַפּאָטהעקער, איהם בעצאָהלט וויפיעל געלד ער האָט געוואָלט, און ביי איהם געקריגען איינעם פון דיא געפעהרליכסטע גיפטען — א גיפט, לויט וויא דער אַפּאָטהעקער האָט בעהויפּטעט, ווען א מענש זאָל אין זיך האָבען דעם כח פון צוואַנציג פערזאָן, וועט דאָס איהם שנעל פארטיג מאַכען.

מיט דיעזען גיפט ביי זיך, איז ראָמעא אוועק קיין ווערָאנא, אויפ־זוכען דעם קבר, נאָך א מאָל זעהען זיין געליעבטע, אָבפּרעסען א לעצטען קוש אויף איהרע ליפּען און דאַן שטארבען נעבען איהר. אום האַלבע נאַכט איז ער אהין אָנגעקומען, און מיט א האַק אין האנד, האָט ער אָנגעפאַנגען אויפצוברעכען דעם קבר. ער איז אָבער אונטערבראָכען געוואָרען הערענדיג יעמאַנדען איהם אָנרופען „לומפּיגער מאַנטאַגיו", און איהם וואַרנענדיג ער זאָל ניט פעראונהייליגען קיין קבר.

דאָס איז געווען גראף פאריז, וועלכער איז געקומען מיט פרישע בלומען צו לעגען אויף זיין כלה'ס קבר. ער האָט ניט געוואוסט וואָס פאר אַן אינטערעס ראָמעא האָט ביי יוליא'ס טויטען קערפּער, אָבער ער האָט געדעכענט, אזוי וויא ער איז א מאַנטאַגיו, איז ער געווים אהין ניט געקומען מיט קיין גוטער אבזיכט. ראָמעא, ערביטערט און מיט א געבראָכען הארץ, האָט געבעטען פאריז'ן ער זאָל איהם לאָזען צורוה און איהם ניט צווינגען צו קיין נייעם פערברעכען. אָבער דער גראף האָט איהם געענטפערט מיט

שטאָט. א קאמפף האָט אויסגעבראָכען און פאריז איז געפאַלען טויט.

ביז ראָמעא האָט איהם ניט בעטראַכט ביים שיין פון א ליכט, האָט ער גאָר ניט געוואוסט ווער זיין לעצטער קרבן איז געווען. ער האָט דאן אויפגעהויבען דעם יונגען מאַן'ס קערפער און ערקלערט, אז ער וועט איהם בעערדיגען מיט עהרע, צוזאַמען מיט יוליא'ן.

דאן האָט ער געעפענט יוליא'ס טרונע. דאָרט איז זיא געלעגען דיא טויטע געטיין! אפילו דער טויט האָט ניט געקענט ענדערן איהר הימלישע שעהנהייט. זיא האָט אויסגעזעהען פריש און בליהענד, גלייך וויא זיא וואָלט געלעבט. ניט ווייט פון איהר איז געלעגען טיבאלט, וועמען ראָמעא האָט געבעטען אום פערציייהונג, און צוליעב יוליא'ן, האָט ער איהם גערופען

ראָמעא האָט זיך צוגעבויגען צו יוליא'ס ליפען, זיי געקושט מיט עהרפורכט, און דאן האָט ער אויסגעטרונקען דעם גיפט. און דיעזע פליססיג־קייט איז ניט געווען וויא דעם מאָנאַך'ס, זיא האָט אין דער ווירקליכקייט באַלד געענדיגט ראָמעא'ס לעבען און ער איז אומגעפאַלען טויט נעבען יוליא'ן.

וויא עס שיינט, האָט דער מאָנאַך געהאַט דיא אבזיכט צו קומען מיט ראָמעא'ן ווען יוליא וועט ערוואַכען. נאָר אזוי וויא, דורך אן אונ־גליקליכען צופאַל האָט איהם זיין שליח ניט געגרייכט, איז ער אליין גע־קומען מיט א האַק און מיט א לאָמפּ צו בעפרייען דיא יונגע פרוי פון איהר לעבעדיגען קבר. מען קען זיך אליין לייכט פאָרשטעלען דעם מאָנאַך'ס איבערראַשונג, ווען ער האָט געפונען א לאָמפּ שוין ברענענדיג אין העם טויטען־מאָנומענט פון דער פאַמיליע קאפולעט און נעבען דעם פערבלוטיגטע שווערדען און אויך דיא טויטע קערפערס פון דיא צוויי יונגע לייט, ראָמעא און פאריז.

וועהרענד דיעזער שרעקליכער ענטדעקונג, האָט יוליא ערוואַכט. זיא האָט זיך ארומגעקוקט און דערזעהען נעבען זיך דעם גייסטליכען. אָנפאַנגס האָט זיא ניט געוואוסט וואו זיא איז, אָבער לאַנגזאַם האָט זיך זיך אן אלעם דערמאָהנט, און איהר ערכטע פראַגע איז געווען:

„וואו איז מיין ראָמעא?"

דער מאָנאַך, ציטערענדיג, האָט זיא געבעטען ארויסצוקומען פון איהר אָרט, ווייל א העבערע מאַכט האָט צושטערט אלע זיינע פלענער.

יוליא איז אויפגעשטאַנען. זיא האָט באַלד דערזעהען פאר זיך איהר טויטען מאַן. דאָס פלעשעל פון גיפט אין זיין האַנד, האָט איהר באַלד דער־

צעהלט וואָס עס האָט פּאַסירט; אז גיפט האָט געמאַכט א סוף פון זיין לע־בען. זיא האָט געוואָלט טרינקען פון דעמזעלבען גיפט, אָבער עס איז מעהר ניט געווען. דאַן איז זיא צוגעפאַלען צו זיינע ליפּען און זיי אָנגעהויבען צו זויגען אום פון זיי ארויסצוציהען דעם טויט אויך פאַר זיך. זיא האָט געוואָלט קושענדיג שטאַרבען לעבען זיינע ליפּען. פּלוצלונג האָט זיא דערהערט שטי־מען פון מענשען. לעבען האָט זיא מעהר ניט געוואָלט.

יוליא האָט ביי זיך געהאַט א קינזשאַל, וועלכען זיא האָט בעהאַלטען אין איהר בוזים. זיא האָט דיעזען קינזשאַל שנעל ארויסגעצויגען און זיך דורכגעבויערט איהר ברוסט. זיא איז דאַן געפאַלען טויט נעבען איהר גע־ליעבטען.

דער וועכטער איז דערווייל צוגעקומען צום בית־הקברות, פּאַריז'עס א דיענער איז אויך אָנגעקומען, עס איז געוואָרען א רעש, און מען האָט נאכהער געבראַכט דיא נאַכריכט פון דעם אונגליק צו ביידען'ס עלטערען.

שרעקליך איז געווען דיא סצענע, ווען דער אַלטער קאַפּולעט און דער אַלטער מאָנטאַגיו זיינען געשטאַנען נעבען דיא טויטע קערפּערס פון זייערע יונגע קינדער.

דער מאָנאַך, געבראַכען אין גייסט, האָט דערצעהלט אַלעס וואָס עס איז פאָרגעקומען.

דיא צוויי אַלטע לייט, דערשטיקט פון טרעהרען און שמערץ, האָבען זיך געגעבען דיא הענד. אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט. ביידע האָבען פערשפּראָכען אויפצושטעלען מאָנומענטען פאַר זייערע קינדער און וואָס דאָס לעבען האָט ניט געקענט טהון, האָט דער טויט געווירקט — דיא שטרייטענדע פאַמיליעס האָבען זיך איבערגעבעטען!



# קעניג ליער.



דער קעניג ליער פון בריטאניען האט געהאט דריי טעכטער: גענאריל, דיא פרוי פון דעם דיוק פון אלבאני; רעמאן, דיא פרוי פון דעם דיוק פון קארנוואלל; און קארדעליא, א יונגע מיידעל, וועלכע אי דער קעניג פון פראנקרייך, אי דער דיוק פון בורגונדי, האבען זיך צו איהר גע'שדכן'ט. ביידע האבען זיך דאן געפונען אין פאלאטץ פון קעניג ליער.

ליער איז שוין געווען אן אלטער מאן, ער איז אלט געווען איבער 80 יאהר. דיא לאנגע יאהרען און דיא ארבייט פון דער רעגיערונג, האבען איהם פערמאטערט. ער האט בעשלאסען איבערצוגעבען דיא רעגיערונג אין דיא הענד פון אינגערע און קרעפטיגערע מענשען און זיך דערווייל פארבערייטען צו דער אייביגער רייזע — צום טויט, וועלכער האט שוין ניט געקענט זיין שטארק וויט.

ער האט דערפאר געלאזט רופען צו זיך זיינע דריי טעכטער אום צו הערען פון זייער מויל, וועלכע איז איהם געטרייער, וועלכע ליעבט איהם אם בעסטען, און ווען ער וועט אויסגעפינען וואס ער וויל וויסען, זאל ער פערטהיילען זיינע לענדער צו יעדער איינער לויט איהר טרייהייט און ליעבע.

דיא עלטסטע, גאנעריל, האט ערקלעהרט, אז זיא ליעבט איהר פאטער פיעל מעהר וויא ווערטער קענען אויסדריקען; אז ער איז ביי איהר טהייערער וויא דאס ליכט פון איהרע אויגען, טהייערער וויא לעבען און פרייהייט. זיא האט נאך געזאגט עהנליכע ווערטער, וועלכע מען האט געקענט יא גלויבען און ניט גלויבען. ווען ליער האט דאס געהערט, איז זיין פאטער־הארץ געווען זעהר צופריעדען, און ניט קלערענדיג קיין סך, האט ער אוועקגעגעבען א דריטעל פון זיין קעניגרייך פאר איהר און איהר מאן.

רעמאן האט אויך געזאגט אונגעפעהר דאס זעלבע, און ליער האט איהר געגעבען דאס צווייטע דריטעל פון זיין קעניגרייך.

קארדעליא ווידער, וועלכע איז תמיד געווען זיין געליעבטעסטע טאכטער, האט בלויז געענטפערט, אז זיא ליעבט איהר פאטער אזוי פיעל וויא איהרע פליכטען זיינען, ניט מעהר און ניט ווייניגער.

דער אלטער קעניג, וועלכער איז אימער געווען בעקאנט דורך זיין אויפרעגונג און שנעלע האנדלונג, איז געווארען שטארק אין כעס אויף זיין יינגסטער טאכטער, וועלכע האט ניט געקענט אזוי שמייכלען וויא איהרע שוועסטער, און ניט קלערענדיג פיעל, האט ער אוועקגעגעבען דעם דריטען טהייל פון זיין קעניגרייך צו זיינע צוויי עלטערע טעכטער. אין דער געגענ־ווארט אלזא פון זיין גאנצען הויף, האט ער געקרוינט זיינע צוויי טעכטער מיט זייערע מענער, אלס זיינע נאכפאלגער ביים לעבען.

אזא איבעראיילטע האנדלונג אוועקצוגעבען זיין קעניגרייך ביים לע־בען און דערצו נאך בלויז צו צוויי קינדער און דעם דריטען גאר ניט, אליין זיך לאזענדיג גלאט אזוי אויפ'ן צופאל, האט ניט נאר איבערראשט אלע זיינע הויפליוט, זאנדערן זיי אויך אנגעפיללט מיט טרויער און שמערץ. אבער קיינער פון זיי האט ניט געהאט דעם מוטה עפעס צו זאגען, מיט אויסנאהמע פון דעם מארקיז קענט, וועלכער האט געוואלט עפעס זאגען פאר קארדעליא'ן, זיא פערטהיידיגען, ערקלעהרען, אז זיא איז א גוט קינד, אבער ליער האט איהם אונטערבראכען און פערבאטען צו זאגען א ווארט, זאגנדט וועט ער דערפאר בעצאהלען מיט זיין לעבען.

נאר קענט האט זיך דערמיט ניט צופריעדען געשטעלט. ער איז אימער געווען איינער פון ליער'ס בעסטע אנהענגער; ער האט איהם געליעבט אלס פאטער, געעהרט אלס קעניג און נאכגעפאלגט אלס הערר. ער איז אימער געווען בערייט פאר איהם אבצוגעבען זיין לעבען און זעהענדיג, אז ער האט בעגאנגען אזא פעהלער, האט ער ניט געקענט שווייגען.

ליער, וועלכער האט אבער ניט געוואלט הערען פון קיין מוסר און פארווירפע, האט פערארטהיילט זיין געטרייען קענט פערטריבען צו ווע־רען פון לאנד ביז אין פינף טעג צייט, און, ווען ער וועט דאס ניט בע־פאלגען, זאל מען איהם, אויף'ן זעקסטען טאג הרג'ענען.

קענט האט דאן גענומען אבשיעד פון דעם געוועזענעם קעניג און דער־ביי בעמערקט, אז עס וואלט פאר איהם סאי־וויא־סאי געווען פערטריי־בונג פון לאנד ווען ער זאל דארט ווייטער פערבלייבען. ער האט אויך גע־בעטען גאט צו בעשיטצען קארדעליא'ן, דאס מיידעל וואס האט ניט געקענט שמייכלען גלייך מיט איהם, און געוואונשען, אז איהרע שוועסטער זא־

לען וועניגסטענס עפּעס האלטען פון דער ליעבע צו זייער פאטער פון וועלכער זיי האָבען אַזוי פיעל געפּלוידערט. דאן איז ער אַוועק.

דער קעניג פון פראנקרייך, און דער דיוק פון בורגונדי, וועלכע זיינען אויך אימער געווען אין פּאַלאַץ, זיינען גערופען געוואָרען, און מען האָט זיי בעקאַנט געמאַכט מיט ליער'ס האנדלונג, דאָס הייסט, אַז קארדעליא האָט קיין זאך מעהר אויף דיעזער וועלט, אויסער איהר אייגענע פּערזאָן. קיין קרוין און קיין נדן.

דער דיוק פון בורגונדי, וועלכער האָט וואהרשיינליך אַרויסגעקוקט אויף אַ רייכען שידוך, האָט זיך באַלד ענטזאגט פון איהר. דער קעניג פון פראנקרייך וויעדער האָט פערשטאַנען וואָס דאָ איז פּאָרגעגאַנגען, אַז קארדעליא האָט איינפאַך ניט געקענט זיין אַזאַ שמייכלערין וויא איהרע שוועסטער, האָט אָנגענומען קארדעליא'ן ביי דער האנד און ערקלערט, אַז איהר טוגענד, איהר אויפריכטיגקייט האָבען ביי איהם מעהר ווערטה וויא אַ קעניגרייך און ער איז בערייט זיא מיטצונעהמען מיט זיך, צו ווערען זיין קעניגין און זיא זאָל רעגיערען איבער פראנקרייך, אַ שעהנערעס לאנד וויא איהרע שוועסטער האָבען. אין דערזעלבער צייט האָט ער ניט אויסגע־זידעלט דעם דיוק פון בורגונדי, וועלכער האָט ניט געזוכט קארדעליא'ס פּערזאָן, נאָר איהר נדן.

קארדעליא, וויינענדיג, האָט דאן גענומען אבשיעד פון איהרע שוועסטער און זיי געבעטען, אַז זיי זאָלען ליעבען זייער פאטער און האל־טען וואָרט, אַז זיי וועלען איהם אימער פערבלייבען געטריייע און גוטע קינדער. זיי וויעדער, דיא צוויי נייע קעניגינס, האָבען מיט כעס געענט־פערט, אַז זיי דארפען ניט מען זאָל זיי לערנען, ווייל זיי קענען גוט זייערע פּליכטען. אין דערזעלבער צייט האָבען זיי בעמערקט מיט שפּאָט, אַז זיא, קארדעליא, וועלכע איז אַ קבצן'טע, זאָל בעסער זעהען צו־פריעדען שטעלען איהר מאַן.

דיא אָרעמע קארדעליא האָט גוט געקענט איהרע שוועסטער. זיא האָט דערפאַר גענומען איהר לעצטען אבשיעד מיט אַ שווער הארץ ווי־סענדיג, אַז זיא לאָזט איבער איהר אַלטען פאטער אין זעהר שלעכטע הענד.

אַזוי שנעל וויא קארדעליא איז אַוועקגעפאָהרען, האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזען דער וואהרע כאַראַקטער פון דיא צוויי שוועסטער. ליער האָט בעדארפט וואָהנען איין מאָנאט מיט זיין עלטסטע טאָכטער גאנעריל.

אָבער נאָך איידער דיעזער מאָנאַט איז פאראיבער, האָט שוין דער אַלטער קעניג ארויסגעזעהען זיין גרויסען טעות. נאָכדעם וויא גאָנעריל האָט ארויסגעקריגען יעדע מאכט און דאָס גאַנצע פערמעגען פון איהר פאטער האָט זיא באלד אָנגעהויבען ארויסצו־ווייזען איהר אונצופריעדענהייט מיט דעם אַלטען מאַן, זיא האָט איהם ניט פערגונען אפילו דאָס ביסעל כבוד וואָס איז איהם צוריק געבליעבען אַלס געוועזענער קעניג. זיא האָט ניט געקענט ליידען וויא ער איז נאָך אימער אַרומגערינגעלט פון זיינע ריטער. ווען זיא האָט בעגעגענט דעם פאטער, האָט זיא געמאַכט אַ קרום פּנים אויסדריקענדיג איהר פעראַכטונג. ווען ליער האָט געוואָלט רעדען מיט איהר, האָט זיא ענטוועדער איהם געלאָזט וויסען אַז זיא איז קראַנק, אָדער אַן אַנדערער תירוץ, אַבי איהם ניט אָנצוזעהען אין דיא אויגען. זיא האָט איינפאַך געזעהען אין זיין לעבען אַ לאַסט פאַר איהר, און אין זיין בעדיענונג אַן איבריגע הוצאה.

דאָס וואָס זיא אַליין האָט איהר פאטער ניט מעהר נוהג כבוד געוועזען, איז נאָך ניט געוועזען אַלעס, זיא האָט אָנגעזאָגט אפילו איהרע דיענער ניט נאָר איהם ניט צו פאָלגען, זאָנדערן זיך צו מאַכען גאָר ניט הערענדיג ווען ער האָט עפּעס פערלאַנגט.

אָרעמער ליער! זיין האַרץ האָט געבלוטעט, אָבער ער האָט זיך געמאַכט ניט זעהענדיג און ניט הערענדיג פון זיין אונגליק.

אמת'ע ליעבע און אויפריכטיגע פריינדשאַפט ווערט נאָר דאַמאַלס געשטעלט אויף דער פּראָבע, ווען אַ מענשען טרעפט אַן אונגליק. דאָס אונגליק לייטערט אוים דיא פּסולת אין דער פריינדשאַפט. דאָס פאַלשע פאַלט אַוועק און דאָס עכטע בלייבט. קענט איז געוועזען פון דיא עכטע און אמת'ע פריינד. ניט קוקענדיג דארויף וויא ליער האָט איהם בעהאַנדעלט, וויא ער האָט איהם בעצאָהלט פאַר זיין טרייהייט, האָט ער ביי זיך ניט געקענט פּועל'ן אַוועקצופאָהרען און איהם, זיין אַלטען קעניג, איבערצולאָזען אַליין. אָבער אַזוי וויא ער האָט מעהר ניט געקענט ערשיינען אַלס קענט, האָט ער זיך פערשטעלט פאַר אַ פּראָסטען מענשען, זיך אַ נאָמען געגעבען קאיוס און איז געוואָרען ליער'ס אַן איינפאַכער דיענער.

ליער האָט קיין פערדאַכט געהאַט, אַז קאיוס איז קענט, און ער האָט איהם געהאַלטען אַרום זיך. קאיוס האָט אויך באַלד געפונען אַ געלעגענהייט אַרויסצו־ווייזען זיין טרייהייט און געווינען ליער'ס פערטרויען.

דיא געשיכטע איז אזוי געוועז : גאנעריל׳ס הויז־מייסטער האט ניט נאר געקוקט מיט פעראכטונג אויף דעם אלטען ליער, זאנדערן איהם אויך בע־לייריגט. דאס איז געוועזן געווים אויף דעם אויפטראג פון זיין הערין. ווען קאיוס האט דאס געזעהען און געהערט, האט ער דעם הויז־מייסטער גוט אנגעבראכען דיא ביינער. זייט דיעזער צייט האט ער שטארק נושא חן געווען ביי דעם געפאלענעם קעניג :

ליער האט געהאט נאך איין געטרייען פריינד. דאס איז געווען דער הויפנאר אדער קאמיקער פון דעם קעניג׳ס פאלאץ. דיא עובדא פון דיעזען הויפנאר איז געווען, פרעהליך צו מאכען דעם קעניג ווען ער איז געווען מיעד פון זיין ארבייט אדער ניט אויפגעלעגט. ער איז א מאל געווען מיט ליער׳ן, ווען ער האט געהערשט, און אין זיין יעצטיגען צו־שטאנד האט ער איהם ניט געוואלט פערלאזען. מיט זיין וויטץ האט ער ניט נאר איין מאל געטראפען גאנעריל׳ן, זיא געזידעלט און בעליידיגט פאר איהר אויפפיהרונג, און ער האט געקריעגען א ווארנונג, דאס אין פאל ער וועט ניט אויפהערען צו קריטיקירען איהר מאיעסטעט, וועט מען איהם אנשמייסען.

איין מאל האט גאנעריל געזאגט איהר פאטער, אז דיא צייט איז געקומען ער זאל שוין פערגעסען וואס עס איז א מאל געוועזן, אז ער זאל פון זיך פערטרייבען דיא הונדערט ריטער וואס רינגלען איהם ארום, אז פאר איהם איז ניט פאסענד מען זאל מאכען קולות און געוואלטען מיט סעודות און אמוזירונגען אין פאלאץ, און אם בעסטען וואלט געווען ער זאל ארום זיך האבען עטליכע אלטע לייט וויא ער אליין איז.

ווען ליער האט געהערט דיעזע ווערטער איז ער שטארק פערביטערט געווארען און עס האט אויסגעבראכען צווישען איהם מיט זיין טאכטער א שטרייט. אין זיין אויפרעגונג האט ער זיא גוט אויסגעזידעלט, ווייל ער האט געוואוסט, אז זיינע ריטער מאכען ניט קיין קולות און געוואלטען, און אלעס וואס זיא בעהויפטעט, איז איינפאך א בלבול אדער גלאט א ליעגען. ער האט דאן געהייסען איינשפאנען זיינע פערד אום אבצורייזען צו זיין צווייטע טאכטער, רעגאן.

מיט א שרעקליכען פלוך אויף זיינע ליפען פאר זיין טאכטער גאנעריל, איהר ווינשענדיג צו האבען אזעלכע קינדער וויא זיא איז, האט ער זיך פארטיג געמאכט אין וועג אריין.

גאנעריל׳ס מאן, דער דיוק פון אלבאני, האט אנגעפאנגען זיך

צו ענטשולדיגען, ערקלערענדיג, אז ער איז אונשולדיג אין זיין פרוי'ס האנדלונגען, אָבער ליער האָט איהם ניט געוואָלט אויסהערען און איז אוועק צו זיין צווייטער טאָכטער.

אויף'ן וועג האָט ער אָנגעהויבען נאָכצוקלערען איבער קארדעליא'ן, אז עס איז מעגליך, דאָס זיא האָט געהאַט רעכט, אז שמייכלעריי איז אָפטמאָל ניט קיין סימן פון וואהרער ליעבע. זיך דערמאהנענדיג וויע־דער אן גאנעריל, האָט דער אַלטער אָנגעהויבען צו וויינען. ער האָט זיך אָבער געשעהמט פאר זיך אַליין, ווען אזא בריאה וויא גאנעריל האָט גע־קענט אַרויסרייסען טרערען פון זיינע אַלטע אויגען.

וועהרענד רעמאן און איהר מאַן האָבען זיך אַמוזירט אין זייער קעניגליכען פּאַלאַץ, האָט ליער אָבגעשיקט זיין דיענער קאיוס פאָראויס אָנצוזאָגען אַז ער קומט, כדי זיא זאָל איהם עמפּפאנגען. גאָנעריל האָט זיך אָבער געאיילט פאר איהם, דען זיא האָט פריהער אָבגעשיקט בריעף צו איהר שוועסטער איהר דערצעהלענדיג אַלערליי שרעקליכע זאכען איבער איהר פאטער. איהר שליח איז אָנגעקומען אין דערזעלבער צייט מיט קאיוס'ן און זיי האָבען זיךביידע בעגעגענט. קאיוס איז געווען אביסעל אי־בערראַשט צו טרעפען זיין אַלטען שונא, גאָנעריל'ס הויז־מייסטער אַלס דעם שליח.

קאיוס האָט פערדעכטיגט חעם הויז־מייסטער און ער האָט איהם אָנגעפאנגען צו זידלען און בעליידיגען, דאן האָט ער איהם אַרויסגעפאָדערט אויף אַ דועל, אָבער דער הויז־מייסטער האָט ניט געוואָלט קעמפּפען. קאיוס האָט איהם דאן גלאט אזוי אָנגעבראָכען דיא ביינער.

ווען רעגאן און איהר מאן האָבען דאריבער ערפאהרען, האָבען זיי געהייסען קאיוס'ן אַריינזעטצען אין קלאטץ, אַ מין שענדליכע געפענגניס־שטראף. ווען דער אַלטער ליער איז אָנגעקומען, האָט ער צום ערשטען בעגעגענט זיין געטרייען דיענער זיך געפינענדיג אין דער שענדליכער לאגע.

דאס איז געוויס געווען אַ שלעכטער סימן באלד ביי זיין אנקונפט, אָבער דעם אונגליקליכען פאָטער האָט בעדארפט נאָך עפּעס ערגערעס בעגע־גענען. ווען ער האָט געפרעגט וואו זיין טאָכטער איז, האָט מען איהם גע־ענטפערט, אז זיא איז מיעד פון דער רייזע און זיא קען איהם ניט זעהען. ווען ער האָט אָבער געדרונגען און געשריען, אז ער וויל זיא אונבעדינגט זע־הען, קען מען זיך לייכט פאָרשטעלען זיין ערשטוינען, ווען זיא איז ערשיענען

צוזאמען מיט איהר עלטערע שוועסטער גאנעריל. דיעזע שלאנג איז געלאפען פאראויס אום אנצורייצען איהר שוועסטער אויף איהר אונגליקליכען טא־טען.

גאנעריל, אום זיך צו רייצען מיט ליער'ן האט זיא אנגענומען רעגאנען ביי דער האנד און איז איהם ענטקעגען געקומען.

„שלאנג!" האט דער עלענדער אלטער מאן אויסגעשריען, „שעהמסטו דיך ניט צו קוקען אויף מיין ווייסער אלטער בארד מיט שפאט אין דיינע אויגען?"

רעגאן האט פרובירט איהם צו בערוהיגען און איהם געראטהען ער זאל צוריק פאהרען מיט איהר שוועסטער, לעבען מיט איהר בשלום, אבזאגען א העלפט פון זיינע בעגלייטער, און בעטען גאנעריל'ן אום פערצייהונג.

„יא, יא, טאטע", האט רעגאן צו איהם געזאגט. „דו ביסט שוין אן אלטער מאן, אביסעל עובר בטל, און דוא דארפסט דיך לאזען פיהרען פון מענשען וואס האבען מעהר טאקט וויא דוא."

ליער האט דערצו ניט געקענט איינשטימען און ערקלעהרט, אז ער וועט פערבלייבען מיט אלע זיינע ריטער ביי זיין טאכטער רעגאן. און ווען רעגאן וועט דערצו ניט איינשטימען, וועט ער בעסער אוועקפאהרען צו זיין טאכטער נאך פראנקרייך, וועלכע האט וועניגער אורזאכע ווי זיי איהם ליעב צו האבען.

ארעמער ליער, ער האט געהאט א גרויסען טעות ווען ער האט געמיינט, אז רעגאן איז בעסער וויא גאנעריל. נאך מעהר, זי האט זיך באלד ארויסגע־וויעזען, אז זיא קען איבערשטייגען איהר שוועסטער אין אונבארעמהערציג־קייט. זיא האט איהם ערקלעהרט, אז 25 ריטער זיינען אויך גענוג פאר איהם. דאן האט זיך ליער געווענדעט צו גאנעריל און געזאגט, אז ער וועט צוריק קעהרען מיט איהר, ווייל 50 ריטער איז דאך בעסער ווי בלויז 25.

אבער גאנעריל האט אויך שנעל חרטה געהאט און געזאגט, וואס טויג איהם גאר איבערהויפט ריטער? ער קען זיך לאזען בעדיענען פון איהרע אייגענע ריטער.

אזוי ארונטערשליידערן א קעניג און א פאטער, איז שוין געווען צו פיעל. ער האט עס מעהר ניט געקענט ערטראגען. ער האט געשריען און געליארמט, אבער ער איז געווען הילפלאז, ער האט גאר ניט געקענט טהון.

אין דרויסען האט געוויטהעט א פירכטערליכער שטורם, אבער איי־

דער צו פערבלייבען מיט איינער פון דיעזע שלאנגען, האט ער בעשלאסען זיך בעסער איבערצוגעבען דעם ווילדען שטורם, וועלכער האט ניט געקענט זיין ערגער וויא זיינע טעכטער. ער האט אלזא געהייסען שפאנען זיינע פערד אוועקצופאהרען.

דער ווינט האט זיך געשטארקט, דער רעגען האט געקלאפט מיט גרויסער געוואלט און דער דונער האט שרעקליך געקראכט. ער איז אוועק און זיינע טעכטער האבען איהם געלאזט געהען.

פיעלע מיילען האט ער אזוי געוואנדערט.

„קראך דוא ווילדער דונער!" האט דער אלטער קעניג געשריען, „רוישט איהר צולאזענע ווינטען, שטורמט און וויטהעט, צושמעטערט דיא ערד, שליידערט זיא אריין אין קאכעדיגען ים, זאל אלעס אונטערגעהען, קיין זאך זאל בלייבען ווען עס געפינען זיך אזעלכע אונדאנקבארע בעסטיעס וויא מענשען זיינען!"

דער אלטער קעניג איז געבליעבען אליין, בלויז זיינע צוויי טרייעסטע בעגלייטער, דער הויפנאר און קאיוס, האבען איהם ניט אבגעטרעטען.

דיא פינסטערניס איז געווארען געדיכטער און קאיוס האט אויסגע־רופען:

„אך, הערר! וואו זייט איהר? אפילו ברואים וואס ליעבען דיא נאכט קענען ניט וועלען אזא נאכט וויא מיר האבען. דער שרעקליכער שטורם האט פערטריעבען דיא חיות אין זייערע בעהאלטענישען. דעם מענ־שען'ס נאטור קען ניט אריבערטראגען דיא צרות אדער שרעקען."

ליער האט געענטפערט, אז דאס אלעס איז נאך גאר ניט געגען דעם גרויסען שמערץ וואס ער טראגט אין זיין אלטער ברוסט.

קאיוס האט איהם ענדליך בעוואיגען אריינצוגעהען אין א קליין שטיבעל. דער הויפנאר איז פריהער אריין זעהען וואס דארט איז און איז ארויסגעלאפען מיט שרעק, ערקלערענדיג, אז ער האט דארט געטראפען א גייסט. אן אונטערזוכונג האט אבער בעוויעזען, אז דער גייסט איז בלויז געוועזען אן ארעמער בעטלער.

אזוי האט ליער דארט צוגעבראכט דיא נאכט, און גאנץ פריה, מיט דער הילף פון עטליכע געטרייע צוריקגעבליעבענע ריטער, האט ער איהם אוועקגעפיהרט אין זיין פרעכטיגען פאלאטץ פון דאווער. ער אליין, אלס מארקיז קענט, איז גלייך אוועקגעפאהרען קיין פראנקרייך און דארט אב־געשילדערט פאר קארדעליא'ן וואס עס איז געווארען פון איהר פאטער.

קארדעליא האט אלעס אויסגעהערט וויא אין א חלום. זיא האט גוט געקענט איהרע שוועסטער, אבער אזא רציחה האט זיא זיך פון זיי ניט געקענט פארשטעלען. מיט טרעהרען אין דיא אויגען האט זיא גע־בעטען איהר קעניגליכען מאן ער זאל איהר געבען מיליטער און ערלויבען אבצורייזען נאך בריטאניען אום צו בעשטראפען איהרע אונמענשליכע שוועסטער. דער קעניג האט ערפילט איהר וואונש און זיא האט געלאנדעט מיט אן ארמעע אין דאווער.

דער אונגליקליכער ליער איז שוין ביי דיעזער צייט געוועזן פאל־שטענדיג משוגע. דער גרויסער שמערץ האט צושטערט זיין פערשטאנד. אין אזא לאגע איז ער געלאפען פון דעם פאלאטץ, און מען האט איהם גע־פונען וואנדערענדיג מיט א שטרויענע קרוין אויף זיין קאפ און זינגענדיג.

דיא גוטע קארדעליא האט צוזאמען גערופען איהרע ערצטע און זיי פערשפראכען אוועקצוגעבען איהר גאנצעס פערמעגען, אבי זיי זאלען קורירען איהר פאטער. זיי האבען אלעס מעגליכע אנגעווענדעט, און אין א קורצער צייט ארום, האט ליער געקענט בעגעגענען זיין טאכטער.

דיא צוזאמענקונפט איז געוועזן א ריהרענדע. שאנדע, פרייד און שמערץ האבען אנגעפילט דעם אלטען מאן׳ס הארץ דערזעהענדיג נאך אמאל זיין גוטע און אמת־ליעבענסווירדיגע טאכטער. זיא ווידער האט איהם געקושט און געהאלזט, און זיין משוגעת האט איהם אפטמאל צומישט און ער האט ניט געוואוסט וואס עס געהט פאר.

באלד האט אבער ווידער צוריק געקעהרט זיין פערשטאנד, און אלט און געבראכען וויא ער איז געוועזן, איז ער געפאלען אויף זיינע קניעס פאר קארדעליא׳ן און זיא געבעטען אום פערצייהונג.

„ניין, ניין, פאטער“, האט זיא געזאגט וויינענדיג און אויך ניעדער געקניעט. „ניט דוא דארפסט פאר מיר אזוי שטעהען. וואס איך טהו איז עס מיין פליכט אלס דיין קינד. שטעה אויף, פאטער, און בענש מיך.“

זיא האט איהם געקושט און געמורמעלט: „אך, פאטער, איך וויל אוועקקושען מיינע שוועסטער׳ס בייזקייט און שלעכטסקייט פון דיר... שעהמען מעגען זיי זיך וויא זיי האבען געהאנדעלט געגען דיר...“

דאן האט זיא איהם מיטגעטהיילט, אז זיא איז געקומען מיט אן ארמעע איהם צו העלפען און איהם ווידער גליקליך מאכען.

קארדעליא איז פערבליעבען נעבען איהר אונגליקליכען פאטער. מיט

דער הילף פון דיא דאָקטוירים איז איהר לאַנגזאַם געלונגען איהם ביכ־לעכווייז צו טרייסטען און ווידער אויפמונטערן.

אין דערזעלבער צייט וועט זיין אינטערעסאַנט צו זעהען וואָס עס איז געוואָרען פון איהרע צוויי שוועסטער.

דיעזע בייזע און גיפטיגע שלאַנגען, וועלכע האָבען אזוי געמיין גע־האַנדעלט געגען זייער גוטען אַלטען פאָטער, האָבען ניט געקענט זיין בעסער צו זייערע מענער.

עס איז מערקווירדיג, דאָס שלעכטע ברואים בלייבען אַמאָל דורך אומשטענדען גוט, און אַזוי שנעל וויא זיי האָבען אַ געלעגענהייט, קענען זיי זיך מעהר ניט בעהאַלטען.

זייענדיג קעניגינס און אַליין בעלי־בתים, האָבען זיי אַרונטערגע־וואָרפען פון זיך יעדע פליכט צו זייערע מענער. אפילו פאַר דער וועלט האָבען זיי מעהר ניט געצייגט קיין ליעבע און טרייהייט צו זיי.

אינטערעסאַנט איז אָבער געווען, וואָס דאָס שיקזאַל האָט זיי גע־פיהרט, אַז ביידע זאָלען זיך פערליעבען אין איין מאַן. דיעזער מאַן איז געווען אַ געוויסער עדמונד, דער אונגעזעצליכער זוהן פון דעם מאַרקיז גלאָוסטער. בעסער געזאָגט, עדמונד דער ממזר. דיעזער עדמונד, דורך זיינע אינטריגען, איז איהם געלונגען צו שטירצען זיין ברודער עדגאַר, דאָס הייסט, עדגאַר, וועלכער איז געווען דער געזעצליכער זוהן פון דעם מאַרקיז גלאָוסטער, האָט געמוזט אויפגעבען זיין ירושה און עדמונד איז געוואָרען דער גאַנצער יורש.

אין אַלגעמיין איז עדמונד געווען אַ שעהן שטיקעל סחורה, און אין איהם האָבען זיך דיא צוויי טהייערע שוועסטער פערליעבט.

דאַן האָט פּאַסירט וואָס דער דיוק פון קאָרנוואַלל, רעגאַן׳ס מאַן, איז פּלוצלונג געשטאָרבען. רעגאַן האָט באַלד ערקלעהרט, אַז זיא געהט חתונה האָבען מיט עדמונד׳ן. דאָס האָט אָבער באַלד דערוועקט גאָנעריל׳ס אייפערזוכט, און ניט קלערענדיג קיין סך, האָט זיא באַלד אָבגעשאַפט איהר שוועסטער פון דעם וועג, דערמיט וואָס זיא האָט זיא פער׳סמ׳ט.

גאָנעריל׳ס אייגענער מאַן האָט זיא אָבער געפּאַקט ביי דיעזען מאָרד און אויך ענדעקט איהר זינדיגע ליעבע און ער האָט זיא אַרעסטירט. אין איהר פערצווייפלונג האָט זיא זיך גענומען דאָס לעבען.

אזוי האָט זיך געענדיגט דיא קאַריערע פון דיעזע צוויי גיפטיגע ברואים.

וועהרענד יעדער האט אבער געשטוינט איבער דיעזער גערעכטער שטראף וואס האט בעפאלען דיא צוויי פערברעכערינס, איז דערוייל פאר־געגאנגען א שווערער און בלוטיגער קאמפף צווישען קארדעליא'ס ארמעע און דיא ארמעען פון איהרע שוועסטער, וואס זיי האבען ארויסגעשיקט געגען איהר. דער סוף איז געווען, וואס רעגאן'ס און גאנעריל'ס סאלדאטען האבען געזיעגט, קארדעליא איז געפאנגען געווארען און איהר ארמעע צו־שלאגען. דיא גוטע און ערעלע קארדעליא האט זיך דאן אויך גענומען דאס לעבען.

דיא גוטע מיט דיא שלעכטע זיינען אלזא געפאלען צוזאמען און ליער איז געבליעבען גאר אהן קינדער. ער האט אבער ניט פיעל געלעבט אום צו פערטראגען דעם גרויסען שמערץ. דער טויט האט זיך אויף איהם דערבארעמט און געמאכט א סוף אויך פון זיין לעבען.

איידער דער אלטער ליער איז געשטארבען, האט דער מארקיז קענט זיך געגעבען צו דערקענען צו ליער'ן, און איהם דערצעהלט, אז ער איז עס געווען וואס האט איהם איבעראל נאכגעפאלגט אלס זיין דיענער קאיוס. ליער'ס צורודערטער און געשטערטער גערדאנקען האבען אבער ניט געקענט גענוי פערשטעהען וואס עס האט פאסירט. דער אונגליקליכער אלטער מאן האט אלזא געשלאסען זיינע אויגען ניט בעגרייפענדיג אקוראט וואס עס איז פארגעגאנגען.

עס האט זיך נאכהער ארויסגעוויעזען, אז דער דיוק פון אלבאני, איז געווען גאנץ אונשולדיג אין דיא האנדלונגען פון זיין פרוי גאנעריל. ער איז ניט געווען איינפערשטאנען מיט איהר וויא זיא האט בעהאנדעלט איהר פאטער.

ער, דער דיוק פון אלבאני, האט אלזא בעשטיגען דעם טהראן און איז געווארען בריטאניען'ס קעניג.





דער קויפמאַן פון ווענעדיג (שיילאָק)
נאָך דעם אורטייל

# דער קויפמאן פון ווענעדיג.

(שיילאָק)



ין ווענעדיג האָט געוואָהנט אַ איד מיט דעם נאָמען שיי־לאָק. ער איז געווען אַ פּראָצענטניק, און ער האָט געמאַכט אַ גרויסעס פערמעגען לייהענדיג געלד אויף פּראָצענט צו דיא דאָרטיגע קריסטען.

שיילאָק האָט ניט איבריג ליעב געהאַט זיינע קריסטליכע שכנים, און דיא קריסטען האָבען איהם נאָך װעניגער געליעבט. איינער פון זיי, אַ געוויסער אַנטאָניא, אַ יונגער קויפמאן פון ווענעדיג, האָט איבערהויפּט געהאַסט שיילאָק'ן. ווען אַנ־טאָניא האָט בעגעגענט שיילאָק'ן אויף דער ריאַלטאָ (מאַרק,) האָט ער איהם געזידעלט און בעליידיגט. שיילאָק האָט געשוויגען, אָבער ער האָט דער־וויילע געפּלאַנט זיך נוקם צו זיין אָן איהם.

אַנטאָניא האָט געהאַט אַ גוטען פריינד, אַ געוויסען באַסאַניאָ. דיעזער באַסאַניאָ איז געווען אַ וואוילער יונג, אַ קליינער עושר און ליעב געהאַט צו לעבען איבער זיינע איינקינפטע. באַסאַניאָ האָט דערפאַר אָפט בענעטהיגט געלד און אַנטאָניא האָט איהם אימער געהאָלפען.

איינמאָל איז באַסאַניאָ געקומען צו אַנטאָניא'ן און איהם דערצעהלט אַזאַ געשיכטע: ער ליעבט שוין זייט לאַנג אַ יונגע און שעהנע דאַמע. מיט אַ קורצער צייט צוריק איז איהר פאָטער געשטאָרבען און איהר איבערגע־לאָזט אַ גרויס פערמעגען. יעצט וויל ער זיך ווענדען צו דיעזער דאַמע און דאַרף ערשיינען וויא עס פּאַסט ווענינגסטענס פאַר אַ רייכען מאַן. ער האָט אָבער קיין געלד ניט און ער פערלאַנגט, אַז אַנטאַניא זאָל איהם אויסבאָרגען דיא נעטהיגע סומע.

גראַדע דאַמאָלס האָט אָבער אַנטאָניא קיין געלד ניט געהאַט. זיין גאַנצעס פערמעגען איז געווען אַריינגעלעגט אין שיפען מיט סחורה וואָס

האבען געדארפט אנקומען. אבער אום צו העלפען זיין פריינד, האט ער בעשלאסען זיך צו ווענדען צו שיילאק'ן און גאראנטירען פאר דעם געלד מיט זיינע שיפען.

אנטאניא און באסאניא זיינען דאן ביידע אוועק צו שיילאק'ן און פערלאנגט ער זאל אויסבארגען דריי טויזענד דוקאטען, און גאראנטירען פאר דער הלואה מיט דער סחורה אויף דיא שיפען.

ווען שיילאק האט דאס געהערט, האט ער געמורמעלט צו זיך אליין:—

„אך, ווען איך זאל איהם אמאל קענען ארייננכאפען, וואלט איך מיך מיט איהם אבגערעכענט פאר אלע אלטע חשבונות. ער האסט אונזער אידישע נאציאן, און ווען מיר קומען צווישען סוחרים, שפאטעט ער און זידעלט מיך פאר מיינע גוט־פערדיענטע מציאות וואס ער רופט פראצענט. פערפלוכט זאל איך זיין ווען איך וועל איהם פערצייהען!"

אנטאניא האט געזעהען וויא דער איד איז פערטראכט, האט ער געזאגט:

„הערסטו שיילאק? ווילסטו מיר לייהען דאס געלד?"

שיילאק האט געענטפערט:

„סיניאר אנטאניא! אויף דער ריאלטא האסטו מיך מעהרערע מאל און זעהר אפט געזידעלט פאר מיין געלד און פאר מיינע פראצענטען, און איך האב אלעס ערטראגען מיט א געדולדיגען ציה מיט דיא אקסלען, ווייל ליידען איז דער חותם פון מיין גאנצער נאציאן. דאן האסטו מיך גערופען אונגלויביגער, האלז־שניידער, געשפיגען אויף מיינע אידישע קליידער און מיך געשטויסען מיט דיין פוס, פונקט וויא איך וואלט געווען א הונד. איצט קומסטו צו מיר און פערלאנגסט מיין הילף; דוא קומסט און פערלאנגסט שיילאק זאל דיר בארגען געלד. האט א הונד געלד? קען א הונד לייהען דריי טויזענד דוקאטען? זאל איך אפשר פאר דיר ניעדערקניען און זאגען, גנעדיגער הערר, דוא האסט אויף מיר געשפיגען לעצטען מיטוואך, א צווייטעס מאל האסטו מיך גערופען הונד, און פאר אלע דיעזע קאמפלימענטען זאל איך דיר לייהען געלד?"

„הער אויס שיילאק", האט אנטאניא געענטפערט, „איך קען דיר וויעדער טהון דאסזעלבע, דיך רופען הונד, אויף דיר שפייען און דיך פערשטויסען. ווען דוא ווילסט מיר לייהען דאס געלד, דאן טהו עס ניט אלס א פריינד, זאנדערן בארג עס מיר אלס א שונא, כדי, ווען איך וועל עס דיר

ניט אָבגעבען אין דער צייט, זאָלסטו קענען טהון מיט מיר וואָס עס וועט דיר מעגליך זיין".

„זעה נאָר זעה," האָט שיילאָק געזאָגט, „וויא ער צוקאָכט זיך! איך וואָלט וועלען זיין פריינדליך צו דיר און האָבען דיין פריינדשאַפט, לאָמיר פערגעסען אָן דיא חרפות וואָס דוא האָסט אויף מיר געבראַכט. איך וועל דיר געבען וואָס דוא פערלאַנגסט און איך פאָדער קיין פראָצענט פאַר מיין געלד".

דיא לעצטע ווערטער וואָס שיילאָק האָט געזאָגט, האָט ער ניט גע־מיינט. אנטאָניאָ האָט אָבער גערעכענט, אַז ער איז ערנסט. אנטאָניא האָט נאַטירליך איינגעשטימט צו נעהמען דאָס געלד. בלויז איין זאַך האָט שיילאָק פערלאַנגט, און דאָס איז געווען, אַז זיי זאָלען ביידע אוועק צו אַן אדוואָקאַט און דאָרט זאָל אנטאָניא אונטערשרייבען אַ מין שפּאַס־קאָנטראַקט, דאָס הייסט, ווען ער וועט ניט האָלטען קיין וואָרט און ניט אָבגעבען דאָס געלד אין צייט, דאַן זאָל שיילאָק האָבען אַ רעכט אויסצושניידען אַ פונט פלייש פון אירגענד אַ טהייל אין אנטאָניא'ס קערפּער.

„צופריעדען!" האָט אנטאָניא אויסגעשריען. „איך וועל אונטער־שרייבען דעם קאָנטראַקט און צוגעבען, אַז אין אַ אידען איז אויך דאָ גוטעס".

באַסאַניא האָט ניט געוואָלט ערלויבען זיין פריינד זאָל אונטערשריי־בען אַזאַ קאָנטראַקט. וועהרענד זיי ביידע האָבען אַזוי גע'טענה'ט, האָט שיילאָק בעמערקט:

„מיין גאָט! וואָס פאַר אַ פערדעכטיגע מענשען דיעזע קריסטען זיינען! זייערע אייגענע שלעכטע האַנדלונגען פיהרען זיי דערצו צו פער־דעכטיגען אויך אַנדערע. איך בעט דיך, זאָג מיר נאָר באַסאַניא, ווען ער זאָל ברעכען דעם קאָנטראַקט, וואָס וועל איך פּראָפּיטירען דערפון? אַ פונט פלייש ארויסגענומען פון אַ מענשען איז ניט אַזאַ טהייערע מציאה; עס האָט אפילו ניט ווערטה אַזוי פיעל וויא שעפּסען אָדער רינד־פלייש. איך זאָג, אום זיך איבערצובעטען מיט איהם, באָט איך אָן דיעזע פריינד־שאַפט. אויב ער איז צופריעדען, גוט, ווען ניט, אדיע."

ענדליך, געגען דער איינשטימונג פון באַסטאַניא'ן, האָט אנטאָניא אונטערגעשריעבען דעם קאָנטראַקט.

דיא רייכע דאַמע, מיט וועלכער באַסאַניאַ האָט געוואָלט הייראַטהען, האָט געוואָהנט נעבען ווענעדיג, אין בעלמאָנט. זיא האָט געהייסען פּאָרטיא, זעהר אַ שעהנע און אַ קלוגע.

מיט א צייט שפעטער, איז באסאניא, וועלכער האט שוין געהאט געלד, אוועק צו איהר, בעגלייטעט פון פיעלע דיענער און זיינער א פריינד מיט דעם נאמען גראטיאנא. עס האט ניט פיעל געדויערט און פארטיא האט איינגעשטימט צו הייראטהען מיט באסאניא׳ן. ביי דיעזער געלעגענהייט האט זיא איהם געשענקט א רינג, און באסאניא האט א נדר געטהאן, אז ער וועט זיך מיט דיעזען רינג קיינמאל ניט שיידען.

אין דער זעלבער צייט האט באסאניא געפונען פאר נעטהיג מיטצוטהיילען פארטיא׳ן, אז אויסער זיין אדעליגען שטאם, פערמאגט ער קיין זאך. זיא האט איהם ערקלעהרט, אז זיא איז רייך גענוג און איז צופריעדען מיט איהם צו הייראטהען וויא ער שטעהט און געהט.

פארטיא האט געהאט א יונגע גאווערנאנטין מיט דעם נאמען נאריססא. באסאניא׳ס פריינד, גראטיאנא, האט זיך געליעבט מיט נאריססא׳ן. נאכדעם וויא פארטיא האט איינגעשטימט צו הייראטהען מיט באסאניא׳ן, האט גראטיאנא געבעטען פארטיא׳ן זיא זאל איהם ערלויבען חתונה צו האבען מיט איהר גאווערנאנטין. זיא האט גלייך איינגעשטימט און עס איז בעשלאסען געווארען צו פייערן ביידע חתונות צוזאמען.

אזוי האבען דיא געליעבטע פערבראכט אפט צוזאמען. אין א טאג, ווען באסאניא איז געווען אין פארטיא׳ס פאלאץ, האט ער ערהאלטען א בריעף, און וויא ער האט איהם איבערגעלעזען איז ער זעהר בלאס געווארען.

באסאניא האט זיך דאן געווענדעט צו פארטיא׳ן און איהר מיטגעטהיילט וויא אזוי זיין פריינד אנטאניא האט פאר איהם געקריעגען דיא דריי טויזענד דוקאטען, און נאכהער האט ער פאר איהר פארגעלעזען אנטאניא׳ס בריעף, וואס האט געהאט פאלגענדען אינהאלט:

„טהייערער באסאניא! מיינע שיפען זיינען אלע אונטערגעגאנגען.
„מיין קאנטראקט מיט דעם אידען איז געבראכען. און אזוי וויא איך קען
„מיין חוב נאר בעצאהלען מיט מיין לעבען, וואלט איך וועלען דו זאלסט
„זיין ביי מיין טויט. פון דעסטוועגען, אויב טראטץ דיין ליעבע פאר מיר
„קענסטו אליין ניט קומען, דאן...“

ווען ער האט איבערגעלעזען דעם בריעף, האט פארטיא אויסגעשריען:

„מיין טהייערער! ווער שנעל פערטיג מיט אלע דיינע געשעפטען און פאהר גיך אוועק, דוא האסט וויפיעל געלד דוא ווילסט, אפילו צוואנציג

מאָל אזוי פיעל זאָלסטו בעצאָהלען איידער דיין טהייערן פריינד זאָל אפילו געקרימט ווערען אַ האָר אויף זיין קאָפּ.“

פּאָרטיא האָט נאכהער ערקלעהרט, אזוי וויא זיא וויל באסאניא זאָל האָבען אַ געזעטצליכעס רעכט איבער איהר געלד, זאָלען זיי באַלד, אין דעמזעלבען טאָג חתונה האָבען. דיא חתונה איז געפייערט געוואָרען צווישען באסאניא און פּאָרטיא און צווישען גראַטיאַנא און נעריססאַ. באסאניא און גראַטיאַנא זיינען דאַן ביידע אַוועקגעפאָהרען קיין ווענעדיג וואו זיי האָבען געטראָפען אנטאָניא'ן אין געפענגניס.

דער צאָהל־טאָג איז שוין געווען פאָראיבער און שיילאָק האָט בשום אופן ניט געוואָלט אָננעהמען דאָס געלד וואָס באסאניא האָט איהם אָנגעבאָטען. אַלעס וואָס ער האָט געוואָלט, איז געווען אַ פונט פלייש.

מען האָט דאַן בעשטימט ווען דער פּראָצעס זאָל פּאָרקומען פאַר דעם פּרינץ פון ווענעדיג.

פּאָרטיא האָט געהאַט אַ פריינד אין ווענעדיג, אַן אַדוואָקאַט מיט דעם נאָמען בעלאַריא. אַזוי שנעל וויא איהר מאַן איז אַוועק געפאָהרען, האָט זיא געשריעבען בעלאַריא'ן אַ בריעף, איהם בעקאַנט מאַכענדיג מיט אלע איינצעלהייטען פון דעם פּראָצעס און פערלאַנגט פון איהם אַ ראַטה, וויא אַנטאָניא דאַרף פערטהיידיגט ווערען. זיא האָט אויך געבעטען ער זאָל איהר בעזאָרגען דיא קליידער אָדער אוניפאָרמע פון אַן אַדוואָקאַט.

ווען פּאָרטיא האָט דאָס אַלעס ערהאַלטען האָט זיא זיך פערקליידעט אַלס אַדוואָקאַט און איהר גאָווערנאַנטקע נעריססאַ האָט זיך פערקליידעט אַלס געהילף. ביידע זיינען דאַן אַוועקגעפאָהרען און אָנגעקומען קיין ווענעדיג אין טאָג פון דעם פּראָצעס.

זיי זיינען אריין אין געריכט־הויז און פּאָרטיא האָט איבערגערייכט דעם פּרינץ אַ בריעף פון בעלאַריא, וואו דער לעצטער בעהויפּטעט, אַז ער איז קראַנק, און אנשטאָט איהם זאָל דער יונגער באַלטהאזאר (אזוי האָט זיך פּאָרטיא גערופען,) פיהרען דעם פּראָצעס אין דער פערטהיידיגונג פאַר אנטאָניא'ן. דער פּרינץ האָט זיך אַפילו שטאַרק געוואונדערט אויף דער יוגענד פון דעם אַדוואָקאַט, אָבער ער האָט דעם וואונש ערפילט.

איידער מיר געהען ווייטער שילדערן וואָס עס איז פאָרגעקומען ביי דעם פּראָצעס, וויא שיילאָק איז געבליעבען האַרטנעקיג און געוואָלט דורכאויס אַ פונט מענשען־פלייש, ועלען מיר פריהער איבערגעבען שיילאָק'ס טענות. אָט זיינען זיינע ווערטער (אין אַ גענויער איבערזעטצונג:) —

(יא, איך וויל דאָס פונט פליישׁ) „צו כאַפּען פישׁ דערמיט; ווען עס וועט קיין אַנדערע זאַך ניט ערנעהרען, וועט עס ערנעהרען מיין ראַכע. ער האָט מיך געשענדעט און מיר געשאַדעט אויף אַ האַלבען מיליאָן; געלאַכט פון מיין היזק, געשפּאָטעט פון מיין פּערדיענסט, חוזק געמאַכט פון מיין נאַציאָן, אָבגעשלאָגען מיינע מציאות, אָבגעקיהלט מיינע פריינד, אונטערגעהעצט מיינע שונאים; און וואָרום איז דאָס אַלעס געווען? בלויז דערפאַר וואָס איך בין אַ איד! האָט אַ איד ניט קיין אויגען? האָט ער ניט קיין הענד, גליעדער, חושים, ליעבע, נייגונגען? איז ער ניט גענעהרט מיט דערזעלבער נאַהרונג, פערוואונדעט מיט דיעזעלבע וואָפען, אונטערוואָרפען צו דיעזעלבע קראַנקהייטען, געהיילט מיט דיעזעלבע מיטלען, געוואָרמט און געקיהלט דורך דעם זעלבען זומער און ווינטער וויא דער קריסט? ווען איהר שטעכט אונז, רינט ניט אונזער בלוט? ווען איהר קיצעלט אונז, לאַכען מיר ניט? ווען איהר פערגיפטעט אונז, שטאַרבען מיר ניט? און ווען איהר טהוט אונז אונרעכט, זאָלען מיר ניט זוכען נקמה? ווען מיר זיינען וויא איהר אין אַלע אַנדערע זאַכען, וועלען מיר צו אייך עהנליך זיין אויך אין דעם. ווען אַ איד בעגעהט אונרעכט געגען אַ קריסט, וואָס זאָל ער ערוואַרטען? ראַכע. ווען אַ קריסט בעגעהט אונרעכט געגען אַ אידען, וואָס זאָל זיין דיא שטראָף לויט קריסטליכען ביישפּיעל? ראַכע, געוויס!"

אָט אין דיעזען גייסטעס-צושטאַנד איז געווען שיילאָק ווען דער פּראָצעס האָט אָנגעפאַנגען.

פּאָרטיא האָט זיך אַרומגעקוקט און בעמערקט שיילאָק'ן פון איין זייט—שיילאָק, האַרט, ענטשלאָסען, ראַכע-זיכטיג, און באַסאַניא'ן פון דער צווייטער זייט שטעהענדיג נעבען אַנטאָניא'ן.

צום אָנפאַנג האָט זיא זיך געווענדעט צו שיילאָק'ן. זיא האָט איהם ערקלעהרט, אַז לויט דיא געזעטצע פון ווענעדיג, האָט ער אַ פאָלשטענדיגעס רעכט צו האַלטען אַנטאָניא'ן ביי זיין קאָנטראַקט, אָבער מיטלייד, דיעזע שעהנע הימלישע מתנה, שטעהט העכער פון אַלעם און ער דאַרף פערצייהען.

שיילאָק האָט זיך געהאַלטען ביי זיינעם, אַז ער וויל דער קאָנטראַקט זאָל דורכגעפיהרט ווערען.

„קען ער דען ניט בעצאָהלען דאָס געלד?" האָט זיא געפרעגט.

ביי דיעזע ווערטער האָט באַסאַניא איהם אָנגעבאָטען צוויי מאָל דריי טויזענד דוקאַטען, אָבער שיילאָק האָט ניט געוואָלט קיין געלד, ער האָט פערלאַנגט אַ פונט קריסטליכעס פלייש.

באסאניא, אַלץ מיינענדיג, אַז דער יונגער אַדוואָקאַט איז אַ פרעמדער, האָט געבעטען, אַז פּארטיא זאָל העלפען אביסעל אומדרעהען דאָס געזעטץ. אָבער פּארטיא האָט געענטפערט. גאַנץ ערנסט, אַז דיא געזעטצע טאָרען ניט געשטערט ווערען. ווען שיילאָק האָט דאָס געהערט, האָט עס איהם אויסגעוויזען, אַז זיא האַלט פאַר איהם. ער האָט דאַן אויסגעשריען מיט בעוואונדערונג:

„אַך, קלוגער, יונגער ריכטער, וויא איך עהרע דיך! דוא ביסט פיעל עלטער אין חכמה וויא אין דיין אויסזעהען!“

פּארטיא האָט דאַן געפאָדערט, אַז שיילאָק זאָל איהר געבען איבערלעזען דעם קאָנטראַקט. ווען זיא האָט דאָס איבערגעלעזען, האָט זיא בעמערקט:

„דיעזער קאָנטראַקט איז שוין געבראָכען, און לויט דעם, קען דער איד געזעטצליך פאָדערן דאָס פונט פלייש וואָס זאָל אויסגעשניטען ווערען פון דעם פּלאַטץ נאָהענט צו אַנטאָניא׳ס הארץ.“

דאַן האָט זיא זיך געווענדעט צו שיילאָק׳ן און אַזוי געזאָגט:

„זיי בארמהערציג, נעהם צו דאָס געלד און לאָז מיך צורייסען דעם קאָנטראַקט“.

„איך שווער“, האָט שיילאָק געענטפערט, „אַז עס איז נישטאָ קיין קראַפט אין אַ געוועהנליכער צונג מיך צו ענדערען“.

„אויב אַזוי, אַנטאָניא“, האָט פּארטיא געזאָגט, „דאַן מוזטו זיך פאַרבערייטען; גיב דיין ברוסט איבער צום מעסער“.

שיילאָק האָט דערווייל אַרויסגענומען אַ מעסער און דאָס אָנגעהויבען צו שארפען.

„אַנטאָניא“, האָט באסאניא געזאָגט צו זיין פריינד, „איך בין פערהייראַטעט צו אַ פרוי וואָס איז ביי מיר פונקט אַזוי טהייער וויא דאָס גאַנצע לעבען; אָבער דאָס לעבען אַליין, מיין פרוי און אַלעס אין דער וועלט איז ביי מיר ניט געשעצט מעהר וויא דיין לעבען. איך וואָלט פערלוירען אַלעס, איך וואָלט אַלעס מקריב געווען אַבי דיך צו ראַטעווען פון דיעזען טייוועל“.

ווען פּארטיא האָט געהערט דיעזע ווערטער, האָט זיא געזאָגט צו באסאניא׳ן:

„אייער פרוי וואָלט אייך זעהר ווייניג געדאַנקט, ווען זיא זאָל דאָ זיין און הערען אַזעלכע ווערטער פון אייך“.

גראטאינא, וועלכער האָט געמיינט, אז ער דארף אלעם נאָכטהאָן באסאניא׳ן, האָט געזאָגט — וועהרענד נעריססא, אלס אדוואָקאטען־געהילף האָט געהערט: „איך האָב א פרוי, וועלכע איך ליעב זעהר; איך ווינש מיר, הלואי וואָלט זיא געווען אין הימעל, און דאָרט פיעללייכט וואָלט זיא גע־קענט בעטען עמיצען ער זאָל אומענדערן דעם בעשלוס פון דיעזען הינטישען אידען".

נעריססא האָט געענטפערט:

„עס איז גוט וואָס איהר זאָגט דאָס הינטער איהר רוקען, ווען זיא וואָלט דאָס געהערט, וואָלט פערשוואונדען געוואָרען אייער שלום־בית".

שיילאָק האָט דערווייל אויסגעשריען:

„מיר פערלירען צייט. זייט אזוי גוט און גיט מיר שוין ארוים דעם אורטהייל".

יעדער איז געווען זעהר נייגיעריג צו הערען וואָס עס וועט ווייטער געשעהען. פארטיא האָט געפרעגט אויב דיא וואָג־שאָלען זיינען פארטיג אָבצו־וועגען דאָס פלייש. דאַן האָט זיא זיך געווענדעט צום אידען און אזוי געזאָגט:

„שיילאָק, דוא מוזט דאָ האָבען עפּעס אַן ארצט, וועלכער זאָל אַכטונג געבען, אז אנטאָניא׳ן זאָל ניט אָברונען דאָס בלוט און ער זאָל שטארבען דערפון".

„דאָס שטעהט ניט דערמאָהנט אין קאָנטראַקט", האָט ער געענט־פערט.

„אמת, עס שטעהט ניט דערמאָהנט אין קאָנטראַקט, אָבער וואָס איז דער חילוק? דוא וואָלסט דערמיט בלויז געטהאָן א גוטע זאַך".

„עס שטעהט ניט אין קאָנטראַקט דעריבער".

„דאַן", האָט פארטיא פּאָרטגעזעצט, „בעלאַנגט צו דיר א פונט פון אנטאָניא׳ס פלייש. און דוא מעגסט עס אויסשניידען פונקט פון זיין ברוסט. דאָס געזעטץ ערלויבט עס, און דאָס געריכטהויז פּסק׳ענט עס דיר צו".

„אך, קלוגער און גערעכטער ריכטער!" האָט שיילאָק אויסגעשריען. שארפענדיג ווייטער זיין מעסער, האָט ער זיך געווענדעט צו אנטאָניא׳ן און געזאָגט: „קום, מאַך דיך פארטיג".

„ווארט אויף אביסעל, איד!" האָט פארטיא זיך אריינגעמישט. „עס איז נאָך עפּעס דאָ דערביי. דער קאָנטראַקט רעדט גאָר ניט איבער קיין בלוט. דיא ווערטער לויטען בלויז, „א פונט פלייש". ווען ביים אויסשניי־

דען דאָס פונט פלײש װעסטו פערגיסען נאָר איין טראָפּען קריסטליכעס בלוט, דאַן איז דיין הויז, דיין פערמעגען, לויט דיא געזעטצע פון װענעדיג, קאָנפיסקירט פאַר דעם שטאַאט".

עס איז נאַטירליך געװען אונמעגליך אויסצושניידען אַ פונט פלײש און דערביי ניט פערגיסען אפילו איין טראָפּען בלוט, און דאָך האָט אַזוי גע־לויטעט דער קאָנטראַקט, פלײש און קיין בלוט. דאָס האָט געראַטעװעט אנטאָניא'ס לעבען. יעדער האָט אויסגעדריקט זיין בעװאונדערונג אויף דיע־זען איינפאַל.

באַסאַניא האָט דאַן אויסגעשריען צו שפּאָטען פון שײלאָק'ן:

„אַך, קלוגער און גערעכטער ריכטער!"

װען שײלאָק האָט געזעהען, אַז ער האָט פערלוירען דאָס פונט פלײש, האָט ער װעניגסטענס געװאָלט ראַטעװען זיין געלד.

„דאָ האָסטו דאָס געלד!" האָט באַסאַניא אויסגעשריען.

„נאָר לאַנגזאַם, איילט זיך ניט", האָט פּאָרטיא װייטער געזאָגט, „דעם אידען קומט קיין אַנדערע זאַך אויסער דאָס װאָס עס שטעהט אין זיין קאָנ־טראַקט. שײלאָק, נעהם און שנייד אויס דאָס פלײש. אָבער גיב אַכטונג, קיין בלוט פערגיסען. אויסער דעם זעה דוא זאָלסט ניט אָבשניידען ניט מעהר און ניט װעניגער װיא אַ פונט. װען דאָס װעט זיין מעהר אָדער װעני־גער מיט איין לויט, ביסטו פערורטהיילט, לויט דיא געזעטצע פון װענעדיג, צום טויט, און דיין גאַנצעס פערמעגען בעלאַנגט צום סענאַט."

„גיט מיר מיין געלד און לאָזט מיך געהען", האָט שײלאָק װייטער געזאָגט.

„דאָ איז עס פאַרבערייטעט". האָט באַסאַניא געענטפערט.

שײלאָק האָט אויסגעשטרעקט דיא האַנד צו נעהמען דאָס געלד, װען פּאָרטיא האָט איהם װידער צוריק געהאַלטען.

„װאַרט אויס איד", האָט זיא געזאָגט. „לויט דיא געזעטצע פון װע־נעדיג, איז דיין פערמעגען יעצט פערשפּיעלט צום שטאַאט, װייל דוא האָסט געמאַכט אַ קאָנספּיראַציע געגען דעם לעבען פון איינעם פון איהרע בירגער, און דיין אייגענעס לעבען איז יעצט אין דיא הענד פון דעם פּרינץ. דערפאַר, קניע ניעדער, איד, און בעט ער זאָל דיר פערצייהען".

„אום דוא זאָלסט איינזעהען דעם אונטערשיעד פון דעם קריסטליכען גייסט", האָט דער פּרינץ בעמערקט, „שײנק איך דיר דיין לעבען נאָך איידער

דוא בעטסט דערפאר. א העלפט פון דיין פערמעגען בעלאנגט צו אנטאניא'ן, און דיא אנדערע העלפט צום שטאאט".

מיר דארפען דא בעמערקען, אז שיילאק האט געהאט איין קינד, איין טאכטער דזשעסיקא, און דיעזע איז פון איהם ענטלאפען און חתונה געהאט מיט א קריסט. זיינע פאטער־געפיהלע, געשענדעטע נאציאנס־געפיהלע, האבען דיא גוטע קריסטען ניט גענומען אין אנבעטראכט. נאר אום זיך צו צייגען גוט און בארמהערציג, האט אנטאניא געזאגט, אז ער בעשטעהט אבּ־צוגעבען שיילאק'ן צוריק א העלפט פון דעם פערמעגען, ווען ער וועט בע־שטעהען אנצושרייבען א צוואה, דאס נאכדעם וויא ער וועט שטארבען, זאל דאס פערמעגען געהערען צו זיין טאכטער דזשעסיקא, וועלכע האט חתונה געהאט מיט דעם קריסט לארענזא און דערמיט געבראכען זיין פאטער־הארץ.

שיילאק האט דערצו איינגעשטימט, דאן האט ער געזאגט:

„איך בין קראנק, לאזט מיך געהען אהיים. שיקט דיא צוואה צו מיר און זאיך וועל אבשרייבען א העלפט פון מיין פערמעגען צו מיין טאכטער."

„געה דיר, געה", האט דער פרינץ געענטפערט, „און פערגעס ניט צו טהון וואס דוא זאגסט. און ווען דוא וועסט חרטה האבען אויף דיינע זינד און דיך שמד'ן, ווערען א קריסט, וועט דיר דער שטאאט אויך מוחל זיין און דיר אבגעבען צוריק דיא אנדערע העלפט פון דיין פערמעגען."

דערמיט האט זיך געענדיגט דער פראצעס.

דער פרינץ האט שטארק בעוואונדערט דעם יונגען אדוואקאט, (פארטיא,) און זיא איינגעלאדען מיט איהם צו עסען מיטאג. אבער אזוי וויא זיא האט געוואלט פריהער אהיים פאהרען נאך בעלמאנט, פאר איהר מאן, האט זיא געענטפערט:

„איך דאנק הערצליך אייערע גנאדען, אבער איך מוז שוין אוועק."

דער פרינץ האט אויסגעדריקט זיין בעדויערן און זיך ווענדענדיג צו אנטאניא'ן, האט ער בעמערקט:

„בעלוינט דיעזען העררען; וייל, לויט וויא איך דענק, זייט איהר שטארק פערפליכטעט צו איהם."

באסאניא האט זיך דאן געווענדעט צו פארטיא'ן מיט דיעזע ווער־טער:

„זעהר ווירדיגער הערר, איך און מיין פריינד אנטאניא, האבען מיר דיא עהרע אייך צו זאגען, אז דורך אייער קלוגשאפט זיינען מיר היינט ניצול געווארען פון א שווערער פלאג. איך בעט אייך, איהר זאלט אננעהמען דיא

דריי טויזענד דוקאַטען וואָס מיר האָבען בעדאַרפט געבען דעם אידען."

„און מיר ווילען צו אייך זיין פערפליכטעט", האָט אנטאָניא בע־מערקט, „דאָס גאַנצע לעבען".

פּארטיא האָט דאָס געלד ניט געוואָלט אננעהמען. ווען באסאניא האָט זיא אָבער שטאַרק געבעטען, האָט זיא געזאָגט:

„גיט מיר אייערע האַנדשוה, איך וועל זיי טראָגען אַלס אַן אנדענקען".

באסאניא האָט שנעל אַרונטערגעצויגען דיא האַנדשוה און זיא האָט בעמערקט איהר רינג אויף זיין פינגער. זיא האָט אַבזיכטליך איהם געהייסען אויסטהאָן דיא האַנדשוה כדי זיא זאָל קענען פערלאַנגען דעם רינג. דאַן האָט זיא בעמערקט:

„און צו אַן אייביגעס אַנדענקען, וועל איך טראָגען דיעזען רינג פון אייער פינגער".

באסאניא איז געוועזען זעהר בעטריבט הערענדיג אַזאַ פאָדערונג און ערקלערט, אַז ער קען דעם רינג ניט אוועקגעבען, ווייל דאָס איז אַ מתנה פון זיין ווייב, און ער האָט אַ נדר געטהון קיינמאָל זיך ניט צו שיידען מיט דיעזען רינג; אַז ער איז בערייט איהר צו געבען וואָס זיא וויל האָבען אין ווענעדיג, אָבער ניט דעם רינג.

פּארטיא האָט זיך געמאַכט, אַז זיא געפינט זיך שטאַרק בעליידיגט.

„טהייערער באסאָניא", האָט אנטאָניא זיך אריינגעמישט, „גיב איהם דעם רינג; זאָל דיין ליעבע צו מיר און דעם גרויסען דיענסט וואָס ער האָט פאַר אונז געלייסטעט שטעהען העכער איבער דער אונצופריעדענהייט פון דיין פרוי".

פּארטיא איז דערוייל אַוועק, און באסאניא האָט געגעבען גראטיאנא'ן דעם רינג ער זאָל איהם נאָכטראָגען דעם יונגען אַדוואָקאַט.

אין דערזעלבער צייט האָט דער אַדוואָקאַטען געהילף, נעריסא, וועל־כע האָט אויך געגעבען גראטיאנא'ן אַ רינג, פערלאַנגט ער זאָל איהר געבען אַ מתנה. וועלענדיג נאָכטהאָן באסאניא'ן, האָט גראטיאנא אוועקגעגעבען דעם רינג.

שפּעטער האָט שטאַטגעפונדען אַ גאַנצער שטרייט איבער דיא רינגען, ביז דיא גאַנצע קאָמעדיע האָט זיך אויפגעדעקט, און אַלעם האָט זיך גע־שיידעט אין פרייד און געלעכטער.

נאכבעמערקונג פון דעם בעארבייטער:

„דער קויפמאן פון ווענעדיג״, אדער וויא דאס ווערק רופט זיך אין אנדערע שפראכען וויא אין ענגליש, „שיילאק״, בעלאנגט צו שעקספיער׳ס קאמעדיען, און דיעזע קאמעדיע איז מעהר קריטיקירט געווארען וויא אלע זיינע ווערק.

שעקספיער שטעלט דא פאר א אידען צו וועלכען ער ווייזט האס און פעראכטונג. נאך מעהר, דעם אידען׳ס ליידען זיינען מעהר ניט וויא הומאריסטישע שטריכען פון דעם פערפאסער. אבער דאס איז נאך ניט אלעס: ער שטעלט פאר דעם אידען אלס א בלוט־דורשטיגע חיה, וואס וויל ניט אנדערש וויא א פונט פלייש פון דעם קריסט.

אמת, שעקספיער איז געוועזען א גרויסער זשעניע, אבער נאך אלעמען, איז ער געוועזען ניט מעהר וויא א מענש, און געמוזט, פיעל אדער ווענינ ליידען פון חעם איינפלוס פון דיא אומגעבונגען.

עס וועט ניט זיין איבערטריבען ווען מיר וועלען זאגען, אז שעקס־פיער האט גאר קיין אידען אין זיינע אויגען ניט אנגעזעהען. דאמאלס זיי־נען קיין אידען ניט געוועזען אין ענגלאנד. מען האט זיי מיט היבשע עטליכע יאהר פריהער, ארויסגעטריבען פון ענגלאנד, און ערשט שפעטער, נאך שעקס־פיער׳ס טויט, זיינען זיי צוריק געקומען. דער נאמען איד, איז געוועזען פער־האסט אין ענגלאנד. ער איז געוועזען דער „קראיסט קיללער״ (גאטטעס־מער־דער) און מען האט איהם פעראכטעט איבעראל.

דאן ווייטער: שעקספיער איז געוועזען א פערפאסער פון דראמען, ער האט געשריעבען פאר׳ן טהעאטער, פאר געלד. ער האט געוואלט אמו־זירען דעם עולם, און, אום צו אמוזירען אן עולם, מוז מען פאר איהם שריי־בען אזעלכע זאכען וואס דריקען אוים זיין גלויבען און פאראורטהיילע. ער האט אלזא ניט געקענט פארשטעלען קיין אנדערן אידען וויא אזעלכען וואס דער עולם האט זיך פארגעשטעלט.

א צווייטע טהעאריע איז דיעזע: שעקספיער האט געוואלט פאר־שטעלען א אידען, און ניט קענענדיג דעם אידען, האט ער שטודירט דעם אידען׳ס גאט, דעם „אל קנא ונוקם״ פון דער ביבעל. שיילאק איז אלזא ארויס־געקומען דער ראכעזיכטיגער, דער בעל־נקמה.

אין דערזעלבער צייט זעהען מיר אבער, אז דער זשעניע שטייגט אריבער אפילו דעם גלויבען און דיא פאראורטהיילען. שעקספיער האט גע־

װאָלט מאַכען פון שײלאָק׳ן א מיאוס׳ע קאַריקאַטור, פון דעסטװעגען איז שײלאָק דער אויפריכטיגסטער און אנשטענדיגסטער פון אלע זיינע טיפּען אין דיעזער דראַמאַ.

שײלאָק׳ס גרעסטער חסרון איז, װאָס ער איז האַרטנעקיג און פערלאַנגט א פונט פלייש פון דעם קריסט. װארום טהוט ער עס ?

שעקספּיער ערקלעהרט עס.

דיעזער קריסט, אנטאָניא, האָט אויף איהם געשפּיגען, פון איהם חוזק געמאַכט, איהם פערפאָלגט און פערשפּאָטעט, און ענדליך איז ער אריינגעפאַלען אין זיינע הענד. נאָך מעהר, דיעזער קריסט איז געװען א מיטגליעד פון דערזעלבער נאַציאָן װאָס האָט געליעפערט א לארענזאָ אום אװעקצורויבען זיין איינציגע טאָכטער דזשעסיקאַ.

נקמה איז זיס, און ער האָט געװאָלט נקמה !

און װער זיינען געװען דיא קריסטען װאָס שעקספּיער האָט פאָרגעשטעלט ? זייער קריסטליכע בארמהערציגקייט בעשטעהט אין דעם, װאָס זיי טרעטען דעם אידען׳ס געפיהלען מיט דיא פיס ; זיי זיינען אזוי גוט, אז איינער פון זיי, אנטאָניא, מאַכט שײלאָק׳ן א פּראָפּאָזיציע פון זיין אייגענעם פערמעגען באופן ער זאָל דאָס אװעקגעבען זיין טאָכטער, דער משומדת, װעלכע האָט איהם איבערגעלאָזט אין שמערץ און פערצװייפלונג. דער פּרינץ װיעדער איז בערייט איהם צוריק צו געבען דיא אנדערע העלפט פון פערמעגען, װען ער װעט זיך שמד׳ן.

שײלאָק װיל קיין געלד ; ער װיל נקמה. שײלאָק איז בערייט צו פערלירען זיין פערמעגען, אָבער שמד׳ן װעט ער זיך ניט.

יא, דער גרויסער שעקספּיער האָט געמאַכט א גרויסען טעות מיט דער פאָרשטעלונג פון שײלאָק׳ן, אָבער זיין זשעניאַלער גייסט האָט איהם, אומװילענדיג, געראַטעװעט !



# אטהעללא.




ענאטאר בראבאנטיא איז געווען איינער פון דיא רייכסטע בירגער אין ווענעדיג, זעהר אנגעזעהען, איינפלוסרייך און געעהרט. דערצו האט ער גע־האט א טאכטער מיט אלע מעלות, יונג, קלוג און זעהר שעהן. דער נאמען פון דיזער טאכטער איז געווען דעסדעמאנא.

דיא פראמינענטעסטע און אנגעזעהענסטע יונגע לייט האבען זיך צו איהר גע'שדכן'ט, אבער קיינער פון זיי איז איהר ניט געפעלען געווארען. דער פאטער האט זיא אויך ניט געוואלט צווינגען זיא זאל הייראטהען געגען איהר ווילען, און אזוי וויא זיא איז נאך געווען יונג, האט ער בעשלאסען צו ווארטען.

אין דערזעלבער צייט אבער האט עפעס פאסירט אין לעבען פון דער שעהנער דעסדעמאנא וואס האט בעשטימט איהר מערקווירדיגעס שיקזאל פאר א טרויעריגער צוקונפט. דיא שעהנע יונגע לייט פון איהר ווייסער ראסע, האבען ביי איהר ניט נושא חן געווען, דאגעגען אבער האט זיא זיך פלוצלונג פערליעבט אין א מור, א שווארצען, א נעגער.

דיעזער איז געווען א געוויסער אטהעלא, און אבוואהל פון דער שווארצער ראסע, האט ער געשפיעלט א גרויסע ראלע אין שטאדט. ער איז געווען א סאלדאט, א קריגער, א בראווער און אונערשראקענער מענש, און דורך זיין העלדישער אויפפיהרונג, האט ער איינינגע מאל געפיהרט דיא ארמעע פון ווענעדיג צום זיעג און טריאומף אויפ'ן שלאכטפעלד געגען דיא טערקען. דאס האט געפיהרט אזוי וויט, אז ער איז געווארען דער ערשטער גענעראל פון דער ארמעע און געוואונען דיא אלגעמיינע אכטונג פון גאנצען פאלק.

בראבאנטיא, איינער פון זיינע פערעהרער, איז געווען שטאלץ דא־

רויף צו זיין אטהעלא'ס פריינד און ער האט איהם אפט איינגעלאדען צו זיך אין הויז. אונאזוי וויא אטהעלא האט פיעל גרייזט, פיעלעס געזעהען, פלעגט דער אלטער סענאטאר האבען דאס גרעסטע פערגעניגען איהם צו הערען דערצעהלען זיינע אינטערעסאנטע רייזע־געשיכטען און ערפאהרונגען.

דיא שעהנע דעסדעמאנא איז דערביי געזעסען, צוגעהערט אלעס און בעוואונדערט דיעזען שווארצען אבער העלדישען מאן.

איין מאל האט עס פאסירט וואס ער האט זיא אליין געטראפען און זיא האט איהם געבעטען ער זאל איהר דערצעהלען זיין גאנצע לעבענס־גע־שיכטע, פון וועלכער זיא האט געהערט אזוי פיעל דערצעהלען פון אנדערע.

ער האט איהר צוליעב געטהאן. און אזוי וויא אטהעלא איז אמאל גע־וועזען אן ארמער און עלענדער אינגעל, זיך זעהר פיעל געפלאגט און געמא־טערט, האט זיין שילדערונג ביי איהר ארויסגערופען פיעלע טרעהרען.

ווען ער איז געווען צו ענדע, האט זיא געזאגט: „הלואי וואלט איך דאס אלעס ניט געהערט, פון דעסטוועגען ווינש איך מיר, אז גאט זאל מיך געווען מאכען פאר אזא מאן וויא דוא ביסט".

דאן האט זיא איהם געדאנקט און געזאגט: „אויב דוא האסט א פריינד, וועלכער ליעבט מיך, דארפסטו איהם בלויז אויסלערנען וויא צו דערצעהלען זיין לעבענס־געשיכטע און דאס וואלט מיך געוואונען."

אטהעללא דער גענעראל, האט געוואוסט, אז ערשטענס איז ער ניט קיין גאנץ יונגער מאן און צווייטענס איז ער שווארץ. ער וואלט קיינמאל ניט געוואגט צו ערקלעהרען דעסדעמאנא'ן קיין ליעבע. אבער הערענדיג איהרע לעצטע ווערטער, האט ער זיך געמערקט, אז ער קען האפען און וואגען. און געליעבט האט ער דעסדעמאנא'ן מיט זיין גאנצעס ברייטעס און גוטעס הארץ.

ער האט דאן אנגעפאנגען אויף א צערטליכען אופן צו־צו־קומען נעהענטער צו איהר, ביז ער האט פאר איהר אויסגעדריקט זיינע געפיהלע, און דעם סענאטאר'ס שעהנע טאכטער, האט איהם פערשפראכען צו ווערען זיין פרוי.

מען מוז צוגעבען, אז אטהעללא איז ניט געווען קיין פאסענדער שידוך פאר דעסדעמאנא'ן. טאקי ער איז געווען א גענעראל, א העלד, אבער ערש־טענס, איז ער ניט געווען רייך גענוג, און צווייטענס איז זיין קאליר, דאס הייסט, זיין שווארצקייט, געווען געגען איהם.

בראבאנטיא האט קיינמאל ניט בעאבזיכטיגט צו צווינגען זיין טאָכ־טער צו הייראטהען וועמען ער וויל, אָבער ער האָט קיינמאָל ניט ערווארטעט, אז זיא אליין זאָל זיך אויסקלייבען א מאן וואס איז ניט פאסענד פאר אן אדעליגער פאמיליע פון ווענעדיג. דאס אלעס האט דעסדעמאנא גאַנץ גוט געוואוסט און זיא האט גאר ניט געוואגט צו דערצעהלען איהר פאטער, אז זיא ליעבט דעם מור, אטהעללא'ן.

אום צו פערמיידען אן עפענטליכען סקאנדאל מיט דעם פאטער, האט זיא געהייראטה מיט אטהעללא'ן אין געהיים און געטראכט דאס צו האלטען אזוי לאנג בסוד וויא עס איז נאר מעגליך. אבער עס האט ניט פיעל גע־דויערט און דאס געהיימנים איז ארויס.

דער פאטער איז געבליעבען וויא געטראָפען פון א דונער ווען ער האט דאס געהערט. ער האט זיך ניט געקענט גלויבען זיינע אייגענע אויערן וואס מען האט איהם דערצעהלט, נאר ווען ער האט זיך איבערצייגט, אז דאס איז א פאקט, האט ער ניט פיעל געווארט און איז ערשיענען פאר'ן סע־נאט וואו ער האט ערהויבען א שווערע אנקלאגע געגען אטהעללא'ן. ער האט איהם בעשולדיגט אין פער'כישוף'ן און פערפיהרען זיין טאכטער, און זיא פערנארט מיט איהם חתונה צו האבען אהן דער איינשטימונג פון דעם פאטער. פאר אזא פערברעכען, לויט דיא ווענעציאַנישע געזעטצע, איז געקו־מען — טויט.

פונקט דאמאלס אבער האט פאסירט א וויכטיגע צוטרעפונג אין ווענעדיג. מען האט ערפאהרען, אז דיא טערקען האבען ארויסגעשיקט א גרויסע און מעכטיגע פלאטע איינצונעהמען דיא אינזעל ציפערן, וואס האט בעלאנגט צו ווענעדיג און געבילדעט איינעם פון דיא וויכטיגסטע האנדעלס צענטערס. יעדער איינער האט דאמאלס אויפגעהויבען זיינע אויגען צו אטהעללא'ן און פון איהם ערווארטעט ער זאל פערטהיידיגען דיא ווערטה־פוללע אינזעל. ער איז אויך געווען דער איינציגער פאסענדער מענש צו אונטערנעהמען דעם קאמפף געגען דיא טערקען.

אטהעללא איז אלזא גערופען געווארען אין סענאט פאר צוויי זאכען, ערשטענס זיך צו פערטהיידיגען געגען בראבאנטיא'ס שווערע אנקלאגע, און צווייטענס מען זאל איהם בעאויפטראגען צו ראטעווען ציפערן.

בראבאנטיא איז געווען א זעהר געאכטעטער מענש און אן אלטער סענאטאר. מען האט אלזא בעשלאסען איהם אויסצוהערען. ער איז אבער געווען אזוי אויפגערעגט און זיך געפיהלט אזוי בעליידיגט, אז ער האט

געמאכט א גאנצען הויפען בעשולדיגונגען, דארונטער נארישע, ווערענד אין אמת'ן, איז דאס אלעס בלויז געווען אן איינפאכע ליעבעס געשיכטע. פון דעסטוועגען האט מען אויסגעהערט זיין צד, און דאן האט מען פארגע־רופען אטהעללא'ן צו הערען וואס ער האט צו זאגען.

אטהעללא האט אין געוועהנליכע ווערטער געשילדערט דיא ריינע וואהרהייט, דערצעהלט וויא ער האט זיך פערליעבט אין דעסדעמאנא'ן, וויא זיא האט זיך פערליעבט אין איהם הערענדיג זיינע רייזע געשיכטען, און עס איז בלויז געווען א פעראייניגונג פון צוויי הערצער.

דער פרינץ, וועלכער איז געזעסען אלס אויבער־ריכטער אין סענאט, האט דאן ערקלעהרט, דאס ער רעכענט, אז אטהעללא'ס האנדלונג וואלט גע־קענט געווינען אויך זיין אייגענע טאכטער, אין וואס עס אנבעלאנגט דיא בע־שולדיגונגען פון כישוף, וואס בראבאנטיא האט געמאכט, איז עס געווען, לויט זיין מיינונג, געוועהנליכע ליעבעס ערקלעהרונגען אין וועלכע יעדער מאן איז שולדיג. אין אלגעמיין, האט דער פרינץ געזאגט, זעהט ער דא קיין אוי־סערגעוועהנליכע זאך.

אטהעללא'ס ווערטער זיינען נאכהער בעשטעטיגט געווארען אויך פון דעסדעמאנא'ן, וועלכע איז ערשיענען פאר'ן סענאט. אין הערזעלבער צייט האט דעסדעמאנא בעמערקט, אז זיא אנערקענט איהר שולד און פליכט צום פאטער פאר דער ערציהונג און בילדונג וואס ער האט איהר געגעבען, אבער זיא האט יעצט העכערע פליכטען און שולדען צו דעם מאן וואס זיא ליעבט, און זיא האנדעלט ניט ערגער וויא איהר מוטער האט געהאנדעלט, ווען זיא האט געליעבט איהר מאן בעסער וויא איהר פאטער.

בראבאנטיא האט געזעהען, אז יעדער איז געגען איהם, און ער האט בעשלאסען בעסער איינצושטימען, ווייל ער האט סאי־וויא־כאי קיין אנדערע ברירה ניט געהאט. ער האט זיך אלזא איבערגעבעטען מיט אטהעל־לא'ן, איהם זאגענדיג, אין דערזעלבער צייט, אז עס פרעהט איהם וואס ער האט בלויז איין טאכטער, דען, ווען ער וואלט געהאט נאך איינע, וואלט ער געמוזט ווערען געגען איהר א טיראן, כדי זיא זאל ניט טהון דאסזעלבע וויא דעסדעמאנא.

נאכדעם וויא אלעס האט זיך רעגולירט, האט אטהעללא זיך דער־מאהנט אן זיין הויכער מיליטערישער פפליכט. ער האט בעשלאסען באלד אבצורייזען נאך ציפערן און אנפאנגען דיא פערטהיידיגונג געגען דיא טער־

קען. דעסדעמאנא האט איינגעשטימט מיט איהם מיטצופאהרען און טהיילען אלע געפאהרען מיט איהם.

אזוי שנעל אבער וויא אטהעללא מיט זיין יונגער און שעהנער פרוי האבען געלאנדעט אין ציפערן, איז ערהאלטען געווארען דיא נאכריכט, אז א גרויסער שטורם האט צושמעטערט דיא גאנצע טערקישע פלאטע, און דער־מיט האט זיך שנעל געענדיגט זיין גאנצע מיליטערישע טהעטיגקייט.

ווען אטהעללא איז לויז געווארען פון א קריעג מיט דיא טערקען דורך א שטורם אויף'ן ים, האט אבער זיין שיקזאל איהם געטריעבען צו אן אנדערן קריעג, א פיעל געפעהרליכערן, פון וועלכען ער איז מעהר ניט ארויס דער זיעגער וויא ביז צו יענער צייט.

צווישען דעם גענעראל'ס פריינדע איז געווען איינער וואס איז גע־ווען זיין פערטרויעסטער. ער האט געהייסען קאססיא. מיכאעל קאססיא איז געווען א יונגער אפיציער, געשטאמט פון פלארענטין, מונטער, פרעהליך, ליע־בענסווירדיג און מיט אלע מעלות אום נושא חן צו זיין ביי פרויען. ער איז אויך געווען שעהן, גאלאנט און מיט זיך פארגעשטעלט אלעם אום ארויסצו־רופען אייפערזוכט אין א מאן וואס איז עלטער און ניט אזוי שעהן. אטהעללא איז שוין ניט מעהר געווען קיין יונגער מאן, און זיין שווארצקייט האט איהם געמאכט ווייט פון שעהן. אבער אטהעללא, וועלכער האט געהאט אן עדלעם הארץ, איז געווען ווייט פון אייפערזוכט. נאך מעהר, ער האט אליין אמאל גע־שיקט קאססיא'ן צו רעדען פאר איהם מיט דעסדעמאנא'ן און אויסדריקען זיינע ליעבעס־געפיהלע צו איהר.

אטהעללא איז געווען א העלד אויפ'ן שלאכטפעלד. אבער אין דער געגענווארט פון פרויען איז ער געווען הילפלאז.

צו שיקען אזא יונגען און שעהנעם מאן וויא קאססיא צו ערקלערען פאר איהם ליעבע, איז אפילו געווען א געוואגטער שריט. אבער אטהעללא האט יעדען געגלויבט און זיך ניט געקענט פארשטעלען, אז יעמאנד זאל איהם בעטריגען. דעסדעמאנא וויעדער האט געהאלטען קאססיא'ן בלויז פאר א גוטען הויז־פריינד, און אזוי איז ער אויך פערבליעבען נאך דער חתונה. ער פלעגט אפט קומען אין זייער הויז, און אזוי וויא אטהעללא האט ניט אימער געקענט אונטערהאלטען זיין יונגע און שעהנע פרוי, איז ער געווען איינפאך זעהר צופריעדען וואס קאססיא האט מיט איהר גערעדט און זיא אמוזירט.

אוים דאנקבארקייט און פריינדשאפט, האט אטהעלא, אין דער לעצ־

טער צייט, געמאכט קאסיא'ן פאר א ליטענאנט און אויך פאר זיין אדיוטאנט, א שטעלע וואס האט מיט זיך געטראגען אי עהרע, אי גרויסע פעראנטווארט־ליכקייט.

דיעזער שריט אבער האט שטארק אויפגערעגט א צווייטען אפיציער, אן עלטערן אין דיענסט, א געוויסען יאגא, וועלכער האט גערעכענט, אז על־פי יושר איז איהם געקומען דיעזער פאסטען. יאגא האט אפטמאל חוזק גע־מאכט פון קאסיא'ן, בעהויפטענדיג, אז ער ווייסט אזוי פיעל פון קריעג וויא א מיידעל. דאן האט איהם יאגא אויך געהאסט, און מיט איהם האט ער געהאסט אטהעללא'ן פאר וואס ער האט איהם דערהויבען צו אזא שטעלע.

און יאגא'ס ברוסט איז געווארען פול מיט גיפט, און זיין קאפ פול מיט פלענער וויא אזוי זיך נוקם צו זיין אן אלעמען. ער האט בעשלאסען צו בעשטראפען קאסיא'ן, אטהעללא'ן און מיט ווי זאל אויך ליידען דיא אונ־שולדיגע דעסדעמאנא.

שרעקליך איז געווען זיין נקמה!

יאגא איז יעווען איינער פון יענע מענשליכע טייוואלים, וועלכער שטודירט זיין מיט־מענשען, קריכט אריין טיעף אין זיין נשמה, און דאן ווענדעט ער אן זיין כיטראסט יענעם צו רואינירען. יאגא האט אויך געוואוסט, אז אייפערזוכט איז איינע פון דיא געפעהרליכסטע ליידענשאפטען, און ווען זיא קריכט אריין אין א מענשען, דאן פערגיפטעט זיא זיין גאנצען קערפער און זעעלע.

זיין פלאן איז אלזא געווען צו מאכען אטהעלא'ן אייפערזיכטיג איבער קאססיא'ן, און אזוי שנעל וויא ער וועט דערגרייכען דיעזען ציעל, דאן וועט ער שוין קענען טהון וואס ער וויל און דורכפיהרען זיין נקמה.

דיא אנקונפט פון דעם גענעראל מיט זיין פרוי און דיא נאכריכט, אז דיא טערקישע פלאטע איז אונטערגעגאנגען, האט ארויסגערופען א פרעה־ליכען יום־טוב ביי דיא איינוואהנער פון ציפערן. מען האט געגעסען, געטרונ־קען און געהוליעט. וויין האט געפלאסען פון אלע זייטען און יעדער האט געטרונקען צו דער געזונדהייט פון אטהעללא'ן מיט זיין פרוי.

קאססיא איז געווען בעאויפטראגט אכטונג צו געבען, אז ער זאל ניט דערלאזען דיא סאלדאטען זאלען צו פיעל טרינקען, כדי זיי זאלען ניט פעראורזאכען קיין סקאנדאלען.

אין א נאכט האט יאגא אנגעפאנגען זיין טייוולישע ארבייט. ער האט בעזוכט קאססיא'ן, און אונטער דעם מאנטעל פון פריינדשאפט צו

אטטהעללא'ן און פריינדשאפט צו קאססיאָ'ן האָט ער איינגעלאדען יעדען צו טרינקען. קאססיאָ האָט אַ לאנגע צייט געקעמפפט געגען דיעזער איבער־רעדונג, אָבער אזוי וויא ער איז געוועזען אַ גוטער און וואוילער לעבע־יונג, איז ער ענדליך געפאלען צו יאגא'ס איבעררעדונג. ער האָט זיך אָנגע־שיכור'ט, און אין זיין בעזויפענהייט, האָט ער געלויבט און געריהמט דיא שעהנע דעסדאמאנא, געשריען, געזונגען, ביז ער האָט זיך אין גאנ־צען פערלוירען. דאן האָט ער זיך צוקריעגט מיט זיינע געסט, אויך אויף יאגאָ'ס אנרייצונג, און עס איז געקומען צו אַ שלאכט. קאססיא האָט ארויסגעצויגען זיין שווערד און פערוואונדעט אַ גוט־בעקאנטען און געאכ־טעטען אָפיציער מאנטאנא.

דיא אויפרעגונג און דאָס געשלעג האָבען געוואקסען. ווען יאגא האָט געזעהען, אַז דער סקאנדאל איז שוין גענוג גרויס, האָט ער אליין געהאָל־פען פערברייטען דיא נאכריכט דאריבער און געפיהרט דערצו מען זאָל קלינ־גען מיט דעם אלארם־גלאָק, וועלכער איז געשטעלט געוואָרען אָנצוצייגען אַ רעוואָלוציאָנס אויסברוך, אָבער קיין מהומה פון שיכורים.

דיעזער אלארם האָט אויפגעוועקט אטהעללאָ'ן, וועלכער האָט זיך שנעל אָנגעקליידעט, ארונטערגעלאָפען און געפרעגט קאססיאָ'ן וואָס עס האָט פּאסירט.

קאססיאָ האָט זיך באלד דערמונטערט, בעגריפען וואָס ער האָט אויפגעטהאָן, און פאר שאנדע האָט ער ניט געקענט ענטפערן.

יאגאָ וויעדער, זיך מאכענדיג, אַז ער וויל ניט רעדען קיין שלעכטס אויף קאססיאָ'ן, און זיך לאָזען צווינגען פון אטטהעללאָ'ן עפּעס צו זאָגען, האָט דערצעהלט אַלעס וואָס עס האָט פּאסירט, אויסלאָזענדיג אָבער זיין אייגענעם אנטהייל; און אזוי וויא קאססיאָ האָט אין זיין בעטרונקענהייט ניט געדענקט גענוי וואָס עס איז געשעהען, האָט ער שטילשווייגענד איינ־געשטימט צו אַלעס וואָס יאגא האָט מיטגעטהיילט.

אטטהעללא האָט ליעב געהאט דיסציפּלין און אָרדנונג. הערענדיג דאָס אַלעס, האָט ער אראָבגעזעטצט קאססיאָ'ן פון זיין פעראנטוואָרטליכעס אמט.

דאָס איז געוועזען יאגא'ס ערשטע געלונגענע ארבייט. אָבער ער האָט זיך דערביי ניט אָבגעשטעלט און איז געגאנגען ווייטער.

ווען קאססיאָ האָט זיך אויסגעניכטערט, האָט ער געפונען יאגאָ'ן פאר זיין איינציגען פריינד פאר וועלכען ער האָט אויסדערצעהלט זיין הארץ

און זיך אליין אנגערופען ווילדער און אומגעלומפערטער, ווען ער האט זיך געקענט לאזען אזוי פערפיהרען פון וויין.

„וואס זאל איך טהון ?" האט ער געפרעגט. „איך בין פערלוירען. ווען איך זאל מיך נאך א מאל ווענדען צו אטטהעללא'ן און פערלאנגען צוריק מיין שטעלע, וועט ער מיגען מיט רעכט זאגען, אז אויף קיין שיכור קען מען זיך ניט פערלאזען."

יאגא וויעדער האט איהם אויסגערעדט, ערקלערט, אז עס איז גאר ניט, אז אטהעללא וועט בעסער ווערען און אלעס וועט זיין וויא עס איז א מאל געוועז. נאר ווען קאססיא רעכענט ווירקליך, אז אטהעללא וועט איהם גאר ניט פערצייהען, דאן ראטהעט ער איהם זיך צו ווענדען צו זיין ליעבע פריינדין, דעסדעמאנא, און זיא וועט געווים אלעס שנעל רעכט מאכען.

וואס יאגא האט געזאגט, האט אויסגעזעהען גאנץ ריכטיג, אבער דאס אונגליק איז געוועז, וואס ער האט געהאט איינע פון זיינע טייוולישע פלענער דערביי.

עס האט ניט פיעל געדויערט און קאססיא האט זיך געוועגדעט צו רעסדעמאנא'ן, בעטענדיג זיא, אז זיא זאל זיך פאר איהם אינטערעסירען ביי אטהעללא'ן. דעסהעמאנא איז געוועז זעהר געריהרט דערפון און פערשפראכען ניט צו רוהען ביז זיא וועט קאססיא'ן צוריקגעבען זיין אלטע שטעללע.

אום ניט פיעל צו ווארטען, האט זיא גלייך אויפגעזוכט אטהעללא'ן, איהם אנגעהויבען צו בעטען, און ער האט איהר ניט געקענט זאגען „ניין". פון דעסטוועגען האט ער פראבירט צו בעטען זיא זאל נאך אבווארטען א שטיקעל צייט, ווייל אזא פערברעכען טאר מען ניט לאזען גאנץ אונבע־שטראפט, אבער זיא האט איהם העכסטענס געגעבען נאך איין מעת־לעת צייט.

ווען אטהעללא האט נאך אלץ ניט געקענט נאכגעבען, האט זיא גע־זאגט בעליידיגט :

„וואס, מיין העדר ! דארף איך אזוי פיעל בעטען פאר מיכאעל קאססיא, דערזעלבער קאססיא וואס איז געקומען פאר דיר צו מיר ערקלערען ליעבע, און אפט מאל, ווען איך האב פון דיר חוזק געמאכט, האט ער דיך פערטהיידיגט ! דאס וואס איך האב פון דיר פערלאנגט, רעכען איך בלויז פאר א קלייניגקייט. און ווען איך וועל וועלען מעהר

אויספּרובירען דיין ליעבע, דאן וועל איך פערלאנגען א פיעל גרעסערע זאך.״

אטהעללא האָט ווייטער ניט געקענט קעמפּפען געגען איהר, און אלעס וואָס ער האָט פערלאנגט איז געוועזן, אז זיא זאָל איהם נאָר געבען א ביסעל צייט, און דאן וועט ער קאססיאָ׳ן צוריקגעבען זיין אלטע שטעלע.

עס האָט פּאסירט, אָדער יאגאָ האָט עס אזוי געפיהרט, דאָס אטהעללא און יאגאָ זאָלען אריין אין דעסדעמאָנאָ׳ס צימער פּונקט דאמאלס ווען קאססיאָ איז דאָרט געווען צו בעטען פאר זיך, און ארויסגעהענדיג דורך דער צווייטער טהיר, האָט ער עפּעס געזאָגט דעס־דעמאָנאָ׳ן.

„מיר געפעלט דאָס ניט,״ האָט יאגאָ געמורמעלט וויא צו זיך אליין, אָבער אטהעללא האָט דאָס ניט בעמערקט. שפּעטער אָבער האָט ער געדענקט. ווען דעסדעמאָנאָ איז אוועק, האָט יאגאָ, בלויז אזוי אויס נייגיעריגקייט, גע־פרעגט אטהעללא׳ן אויב דאמאלס ווען ער אטהעללא, האָט זיך געשדכ׳ענט צו דעסדעמאָנאָ׳ן, האָט קאססיאָ אויך דערפון געוואוסט.

אטהעללא האָט געענטפערט, אז ניט נאָר האָט קאססיאָ דערפון גע־וואוסט, זאָנדערן ער איז אויך מעהרערע מאָל געווען דער ליעבעס־שליח צווי־שען איהם און דעסדעמאָנאָ.

און דער טייוועל יאגאָ האָט אימער פערשטאַנען צו מאַכען אזא גנבה׳שע מינע, אז ער זאָל ארויסרופען טויזענדער פערדעכטיגע געדאַנקען אין דעם אונשולדיגען און עהרליכען אטהעללא. ווען יאגאָ האָט געהערט אט־העללא׳ס לעצטע ערקלערונג, האָט ער אויפגעהויבען דיא אויגען, פערקנייטשט דעם שטערן, געעפענט דאָס מויל, און געזאָגט, „אָהָ, איצט פערשטעה איך.״

דאָס האָט שוין ערוועקט יאגאָ׳ס ווערטער וואָס ער האָט געזאָגט, ווען ער איז אריינגעקומען און געזעהען דעסדעמאָנאָ׳ן מיט קאססיאָ׳ן צוזא־מען. אטהעללא האָט אָנגעהויבען צו דענקען, אז דאָ מוז עפּעס זיין, אז יאגאָ׳ס ווערטער האָבען עפּעס א צוזאַמענהאַנג. דאָס אונגליק איז נאָך געווען גרעסער, וואָס יאגאָ האָט אימער געשפּיעלט דיא ראָלע פון אן עהרענמאַן און אטהעללא האָט איהם ווירקליך גערעכענט פאַר אזעלכען.

דער אָרעמער אטהעללא האָט ניט געקענט אונטערשיידען פון א כיטר־ראָסט ביז אן עהרליכקייט. יאגאָ׳ס בעמערקונגען האָבען איהם אונטערגעצונ־דען, ארויסגערופען פינסטערע רעיונות אין זיין מח און ער האָט איהם אָנגע־הויבען צו בעטען, ער זאָל איהם זאָגען וואָס ער מיינט, וואָס ער דענקט, וואָס ער רעכענט.

יאגא האט זיך געלאזט בעטען, און דאן האט ער אנגעהויבען צו זאגען, אז עס וואלט פיעל גלייכער געווען פאר אטהעללא'ן ער זאל ניט וויסען וואס ער דענקט, ווייל דאס קען צושטערען זיין רוה און זיין גליק.

אבער אנשטאט דאס זאל בערוהיגען אטהעללא'ן, האט ער נאך מעהר געברענט מיט פערלאנגען צו וויסען אלעס.

יאגא האט איהם אבגעהאלטען א פארטראג איבער אייפערזוכט, אז דאס איז א שלעכטע מדה אין א מענשען און יעדער בעל־שכל דארף זיך דער־פון צוריק האלטען, אויסהיטען און פערמיידען אזעלכע געדאנקען.

„איך וויים, איך וויים," האט אטהעללא געענטפערט, „אז מיין פרוי איז שעהן, אז זיא ליעבט געזעלשאפט, אז זיא ליעבט זיך צו אמוזירען; זיא זינגט, שפיעלט און קען גוט טאנצען; אבער דארט וואו צניעות געפינט זיך, איז דאס אלעס א טוגענד, א מעלה. יא, יא, איך מוז פריהער האבען בעווייזע איידער איך ווארף אויף איהר א חשד פון אונארענטליכקייט."

יאגא האט זיך געמאכט, אז איהם פרייט עס זעהר וואס אטהעללא לאזט זיך ניט אזוי גרינג פערפיהרען, וואס ער גלויבט ניט אזוי שנעל אן אלעס און ער האט געבעטען אטהעללא'ן ער זאל אויך אזוי בלייבען, ניט אורטהיילען ביז ער וועט האבען אונבעשטרייטבארע בעווייזע.

אין דערזעלבער צייט אבער, האט יאגא איהם דערצעהלט פון זיינע ערפאהרונגען, אז ער קען גאנץ גוט דיא איטאליענישע דאמען, אז ער וויסט זייער נאטור, און דאס דיא פרויען פון ווענעדיג טהון פיעלע זאכען וואס זיי פערבארגען פאר זייערע מענער. דאן, אלס א זייטיגע בעמערקונג, האט ער געזאגט, אז דעסדעמאנא האט שוין איינמאל ארויסגעוויעזען, דאס זיא קען שפיעלען א דאפעל ראלע, און דאס איז געווען טאקי מיט אטהעללא'ן אליין, ווען זיא האט אבגענארט איהר פאטער, דאס דער אלטער האט געמיינט, אז דאס איז געווען א כישוף.

דער לעצטער ארגומענט האט דורכגעשאסען אטהעללא'ן וויא מיט פערגיפטעטע פיילען. א פרוי וואס קען אבנארען איהר פאטער, קען אויך אב־נארען איהר מאן. אטהעללא איז געווען זעהר גערייהרט און אויפגערעגט.

דער פוקס יאגא האט איהם געבעטען אום ענטשולדיגונג ווארום ער האט אין איהם ארויסגערופען אזעלכע טרויעריגע געדאנקען. אבער אטהעללא האט איהם געבעטען ער זאל ווייטער דערצעהלען, אלעס מיטטהיילען וואס ער וויסט.

יאגא, מיט פיעלע ענטשולדיגונגען גלייך וויא עס איז איהם זעהר

שוועד עפּעס צו זאָגען געגען זיין פריינד קאססיאָ, האָט ער אָבער דאָך דער־צעהלט, אז קיין יונגער און לעבהאפטער מאַן דרעהט זיך ניט אזוי פיעל ארום אַ פּרויענצימער וויא קאססיאָ האָט געטהאָן, אָהן אַן אבזיכט. דאַן איז ער ווידער איבערגעגאנגען צו רעדען וועגען דעסדעמאנא׳ן און דערמאָהנט אָט־העללאָ׳ן, אז זיא איז פון דער נאַטור אַן איינגעשפּארטע, הארטנעקיגע, מיט מערקווירדיגע נייגונגען; אז זיא האָט צוריקגעוויזען שידוכים פון איהר אייגענער ראַסע און געהייראטה איהם, אטהעללאָ׳ן, אַ מור, אַ שווארצען, און דאָס אלעס, נאָך אלעמען, איז בלויז געוועזען אַ קאפּריז אויף אַ מאָמענט. דער קאַפּריז איז פאָראיבער, זיא האָט חרטה געהאט און איינגעזעהען, אז עס איז אַ גרויסער אונטערשיעד צווישען איינעם פון דער ווייסער ראַסע ביז צו איינעם פון דער שווארצער.

יאגא האָט געשלאָסען זיין ארגומענט דערמיט וואָס ער האָט גע־ראטהען אטהעללא׳ן ער זאָל נאָך אזוי גיך ניט פערצייהען קאססיאָ׳ן און דערווייל שטודירען מיט וואָס פאר אַן אייפער און וואונש דעסדעמאנא בעט פאַר איהם.

אָט אזוי האָט דיעזער גיפטיגער אינטריגאנט געלעגט זיינע פּלענער און נעטץ אום ארייןצוכאַפּען אין זיי אונשולדיגע און בראַווע מענשען, וועל־כע וואָלטען קיינעם קיין שלעכטס ניט געטהן

דיא אונטעררעדונג האָט זיך געענדיגט דערמיט וואָס יאגאָ האָט גע־בעטען אטהעללאָ׳ן ער זאָל ניט פערגעסען איין זאך, אַז יעדער מענש איז אונשולדיג ביז עס ווערען ניט געבראַכט קיין אונבעשטרייטבארע בעוויי‍זע דאגעגען. אטהעללאָ האָט איהם פערשפּראָכען צו זיין געדולדיג. אָבער פון יענעם מאָמענט אָן, האָט דער אָרעמער אטהעללאָ שוין מעהר ניט געוואוסט פון אַ צופריעדענעם מאָמענט אין זיין לעבען.

אטהעללאָ האָט פערשפּראָכען צו זיין געדולדיג, אָבער דאָס זיינען נאָר ווערטער. דער אייפערזיכטיגער מאַן קען ניט זיין געדולדיג. ער איז פער־גיפטעט און דער גיפט ברענט זיין הארץ, זיין ברוסט, זיין גאַנצע נשמה. ער האָט פערלוירען דיא געדולד צו אלעמען. זיין בעשעפטיגונג אלס קאָמאנדאנט, אלס גענעראל, איז איהם נמאס געוואָרען. ער האָט שוין מעהר ניט געפונען קיין טרייסט און פרייד אין מיליטערישע איבונגען, זיין הארץ, וואָס האָט אימער ערוואכט מיט פרייד ווען ער האָט געזעהען דיא רייהען פון זיינע סאָל־דאטען, דיא פאָהנען און דעם קריעגס־מארש; זיין הארץ וואָס האָט געטאנצט

ביי דעם קלאנג פון דער פויק, ביי דעם סיגנאל פון טראמפייט, דאס אלעס איז פערוואנדעלט געווארען אין שמערץ און וועהטאג.

מאנכע מאל, גלייך ווי ער וואלט זיך וועלען טרייסטען, האט ער ביי זיך בעשלאסען, אז זיין פרוי איז עהרליך און געטריי; באלד אבער איז געקומען א רייהע פינסטערע געדאנקען און אלעס האט זיך געענדערט. אמאל האט ער געדענקט, אז יאגא איז אן עהרליכער מאן, און דאן ווידער, אז ער איז א שווינדלער, אן אינטריגאנט. נאך דעם פלעגט ער זיך ווינשען, אז הלוואי וואלט ער פון קיין זאך ניט ערפאהרען, און ער וואלט געווען גליקליך אין זיין אונוויסענהייט.

שמערץ, אויפרעגונג און פערצווייפלונג האבען פון דעם צארטען אטהעללא געמאכט א ווילדע חיה. איינמאל האט ער אנגעכאפט יאגא'ן ביים גארגעל און פערלאנגט באלד, זאפארט בעווייזע איבער זיין פרוי'ס אונעהר־ליכקייט, זאנסט דריקט ער ארויס זיין לעבען פאר זיינע שקרים.

יאגא האט דאן געשפיעלט דיא ראלע פון דער עהרליכער בעסטיע, זיך מאכענדיג, אז ער געפינט זיך בעליידיגט ווען אטהעללא קען האבען זאגאר דעם מינדעסטען פערדאכט איבער זיינע אבזיכטען. ער האט נאך אימער זיך געמאכט, אז ער וויל ניט ארויסזאגען אלעס וואס ער ווייסט, נאר, ווען אטהעללא האט קיין געדולד ניט, האט ער ניט קיין אנדערע ברירה און מוז ארויס מיט שפראך.

„האסטו אמאל געזעהען א טאשענטוך,“ האט יאגא געפרעגט, „א טאשענטוך בעשפרענקעלט מיט יאגדעס בלימלעך ביי דעסדאמאנא'ן?“

„דאסזעלבע טאשענטוך,“ האט יאגא געזאגט, „האב איך היינט גע־זעהען ביי קאססיא'ן זיך אבווישענדיג זיין פנים דערמיט.“

„אויב עס איז אזוי וויא דוא זאגסט,“ האט אטהעללא אויסגעשריען, „דאן וועל איך ניט רוהען ביז א ברייטער קבר פון נקמה וועט זיי איינשלינגען. יעצט וויל איך זעהען אויב דוא ביסט מיר געטריי. איך בעאויפטראג דיך, אז ביז אין דריי טעג, זאל קאססיא הינגעריכטעט ווערען. און וואס עס אנבע־לאנגט דעם שעהנעם טייוועל (דעסדעמאנא,) וועל איך מוזען נאכדענקען איבער א שנעלען טויט פאר איהר.“

עס איז מערקווירדיג, דאס פאר דעם אייפערזיכטיגען איז גענוג א שטרוי אום דערפון אויפצובויען א גאנצען מאנומענט פון פערדאכט און שולד. שטעלט זיך פאר, א טאשענטוך וואס זיין ווייב האט געהאט, האט מען געזעהען ביי קאססיא'ן, אלזא, וואס בעווייזט דאס? ערשטענס קענען

זיין אַ סך אַזעלכע טאַשענטיכער, צווייטענס קען מען אַזאַ טאַשענטוך פער־לירען און נאָך אַנדערע ערקלערונגען, אָבער דער אייפערזיכטיגער אָטהעללאָ האָט ווייטער ניט געקלערט. דאָס איז שוין גענוג געווען צו פעראורטהיילען צוויי מענשען צום טויט.

דער אמת איז געווען, אַז דעסדעמאָנאַ האָט קיינמאָל ניט געגעבען קאַססיאָ׳ן דאָס טאַשענטוך אַלס פּרעזענט, און זיא וואָלט אויך קיינמאָל ניט בעגאַנגען אַזאַ נאַררישקייט אַוועקצוגעבען איהר מאַן׳ס מתנות אַ פרעמדען. אי דעסדעמאָנאַ, אי קאַססיאָ זיינען געווען גאַנץ אונשולדיג אין אירגענד־אַן אורזאַכע געגען אָטהעללאָ׳ן. דאָס אַלעס איז בלויז געווען דער רעזולטאַט פון יאַגאָ׳ס טייוולישע פּלענער. יאַגאָ האָט געהאַט אַ פרוי, אַ גוטע און אונ־שולדיגע פרוי. ער האָט זיא איינפאַך געצוואונגען אַוועקצוגנב׳ענען דאָס טאַשענטוך ביי דעסדעמאָנאַ׳ן. ער האָט דאַן דאָס טאַשענטוך אַוועקגעלעגט אויף׳ן וועג וואו קאַססיאָ האָט בעדאַרפט פאַרבייגעהען. קאַססיאָ האָט דאָס טאַשענטוך געזעהען און עס ווירקליך אויפגעהויבען.

ווען אָטהעללאָ האָט באַלד נאָכהער בעגעגענט זיין פרוי, האָט ער זיך געמאַכט, אַז ער האָט קאָפּווערטאָג. ער האָט זיא געבעטען איהם לייהען דאָס טאַשענטוך אום ער זאָל עס צולעגען צו זיינע שלייפען.

דעסדעמאָנאַ האָט גלייך ארויסגעצויגען אַ טאַשענטוך.

„ניין, ניט דאָס,“ האָט אָטהעללאָ געזאָגט, „גיב מיר דאָס טאַשענטוך וואָס איך האָב דיר געגעבען.“

דעסדעמאָנאַ האָט דאָס טאַשענטוך ניט געהאַט, ווייל יאַגאָ׳ס פרוי האָט עס אַוועקגעגנב׳עט.

„דאָס איז זעהר ניט גוט,“ האָט אָטהעללאָ געזאָגט זיך צווינגענדיג צוריק צו האַלטען זיין צאָרן. „דאָס טאַשענטוך האָט מיין מוטער געקריעגען פון אַן עגיפּטישער פרוי; זיא איז געווען אַ מכשפה און געקענט לעזען דיא געדאַנקען פון מענשען; זיא האָט געזאָגט מיין מוטער, דאָס וועהרענד זיא וועט האָבען דאָס טאַשענטוך, וועט זיא זיין ליעבענסווירדיג און מיין פאַטער וועט זיא אימער ליעב האָבען. קוים אָבער וועט זיא עס פערליערען אָדער אַוועקגעבען, וועט מיין פאַטער שוין ניט זיין דערזעלבער מענש, און פּונקט וויא ער האָט זיא אַמאָל געליעבט, אַזוי וועט ער זיא האַסען. אויף איהר שטערבע בעט האָט זיא מיר דאָס געגעבען, און מיר אָנגעזאָגט, דאָס ווען איך וועל אַמאָל הייראַטהען, זאָל איך עס געבען מיין ווייב. אַזוי האָב איך געטהאָן, גיב אַכטונג. היט עס וויא אַן אויג אין קאָפּ.“

„איז דאָס מעגליך!“ האָט דיא דערשראָקענע דעסדעמאָנא אויסגע־רופען.

„יא, יא, עס איז מעגליך, אזוי איז עס,“ האָט ער גענטפערט. „עס איז א צויבער־טאַשענטוך. א סיבילע (פּריסטערין) וואָס האָט געלעבט מיט צוויי טויזענד יאָהר צוריק, האָט, אין אַן אנפאל פון פּראָפעטישער אויפרעגונג דאָס אויסגעאַרבייט; דיא זיידען־ווערעם וואָס האָבען געליפערט דיא זייד, זיינען געווען געהייליגט; מען האָט עס געפאַרבט אין דער אויפלעזונג פון א מומיע׳ס (באַלזאמירטע קערפּער) האַרץ פון א מיידעל“ . . .

ווען דעסדעמאָנא האָט דאָס אלעס געהערט, האָט זיא אויפגעציטערט פאַר שרעק, ווייל זיא האָט געוואוסט, אַז זיא האָט דאָס טאַשענטוך פערלוי־רען, און, מיט דעם, אויך איהר מאַן׳ס ליעבע.

אטהעללאָ האָט מעהר זיין געמאַכטע רוהיגקייט ניט געקענט אָנהאַל־טען און ער האָט אָנגעהויבען צו פערלאנגען דאָס טאַשענטוך. זיא האָט אָנגעהויבען איהם צו פערנעהמען מיט אנדערע רייד און דאַן האָט זיא גע־זאָגט, אַז זיא זעהט איין, דאָס ער טהוט דאָס אלעס אַבזיכטליך כדי זיא זאָל ווייטער ניט בעטען פאַר קאססיאָ׳ן. אין דערזעלבער צייט, האָט זיא געלויבט און געריהמט קאססיאָ׳ן, ביז אטהעללאָ, אין ווילדער אויפרעגונג, איז ארויס־געלאָפען פון הויז וויא א ווילדער.

ערשט דאַמאָלס האָט דעסדעמאָנא, צום ערשטען מאָל זיך געמערקט, אַז אטהעללאָ איז אייפערזיכטיג.

זיא האָט אָנגעהויבען נאָכצוקלערען און נאָכצופאָרשען צו געפינען אַן אורזאכע וואָס עס האָט געקענט ארויסרופען זיין אייפערזוכט, אָבער זיא האָט ניט געקענט ענטדעקען קיין איינציגע, אין דערזעלבער צייט האָט זיא אָנגעהויבען זיך אליין צו מאַכען פאָרווירפע וואָרום זיא בעשולדיגט איהר מאַן, איהר עדעלען אטהעללאָ, אין אזא מיאוס׳ן חסרון.

אָבער וואָרום איז ער דאָך אזוי אויפגערעגט? דאַרויף האָט זיך דעס־דעמאָנא אליין געענטפערט. ער האָט וואהרשיינליך ערהאַלטען טרויעריגע נאָכריכטען פון ווענעדיג, אָדער אירגענד אַן אַנדערע רעגיערונגס זאָרג האָט איהם געפיהרט צו דעם אונגעוועהנליכען צושטאנד. דאַן האָט זיא בעמערקט:

„מענער זיינען, נאָך אלעמען, ניט קיין געטער, און דערפאַר דאַרפען מיר פרויען, ניט ערוואַרטען צו זעהען אימער דיעזעלבע ליעבענסווירדיגקייט פון זיי נאָך דער חתונה וויא אין טאָג פון דער חופּה.“

מיט איינעם וואָרט, זיא האָט אַלעם מעגליכע אָנגעווענדעט צו פּער־טרייבען אירגענד וועלכען שלעכטען געדאַנק איבער איהר מאַן.

צום צווייטען מאָל, ווען אָטהעללאָ און דעסדעמאָנא האָבען זיך בע־געגענט, האָט ער זיא שוין דייטליכער בעשולדיגט אין אונאָרענטליכקייט, איהר פאָרגעוואָרפען, אַז זיא ליעבט אַן אַנדערן מאַן, אָבער ער האָט זיין נאָ־מען ניט אָנגערופען.

עס האָט גענומען אָטהעללאָ'ן פיעל מיה און אנשטרענגונג ארויס־צוברענגען אַזעלכע ווערטער פון זיין מויל. דערפאַר, ווען ער איז פאַרטיג געוואָרען, האָט דיעזער מעכטיגער מאַן אויסגעבראָכען אין אַ געוויין, פּונקט וויא ער וואָלט געווען אַ קינד.

דעסדעמאָנא האָט זיך צו איהם דערנעהנטערט און איהם געפרעגט ווארום ער וויינט.

אָטהעללאָ האָט איהר געענטפערט, אַז ער וואָלט געקענט ערטראַגען אַלעס אין דער וועלט, יעדעס אונגליק, אָרעמקייט, קראַנקהייט און זאָרג־ערניעדערונג, אָבער איהר אונאָרענטליכקייט אליין איבערשטייגט אַלעס און דאָס האָט צובראָכען זיין האַרץ.

דיא אונשולדיגע דעסדעמאָנא, ציטערענדיג, האָט געמורמעלט:

„איך וויל האָפען, אַז מיין העררר רעכענט מיך פאַר אַן עהרליכע פרוי."

„אַך דיא בלום," האָט ער געענטפערט, „וואָס ביסט געווען אַזוי ליעבליך שעהן און געשמעקט אַזוי זיס, אַז דוא האָסט פאַרטומעלט אפילו דיא חושים — אַך, בעסער וואָלסטו גאָר ניט געבוירען געוואָרען!"

„אַך, וואָס פאַר אַן אונוויכענדע זינד האָב איך בעגאַנגען?"

דיא אייפערזוכט פערבלענדעט דיא אויגען און פערניכטעט דעם געדאַנק. אָטהעללאָ האָט פון קיין זאַך ניט געוואָלט הערען. ווען ער איז אוועק, האָט זיא ווידער אַמאָל אָנגעהויבען צו קלערען און פאָרשען וואָס פאַר אַ זינד זיא האָט בעגאַנגען. דיא אונגליקליכע דעסדעמאָנא האָט זיך קיין ער־קלערונג געקענט געבען. דאַן איז געקומען אויף איהר אַ מאַטקייט און מיעד־קייט, און זיא האָט געהייסען איהר דיענערין פאַר איהר אויסבעטען און דאָרט אויפשפּרייטען דיא חתונה דעקען.

ווען דעסדעמאָנא האָט זיך געלעגט, האָט זיא גערעכענט, אַז אָטהע־לאָ וועט באַלד נאָכקומען. זיא האָט געוואָלט וואַרטען אויף איהם, אָבער איהר מיעדקייט האָט געווירקט וואָס זיא איז איינגעשלאָפען.

ווען אָטהעללאָ איז אריין אין שלאָפצימער, איז ער שוין געקומען

פארטיג מיט דעם אבגעמאכטען געדאנק צו מאכען א סוף פון דעסדעמאנא'ס אונשולדיגעם לעבען. אבער ווען ער האט זיא געזעהען שלאפען, האט ער געצעגערט, ער האט גערעכענט זיא צו דערשטעכען, אבער דאס האט ער ניט געקענט. ער האט געוואלט ניט פערניכטען איהר בלוט. ער האט ביי זיך ניט געקענט פועל'ן צו פערפלעקען איהר שעהנעם לייב וואס איז געווען ווייסער וויא אלאבאסטער.

דאן איז געקומען דער פינסטערער און שווארצער טייוועל, איפערזוכט, און איהם איינגערעמט, אז שטארבען מוז זיא, זאל זיין אהן בלוטפערגיסונג, אבי זיא זאל ניט לעבען. ניין, זיא טאר ניט לעבען, דען זיא וועט נאך בעטריעגען אנדערע מענער אויך.

ציטערענד פון קאפ ביז פיס פאר אויפרעגונג, האט נאך אטהעללא זיך צוגעבויגען צו איהר אום איהר צו געבען דעם לעצטען קוש פאר'ן טויט. ער האט זיא געקושט, נאר דער קוש איז געווען אזוי זיס, דאס ער האט דאס געמוזט ווידערהאלען. דערביי האט ער זיך צו־וויינט, נאר זיינע טרערען זיינען ניט געווען קיין טרערען פאר גוטעס, זאנדערן פאר א שלעכטער און שרעקליכער אבזיכט.

פון איהר מאן'ס קושען האט דעסדעמאנא ערוואכט. קוקענדיג צו אטהעללא'ן מיט א שמייכעל אויף איהרע ליפען, האט זיא פלוצלונג בעמערקט וויא ער קריצט מיט דיא צייהן און זיינע אויגען בליטצען מיט אן אונהיימליכעם פייער. דער שמייכעל פון איהרע ליפען איז באלד פערשוואונדען, ווייל זיא האט געוואוסט, אז ווען אטהעללא איז אין אזא צושטאנד, איז ער דער געפעהרליכסטער מענש.

דאן האט ער אויסגעברומט, אז זיא זאל זיך פארבערייטען צום טויט, זאגען איהרע לעצטע געבעטע, ווייל ער וויל ניט טויטען צוזאמען מיט איהר קערפער אויך איהר נשמה.

דיא אונגליקליכע און אונשולדיגע דעסדעמאנא, ליעגענדיג אין בעט, האט זיא געבעטען, ער זאל אויף איהר רחמנות האבען און איהר וועניגסטענס זאגען אין וואס פאר א זינד ער בעשולדיגט זיא.

דאן האט ער אנגערופען קאססיא'ס נאמען און דערמאהנט דאס טאשענטוך, בעהויפטענדיג, אז זיא האט עס איהם אוועקגעגעבען.

דעסדעמאנא האט געפאסט מוטה און געוואלט איהם בעווייזען, אז ער האט אן אומזיסטיגען פערדאכט, אז זיא איז אונשולדיג — אבער אטהעללא האט מעהר פון קיין זאך ניט געוואלט וויסען, גאר ניט געוואלט הערען,

און זיא שנעל צודעקענדיג מיט דעם בעטגעוואנט, האָט ער זיא דערשטיקט.

אזוי גיך וויא דיעזער גרויזאַמער מאָרד איז געוועזן פאָראיבער, האָט מען אריינגעבראַכט קאססיאָ׳ן אין הויז, פערוואונדעט און בלוטענדיג. יאגא האָט איינעם אָנגעשטעלט צו ערמאָרדען קאססיאָ׳ן. אָבער דעם געדונגענעם מערדער איז בלויז געלונגען צו פערוואונדען זיין קרבן. דאַן האָט יאגא אליין ערמאָרדעט זיין געדונגענעם מערדער, כדי ער זאָל איהם ניט אויסגעבען.

דאָס וויכטיגסטע דערביי איז אָבער געוועזן, וואָס אין דעם טויטען׳ס קעשענעם האָט מען געפונען מעהרערע פּאַפּירען, וועלכע האָבען אויפגעדעקט דיא גאַנצע בלוטיגע אינטריגע, בעווייזענדיג יאגאָ׳ס שולד און קאססיאָ׳ס אונשולד. קאססיאָ האָט זיך אלזאָ געלאָזט ברענגען אין פּאַלאַץ אום צו בעטען ענטשולדיגונג ביי אטהעללאָ׳ן און איהם אויך פרעגען וואָס פאַר א חטא ער האָט אויף איהם געפונען, אז ער האָט בעדאַרפט אָנשטעלען יאגאָ׳ן איהם צו טויטען.

וויא אַ דוננערשלאג האָט דיעזע ענטדעקונג געטראָפען אטהעללאָ׳ן. עס האָט ניט פיעל געדויערט און ער האָט איינגעזעהען, אַז ער איז אַן איינפאַכער מערדער, אַז ער האָט ערמאָרדעט זיין אונשולדיגע און עהרליכע פרוי, וועלכע איז איהם געוועזן געטריי.

אַזאַ ענטדעקונג האָט איהם ניט געקענט געבען ווייטערן מוטה צום לעבען. ניט קלערענדיג פיעל, האָט ער ארויסגעצויגען זיין שווערט, אומגעקעהרט דיא שאַרפע זייט צו זיין ברוסט, דאַרויף געפאַלען, זיך דורכגעשטאָכען און ער איז געשטאָרבען נעבען זיין טויטער פרוי.

דיא אַנוועזענדע, וואָס האָבען בייגעוואָהנט דיעזע סצענע, האָבען אַלע אויפגעשוידערט. יעדער וואָס האָט געקענט אטהעללאָ׳ן, האָט איהם געליעבט און געשעטצט. יעדער האָט אויך געוואוסט, אַז ער האָט קיינעם קיין לייד געטהאָן און איז געוועזן פריינדליך צו אַלעמען. צו זעהען אַזאַ שרעקליכען סוף פון איהם און פון זיין געליעבטע און שעהנער פרוי, האָט אַלעמען ארויסגעבראַכט פון דיא כלים.

עס האָט ניט פיעל געדויערט און יעדער האָט בעגריפען וואָס עס האָט איהם געטריעבען דערצו. יאגא, דער געפעהרליכער אינטריגאַנט איז געוועזן שולדיג אין אַלעמען.

אַלעס וואָס זיין נאָכפאָלגער האָט געקענט טהון איז געוועזן צו כאַפּען יאגאָ׳ן און איהם הינריכטען אונטער שרעקליכע מאַטערנים, דאַן האָט ער געמעלדעט נאָך וועגעדיג איבער דעם טרויעריגען סוף פון דעם בעריהמטען גענעראַל און פעלד־מאַרשאַל אטהעללאָ.

# דער חלום פון א מיטען־זומער נאכט.



אטהען, דיא הויפטשטאָדט פון גריכענלאַנד, האָט אין אַלטע צייט געהאַט אַ מערקווירדיגעס געזעטץ. דיעזעם געזעטץ האָט געזאָגט, אַז יעדער בירגער פון אַטהען האָט געמעגט צווינגען זיין טאָכטער צו הייראַטהען ווען ער וויל. דיא טאָכטער וויעדער, ווען זיא האָט זיך ענטזאָגט, איז זיא געווען חייב מיתה; דער פאַטער האָט געקענט פאָדערן איהר הינריכטונג און דאָס געזעטץ האָט געמוזט דורכפיהרע, דיעזע פאָדערונג.

אַזעלכע פעללע זיינען אָבער זעלטען אָדער קיינמאָל ניט פאָרגעקומען, און דאָס געזעטץ איז געבליעבען ניט מעהר וויא אַ סטראַשונקע פאַר אונגעהאָרכזאַמע מיידלעך.

איינמאָל האָט עס אָבער פּאַסירט, וואָס אַ פאַטער האָט ווירקליך געפאָדערט דיא הינריכטונג פון זיין טאָכטער און עס האָט שוין געהאַלטען דערביי דאָס שרעקליכע געזעטץ זאָל דורכגעפיהרט ווערען.

דיא געשיכטע איז אַזוי געוועזן: אין אַטהען האָט געוואָהנט אַ בכבוד'יגער בירגער מיט דעם נאָמען עגעאוס, וועלכער האָט געהאַט אַ שעהנע טאָכטער מיט דעם נאָמען הערמיאַ. עגעאוס האָט געוואָלט, אַז זיין טאָכטער זאָל חתונה האָבען מיט אַ געוויסען דעמעטריוס, אַ יונגער מאַן פון אַדעליגער פאַמיליע אין אַטהען. זיא, הערמיא, האָט אָבער געליעבט אַ געוויסען ליסאַנדער און זיך ענטזאָגט צו ערפילען איהר פאַטער'ס וואונש.

עגעאוס איז שטאַרק אויפגערעגט געוואָרען ווען הערמיא האָט זיך ענטזאָגט איהם צו פאָלגען און ער איז אַוועק צו פּרינץ טהעזעאוס פאַרדערענדיג דאָס געזעטץ זאָל טהון זיין פליכט.

הערמיא איז אויך ערשיענען און ערקלערט, אַז זיא קען ניט טהון איא זאַך, אַז זיא טאָר ניט הייראַטהען מיט דעמעטריוס'ן, ווייל דעמעטריוס

איז א פאלשער מענש, ווייל ער האט נאך פריהער פערשפראכען איהר פריינדין העלענא מיט איהר צו הייראטהען און ער האט קיין ווארט ניט געהאלטען. נאך מעהר, ווען זיא זאל טהון אזא זאך, וועט זיא אונגליקליך מאכען איהר פריינדין העלענא, וועלכע ליעבט נאך אימער דעמעטריוס׳ן, פאר וועלכען זיא וואלט זיך מקריב געווען.

דאס איז געווען זעהר אן עהרענהאפטע אורזאכע ווארום הערמיא זאל ניט הייראטהען מיט דעמעטריוס׳ן, אבער אגעאוס האט דערפון ניט געוואלט וויסען. ענטוועדער, האט ער געזאגט, זיא הייראטה מיט דעמעטריוס׳ן וויא ער וויל, אדער זיא מוז שטארבען.

פרינץ טהעזעאוס האט אין זיין הארצען געהאלטען מיט הערמיא׳ן, אבער ער האט גאר ניט געקענט העלפען, ער האט געמוזט בעפאלגען דיא געזעטצע פון אטהען. ניט זעהענדיג קיין איינציגען אויסוועג וויא צו ראטע־ווען דאס אונגליקליכע מיידעל, האט ער איהר געגעבען פיער טעג צייט אויף נאכצודענקען, און ווען זיא וועט, צום ענדע פון דיעזער צייט ניט איינ־וויליגען צו איהר פאטער׳ס פערלאנג, זאל מען זיא הרג׳ענען.

אזוי שנעל וויא הערמיא איז אוועק פון געריכט־הויז, איז זיא גלייך געלאפען צו איהר געליעבטען ליסאנדער און איהם דערצעהלט אין וואס פאר א לאגע זיא געפינט זיך, זיא האט איהם ערקלעהרט, אז זיא האט בלויז צוויי וועגען, איינער איז צו הייראטהען דעמעטריוס׳ן און לעבען, אדער ענט־זאגען און שטארבען.

ווען דער יונגער מאן האט געהערט דיעזע טרויעריגע נאכריכט, איז ער געווען שטארק בעטריעבט. פלוצלונג אבער האט ער זיך דערמאהנט אן א וויכטיגער זאך. ער האט געהאט א מוהמע, וואס האט געוואהנט א היבשע שטרעקע פון אטהען, און דארט, וואו דיעזע מוהמע האט געלעבט, האט מען איהר גאר ניט געקענט טהון, ווייל דאס געזעטץ איז געווען בלויז פאר אטהען אליין, און ארויס פון דער שטאדט, האט עס קיין ווערטה ניט געהאט. ער האט דערפאר געמאכט הערמיא׳ן א פארשלאג: אז זיא זאל זיך ארויסגנב׳ענען ביי נאכט, ווען קיינער זעהט ניט, ענטלויפען מיט איהם צו זיין מוהמע, און דארט זאלען זיי ביידע חתונה האבען.

„איך וועל דיך בעגעגענען אין וואלד,“ האט ליסאנדער געזאגט צו הערמיא׳ן, „אין וואלד וואס ליעגט איינינע מיילען פון דער שטאדט; אין דעמזעלבען שעהנעם וואלד וואו מיר האבען אזוי אפט שפאצירט מיט העלע־נא׳ן אין דעם שעהנעם מאנאט מאי.“

הערמיא האָט זיך זעהר הערפּריינט הערענדיג דיא עצה און זיא האָט איהם פערשפּראָכען צו קומען קיינער זאָל ניט וויסען. זיא האָט עס אויך קיינעם ניט דערצעהלט אויסער איהר פריינדין העלענא.

העלענא איז בטבע ניט געווען קיין שלעכטע אָדער א פאַלשע. אָבער זיא איז געווען א האָפנונגסלאָזע פערליעבטע, וואָס דאָס איז נאָך ערגער. און ווען א מיידעל ליעבט פון איהר גאַנצען הארצען און קען איהר ציעל ניט דערגרייכען, וועט זיא בעגעהען מאַנכע נאררישקייטען און אויך געמיינהייטען.

אנשטאָט צו שווייגען און ניט פערראַטהען איהר פריינדין'ס געהיימניס, איז זיא באַלד אַוועק צו דעמעטריוס'ן און עס איהם דערצעהלט. זיא האָט עס איהם דערצעהלט, כדי זיא זאָל האָבען אַן אויסרייד מיט איהם צו רעדען און אויך נאָכפאָלגען איהר פאַלשען געליעבטען אין וואַלד, צו זיין נעבען איהם. און אזוי וויא זיא האָט געוואוסט, אַז דעמעטריוס וועט געווים אַוועק אין וואַלד, האָט זיא בעשלאָסען, אָהן זיין וויסען, איהם נאָכצוגעהען.

יעצט פאַנגט אָן א גאַנץ נייע געשיכטע. דער וואַלד, וואו ליסאַנדער און הערמיא האָבען זיך בעדאַרפט בעגעגענען, איז געווען א געגענד פאר שרעטעלעך און עלפען*).

אבעראָן איז געווען דער קעניג פון דיא שרעטעלעך און טיטאַניא איז געווען זיין קעניגין. זיי האָבען געהאַט א געוואַלטיגע גרויסע נאָכפאָלגערשאַפט, וועלכע האָבען צוזאַמען זיך אַמוזירט אין וואַלד.

צווישען דעם קליינעם קעניגעל און קעניגין, האָט אָבער פּונקט דאַ־

---

*) אין אָריגינאל הייסען דיעזע „פעיריעז“ און „עלאז.“ אין דייטשען ווערען דיעזע ווערטער איבערזעטצט מיט פעען און עלפען. איך איבערזעטץ עס מיט שרעטעלעך און עלפען. שרעטעלעך, וויא מיר שיינט, איז א לאָקאלער אויסדרוק, בעקאַנט בלויז אין רומעניען, בעסאַראביען און א קליינער טהייל פון זיד־רוסלאַנד. עס דריקט אָבער אויס דעם געדאַנק פון פעירי און פעע. שרעטעלעך הייסט עס, זיינען גאַנץ קליינע מענשעלעך, א מין גייסטער, נאָר גוטע גייסטער, וועלכע געפינען זיך ערגעץ־וואו אין וואַלד, נאָר צייטענווייז, ווען איינעם איז עפּעס בעשערט א גליק, קומען זיי און ברענגען איהר דאָס גליק. עס איז פּונקט דאָסזעלבע וויא דיא מיינונג אין ענגליש און דייטש. אין פראַנצויזיש הייסט עס „סילף.“

עלפען וויעדער, האָב איך געלאָזט וויא אין דייטשען. עס איז אונגעפעהר דאָסזעלבע וויא פעירי, אָדער פעע.

דער בעארבייטער.

מאָלס, ווען אונזער געשיכטע האַנדעלט, אויסגעבראָכען אַ שטרייט. זיי האָבען זיך קיינמאָל ניט בעגעגענט אונטער דיא זילבערנע שטראַהלען פון דער לבנה, אָדער אין שאָטען פון דיא הויכע בוימער, זיי זאָלען זיך ניט קריגען. זייערע קולות האָבען געפיהרט דערצו, וואָס זייערע נאָכפאָלגער, דיא עלפען, פלעגען אין אַזעלכע צייטען ענטלויפען און זיך בעהאַלטען אין דיא לעכער פון דיא בוימער פאַר מורא.

דיא אורזאַכע פון דיעזער מחלוקת צווישען דעם קעניג פון דיא שרעטעלעך מיט זיין קעניגין, האָט געשטאַמט דערפון, וואָס קעניג אָבעראָן האָט עפּעס פערלאַנגט ביי קעניגין טיטאַניאַ, און זיא האָט זיין וואונש ניט געוואָלט ערפילען, טיטאַניא האָט אַמאָל געהאַט אַ פריינדין, אַ מענש, אַ שטערבליכע בריאה, און ווען דיעזע פריינדין איז געשטאָרבען, האָט זיא איבערגעלאָזט אַ קליין אינגעלע, וועלכען טיטאַניא האָט צוגעגנב'עט, אַוועק־געפיהרט אין וואַלד אריין און איהם דאָרט ערצויגען. אָט דאָס אינגעלע האָט אָבעראָן פערלאַנגט זיא זאָל איהם שענקען כדי ער זאָל ווערען זיין פּאַזש (בעדיענער.) טיטאַניא וויעדער, האָט עס ניט געוואָלט.

אין יענער נאַכט, ווען דיא געליעבטע האָבען זיך בעדאַרפט בעגעגנען, האָט טיטאַניא שפּאַצירט אין וואַלד אין דער בעגלייטונג פון איהרע קאַמער־פרויען. אָבעראָן איז איהר אַנגעקומען ענטקעגען.

„זעהר שלעכט בעגעגענט ביי לבנה־ליכט," האָט אָבעראָן בעמערקט.

„וואָס!" האָט דיא קעניגין אויסגעשריען, „אייפערזיכטיגער אָבעראָן, ביסטו עס ? שרעטעלעך, ענטלויפט ! איך האָב געשוואוירען זיך ניט צו געפינען אין זיין געזעלשאַפט."

„וואַרט, איבעראיילטע שרעטעלע!" האָט דער קעניג געזאָגט, „בין איך ניט דיין הערר ? פאַר וואָס איז טיטאַניא אימער אַ געגנערין פון איהר הערשער ? גיב מיר דאָס קליינע אינגעל פאַר מיין פּאַזש."

„בלייב נאָר רוהיג," האָט זיא געענטפערט, „דיין גאַנצעס שרעטעלע קעניגרייך וועט ניט קענען אָבקויפען דאָס אינגעל ביי מיר."

זיא איז דאַן אַוועק פון איהם אין גרויסער אויפרעגונג.

„געה, געה," האָט אָבעראָן געמורמעלט וויא צו זיך אליין, „נאָך איידער דער מאָרגען וועט קומען, וועל איך דיך האַרט בעשטראָפען פאַר דיעזער בעליידיגונג."

אָבעראָן האָט דאַן געשיקט רופען דאָס שרעטעלע פּאָק, וועלכער איז געווען זיין ליעבלינג און אויך זיין פּריוואַט סעקרעטער.

פאָק, אָדער וויא מאַנכע רופען איהם, „ראָבין דער גוטער ברודער,“ איז געווען אַ קלוגער עזות'ניק; ער האָט ליעב געהאַט אָבצוטהון פערשיעדענע שפּיטצלעך אין יענער געגענד. איינמאָל איז ער אריינגעקראָכען אין מילך־הויז און געמאַכט דיא גאַנצע מילך זאָל גערונען ווערען.*) אַן אַנדער מאָל, איז ער אריין מיט זיין קליין קערפּערל אין דער קאַן וואָס מען שלאָגט דיא פּוטער און אַזוי געפּיהרט, אַז דאָס מילך־מיידעל האָט בשום אופן ניט געקענט ארויסברענגען דיא פּוטער. איינמאָל, ווען אַן אַלטע פרוי האָט זיך גע־וואָלט אוועקזעטצען אויף דעם דריי־פּיסיגען ביינקעלע צווישען דיא שכן'טעס, האָט ער ארויסגעשלעפּט דאָס ביינקעל, דיא אַלטע איז געפאַלען, און דיא סעדיכעם האָבען געהאַט צו דערצעהלען פערשיעדענע מעשות זיך האַלטענדיג ביי דיא זייטען פאר געלעכטער.

„קום נאָר אַהער פּאָק,“ האָט אבעראָן געזאָגט צו זיין קליינעם נאכט־וואַנדלער. „ברענג מיר נאָר שנעל אַהער דיא בלום וואָס דיא מיידלעך רופען „ליעבע און לעדיג־געהעריי“; דיא זאַפט פון דיעזער קליינער פּורפּיר בלום, ווען זיא ווערט ארויפגעקאַפּעט אויף דיא ברעמען פון איינעם וואָס שלאָפט, וועט פעראורזאכען, אַז דער שלאָפענדער, אַזוי שנעל וויא ער וועט ערוואַכען, וועט ער זיך פערליעבען אין דעם ערשטען וואָס ער וועט דער־זעהען. אַביסעל זאַפט פון דיעזער בלום וועל איך ארויפקאַפּען אויף טיטאַניא'ס ברעמען וועהרענד זיא שלאָפט; דערנאָך, ווען זיא וועט עפענען איהרע אויגען, וועט זיא ליעבען דיא ערשטע בריאה וואָס זיא וועט דערזעהען. דאָס מעג זיין אַ בער, אַ לייב, אַ מאַלפּע אָדער אַ בלונדערענדע אַפּע, זיא וועט זיך אין דעם פערליעבען. און איידער איך וועל ארונטערנעהמען דעם כישוף פון איהרע אויגען, וואָס איך קען טהון מיט אַן אַנדערער בלומענזאַפט, וועט זיא מיר מוזען געבען דאָס אינגעל.“

פּאָק האָט ליעב געהאַט אַזעלכע זאַכען און דיא שליחות האָט איהם שטאַרק דערפרייט. ער איז אַוועק זוכען דיא בלום וואָס זיין העררר האָט איהם בעאויפטראַגט. אבעראָן האָט דערווייל געוואַרט אויף איהם, וועהרענד אבע־ראָן איז אַזוי געשטאַנען, האָט ער בעמערקט דעמעטריוס'ן און העלענאַ'ן

---

*) פּאָק איז בעקאַנט אלס א זאָ־גענאַנטע מיטהאָלאָגישע פיגור, וואָס טהוט אָב שפּיטצלעך, אלעס וואָס עס ווערט דאָ אויסגערעכענט און נאָך מעהר, האָבען דיא אנגלא־זאַקסען צוגעשריעבען דיעזער קליינער פרעהליכער און קאָמישער פיגור.— דער בעארבייטער.

אריינגעהענדיג אין וואלד. דאן האט ער געהערט וויא זיי האבען זיך געקריגט, העלענא האט איהם דערמאהנט אן זיין פריהעריגער ליעבע צו איהר און וויא פאלש ער איז נאכהער געווארען, דעמעטריוס איז געווארען שטארק אין כעס און איבערגעלאזט העלענא'ן, לויט וויא ער האט געזאגט, זיא זאל אויפגעפרעסען ווערען פון דיא ווילדע חיות אין וואלד. ער אליין איז שנעל ענטלאפען פון איהר.

דער שרעטעלעך קעניג, וועלכער איז אימער געוועזען זעהר פריינד־ליך צו געליעבטע און פערליעבטע, האט שטארק רחמנות געהאט אויף העלע־נא'ן. ער האט זיך דערמאהנט אן איהר, ווען זיא פלעגט ארומשפאצירען אין וואלד מיט דעמעטריוס'ן און מיט איהם גערעדט פון ליעבע. דערפאר, אזוי שנעל וויא פאק האט צוריק געקעהרט מיט דער פורפור בלום, האט אבעראן צו איהם געזאגט אזוי:

„נעהם א טהייל פון דיעזער בלום, דא איז געוועזען א שעהן אטהענישעס מיידעל, וועלכע ליעבט א שלעכטען יונגען מאן; ווען דוא געפינסט איהם שלאפענדיג, לאז ארויפקאפען עטליכע טראפען אויף זיינע אויגען פון דיעזען ליעבעס־זאפט, אבער גיב אכטונג, אז אזוי גיך וויא ער וועט ערוואכען, זאל דאס מיידעל זיין נעבען איהם כדי ער זאל קענען אויף איהר צום ערשטען קוקען. דוא וועסט דערקענען דעם מאן אן זיינע אטהענישע קליידער וואס ער טראגט."

פאק האט פערשפראכען דורכצופיהרען דעם אויפטראג גאנץ פינקט־ליך. דאן איז אבעראן אוועק און אויפגעזוכט דיא בלומען־קוסטע אונטער וועלכער זיין קעניגין טיטאניא איז געשלאפען. דיא בלומען־קוסטע איז בעשטאנען פון שעהנע רויזען, זיסע וויאלעטען און איז געוועזען איבערגע־האנגען מיט מאסק־רויזען און גרינע גלעקלעך. דארט האט טיטאניא פער־בראכט כמעט אימער א טהייל פון דער נאכט. איהר צודעק איז בעשטאנען פון א געפינטעלטעם שלאנגען־פעלכעל, און אבוואהל דאס איז געוועזען קליין, איז עס אבער געוועזען גענוג צוצודעקען דיא שרעטעלעך קעניגין.

ער האט געטראפען טיטאניא'ן אויסטהיילענדיג בעפעהלע צו דיא שרעטעלעך און עלפען וואס זיי זאלען טהון בשעת זיא וועט שלאפען.

„א טהייל פון אייך," האט איהר מאיעסטעט געזאגט, „מוזט ארומ־געהען און אויס'הרג'ענען דיא זשוקעס וואס קריכען ארום אויף דיא בלעט־לעך פון דיא מאסק־רויזען, א טהייל זאלען פיהרען א קריעג מיט דיא פלעדער־מייז צוליעב זייערע לעדערנע פליעגלען אום דערפון צו מאכען עלפען־

מענטעליך; אנדערע מוזען וואכען געגען דיא נאכטאיילען זיי זאלען ניט צוקומען נאהענט צו מיר, און דערוויל זינגט מיר א ליעד איך זאל קענען איינשלאפען."

זיי האבען אנגעפאנגען צו זינגען א שלאף־ליעד און דיא קעניגין האט רוהיג איינגעשלומערט. דאן זיינען זיי אוועק ערפילען איהרע אויפטרעגע.

וויא אבעראן האט דאס בעמערקט, האט ער זיך דערנעהנטערט צו טיטאניא'ן און אריינגעקאפעט עטליכע טראפען פון דעם ליעבעס־זאפט אין איהרע אויגען.

יעצט לאמיר זעהען וואס עס איז געווארען פון הערמיא'ן. נאכדעם וויא זיא איז ענטלאפען פון איהר פאטער'ס הויז, איז איהר געלונגען אנ־צוקומען אין וואלד וואו זיא האט זיך געטראפען מיט איהר געליעבטען ליסאנדער, וועלכער האט שוין אויף איהר געווארט, אום זיא אוועקצופיה־רען צו זיין מוהמע'ן. אבער איידער זיי האבען אנגעפאנגען דיא רייזע, האט ליסאנדער בעמערקט, אז זיא איז זעהר מיעד און ער האט זיא געבעטען זיא זאל זיך דערוויל לעגען אויפ'ן וייכען גראז און זיך אויסרוהען, זיא האט געפאלגט און איז באלד אנטשלאפען געווארען. ער האט אויך אנגעהויבען צו שלאפען.

אט אזוי שלאפענדיג, האט זיי פאק געטראפען, און בעמערקענדיג, אז דער יונגער מאן טראגט אטהענישע קליידער און נעבען איהם ליעגט א שעהן מיידעל, האט ער זיך געמערקט, אז דאס זיינען זיי איבער וועלכע קעניג אבעראן האט איהם געגעבען דעם אויפטראג. ניט קלערענדיג וויי־טער, האט ער אריינגעקאפעט עטליכע טראפען פון דער פורפור בלום אין זיינע אויגען.

דאן האט פאסירט א מערקווירדיגע געשיכטע. דיא ארעמע העלענא, וואנדערענדיג איבער'ן וואלד איינע אליין, איז זיא אנגעקומען אהין. ליסאנ־דער האט פונקט דאמאלס ערוואכט, זיין ערשטער בליק איז געפאלען אויף העלענא'ן. דיא גאנצע ליעבע צו הערמיא'ן איז פערשוואונדען און ער האט זיך באלד פערליעבט אין העלענא'ן.

ווען ער וואלט פריהער ערבליקט הערמיא'ן, וואלט פאק'ס טעות קיין חילוק ניט געמאכט, וויל בעסער ליעבען הערמיא'ן וויא ער האט זיא גע־ליעבט האט גאר ניט געקענט זיין, אזוי אבער איז געשעהען א גאנצע קא־טאסטראפע.

ווען העלענא האָט דערזעהען ליסאנדער׳ן, האָט זיא זיך זעהר גע־פרייט, ווייל דאָס האָט זיא געראטעוועט פון דער שרעקליכער איינזאַמקייט. מען קען זיך אָבער פאָרשטעלען העלענא׳ס איבעררײַשונג, ווען זיא האָט געזעהען ליסאנדער׳ן זיך דערנעהנטערן צו איהר מיט צאַרטע ליעבעס בליקען און דאַן איז ער געפאַלען פאַר איהר אויף דיא קניעס, ערקלערענדיג, אַז זיא איז אַ מיליאָן מאָהל שעהנער וויא הערמיא און ער ליעבט זיא אליין איבער אַלעס אין דער וועלט.

דיא אָרעמע העלענא האָט ניט געקענט גלויבען וואָס איהרע אויערן האָבען געהערט. זיא האָט גערעכענט, אַז ליסאנדער מאַכט חוזק פון איהר.

„אַך!“ האָט זיא אויסגעשריען, „צו וואָס בין איך גאָר געבוירען געוואָרען, אַז יעדער זאָל פון מיר שפּאָטען? יונגער מאַן, איז עס ניט גענוג וואָס איך בין אַזוי פערשאָלטען ניט צו קענען קריגען קיין גוטעס וואָרט פון דעם מאַן וואָס איך ליעב, קומסטו נאָך און מאַכסט פון מיר חוזק? ניין, ליסאנדער, איך האָב דיך גערעכענט פאַר אַ גרעסערען עדעלמאַן וויא דוא ווייזט זיך יעצט ארויס.“

ווען זיא איז פאַרטיג געוואָרען מיט דיעזע ווערטער, איז זיא אין גרויסען צאָרן, ענטלאָפען. ליסאנדער, פערגעסענדיג, אַז הערמיא שלאָפט נאָך, איז איהר נאָכגעלאָפען.

ווען הערמיא האָט ערוואַכט, האָט זיא אויפגעציטערט זעהענדיג, אַז זיא איז איינע אליין. זיא האָט אָנגעהויבען צו וואַנדערן איבער דעם וואַלד, שטאַרק בעזאָרגט, ניט וויסענדיג וואָס פון ליסאַנדער׳ן איז געוואָרען.

דעמעטריוס ווידער, ניט קענענדיג געפינען הערמיא׳ן מיט ליסאַנ־דער׳ן, איז ער זעהר מיעד געוואָרען געהענדיג. ער האָט זיך אויסגעלעגט און איינגעשלאָפען. אבעראָן האָט איהם אַזוי געטראָפען. עס ווייזט זיך ארויס, אַז אבעראָן, פרעגענדיג פּאַק׳ן אויב ער האָט געטהאָן וואָס ער האָט געהייסען, האָט ער זיך געמערקט פון זיין בעשרייבונג, אַז ער האָט דעם ליעבעס־זאַפט ניט ארויפגעקאַפּעט אויף דיעזע אויגען וואָס ער האָט איהם געהייסען, יעצט ווידער, טרעפענדיג דיא ריכטיגע פּערזאָן, האָט ער איהם געגעבען דיא טראָפּען פון דער פּורפּור בלום.

העלענא. וועלכע איז ענטלאָפען פון ליסאַנדער׳ן, איז אָנגעקומען פּונקט דאַמאָלס ווען דעמעטריוס האָט געעפענט זיינע אויגען. דעמעטריוס האָט זיך גלייך פערליעבט אין איהר גראַדע וויא ליסאַנדער.

דאָס אָרעמע מיידעל האָט ניט געקענט פערשטעהען וואָס עס געהט

פּאָר, און זיא האָט זיך געטראכט, אַז הערמיא האָט אָנגעשטעלטביידע יונגע לייט חוזק צו מאַכען פון איהר.

דאַן איז אויך הערמיא אָנגעקומען, און זעהענדיג וויא ביידע מענער ערקלערען זיך אין ליעבע צו העלענא'ן, איז זיא געווען פונקט אזוי איבער־ראשט וויא העלענא.

דיא צוויי מיידלעך, וועלכע זיינען פריהער געווען שטארקע פריינדינס איינע דער צווייטער, האָבען זיך יעצט אָנגעהויבען צו קריגען.

„שלעכטע הערמיא,“ האָט העלענא געקלאָגט. „דוא ביסט עס דיא־ע־ניגע וואָס האָט אָנגעשטעלט ליסאנדער'ן חוזק צו מאַכען פון מיר מיט ליע־בעס־ערקלערונגען. דיין אַנדערער געליעבטער, דעמעטריוס, וועלכער האָט מיך כמעט געטרעטען מיט דיא פיס, האָסטו איהם ניט אָנגעזאָגט ער זאָל מיך רופען געטטין, נימפע, זעלטענע, טהייערע און הימלישע? ער וואָלט צו מיר, וועמען ער האַסט, ניט אזוי גערעדט, ווען דוא וואָלסט איהם ניט אָנגע־שטעלט אזוי צו זאָגען. שלעכטע הערמיא, איז דאָס שעהן זיך צו פעראיי־ניגען מיט מענער געגען דיין ארעמע פריינדין? האָסטו שוין פערגעסען אַן אונזער פריינדשאַפט נאָך פון דער שולע?“

„איך בין איבערראשט הערענדיג דיינע צאָרניגע ווערטער,“ האָט הערמיא געענטפערט. „איך פעראכטע דיך ניט, עס זעהט אויס, אַז דוא פעראכטעסט מיך.“

„אזוי, אזוי,“ האָט העלענא געזאָגט, „פערשטעל דיך נאָך ווייטער, קרים דיך נאָך און שטעל מיר ארויס אַ פייג הינטער'ן רוקען. ווען דוא וואָלסט געהאַט רחמנות, מיטגעפיהל און מענשליכקייט, וואָלסטו ניט אזוי געהאַנדעלט געגען מיר.“

בשעת העלענא און הערמיא האָבען זיך אזוי אויסגעטענה'עט, זיינען דעמעטריוס און ליסאנדער אַוועק אום אויסצוקעמפּפען אַ דועל איבער העלענא'ן.

ווען דיא מיידלעך האָבען געזעהען, אַז דיא יונגע לייט זיינען אַוועק, האָבען זיי זיך אויך צוטהיילט און אָנגעפאַנגען צו וואַנדערן איבער'ן וואַלד זוכענדיג זייערע געליעבטע.

אבעראָן און פּאָק האָבען צוגעזעהען און אויסגעהערט אַלעס וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען.

„אָט דאָס איז דיין נאכלעסיגקייט, פּאָק,“ האָט דער קעניג פון דיא

שרעטעליך געזאָגט, „אָדער אפשר האָסטו גאָר דאָס געטהאָן אוממיסטען וויא דיין טבע איז?"

„גלויב מיר, קעניג פון דיא שאטענס," האָט פּאַק געענטפערט, „עס איז געוועזן א טעות. האָסטו מיר געהייסען אויפזוכען דעם יונגען מאַן מיט דיא אטהענישע קליידער? אזוי האָב איך געטהאָן. וויא דיא זאַך אָבער איז, האָב איך קיין חרטה ניט, ווייל דיא גאַנצע געשיכטע מאַכט א שעהנעם שפּאַס."

„דוא האָסט געהערט," האָט דער קעניג בעמערקט, „אַז דעמעטריוס און ליסאנדער זיינען אוועק זוכען א פּאַסענדען פּלאַטץ וואו אויסצוקעמפּפען דעם דועל, איך בעפעהל דיר איינצוהילען דיא נאכט אין א דיקען וואָלקען און זעהען, אַז דיעזע קריעגערישע פערליעבטע זאָלען פערבלאָנדזעט ווערען אין דער פינסטער כדי זיי זאָלען זיך ניט קענען שלאָגען. מאַך נאָך זייערע שטימען און מיט שפּאָטישע אויסדריקע זעה זיי זאָלען דיר נאָכפאָלגען. אזוי זאָלסטו זיי פיהרען און צושיידען ביז דוא וועסט זיי פערמאַטערן. דאַן, ווען ליסאנדער וועט אנידערפאַלען און איינשלאָפען, זאָלסטו אריינקאַפּען אין זיינע אויגען עטליכע טראָפּען פון דיעזער בלום, כדי, ווען ער וועט ער־וואכען, זאָל ער פערגעסען אַן העלענא׳ן און צוריק קעהרען וויעדער צו הער־מיא׳ן. דאַן וועלען ביידע שעהנע מיידלעך זיין גליקליך, אָבער זעה נאָר פּאַק, מאַך עס שנעל, און איך וועל דערווייל געהען געוואָהר ווערען אין וועמען מיין טיטאניא האָט זיך פערליעבט.

טיטאניא האָט נאָך אימער געשלאָפען און אבעראָן האָט געטראָפען ניט ווייט פון איהר זיטצענדיג א קלאָון,*) וועלכער איז פערבלאָנדזעט געוואָרען אין וואלד און איז דאָרט אנטשלאָפען געוואָרען.

„אָט דיעזער חברה־מאַן," האָט אבעראָן געזאָגט, „זאָל זיין מיין טיטאניא׳ס געליעבטער."

זאָגענדיג דיעזע ווערטער האָט ער איהם אָנגעטהאָן אַן עזעל׳ס קאָפּ דאָס האָט איהם פיעל בעסער געפּאַסט וויא זיין מענשליכער קאָפּ, ווייל ער איז געוועזן סאַי־וויא־סאַי דום גענוג.

*) איך האָב געלאָזט „קלאָון" וויא אין ענגלישען אָריגינאַל. עס לאָזט זיך ניט איבערזעטצען, ווייל אמבעסטען וואָס מען קען, איז עס א קאָמיקער, און דאָך איז עס ניט אזוי קאָמיקער וויא מיר פערשטעהען יעצט אין אידיש. דיעזער „קלאָון", אין דער דראַמאַ, איז אויך געוועזן איינער פון דיא שוישפּיעלער וואָס האָט בעדאַרפט ירשוינען פאַר דעם פּרינץ פון אטהען. — דער בעאַרבייטער.

# דער חלום פון א מיטען־זומער נאכט.

אבוואהל אבעראן האט איהם זעהר שנעל און צויבערהאפט ארויפ־געזעצט דעם עזעל'שען קאפ, האט דאס דעם קלאון דאך אויפגעוועקט. ער איז גלייך אויפגעשטאנען, און ניט וויסענדיג וואס פאר א קאפ ער האט, איז ער געגאנגען פארווערטס ביז ער האט דערגרייכט קעניגין טיטאניא'ס בלומען־קוסטע.

טיטאניא האט ערוואכט. זיך ארומקוקענדיג, האט זיא צום ערשטען ערבליקט דעם קלאון מיט דעם עזעל'שען קאפ.

„אך!" האט זיא אויסגעשריען, „וואס פאר אן ענגעל זעה איך דארט?"

דער כישוף האט געווירקט. זיא האט זיך פערליעבט. דאן האט זיא געמורמעלט צערטליך צום עזעל־קאפ:

„ביסטו אויך אזוי קלוג וויא שעהן דוא ביסט?"

„אך, מאדאם," האט דער דומער קלאון געענטפער, „ווען איך זאל קענען זיין קלוג גענוג צו געפינען א וועג וויא ארויסצוגעהען פון דאנען, דאן וועל איך זיין א חכם."

„ניין, מיין טהייערער," האט דיא קעניגין גזאגט, „דוא זאלסט גאר ניט אוועק פון דיעזען וואלד. איך בין א גייסט מיט גרויסער מאכט. פאלג מיר נאך און דוא וועסט זיין גליקליך, קום מיט מיר, געליעבטער, און איך וועל דיר געבען שרעטעלעך דיך צו בעדיענען.

טיטאניא האט שנעל צוגערופען פיער שרעטעלעך מיט פאלגענדע נעמען: ארבעס־בליטהע, שפינוועב, מויל און מושטאר־זאמען.

„פאסט אויף," האט דיא קעניגין געזאגט, „איבער דיעזען שעהנעם העררן, טהוט וואס ער הייסט אייך. שפרינגט פאר איהם, טאנצט פאר איהם. גיט איהם עסען וויינטרויבען און פערסיקעס, גנב'עט פאר איהם דיא האניג־זעקעלעך פון דיא ביהנען. קום אהער, מיין טהייערער, זעטץ זיך דא נעבען מיר און לאז מיך שפיעלען זיך מיט דיזע ליעבליכע האאריגע באקען. אך, מיין שעהנער עזעל, לאז מיך קושען דיינע שעהנע לאנגע אויערן, אך, מיין צערטליכע פרייד!"

„וואו איז ארבעס־בליטהע?" האט דער עזעל־קעפיגער קלאון געפרעגט זיך ניט פיעל קימערנדיג אום דער קעניגין'ס ליעבע, נאר שטאלץ אויף זיין לאגע.

„דא בין איך, מיין הערר," האט ארבעס־בליטהע אויסגעשריען.

„קראַץ מיך אין קאָפּ," האָט דער קלאָון געזאָגט. „וואו איז שפּינ־וועב?"

„דאָ בין איך," האָט שפּינוועב געענטפערט.

„זעהר גוט, העררר שפּינוועב," האָט דער קלאָון געוואָרטשעט. „ברענג מיר עטליכע ביהנען וואָס שטעהען דאָרט אויף יענעם דאָרן. פּערגעס אויך ניט מיר צו ברענגען עטליכע האָניג־זעקעלעך. וואו איז מושטאר־זאמען?"

„דאָ בין איך, וואָס איז דיין פערלאַנג?"

„גאָר ניט, פּשוט אַזוי האָב איך דיך גערופען, נאָר אין איין וועג העלף שוין מיר קראַצען אין קאָפּ. הער אויס, מושטאר־זאמען, איך דענק, אַז עס איז שוין צייט צו געהען צו אַ באַרבער ער זאָל מיך אָבראַזירען, ווייל מיין פּנים איז דאכט זיך צו שטאַרק בעוואַקסען געוואָרען."

„מיין זיסער געליעבטער," האָט דיא קעניגין געמורמעלט, „וואָס ווילסטו עפּעס עסען? איך האָב אַ פּעהיג שרעטעלע וואָס קען דיר ברענגען פון דער וועוויארקע'ס נעסט עטליכע פרישע ניס."

„גיב מיר בעסער אַ ביסעל דארע ארבעס," האָט דער קלאָון געזאָגט, וועלכער האָט שוין געהאַט אן עזעל'ס אַפּעטיט. „אָבער הער וואָס איך וועל דיר גאָר זאָגען. זאָל מיך נאָר קיינער ניט שטערען, ווייל איך האָב ברעה צו כאַפּען אַ דרעמעל."

„שלאָף, מיין טהייערער," האָט דיא קעניגין געענטפערט, „און איך וועל דיך פערוויעגען אויף מיינע הענד. אך, וויא איך ליעב דיך! וויא איך פערגעטער דיך!"

ווען אבעראָן האָט געזעהען דעם קלאָון מיט דעם עזעל־קאָפּ שלאָפענדיג אויף זיין קעניגין'ס הענד, איז ער צוגעקומען נעהנטער, זיך בעוויזען פאַר איהר און אָנגעפאַנגען איהר צו מאַכען פאַרווירפע פאַר וואָס זיא האָט זיך פערליעבט אין אן עזעל.

דיא אָרעמע קעניגין האָט ניט געוואוסט וואָס צו טהון, ער האָט זיא געכאַפּט ביי דער האַנד, דער עזעל־קאָפּ איז ווירקליך געשלאָפען אויף איהרע אָרעמס.

נאָכדעם וויא אבעראָן האָט זיך גוט געריי‏צט מיט זיין פרוי, האָט ער ווידער ביי איהר פערלאַנגט דאָס אינגעל פאַר זיין פּאַזש. ער האָט אויך רחמנות געהאַט אויף טיטאַניא'ן צו וואָס פאַר אן ערניעדערונג ער האָט זיא געבראַכט, און ניט קלערענדיג פיעל, האָט ער ארויפגעשפּריטצט עטליכע טראָפּענס אויף איהרע אויגען. דיא שרעטעלעך קעניגין האָט באַלד ער־

וואכט וויא פון א שווערען חלום און זיך געוואונדערט וויא זיא האָט זיך געקענט פערליעבען אין אזא העסליכקייט וויא א קלאון מיט אן עזעל־קאָפּ.

אבעראָן האָט ארונטערגענומען דעם עזעל־קאָפּ און אָנגעטהאָן דעם קלאון זיין אייגענעם קאָפּ פון פריהער און איהם געלאָזט ווייטער שלאָפען.

נאָכדעם וויא דער קעניג מיט דער קעניגין האָבען ווידער געשלאָסען פריעדען, האָט זיא איינגעשטימט איהם צו געבען דאָס איינגעלע און ער האָט איהר דערצעהלט דיא געשיכטע מיט דיא צוויי פערליעבטע פּאָרלעך. זיא האָט דאן געבעטען ער זאָל זיא אויך מיטנעהמען און זעהען וואָס עס איז צוטהון אום אלעס ווידער גוט צו מאכען.

אבעראָן און טיטאניא האָבען גלייך געפונען דיא צוויי יונגע לייט מיט דיא צוויי שעהנע מיידלעך, שלאָפענדיג אויף'ן גראָז פערמאטערט.

פּאָק, אום צו פערריכטען זיין פעהלער האָט ער אלעס מעגליכע אנגע־ווענדעט און געזעהען זיי צוזאמען ברענגען אויף איין פּלאטץ, אָהנע איי־נער זאָל וויסען פון דעם צווייטען. דאן האָט ער לאנגזאם ארונטערגענומען דעם כישוף פון ליסאנדער'ס אויגען און דאָרט ארויפגעקאפּעט פון דעם אנדערן זאפט וואָס אבעראָן האָט איהם געגעבען.

צום ערשטען האָט הערמיא ערוואכט, און זעהענדיג איהר פערלוירע־נעם ליסאנדער שלאָפענדיג נעבען איהר, האָט זיא איהם בעטראכט און זיך געוואונדערט וויא ער האָט זיך אזוי געקענט פערבייטען מיט זיין ליעבע.

ליסאנדער האָט אויך באלד געעפענט דיא אויגען און זעהענדיג הערמיא'ן האָט זיין פערשטאנד ווידער צוריק געקעהרט און דערמיט אויך זיין ליעבע צו איהר. זיי האָבען אָנגעהויבען צו רעדען איבער דעם וואָס עס האָט פּאסירט און זיך פּארגעשטעלט אלעס פאר א מערקווירדיגען חלום.

אין דערזעלבער צייט האָט אויך העלענא ערוואכט און נאָכהער דע־מעטריוס. זיא איז שוין געווען רוהיג, אָבער פון איהם איז דער כישוף ניט ארונטער און וועהרענד ער האָט ווייטער געפּלוידערט פון זיין ברענענדער ליעבע, האָט זיא איהם רוהיג אויסגעהערט און אויך אָנגעהויבען צו גלויבען וואָס ער זאָגט.

דיא צוויי מיידלעך זיינען געווען פּאָלשטענדיג צופריעדען מיט זייער יעצטיגער לאגע. זיי האָבען איבערגעבעטען איינע דיא צווייטע און זיך מוחל געווען אויף דעם וואָס זיי האָבען זיך פריהער אָנגערופען אין זייער צאָרן.

זיי האָבען נאָכהער אָנגעהויבען זיך צו בעראַטהען וואָס עס איז צו טהון.

עס האָט ניט פיעל געדויערט און זיי האָבען בעשלאָסען, דאָס נאָכדעם וויא דעמעטריוס האָט אויפגעגעבען הערמיא׳ן און ער איז פאָלשטענדיג צו־פריעדען מיט העלענא׳ן, בלייבט דאָס איינציגע מיטעל צוריק צו קעהרען אין שטאָדט אריין, געהען צו הערמיא׳ס פאטער און זעהען איהם בעוועגען ער זאָל צוריק ציהען דיא טויטעס שטראַף געגען איהר.

דעמעטריוס איז געווען העכסט צופריעדען דערפון, און זיי האָבען אָנ־געפאנגען זייער רייזע אין שטאָדט אריין. פונקט דאמאלס האָבען זיי בע־געגענט הערמיא׳ס פאטער, עגעאוס, וועלכער איז געקומען אין וואלד אריין זוכען זיין ענטלאָפענע טאָכטער.

אין קורצע ווערטער האָט דעמעטריוס ערקלעהרט, אז ער זאָגט זיך אָב פון הערמיא׳ן, און עס איז זיין איינציגער וואונש ליסאנדער זאָל מיט איהר חתונה האָבען כדי ער זאָל אויך קענען חתונה האָבען מיט העלענא׳ן, דאָס איינציגע מיידעל וואָס ער ליעבט.

עגעאוס איז געווען ערשטוינט, אָבער ער האָט קיין אנדערע ברירה ניט געהאַט און פערשפּראָכען, אז הערמיא זאָל חתונה האָבען אויף׳ן פיערטען טאָג, דאָס הייסט, אין דערזעלבער צייט אויף ווען איהר הינריכטונג איז אָבגעלעגט געוואָרען.

אַזוי האָט עס אויך פּאסירט. דיא געליעבטע האָבען זיך געהייראַטה און געווען גליקליך.

קעניג אָבעראָן און זיין קעניגין טיטאַניא, וועלכע זיינען געווען אונ־זיכטבארע צושויער ביי אַלעם וואָס איז פאָרגעגאנגען, זיינען געווען העכסט צופריעדען וואָס דיא ראָמאַנטישע געשיכטע האָט זיך אַזוי געענדיגט.

זיי האָבען דאן צוריק געקעהרט אין וואלד, צוזאמען גערופען אַלע שרעטעליך און עלפען און געפייערט א גרויסען יום־טוב אין שרעטעלע קעניגרייך.

דערמיט ענדיגט זיך דער חלום פון א מיטען זומער נאכט.



# דער שטורם.



א ויף׳ן ים איז געווען אן אינזעלע, בעדעקט מיט בוימער און גרינעם גראָז, געבאָדען אין זונען־שטראהלען און זיינע ברעגעס זיינען אימער געוואשען געוואָרען פון דיא קריסטאל־קלארע ים־כוואליעס. אויף דיעזער אינזעל האָט געוואָהנט אן אלטער מאן מיט דעם נאָמען פּראספּערא און זיין יונגע און שעהנע טאָכטער מיראנדא. זיא, מיראנדא, איז געבראכט געוואָרען אויף דיעזען אינזעל ווען זיא איז נאָך געווען אזוי יונג, אז זיא האָט זיך ניט געקענט עראינערן זעהענדיג קיין אנדערן מאן אויסער איהר פאטער.

זיי האָבען געהאַט אַ העהל אין אַ גרויסען פעלזען וואו זיי האָבען גע־וואָהנט. דיעזער העהל איז געווען איינגעטהיילט אין עטליכע צימערן, און איינער פון זיי האָט געדיענט אלס פּראספּערא׳ס שטודיר־צימער. דאָרט האָט ער געהאלטען זיינע ביכער, וועלכע זיינען מייסטענטהיילס בעשטאַנען פון מאגיק אָדער כישוף, און אין דיעזען שטודיום פון מאגיק אָדער כישוף, האָט דער אלטער מאן פערבראכט דעם גרעסטען טהייל פון זיין צייט. ער איז געוואָרען אזוי פאַלקאָמען אין דיעזער איבערנאטירליכער וויסענשאַפט, דאָס ער האָט דורך דעם געקענט הערשען איבער גייסטער און זיי אויסניטצען צו זיינע צוועקען.

איידער פּראספּערא איז געקומען אויף דיעזען אינזעל, האָט דאָרט גע־וואָהנט אַ גרויסע מכשפה מיט דעם נאָמען סיקאָראקס. דיעזע מכשפה האָט דורך איהר צויבער אבגעשלאָסען פיעלע גייסטער און פעלזען און בוימער. פּראספּערא האָט זיי בעפרייעט און זיי זיינען איהם געווען זעהר דאנקבאר. איינער פון זיי, מיט דעם נאָמען אריאל, איז געווען דער פאָרשטעהער פון דיא גייסטער און זיך פערהאלטען זעהר פריינדליך צו זיין בעפרייער.

אריאל האָט געהאַט בלויז איין קליינעם חסרון, און דיעזער איז גע־

ווען צו פלאגען און מאטערן א מין פערזעהעניש, האלב מענש און האלב חיה, מיט דעם נאמען קאליבאן. ער האט דאס געטהאן אויס עראינערונג צו דער שלעכטער מכשפה סיקאראקס, וועמעס זוהן קאליבאן איז געווען.

פראספערא האט געפונען קאליבאנען אין וואלד און ער האט איהם גענומען צו זיך, און ער האט איהם אויסגעלערענט רעדען. עס איז קיין צווייפעל, דאס אבוואהל קאליבאן איז געווען אזוי מיאוס, וואלט דאך פראספערא געווען צו איהם זעהר גוט, אבער דיא שלעכטע נאטור פון זיין מוטער, דיא מכשה איז אויך געלעגען אין זיין בלוט, און קאליבאן האט ניט געוואלט לערנען קיין גוטע זאך. איהם ניט קענענדיג פערווענדען צו קיין בעסערע זאך, האט איהם פראספערא געשטעלט ברענגען און האקען האלץ און טהון שווערע ארבייט. אריאל האט שוין אכטונג געגעבען ער זאל ניט זיין פויל און טהון וואס מען האט איהם געהייסען.

ווען קאליבאן האט געוואלט זיין פויל און גאר ניט טהון, פלעגט אריאל באלד קומען און איהם מאכען לעבעדיג. קיינער, אויסער פראספערא׳ן, האט ניט געזעהען אריאל׳ן, נאר קאליבאן האט געפיהלט פון איהם א קניפ און אפטמאל האט ער איהם אריינגעווארפען אין בלאטע. ווען דאס האט אויך ניט געהאלפען, האט זיך אריאל פערשטעלט פאר א גרויסער און מיאוסער מאלפע און איהם אנגעטהאן געברענטע צרות. א מאל האט זיך אריאל פערשטעלט פאר א שטאכעלשוויין, זיך געלעגט פונקט אין וועג וואו קאליבאן האט זיך געפונען און איהם געשטאכען מיט זיינע שארפע שפיזען. אזוי האט קאליבאן געמוזט ארבייטען און דורכפיהרען וואס פראספערא האט איהם בעפוילען.

אזוי וויא פראספערא האט געהאט דיא מעכטיגע גייסטער צו זיין דיענסט, האט ער געקענט בעפעהלען איבער דיא ווינטען, כוואליעס פון ים און אלע כוחות פון דער נאטור צו טהון זיין ווילען. זיי האבען געקענט, אויף זיין אויפטראג, אויפקאכען דעם ים, מאכען א געפעהרליכער שטורם זאל וויטהען און נאך אזעלכע זאכען.

איינמאל האט געוויטהעט א געפעהרליכער שטורם און פראספערא האט ארויסגערופען זיין טאכטער מיראנדא און איהר געוויזען א גרויסע און פרעכטיגע שיף וויא זיא קעמפפט מיט דיא כוואליעס און האלט ביים צושמעטערט ווערען. ער האט איהר אויך דערצעהלט, אז דיא שיף איז געפאקט מיט מענשען.

„ליעבער, גוטער פאטער!“ האט דאס שעהנע מיידעל אויסגעשריען,

„אויב דיעזער שטורם איז געקומען דורך דיין צויבער, דאן בעט איך דיך, האָב רחמנות אויף דיא אונגליקליכע מענשען. זעה נאָר זעה, אָט ווערט דיא שיף צושמעטערט אויף שטיקער! אָרעמע מענשען! זיי וועלען אלע אונטערגעהען. אך, ווען איך זאָל האָבען כח, וואָלט איך פערזונקען דעם ים אונטער דער ערד און געראַטעוועט אלע ברואים וואָס געפינען זיך אויף דער שיף."

„זיי ניט אזוי דערשראָקען, מיין טאָכטער," האָט פראספערא געזאָגט, „עס ווערט זיי גאָר ניט שאטען. איך האָב בעפוילען, אז קיינעם פון דער שיף זאָל קיין בייז ניט געשעהען. און וואָס איך האָב געטהאָן איז געווען אלץ צוליעב דיר, מיין קינד. דוא ווייסט ניט ווער און וואָס דוא ביסט, אָדער פון וואנען דוא קומסט. אלעס וואָס דוא ווייסט איבער מיר איז, אז איך בין דיין פאטער און וואָהן דאָ מיט דיר אויף דיעזער אינזעל. קענסטו געדענקען א צייט איידער מיר זיינען אהער געקומען? איך מיין, אז דוא קענסט עס ניט געדענקען, ווייל דוא ביסט דאמאלס קוים אלט געווען דריי יאָהר."

„איך געדענק יא, פאטער," האָט מיראדא געענטפערט.

„וויא אזוי? וואָס?" האָט פראספערא געפרעגט. „קענסטו דיך ער־אינערן אן עפּעס א הויז אָדער א פערזאָן? דערצעהל מיר, מיין קינד וואָס דוא געדענקסט."

„מיר שיינט," האָט מיראנדא אָנגעפאנגען, „אז איך עראינער מיך אָן עפּעס, אָבער אלעס זעהט בייא מיר אויס וויא א חלום. מיר דאכט, אז איך האָב א מאָל געהאַט ארום מיר פיער אָדער פינף פרויען וואָס האָבען מיך בעדיענט."

„ריכטיג, ריכטיג," האָט פראספערא בעמערקט, „פיער אָדער פינף און נאָך מעהר, אָבער וויא איז דאָס מעגליך דאָס אלעס זאָל נאָך לעבען אין דיינע עראינערונגען? געדענקסטו וויא דוא ביסט אהער געקומען?"

„ניין, פאטער, דאָס געדענק איך ניט."

„דאן, מיין קינד, וועל איך דיר דערצעהלען," האָט פראספערא געזאָגט מיט א זיפץ. „מיט צוועלף יאָהר צוריק בין איך געווען דער פירסט פון מילאן, און דאמאלס ביסטו געווען א קליינע פרינצעסין און מיין איינ־ציגע יורש׳טע. איך האָב געהאַט א אינגערן ברודער מיט דעם נאָמען אנ־טאָניא. דיעזען ברודער האָב איך געליעבט און אלעס פערטרויעט אויף איהם. איך האָב ליעב געהאַט איינזאמקייט און שטודירען. דערפאַר האָב

איך אפט איבערגעלאזט דיא פיהרונגען פון דער רעגיערונג אויף דיין אנקעל, וועלכער האט זיך שפעטער ארויסגעוויעזען, אלס א פאלשער און שלעכטער מענש. איך האב פערנאכלעסיגט אלעס וועלטליכע ארום מיר און מיך פער־טיעפט און פערלוירען אין מיינע ביכער. איך האב אבגעגעבען מיין גאנצע צייט צו לערנען נאך חכמה און וויסענשאפט. מיין ברודער, נאטירליך, האט געהאט דיא גאנצע מאכט אין זיינע הענד, און מיט דער צייט, האט ער זיך אליין אנגעהויבען צו בעטראכטען אלס דער פירסט און הערשער. דיא געלעגענהייט וואס איך האב איהם געגעבען זיך צו מאכען פאפולער צווישען מיינע אונטערטהאנען, האט אין איהם ערוועקט דיא שלעכטע נאטור פון א שטאלצער אמביציע און ער האט געפלאנט מיך צו בערויבען פון מיין פירסטענטהום. עס האט אויך ניט פיעל געדויערט, און ער האט זיך פעראייניגט מיט דעם קעניג פון נעאפעל, א מעכטיגער פרינץ, וועלכער איז אויך געווארען מיין שונא.“

„ווארום האבען זיי אונז דאמאלס ניט דער׳הרג׳עט ?“ האט מיראנדא געפרעגט.

„מיין קינד,“ האט דער פאטער געענטפערט, „זיי האבען שוין אזוי ווייט ניט געוואגט צו געהען, ווייל מיין פאלק האט מיך זעהר געליעבט. אנטאניא האט אונז פערנאררט אויף א שיף, און ווען מיר זיינען שוין געווען עטליכע מיילען אויף׳ן ים, האט ער מיך און דיך מיט געוואלט ארויסגעזעטצט אויף א שיפעל אהן א מאסט־בוים און אהן א זעגעל. דאן האט ער אונז איבערגעלאזט מיט דער אבזיכט, אז מיר זאלען דערטרונקען ווערען. אבער איינער פון מיינע גוטע און געטרייע הויף־הערען, מיט דעם נאמען גאנ־זאטא, וועלכער האט מיך זעהר געליעבט, האט אין געהיים בעזארגט אונ־זער שיפעל מיט וואסער, שפייז, קליידער און מאנכע ביכער, וואס איך האב געהאלטען טהייערער וויא מיין גאנצעס פירסטענטהום.“

„אך, פאטער,“ האט מיראנדא געזאגט געריהרט, „וואס פאר א לאסט איך האב געמוזט זיין פאר דיר !“

„ניין, מיין ליעבעס קינד, דוא ביסט געווען מיין קליינער טרייסט־ענגעל, וואס האט מיך געראטעוועט פון פערצווייפלונג. דיין אונשולדיגער שמייכעלע, האט מיר געגעבען מוטה, אלעס צו ערטראגען. אונזער שפייז האט אנגעהאלטען ביז מיר האבען געלאנדעט דא, אויף דיעזען אינזעל. זייט יענער צייט, מיראנדא, איז געווען מיין איינציגע פרייד אין לעבען, צו זיטצען

און לערנען מיט דיר. איך בין אויך שטאָלץ דערמיט וויסענדיג, אז דוא האָסט דיין צייט ניט פערבראכט אומזיסט."

„זאָל דיך גאָט בעלוינען, מיין ליעבער פאטער! יעצט וויל איך, דוא זאָלסט מיר דערצעהלען דיא אורזאכע צו וועלכען צוועק דוא האָסט געמאכט דיעזען שטורם אויף׳ן ים?"

„דוא זאָלסט וויסען," האָט פראָספּערא ערקלערט. „דורך דיעזען שטורם זיינען מיינע שונאים, דער קעניג פון נעאַפּעל און מיין ברודער, פערוואָרפען געוואָרען אויף דיעזער אינזעל."

ווען פּראָספּערא האָט געענדיגט דיעזע ווערטער, האָט ער, מיט זיין צויבער־שטאָק, בעריהרט זיין טאָכטער און זיא איז באַלד שטארק אנטשלאָ־פען געוואָרען. דיא אורזאכע דערפון איז געווען, ווייל פונקט דאמאלס איז פאר איהם ערשיענען דער גייסט אריאל אום איהם אָבצוגעבען א בעריכט איבער דעם שטורם און וואָס ער האָט געטהאָן מיט דער מאַנשאַפט פון דער שיף, און כּאָטש מיראנדא האָט קיין מאָל ניט געזעהען דיא גייסטער, האָט אָבער פּראָספּערא ניט געוואָלט, אז מיראנדא זאָל הערען וויא ער רעדט מיט דיא גייסטער, ווייל פאר איהר וואָלט עס אויסגעזעהען גלייך וויא ער רעדט מיט דער לעדיגער לופט.

„אלזאָ מיין בראווער גייסט," האָט פּראָספּערא זיך געווענדט צו אריאל׳ן, „וואָס האָסטו מיר מיטצוטהיילען?"

אריאל האָט איהם געגעבען א פאָלשטענדיגע בעשרייבונג איבער דעם שטורם און איבער דער טויט־שרעק פון דיא רייזענדע; וויא דעם קעניג׳ס זוהן, פערדינאנד, איז געווען דער ערשטער אריינצושפּרינגען אין ים; וויא זיין פאטער האָט געמיינט, אז זיין טהייערער זוהן איז פערשלונגען גע־וואָרען פון דיא כוואליעס און דערטרונקען.

„אָבער עס האָט איהם גאָר ניט געשאדט," האָט אריאל ווייטער דער־צעהלט. „ער געפינט זיך יעצט אין א ווינקעל אויף דער אינזעל, זיטצענדיג מיט פערלעגטע הענד, זעהר פערטרויערט און פערזאָרגט. ער רעכענט, אז זיין פאטער איז דערטרונקען געוואָרען. קיין האָאר פון זיין קאָפּ איז געקרימט געוואָרען. אויסער וואָס זיינע פּרינצליכע קליידער זיינען נאָס, זעהט ער אליין אוים נאָך לעבעדיגער און פרישער וויא פריהער."

„בראַוואָ, מיין ליעבער אריאל!" האָט פּראָספּערא אויסגעשריען. „יעצט ברענג איהם אהער. מיין טאָכטער דארף זעהען דיעזען יונגען פּרינץ. וואו איז דער קעניג, מיין ברודער?"

„איך האָב איהם איבערגעלאָזט", האָט אריאל געענטפערט, „זוכענדיג פערדינאַנד'ן, וועלכען ער רעכענט, פון דעסטוועגען, פאַר פערלוירען. פון דער מאַנשאַפט פון דער שיף, פעהלט קיין איינציגער, אָבוואָהל יעדער בעזונדער רעכענט, אַז ער איז דער איינציגער וואָס האָט זיך געראַטעוועט. דיא שיף, כאָטש זיי זעהען זיא ניט, איז אין זיכערהייט געאַנקערט אין האַפען."

„אריאל," האָט פּראָספּערא געזאָגט, „דיין ארבייט איז ריכטיג און פּינקטליך דורכגעפיהרט, אָבער דוא האָסט נאָך עפּעס צו טהאָן."

„נאָך ארבייט ?" האָט אריאל געפרעגט. „לאָמיך דיך דערמאַהנען, מייסטער, אַז דוא האָסט מיר פערשפּראָכען פרייהייט. איך בעט דיך, געדענק, איך האָב פאַר דיר אַלעס מעגליכע געטהאָן, דיך קיין מאָל ניט פערפיהרט, ניט געמאַכט קיין טעות'ן, און דיך געדיענט טריי, איבערגעבען, אָהן אַ פּראָטעסט."

„דאָס איז ניט שעהן," האָט פּראָספּערא בעמערקט. „געדענקסטו שוין ניט וויא איך האָב דיך בעפרייעט פון מאַטערניס ? האָסטו שוין פערגעסען אַן דער שלעכטער מכשפה סיקאראַקס, וועלכע, פון אַלטקייט און שלעכטקייט איז זיא געוועזען כמעט אין צוויי געבויגען ? וואו איז זיא געבוירען געוואָרען ? זאָג, דערצעהל מיר."

„אין אַלזשיר, מיין העָרר," האָט אריאל געענטפערט.

„אין אַלזשיר ? ריכטיג. יעצט מוז איך דיר דערצעהלען וואָס דוא ביסט געוועזען, וועלכעס, וויא עס שיינט, האָסטו שוין פערגעסען. דיעזע געמיינע מכשפה, וועלכע האָט שוין מעהר ניט געקענט וואָהנען צווישען מענשען, איז פערשיקט געוואָרען פון אַלזשיר און דאָ איבערגעלאָזט פון דיא מאַטראָזען. און וויל דוא ביסט געוועזען אַזא גוטער גייסט, וועלכער האָט ניט געוואָלט דורכפיהרען איהר שלעכטען ווילען, האָט זיא דיך פערשלאָסען אין אַ בוים. וואו איך האָב דיך געפונען שרייענדיג און וויינענדיג. דוא דאַרפסט אַלזאָ ניט פערגעסען, אַז פון דיעזע שמערצען און מאַטערניסע, האָב איך דיך בעפרייעט."

„ענטשולדיגט מיר, טהייערער מייסטער," האָט אריאל זיך געבעטען פערשעהמט פאַר זיין אונדאַנקבאַרקייט, „איך וועל פאָלגען דיינע בעפעהלע."

„דאָס איז גוט." האָט פּראָספּערא געזאָגט. „און דאַן וועל איך דיך בעפרייען."

ער האָט איהם דאן בעאויפטראגט מיט א ווייטערע שליחות. אריאל איז גלייך אוועק טהאָן דעם בעפעהל. פאר אלעמען האָט ער אויפגעזוכט פערדינאנד'ן, וועלכען ער האָט געפונען זיצענדיג אויף'ן גראָז אין דערזעלבער טרויעריגער לאגע וויא פריהער.

„אך, מיין יונגער הערר," האָט אריאל געזאָגט דערזעהענדיג פערדינאנד'ן. „איך וועל דיך באלד אויפוועקען. וויא מיר שיינט, דארף מען דיך ברענגען אום מיראנדא זאָל דיך זעהען. קום, פאָלג מיר נאָך."

דאָס אלעס האָט אריאל געזאָגט, אז פערדינאנד זאָל איהם ניט הערען. אָבער נאָכהער האָט ער אָנגעהויבען צו זינגען ערקלערענדיג, אז פערדינאנד'ס פאטער איז טויט.

דאָס האָט שוין דער יונגער מאַן געהערט און ער האָט ערוואכט פון זיין פערטראכטקייט. ער האָט דאן אָנגעהויבען נאָכצופאָלגען דעם געזאנג און ער האָט אויסגעזעהען וויא בעצויבערט. אזוי איז ער געגאנגען א שטיק וועג ביז ער האָט דערגרייכט דעם פלאטץ וואו פראספערא איז געזעסען מיט מיראנדא'ן אויף אַ שטיין אין שאטען פון א גרויסען בוים.

יעצט האָט מיראנדא צום ערשטען מאָל דערזעהען נאָך א מאַן, אויסער איהר פאטער.

„מיראנדא," האָט פראספערא געזאָגט צו זיין טאָכטער, „זאָג מיר נאָר, קינד, וואָס קוקסטו אזוי נייגיעריג אַהין אין דער ווייטקייט?"

„אך, פאטער," האָט מיראנדא געענטפערט איבערראשט. „דאָס איז געוויס אַ גייסט, אַ גייסט! מיין גאָט, זעה נאָר וויא ער קוקט אוים! יא, פאטער, דאָס איז זעהר אַ שעהנע בעשעפעניש, איז דאָס אַ גייסט?"

„ניין, קינד," האָט איהר פאטער געענטפערט. „עס איז ניט קיין גייסט, זאָנדערן אַ מענש גלייך מיט אונז, וועלכער עסט, שלאָפט און האָט אזעלכע חושים וויא מיר. דיעזער יונגער מאַן, וועמען דוא זעהסט יעצט, איז געווען אויף דער שיף. ער איז אַ ביסעל געענדערט דורך צרות, זאָנסט וואָלסטו איהם געמעגט אָנרופען אַ שעהנע פערזאָן. ער האָט פערלוירען זיינע בעגלייטער און ער געהט יעצט ארום זיי זוכען."

מיראנדא, וועלכע האָט געדענקט אַלע מענער מיט ערנסטע געזיכטער און גרויע בערד אזוי וויא איהר פאטער, איז געווען שטארק דערפרייט, זעהענדיג דיעזען יונגען און שעהנעם פרינץ. פערדינאנד וויעדער, דערזעהענדיג אזא שעהנע דאמע אין דיעזען וויסטען אָרט, און פון דיא מערקווירדיגע קולות וואס ער האָט געהערט, האָט ער געדענקט — אז ער איז אויף אַ

פערצויבערטען אינזעל און דארף זעהען נאר וואונדערבארע זאכען. מיראנדא׳ן וויערער האט ער זיך פארגעשטעלט, איז דיא געטטין פון דיעזען פלאטץ, און אלס צו א געטטין האט ער זיך געווענדעט צו איהר.

פערשעהמט און א ביסעל אונרוהיג, האט איהם מיראנדא געענטפערט, אז זיא איז ניט קיין געטין, נאר אן איינפאכעס מיידעל, און אנגעפאנגען איהם צו דערצעהלען ווער זיא איז, ווען פראספערא האט זיא פלוצלונג אונטערבראכען.

פראספערא איז געווען פאלקאמען צופריעדען דערפון וואס דיא צוויי יונגע מענשען האבען זיך געפעלען איינער דעם אנדערן, און ער האט אויך בעמערקט, אז זייערע בליקען דערצעהלען, דאס זיי ליעבען זיך פון דעם ערשטען בליק. דער אלטער האט אבער געוואלט בעסער אויספרובירען פערדינאנד׳ן. ער האט דערפאר בעשלאסען מיט איהם צו מאכען א פראבע.

ניט טראכטענדיג פיעל, איז ער צוגעגאנגען צום פרינץ, אנגעפאנגען צו רעדען מיט איהם זעהר שטרענג און ערנסט און איהם מיטגעטהיילט, אז ער, פערדינאנד, איז געווים געקומען אויף דער אינזעל אלס א שפיאן, מיט דער אבזיכט אוועקצורייבען דעם פלאטץ איבער וועלכען ער, פראספערא, איז דער בעל־הבית.

„קום מיט מיר,“ האט פראספערא וויטער געזאגט, „איך וועל דיר בינדען הענד און פים. דוא זאלסט טרינקען ים־וואסער; פוילע פיש, פערוויאנעטע ווארצלען און דיא שאלעכץ פון נים זאלען זיין דיין שפייז.“

„ניין,“ האט פערדינאנד געענטפערט בעליידיגט. „איך וועל בשום אופן ניט דולדען אזא בעהאנדלונג, ביז איך וועל ניט זעהען פאר מיר א מעכטיגערן שונא וויא דוא ביסט.“

ביי דיעזע ווערטער האט ער ארויסגעצויגען זיין שווערט.

נאך איידער פערדינאנד האט אבער צייט געהאט עפעס צו טהון, האט פראספערא א מאך געטהאן מיט זיין צויבער־שטאק און וויא צוגענאגעלט פערדינאנד׳ן צו דער ערד, אזוי אז ער האט זיך ניט געקענט ריהרען פון ארט.

מיראנדא האט אומארמט איהר פאטער און זיך געבעטען: „אך פאר וואס ביסטו אזוי גרויזאם? האב מיטלייד, מיין הערר; איך וועל פאר איהם גאראנטירען. דאס איז דער צווייטער מאן, וועלכען איך זעה, און איך רעכען, אז ער איז א גוטער.“

„רוהיג,“ האָט פּראספּערא בעפוילען. „נאָך איין וואָרט, און איך וועל דיך אנזידלען. וואָס! דוא ווילסט גאָר ווערען אן אדוואָקאַט פאַר א שווינדלער? דוא מיינסט, ווייל דוא האָסט ניט געזעהען מעהר וויא קאליבאנען אין איהם זיינען שוין מעהר ניטאָ קיין פיינערע מענשען אויף דער וועלט? הער מיך אויס, נאררישע מיידעל, עס זיינען דאָ פיעלע מענער וואָס זיינען שעהנער וויא ער, פּונקט וויא ער איז שעהנער פון קאַליבאנען.“

פּראספּערא האָט דאָס אַלעס געזאָגט, אום אויסצופּרובירען זיין טאָכטער׳ס טרייהייט און ליעבע.

„מיין פּערזאָן,“ האָט זיא געענטפערט, „האָט ניט קיין גרויסע פּרעטענציעס. איך וויל ניט קיין בעסערן אָדער קיין שענערען מאַן וויא ער איז.“

„קום, יונגער מאַן,“ האָט פּראספּערא געזאָגט צום פּרינץ, „דוא האָסט קיין מאַכט זיך צו שטעלען געגען מיין ווילען.“

„ניין, ניין,“ האָט פערדינאַנד געענטפערט פערצווייפעלט, „איך האָב ניט קיין מאַכט.“

ניט וויסענדיג, אז דער צויבער האָט פון איהם צוגענומען יעדע מאַכט פון ווידערשטאַנד, איז ער אַליין געווען ערשטוינט וויא אזוי ער, דער אמאָליגער שטאָלצער און מוטהיגער, איז געצוואונגען צו טהון וואָס דער אַלטער הייסט איהם.

אין דערזעלבער צייט, וויא ער איז נאָכגעגאנגען פּראספּערא׳ן, האָט ער צוריקגעבליקט צו מיראַנדאַ׳ן און אזוי לאַנג געקוקט אויף איהר, ביז ער איז אריין מיט פּראספּערא׳ן אין דער העהל.

צו זיך אַליין האָט ער געמורמעלט:

„עס איז וואהר, איך האָב פערלוירען מיין מוטה; אַלעס זעהט ביי מיר אויס וויא א חלום. אָבער אַלע בטראַשונקעס פון דיעזען אַלטען, צוזאַמען מיט מיין גאַנצער שוואַכקייט, וואָלטען מיך ניט געשראָקען און ביי מיר געווען א שפּיעל, ווען איך זאָל זיא קענען זעהען וועניגסטענס איין מאָל אין טאָג.“

פּראספּערא האָט ניט לאַנג געהאַלטען פערדינאַנד׳ן פערשפּאַרט. ער האָט איהם אין א קורצע צייט ארום ארויסגענומען פון זיין געפענגניס און איהם געשטעלט טהון א שווערע ארבייט. ער האָט איהם נעמליך בעאויפטראגט צו מאַכען א שטיקעל ארבייט פון וועלכע ער זאָל גוט שוויט־

צען. אין דערזעלבער צייט האָט ער געזעהען, אַז זיין טאָכטער זאָל הערען וואָס ער הייסט איהם טהון. דאַן האָט ער זיך צוריקגעצויגען און איז אריין אין זיין שטודיר־צימער. אָבער ער האָט פון דאָרט ארויסגעקוקט און אויפגעפּאסט צו זעהען וואָס עס געהט פאָר.

פערדינאַנד׳ס ארבייט איז געווען צוזאַמען צו לעגען גרויסע און שווערע קלעצער אויף אַ הויפען. נאָר אזוי וויא פּרינצען זיינען ניט געוואָהנט גע־וואָרען צו אזא ארבייט. האָט מיראנדא באַלד אויסגעפונען, אַז איהר גע־ליעבטער איז האַלב טויט פאַר מידקייט.

„אַך!“ האָט זיא געזאָגט זעהר געריהרט, „ארבייט ניט אזוי שווער. מיין פאטער איז יעצט אין זיין שטודיר צימער, וואו ער וועט פערבלייבען ווענינגסטענס דריי שטונדען. דיעזע צייט וועסטו אויסמיידען און ניט אר־בייטען. זעטץ דיך אַוועק, רוה דיך אויס.“

„אַך, מיין טהייערעס פרייליין,“ האָט פערדינאַנד געענטפערט, „איך טאָר עס ניט טהון. איך מוז פאַרטיג מאַכען מיין ארבייט איידער איך רוה מיך אויס.“

„ווען דוא וועסט זיטצען,“ האָט מיראנדא בעמערקט, „וועל איך דער־וויל צוזאַמען נעהמען דיא קלעצער.“

אָבער פערדינאַנד האָט דערצו ניט געוואָלט איינשטימען.

אנשטאט אַ הילף, איז מיראנדא געוואָרען אַ שטערונג, דען עס האָט ניט פיעל גערדויערט און זיי האָבען אָנגעפאַנגען אַ געשפּרעך. ער האָט דער־וויל גאָר ניט געקענט טהון.

פּראָספּערא, וויא עס שיינט, האָט פערדינאַנד׳ן געשטעלט צו דיע־זער ארבייט בלויז פאַר אַ פּראָבע צו זעהען אויף וויא ווייט זיין ליעבע געהט. ער איז דערפאַר דאַמאלס ניט געזעסען ביי זיינע ביכער, זאָנדערן ער האָט זיך געמאַכט מען זאָל איהם ניט זעהען און ער האָט אַלעס געקענט הערען און בעטראַכטען.

דיא צוויי יונגע מענשען זיינען דערווייל געוואָרען שטאַרק בעפריינדעט. ער האָט זיא געפרעגט וויא זיא הייסט, און זיא האָט איהם געענטפערט, אין דערזעלבער צייט האָט זיא איהם מיטגעטהיילט, אַז דאָס איז אויסדריקליך געגען איהר פאַטער׳ס בעפעהל, וועלכער האָט איהר אָנגעזאָגט ניט צו דער־צעהלען איהר נאָמען.

ווען פּראָספּערא האָט דאָס געהערט, האָט ער געשמייכעלט. איהם איז גאַנץ גוט געפעלען געוואָרען זיין טאָכטער׳ס ערשטע אונגעהאָרזאַמקייט,

ווייל, פיהרענדיג מיט זיין צוויבער זיין טאָכטער זאָל זיך אזוי שנעל פערליע־בען, איז ער געווען גאנץ צופריעדען דערפון, אז דורך דיעזער ליעבע זאָל זיא פערגעסען דיא פליכט צו איהם.

פראספערא איז אויך געווען אויסער זיך פאר פערגניגען, ווען ער האָט געהערט פערדינאנד'ן אַבהאַלטענדיג א לאנגע רעדע מיט א ליעבעס ערקלע־רונג, דערצעהלענדיג מיראנדא'ן, אז ער ליעבט זיא מעהר וויא אירגענד א פרויענצימער וואָס ער האָט נאָך ביז דאמאלס געזעהען.

ווען פערדינאנד, וויא יעדער בעגייסטערטער געליעבטער, האָט געזאָגט מיראנדא'ן, אז זיא איז שעהנער וויא אירגענד א פרויענצימער וואָס ער האָט נאָך ביז דאמאלס געזעהען, האָט זיא געענטפערט:

„איך געדענק ניט דאָס געזיכט פון א פרוי, און איך האָב נאָך אויך ניט געזעהען קיין אנדערע געזיכטער פון מענער וויא אויסער דיך. מיין ליעבער פריינד, און מיין פאטער. וויא אנדערע זעהען אויס, וויים איך ניט. אָבער, גלויב מיר, מיין פריינד, אז איך וואָלט ניט וועלען האָבען קיין אנדערן בעגלייטער אויסער דיך. מיין פאנטאזיע קען זיך אויך ניט פאָרשטעלען קיין בעסערן און קיין שענערן אויסער דיר. אָבער, מיין הערר, איך גלויב, אז איך רעד צו דיר א ביסעל צו פיעל, צו פריי, און איך האָב פערגעסען אן דעם וואָס מיין פאטער האָט מיר אָנגעזאָגט."

ווען פראספערא האָט דאָס געהערט, האָט ער געשמייכעלט. ער האָט ועשאָקעלט מיט זיין קאָפּ און געמורמעלט צו זיך אליין:

„אלעס געהט וויא איך האָב געוואָלט. יא, מיין טאָכטער וועט זיין דיא קעניגין פון נעאפעל."

פערדינאנד, וועלכער איז פון מינוט צו מינוט, אלץ מעהר פערליעבט געוואָרען, האָט וויא יעדער אייפערזיכטיגער פערליעבטער ניט געקענט האל־טען קיין סודות פאר זיין געליעבטער, און ער האָט דערצעהלט מיראנדא'ן, אז ער איז א פרינץ, אז ער איז דער יורש פון נעאפעל'ס טראָהן און ער האָפט, אז זיא וועט זיין זיין קעניגין.

מיראנדא'ס אויגען האָבען זיך אָנגעפילט מיט טרערען. דאן האָט זיא געזאָגט האלב בליפענדיג:

„אך, וויא נאַריש איך בין צו וויינען ווען איך דארף מיך גאָר פרייען. איך וועל דיר ענטפערן אין איינפאכער, אָבער אין הייליגער אונשולד — איך וועל זיין דיין פרוי אויב דוא וועסט נאָר וועלען הייראטהען מיט מיר."

פערדינאַנד וואָלט איהר דאַמאַלס געדאַנקט, אָבער פּראָספּעראָ איז פּלוצלונג ערשינען פאַר זיי.

„האָב קיין מורא ניט, מיין קינד,“ האָט ער זיך געווענדעט צו דער דערשראָקענער מיראַנדאַ. „איך האָב זיך אַלעס אונטערגעהערט און איך שטים פּאָלקאָמען איין מיט אַלעס וואָס דוא האָסט געזאָגט. און יעצט, פערדינאַנד, אויב איך בין געווען שטרענג צו דיר, וועל איך זוכען צו גע־ווינען דיין פערצייהונג דערמיט וואָס איך וועל דיר געבען מיין טאָכטער. אַלע דיינע יסורים, זיינען נאָר געווען פּראָבעס אויסצוגעפינען דיין ליעבע און דוא ביסט דיעזע פּראָבע העלדיש דורכגעשטאַנען. אַלס אַ מתנה, וואָס דיין טרייע און עהרליכע ליעבע האָט פערדיענט, גיב איך דיר מיין טאָכטער, און דוא זאָלסט גאָר ניט שמייכלען ווען איך וועל דיר זאָגען, אַז זיא שטעהט העכער פון יעדען לויב.“

פּראָספּעראָ האָט איהם דאַן געזאָגט, אַז ער איז זעהר בעשעפטיגט און ער מוז אוועקגעהען. ער האָט זיי געבעטען זיי זאָלען זיך אוועקזעטצען און רעדען צוזאַמען וואָס זיי ווילען ביז ער וועט צוריק קומען. מיראַנדאַ איז געווען העכסט צופריעדען דערפון.

ווען פּראָספּעראָ איז אוועק, האָט ער גערופען דעם גייסט אריאל, וועל־כער איז שנעל ערשיענען בערייט צו טהון אַלעס פאַר פּראָספּעראָ׳ס ברודער און דעם קעניג פון נעאַפּעל.

אריאל האָט מיטגעטהיילט זיין העררען, אַז ער האָט זיי איבערגעלאָזט, כמעט משוגע פאַר מורא, נאָכדעם וויא ער האָט פאַר זיי פּאָרגעבראַכט ווייל־דע און משונה׳דיגע זאַכען. ווען זיי זיינען מיעד געוואָרען וואַנדערנדיג, און פערלוירען זייערע כוחות פאַר הונגער, האָט ער פאַר זיי שנעל צוגעגרייט אַ פּראַכטפאָלען באַנקעט, אָבער אַזוי שנעל וויא זיי האָבען זיך געוואָלט נעהמען עסען, איז ער פאַר זיי ערשיענען אין דער פאָרמע פון אַ ריעז און אַלעס אויפגעפרעסען.

וואָס עס האָט זיי נאָך מעהר ערשטוינט און איבערראַשט, איז גע־ווען, ווען דיעזער ריעז, האָט צו זיי גערעדט וויא אַ מענש און זיי דער־מאַהנט אַן זייער רציחה און אכזריות ווען זיי האָבען פערטריעבען פּראָספּע־ראָ׳ן פון זיין פירסטענטהום און איהם געלאָזט ער זאָל אומקומען מיט זיין טאָכטער אויף׳ן ים. דער ריעז האָט זיי געזאָגט, אַז פאַר דעם אַלעמען, ליי־דען זיי אַזוי פיעל.

דער קעניג פון נעאַפּעל און אַנטאָניאָ, פּראָספּעראָ׳ס ברודער, האָבען

ביידע שטארק חרטה געהאט אויף דעם וואס זיי האבען געטהאן. אריאל האט מיטגעטהיילט זיין העררן, אז ער רעכענט, דאס זייער חרטה איז א ריכטיגע, און אפילו ער, אלס א גייסט, זעהענדיג זייערע ליידען, האט ער אויף זיי רחמנות געהאט.

„דאן ברענג זיי אהער, שנעל, אריאל", האט פראספערא בעפוילען. „ווען דוא, גייסט, קענסט אויף זיי רחמנות האבען אין זייערע ליידען, וואס זאל איך זאגען אלס מענש? מיין גוטער אריאל, פערליר קיין אויגענבליק, און ברענג זיי גיכער אהער."

עס האט ניט פיעל געדויערט, און אריאל האט צוריק געקעהרט ברענגענדיג דעם קעניג, אנטאניא'ן און גאנזאלא'ן, וועלכער איז געקומען צוזאמען מיט זיי. געבראכט האט ער זיי שפיעלענדיג א מערקווירדיגע מוזיק אין דער לופט, און זיי האבען נאכגעפאלגט דיא טענער. ווען פראספערא האט דערזעהען גאנזאלא'ן, האט ער זיך באלד דערמאהנט וואס ער האט געטהאן פאר איהם, וויא ער האט איהם בעזארגט מיט שפייז, קליידער און דאן ביכער ווען זיין ברודער האט איהם אוועקגעווארפען מיט מיראנדרא'ן אויפ'ן ים.

אלע דריי אבער, דער קעניג, אנטאניא און גאנזאלא, זיינען געווען האלב אהנמעכטיג פאר שרעק, און ווען זיי האבען דערזעהען פראספערא'ן, האבען זיי איהם ניט דערקענט.

פראספערא האט אבער קיין געדולד ניט געהאט צו ווארטען, און צוגעהענדיג צום אלטען גאנזאלא, האט ער איהם אנגערופען פריינד און רעטער פון זיין לעבען. אנטאניא, הערענדיג דיעזע ווערטער און זיך איינקוקענדיג בעסער אין פראספערא'ס געזיכט, האט ער איהם דערקענט. דאסזעלבע איז אויך געווען מיט דעם קעניג פון נעאפעל.

אנטאניא, מיט טרערען אין דיא אויגען, און מיט ווערטער פול טרויער און חרטה, האט געבעטען ביי זיין ברודער ער זאל איהם פערצייהען. דער קעניג האט אויסגעדריקט זיין אויפריכטיגעס בעדויערן דערפאר וואס ער האט געהאלפען אנטאניא'ן ארויטערזעטצען זיין ברודער פון דעם טראהן.

אנטאניא האט זיך דאן ערקלערט בערייט אומצוקעהרען דאס פירסטענטהום צו פראספערא'ן. דאן, זיך ווענדענדיג צום קעניג, האט ער צו איהם געזאגט:

„איך האב פאר דיר א שטיקעל איבערראשונג." ביי דיעזע ווערטער

האָט ער געעפענט אַ טהיר און איהם געוויעזען וויא זיין זוהן פערדינאַנד זיטצט און שפּיעלט שאַך מיט מיראַנדא׳ן.

דיא פרייד פון פאָטער און זוהן, וועלכע האָבען איינער דעם אַנדערן גערעכענט פאַר טויט, איז געווען אונגעהייער גרויס. זיי האָבען זיך אומאַרמט און פערגעסען פריידען־טרערען.

„וויא וואונדערבאַר!“ האָט מיראַנדא אויסגעשריען. „וואָס פאַר נאָבעלע ברואים דיעזע זיינען! עס מוז געווים זיין אַ שעהנע וועלט, וועלכע האָט אַזעלכע מענשען אין זיך.“

דער קעניג פון נעאַפּעל איז געווען פּונקט אַזוי ערשטוינט און איבערראַשט פון מיראַנדא׳ס שעהנהייט, וויא זיין זוהן איז געווען.

„ווער איז דאָס מיידעל?“ האָט ער געפרעגט. „זיא זעהט אויס וויא דיא געטטין וואָס האָט אונז צושיידט און דאַן וויעדער פעראייניגט.“

„ניין, מיין הערר,“ האָט פערדינאַנד געענטפערט האָבענדיג פערגעסען וואָס זיא געפעלט זיין פאָטער. „זיא איז אַ שטערבליכער מענש גלייך מיט אונז אַלעמען, נור דורך דער אונשטערבליכער השגחה איז זיא יעצט מיינע. אַך, פאָטער, איך האָב זיא אויסגעקליעבען ווען איך האָב דיין ערלויבּ־ניס ניט געקענט פערלאַנגען, מיינענדיג, אַז דוא לעבסט ניט מעהר. זיא איז דיא טאָכטער פון דיעזען פּראָספּערא, וועלכער איז דער בעריהמטער פירסט פון מילאַן, פון וועלכען איך האָב אַזוי פיעל געהערט אָבער קיינמאָל ניט געזעהען ביז יעצט. דורך איהם האָב איך ערהאַלטען אַ נייעס לעבען; ער איז מיר געוואָרען אַ צווייטער פאָטער ווען ער האָט איינגעשטימט מיר צו געבען דיעזע געטטין, וויא דוא רופסט זיא.“

„דאַן מוז איך זיין איהר פאָטער,“ האָט דער קעניג געזאָגט. „אַך, אָבער וויא פרעמד מוז עס קלינגען ווען איך וועל מוזען בעטען פערצייהונג ביי מיין קינד.“

„קיין וואָרט מעהר דאריבער,“ האָט פּראָספּערא זיך אריינגעמישט. „לאָמיר מעהר ניט געדענקען אונזערע צרות פון דער פערגאַנגענהייט ווען אַלעס האָט זיך געענדיגט אַזוי גליקליך.“

דאַן האָט פּראָספּערא אומאַרמט זיין ברודער און איהם נאָך אַ מאָל פערזיכערט, אַז ער איז איהם מוחל.

„דאָס אַלעס,“ האָט פּראָספּערא געזאָגט, „איז געווען דיא פיהרונג פון דער השגחה העליונה, איך זאָל פערטריעבען ווערען פון מיין פירסטענ־טהום, פערוואָרפען ווערען אויף דיעזער אינזעל מיט מיין טאָכטער, און

דאָ זאָל זיא בעגעגענען פערדינאַנד'ן און עס זאָל בעשלאָסען ווערען זיי זאָלען זיין מאַן און ווייב.“

מיט דיעזע ווערטער וואָס פראָספערא האָט געזאָגט, מיינענדיג צו טרייסטען זיין ברודער, האָט עס אנטאניא'ן אַזוי גערירט מיט שאַנדע און חרטה, אַז ער האָט אויסגעבראָכען אין אַ האַרצרייסענדעם געוויין. דער אַלטער גאָנזאַלאָ האָט געוויינט פאַר פרייד און געבענשט דיא צוויי יונגע לייט זיי זאָלען זיין גליקליך.

דאַן האָט זיי פראָספערא מיטגעטהיילט, אַז זייער שיף איז ניט צו־שמעטערט געוואָרען פון דעם שטורם, און אַז זיא געפינט זיך אין האַפען אין פאָלקאָמענער אָרדנונג צוזאַמען מיט דער גאַנצער מאַנשאַפט, און ער מיט זיין טאָכטער זיינען בערייט זיי צו בעגלייטען צווייטען טאָג.

„פאָרלויפיג,“ האָט ער געזאָגט, „זייט איהר געווים הונגריג. קומט אריין אין מיין העהל און לעהנט זיך אונטער אייערע הערצער. נאָך'ן עסען, אבענד, וועל איך אייך דערצעהלען מיין גאַנצע לעבענס־געשיכטע זייט דער צייט וואָס איך האָב געלאַנדעט אויף דיעזער אינזעל.“

ער האָט דאַן געלאָזט רופען קאַליבאַנען, ער זאָל פאָרבערייטען עסען און גרייטען צו טיש.

דיא געסט זיינען געוועזען איבעראַשט ערבליקענדיג אַזאַ פערזעהעניש וויא קאַליבאַן איז געוועזן. פראָספערא האָט זיי דאַן ערקלערט, אַז דאָס איז געוועזן זיין איינציגער מענשליכער דיענער אויף דער אינזעל.

איידער פראָספערא איז אַוועק פון דער אינזעל, האָט ער בעפרייעט אריאל'ן. דער גייסט האָט זיך זעהר געפרייט וואָס ער קריעגט ווידער דיא פאָלקאָמענע פרייהייט צו וואַנדערן אונגעשטערט אין דער לופט וויא לאַנג ער וויל און וויפיעל ער פערלאַנגט.

„מיין גוטער אריאל,“ האָט פראָספערא צו איהם געזאָגט, „דוא וועסט מיר זעהר פיעל אויספעהלען, אָבער דיין פרייהייט זאָלסטו דאָך האָבען.“

„איך דאַנק דיר, מיין ליעבער מייסטער,“ האָט אריאל געענטפערט, „אָבער איך בעט דיך דוא זאָלסט מיר ערלויבען דיך אריבער צו פיהרען איבער'ן ים, און דאַן, וועל איך קענען זיין גלקיליך, וויסענדיג, אַז דוא ביסט צופריעדען.“

פראָספערא האָט בעגראָבען טיעף אין דער ערד זיינע כישוף ביכער און זיין צויבער שטעקען, ווייל ער האָט בעשלאָסען קיין מאָל מעהר ניט צו מאַכען געברויך דערפון.

דאן האָט אָנגעפאנגען זייער רייזע איבער א רוהיגען און גלאטען ים, און אזוי האָט דיא שיף מיט אַלע מענשען אויף איהר, גליקליך גע־גרייכט דעם האפען וואו מען האָט געפייערט מיט גרוים פּאראד דיא חתונה צווישען פערדינאנד׳ן און מיראנדא׳ן.



# א ווינטערדיגע געשיכטע.




יעלע מענער לעבען אָב מיט פרויען זייער וועלט, ליעבען דיעזע פרויען און זיינען קיין מאָל ניט אייפערזיכטיג אויף זיי, רעכענענדיג, אַז זייערע פרויען זיינען אַזוי ריין וויא דיא זונן. און גראדע מאַכט זיך עס, וואָס דאָס איז ניט דער פאל און דיא מענער זיינען אין טעות. אַנדערע מענער וויעדער, ווערען אייפערזיכטיג ביז צום וואהנזינן, רואינירען זיך און זייערע פרויען, און דער סוף, אַז זיי האָבען קיין מאָל ניט געהאַט קיין אורזאכע דערצו.

איינער פון דיא לעצטע איז געווען לעאָנטעס, דער קעניג פון סיציליען. ער און זיין פרוי, דיא שעהנע און גראָטענע הערמיאָנע, האָבען אַ היבשע צייט געלעבט זעהר גוט צוזאַמען.

לעאנטעס איז געווען אַזוי גליקליך מיט זיין הערשאַפט בכלל און מיט זיין פרוי בפרט, אַז ער האָט קיין איינציגען וואונש געהאַט אין לעבען אויסער צו זעהען נאָך אַ מאָל זיין יוגענד־פריינד און שול־קאמעראד, פאליקסענעס, קעניג פון בעהמען.

דיעזע צוויי, לעאנטעס און פאליקסענעס, זיינען ווירקליך אויפגעצויגען געוואָרען צוזאמען און זיי זיינען געווען איינפאך וויא ברידער. אָבער דער טויט פון זייערע פאטערס האָט זיי צושהיילט און גערופען יעדען בעזונדער צו הערשען איבער דעם לאנד פון זיינע עלטערן. דאָס האָט פערורזאכט וואָס זיי האָבען זיך פיעלע יאָהרען ניט געזעהען, אָבוואָהל זיי האָבען וועהרענד דער צייט זיך געשיקט בריעף, מתנות און אמבאסאדאָרען.

לעאנטעס האָט אָנגעהויבען אַזוי פיעל צו בייגקען נאָך זיין יוגענד פריינד, דאָס ער האָט געשריעבען מעהרערע בריעף קיין בעהמען איינלאדענדיג צו זיך אויף אַ בעזוך פאליקסענעס׳ן.

פּאַלעקסענעס האָט ענדליך איינגעשטימט און איז געקומען.

דער עמפּפאַנג איז געווען אַ הערצליכער און אַ פריילי̈כער. לעאָנטעס האָט גאָר ניט געוואוסט וואָס צו טהון מיט זיין פיעל געליעבטען פריינד. ער האָט איהם נאַטירליך פאָרגעשטעלט פאר זיין שעהנער קעניגין הער־מיאָנע און איהם רעקאָמענדירט, אלס דעם טהייערסטען פריינד אין זיין לעבען.

די צוויי פריינדע האָבען זיך דאַן אוועקגעזעצט און אָנגעהויבען צו רעדען פון זייער פערגאַנגענהייט, פון זייער גליקליכער קינדהייט, און הערמיאָנע, וועלכע האָט דאָס צוגעהערט, האָט געהאַט גרויס פערגניגען.

אזוי זיינען אריבער אַ פּאָאָר וואָכען און פּאַליקסענעס האָט זיך אָנ־געהויבען פאָרצובערייטען אין וועג אריין, צוריק אהיים. לעאָנטעס האָט זיך פון איהם ניט געקענט שיידען.

„בלייב נאָך דאָ, פריינד,“ האָט ער זיך געבעטען.

„אונמעגליך,“ האָט פּאַליקסענעס געענטפערט, „די פּליכטען פון מיין רעגיערונג רופען מיך צוריק.“

ווען לעאָנטעס האָט געזעהען, אַז ער קען גאָר ניט פּועל׳ן האָט ער אָנגעשטעלט הערמיאָנע׳ן, זיא זאָל בעטען פּאַליקסענעס׳ן נאָך צו בלייבען.

עס זיינען דאָ פיעלע פרויען וואָס שטירצען זיך אליין אין אונגליק ניט וויסענדיג אפילו וויא זיי טהוען עס.

הערמיאָנע׳ס צערטליכע נאַטור, איהר זיסע שפּראַך, האָבען געווירקט אויף׳ן פּאַליקסענעס׳ן, וואָס לעאָנטעס האָט ניט געקענט דורכפיהרען, האָט הערמיאָנע געווירקט און פּאַליקסענעס האָט פערשפּראָכען צו בלייבען נאָך עטליכע וואָכען.

וויא לעאָנטעס האָט געהערט, אז הערמיאָנע האָט בעוואויגען פּאַליקסע־נעס׳ן צו בלייבען, האָט ער געשפּירט גלייך וויא אַ ברענענדע שפּיז וואָלט דורכגעבויערט זיין ברוסט.

לעאָנטעס האָט אפילו גוט געקענט זיין פריינד אַלס אַ בראַווען און עהרליכען מענשען, ער האָט געוואוסט אַז זיין קעניגין איז איהם טריי, אָבער דיעזער פּאַקט אליין, אַז זיא האָט גע׳פּועל׳ט, וואָס ער האָט ניט געקענט, האָט איהם געמאַכט שרעקליך אייפערזיכטיג.

וואָס מעהר הערמיאָנע האָט געשענקט אויפמערקזאַמקייט איהר מאַן׳ס פריינד, וואָס מעהר זיא האָט געטהאָן פאר פּאַליקסענעס׳ן אום

איהר מאַן צופריעדען צו שטעלען, אַלץ אייפערזיכטיגער איז געוואָרען לעאָנטעס.

אַן אייפערזיכטיגער מאַן איז אַ פאָלקאָמענער ווילדער. ער איז ניט נאָר וויא אַ ווילדע און אויפגערעגטע חיה, זאָנדערן אויך וויא אַ וויל־דער מיט זיינע אומגעלומפערטע פאַנטאַזיען. ער האָט זיך פאַרגעשטעלט דאָס ערגסטע און דאָס געמיינסטע צווישען זיין בעסטען פריינד און זיין קעניגין.

איין מאָל, ווען דיא ווילדע משוגעת פון אייפערזוכט האָט איהם בע־הערשט, האָט ער געשיקט רופען זיין יועץ קאמילאָ און איהם בעאויפטראגט צו פערגיפטען פאליקסענעס׳ן.

קאמילאָ איז געווען אי אַ גוטער מענש, אי אַ קלוגער. ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז דעם קעניג׳ס אייפערזוכט האָט קיין ממשות. אָבער ער האָט אויך פערשטאַנען, אַז עס איז גרינגער צו קעמפפען מיט אַ טיגער וויא צו אַרגומענטירען מיט אַן אייפערזיכטיגען מאַן.

וואָס האָט ער געקענט טהון? דער קעניג האָט בעפוילען און מען מוז פאָלגען. דאָך האָט ער ניט געקענט פועל׳ן ביי זיך צו מאָרדען אַן אונשולדיגען מענשען. אנשטאַט צו פערגיפטען פאליקסענעס׳ן, האָט ער איהם דערצעהלט איבער דעם אויפטראג וואָס ער האָט געקראָגען פון לעאָנטעס׳ן.

פאליקסענעס האָט פערשטאַנען, אַז ער געפינט זיך אין אַ קריטישע לאַגע, און ער האָט געפרעגט קאמילאָ׳ן וואָס עס איז צו טהאָן. קאמילא האָט איהם געראטהען צו ענטלויפען און זיך אַליין אָנגעבאָטען איהם צו בעגלייטען. פאליקסענעס האָט געפאָלגט, און מיט קאמילאָ׳ס הילף איז איהם געלונגען זיך צו ראטעווען פון סיציליען און צוזאמען זיינען זיי גליקליך אָנגעקומען קיין בעהמען. קאמילא האָט שוין נאַטירליך ניט גע־קענט צוריק פאָהרען און ער איז פערבליעבען אין בעהמישען קעניג׳ס הויף.

אָבער דאָס האָט ניט פערבעסערט דיא לאַגע אין לעאָנטעס׳עס הויף, אין געגענטהייל, עס האָט נאָך פערערגערט. פאר דעם אייפערזיכטי־גען לעאנטעס איז דאָס געווען דער בעסטער בעוייז פון הערמיאָנע׳ס שולד.

לעאנטעס, אין אַן אנפאל פון שרעקליכער אויפרעגונג, איז ער אוועק אין דער קעניגין׳ס צימער וואו ער האָט זיא געטראָפען מיט איהר קליינעם

זוהן, פּרינץ מאַמיליוס. דאָס קינד וועלכער איז געווען זעהר אַ קלוגעס און שטאַרק געליעבט זיין מוטער, האָט נאָך וואָס אָנגעהויבען איהר צו דערצעהלען אַ קינדער־געשיכטע, וועלכע זיא האָט אימער ליעב געהאַט צו הערען פון זיין מויל. פּונקט דאַמאַלס איז אָנגעקומען דער ווילדער קעניג, פון איהר אוועקגעריסען דאָס קינד. און זיא אַליין, אָהן אַ פערהער, האָט ער אוועקגעשיקט אין געפענגניס.

דאָס אונגליקליכע קינד, וועלכער האָט כמעט פערגעטערט זיין מוטער, הערענדיג פון איהר אונגליק, האָט ער אָנגעהויבען צו וויינען. ער האָט געטרויערט ביי טאָג און ביי נאַכט, יעדעס מאָל שוואַכער און קראַנקער געוואָרען, פערלירענדיג דעם אַפּעטיט און דעם שלאָף און עס האָט אויסגעזעהען, אַז דער שמערץ וועט איהם געוויס טויטען.

ווען דער קעניג האָט אוועקגעשיקט זיין קעניגין אין געפענגניס, האָט ער באַלד געלאָזט רופען דיא צוויי סיציליש ערעל־לייט קלעאָמאַנעס און דיאָן און זיי בעאויפטראַגט מיט אַ וויכטיגער שליחות. ער האָט זיי דערצעהלט אַלעס וואָס עס איז פאָרגעקומען, נאָר אום צו זיין נאָך זיכערער, זאָלען זיי אוועקפאָהרען קיין דעלפאָס, און דאָרט בעזוכען דעם טעמפּעל פון דעם גאָט אַפּאָללאָ, וואו עס האָט זיך געפונען אַן אָראַקעל (אורים ותומים,) און פרעגען ביי דיעזען אָראַקעל אויב זיין קעניגין איז איהם געווען טריי אָדער ניט.

דערווייל איז דיא אָרעמע הערמיאָנע געלעגען אין געפענגניס און דאָרט האָט זיא געבוירען אַ קינד, אַ מיידעל. דיעזעס קינד איז געווען איהר איינציגע טרייסט, און דאָס האַלטענדיג אויף דיא הענד, האָט זיא, מיט טרערען אין דיא אויגען געזאָגט: „מיין אָרעמע קליינע געפאַנגענע, איך בין אַזוי אונשולדיג וויא דוא."

קעניגין הערמיאָנע האָט געהאַט אַ גוטע און געטרייע פריינדין; איינע פון יענע וואָס ענטלויפען ניט, ווען דעם פריינד טרעפט אַן אונגליק, דיעזע פריינדין איז געווען פאַולינא, דיא פרוי פון אַנטיגאָנוס, אַ סיצילישער עדעלמאַן. ווען פאַולינא האָט געהערט, אַז דיא קעניגין האָט געבוירען אַ אָבגעהאַלטען אַ שעהנע פערטהיידיגונגס רעדע פאַר הערמיאָנע'ן, פאַרקינד, איז זיא אוועק אין געפענגניס זיא בעזוכען.

דיא איינציגע בעדיענטע וואָס דיא קעניגין האָט געהאַט, איז געווען אַ געוויסע עמיליא. זיך ווענדענדיג צו עמיליא'ן האָט זיא געזאָגט:

„איך ביט דיך, געה זאָג דער קעניגין, אויב זיא וויל און קען מיר

פערטרייען, דאן זאָל זיא מיר געבען דאָס קינד און איך וועל עס טראָגען צום קעניג, דעם פאטער. דאָס אונשולדיגע געזיכט פון אזא קליין קינד, קען ווייך מאכען זיין הארץ."

„גוטע דאמע," האָט עמיליא געענטפערט, „איך וועל מיטטהיילען דער קעניגין דיין ערעלען וואונש. זיא האָט טאַקי היינט זיך אויסגעדריקט, אז זיא וואָלט וועלען האָבען אזא פריינד וואָס זאָל נעהמען דאָס קינד צום פאטער."

„דאן זאָג איהר," האָט פאולינא ווייטער בעמערקט, „אז איך וועל זעהר פיעל וואגען צו רעדען מיט דעם קעניג אין איהר פערטהיידיגונג."

„זאָל דיך גאָט דערפאר בענשען," האָט עמיליא געענטפערט. „פאר דיין גוטסקייט צו אונזער אונגליקליכע קעניגין."

עמיליא איז אוועק צו הערמיאָנע'ן און איהר מיטגעטהיילט פאולינא'ס וואונש. הערמיאָנע האָט מיט פרייד דארויף איינגעשטימט און איבערגעגעבען פאולינא'ן דאָס קינד.

דיא גוטע פאולינא האָט גענומען דיא קליינע פרינצעסין, און איז אוועק צום קעניג. איהר מאַן האָט אפילו ניט געוואָלט זיא זאָל שטערען לעאָנטעס'ן, אָבער זיא האָט זיך מיט געוואלט אריינגעדרונגען אין פאַלאַץ און אוועקגעלעגט דאָס קינד פאר זיין פאטער'ס פיס. דאן האָט זיא אָבגעהאַלטען אַ שעהנע פערטהיידיגונגס רעדע פאר הערמיאָנע'ן, פאָרווארפענדיג דעם קעניג, אַז ער האָט ניט ריכטיג געהאנדעלט, און דאן איהם געבעטען ער זאָל רחמנות האָבען אויף זיין אונשולדיגער קעניגין און אויף איהר קינד.

אָבער פאולינא'ס ווערטער האָבען גראדע געהאַט אַ געגען־ווירקונג. לעאָנטעס איז שטאַרק אויפגערעגט געוואָרען, און בעפוילען איהר מאַן, אַנטיגאָנוס'ן, ער זאָל אוועקנעהמען זיין פרוי פון דאָרט.

ווען פאולינא איז אוועק, איז דאָס קינד געבליעבען נעבען פאטער'ס פיס. פאולינא האָט געמיינט, דאָס ווען ער וועט בלייבען אַליין, וועט ער בעטראַכטען דאָס אונשולדיגע געזיכט פון דעם קינד און חרטה האָבען אויף זיין רציחה.

נאָר פאולינא האָט אויך אין דעם געהאַט אַ טעות. אזוי שנעל וויא זיא איז ארויס, האָט דער אכזר'דיגער פאטער בעאויפטראגט אנטיגאָנוס'ן ער זאָל צונעהמען דאָס קינד, עס אוועקטראָגען ערגיץ־וואו צום ים און עס דאָרט איבערלאָזען עס זאָל שטארבען.

אנטיגאָנוס איז אָבער ניט געווען וויא קאַמילאָ, וועלכער האָט זיך

ניט געאיילט צו פאָלגען זיין העררן'ס בעפעהל. ער האָט גענומען דאָס קינד, דערמיט אַרויף אויף אַ שיף און בעאבזיכטיגט דאָס איבערצולאָזען ערגיץ־וואו אויף אַ וויסטען ברעג.

לעאָנטעס איז געווען ביי זיך פאָלקאָמען איבערצייגט, אַז הערמיאָנע איז שולדיג. ער האָט דערפאר אפילו ניט געוואָלט ווארטען ביז קלעאמאנעס און דיאָן וועלען צוריק קעהרען פון אַפאלאָ'ס טעמפעל אין דעלפאָס. דער־פאר, נאָך איידער דיא קעניגין איז געזונד געוואָרען פון איהר קימפעט און פון דעם שמערץ וואָס מען האָט ביי איהר צוגענומען דאָס קינד, האָט ער בעפוילען מען זאָל זיא שטעלען פאר דעם אדעל פון לאנד אָלס איהרע ריכ־טער און זיא זאָל פראָצעסירט ווערען פאר בעטריגען איהר מאַן.

בלאס, קראַנק, נאָהענט צום צוזאמענברעכען, איז ערשיענען הער־מיאָנע, דיא אונגליקליכע קעניגין אָלס געפאנגענע פאר איהרע געוועזענע אונטערטהאַנען און ערווארטעט צו עמפפאַנגען אַ שרעקליכען אורטהייל. פונקט דאמאָל זיינען ערשיענען אויך קלעאָמאנעס און דיאָן און געבראַכט דעם קעניג דעם ענטפער פון אָראקעל אוים דעלפאָס. לעאָנטעס האָט גע־געבען אַ בעפעהל מען זאָל אויפברעכען דעם זיגעל פון דעם בריעף וואו דער אָראַקעל־שפרוך איז געווען פערשריעבען און געהייסען מען זאָל אָלעם פאָר־לעזען הויך, יעדער זאָל הערען.

און אין דעם שפרוך פון דעם אָראקעל, זיינען געווען פאָלגענדע ווער־טער: —

„הערמיאָנע איז אונשולדיג. פאָליקסענעס איז אונשולדיג. קאמילאָ „איז אַ געטרייער פריינד. לעאָנטעס איז אַן אייפערזיכטיגער טיראַן, און „דער קעניג זאָל לעבען אָהן אַ יורש, ביז דאָס פערלוירענע וועט געפונען „ווערען."

אָלע אנוועזענדע האָבען אויפגעהויבען זייערע אויגען צום קעניג, נאָר קיינער האָט ניט געוואגט צו רעדען אַ וואָרט.

דאַן איז דער קעניג אויפגעשטאַנען, און שטאַרק אויפגערעגט, האָט ער ערקלערט, אַז ער גלויבט ניט וואָס דער אָראַקעל זאָגט; אַז אָלעס איז ליעגען און בעטרוג, אָנגעשטעלט און געפעלשט פון דער קעניגין'ס פריינד, און ער וויל, אָדער ער בעפעהלט, אַז דער פּאָרזיטצענדער ריכטער זאָל פאָרט־זעטצען דעם פראָצעס געגען דער קעניגין.

וועהרענד דער קעניג האָט גערעדט, איז אריינגעקומען אַ מאַן. נאָכ־דעם וויא דער קעניג האָט געענדיגט, האָט דער מאַן, אין אַ טרויעריגען

טאָן איבערגעגעבען דעם בעריכט, אז דער קליינער פרינץ מאַמיליוס, הער־רענדיג, אַז זיין מוטער ווערט פראָצעסירט פאר איהר לעבען, איז ער אומ־געפאלען, און פאר שאנדע און שמערץ, איז ער געשטאָרבען.

ווען הערמיאָנע האט געהערט וואס עס האט פאסירט מיט איהר ליעבעס קינד, איז זיא אומגעפאלען מיט א פערצווייפעלטען געשריי, און גע־חלש'ט.

דער אויפרוהר אין פאלאץ איז געווען זעהר גרויס. יעדער האט געשפירט, אַז לעאנטעס איז געווען דער מערדער פון דעם גוטען אָבער אונ־שולדיגען קינד, און אַלע האָבען אויך געגלויבט, אַז הערמיאָנע איז אונ־שולדיג.

לעאנטעס אַליין, צום ערשטען מאָל זייט דיא אייפערזוכט האט איהם אָנגעצונדען, האט געפיהלט, אַז ער האנדעלט ניט ריכטיג, ער האט א קוק געגעבען אויף זיין אונגליקליכער קעניגין, ליעגענדיג אויף דער ערד בלאס וויא א טויטע, און ער איז געריהרט געוואָרען. ער האט דאן שנעל צוגערופען פאולינא'ן און דיא אנדערע הויף־דאמען און בעפוילען מען זאָל ארויסטראָגען דיא קעניגין און זיא דערמינטערן. זיין וואונש איז באַלד ערפילט געוואָרען, דאָס הייסט, מען האט דיא קעניגין ארויסגעטראגען. עס האט אָבער ניט פיעל געדויערט און פאולינא האט צוריק געקעהרט מיט־טהיילענדיג דעם קעניג, אַז זיין פרוי הערמיאָנע איז טויט.

יעצט איז געקומען דיא צייט פון חרטה. פאר דעם אייפערזיכטיגען קעניג האט אויפגעבליטצט דאָס גאנצע שרעקליכע בילד פון זיין אונבעגרינ־דעטען פערדאכט און ער האט אָנגעהויבען איינצוזעהען, אַז ער האט געהאנ־דעלט וויא אן אמת'ער טיראן. ער האט געפיהלט, אַז ער איז געווען הער־מיאָנע'ס מערדער, און דיעזעלבע הערמיאָנע, וועלכע ער האט א מאָל אַזוי שטאַרק געליעבט, איז אונשולדיג. דאן האָבען געקלונגען אין זיינע אויערן דיא ווערטער פון דעם אָראקעל „ביז דאָס פערלוירענע וועט געפונען ווערען," און ער האט זיך אויך דערמאהנט אָן זיין ניי־געבוירענעם קינד וואָס ער האט פון זיך פערשטויסען.

לעאנטעס האט געזעהען, אַז ער האט געטויטעט זיין זוהן, זיין פרוי און פיעללייכט אויך זיין קליינע טאָכטער. יעדענפאלס ווייסט ער ניט וואו דיא לעצטע איז.

פונקט וויא פריהער דיא אייפערזוכט, אַזוי איז יעצט ארוים דיא חרטה אין זיין הארץ, נשמה און אלע געפיהלען. דיא חרטה האט זיך איינגע־

פרעסען טיעף אין איהם, בערויבט זיין רוה און זיין גליק און פון איהם גע־מאכט א שברי־כלי, א טרויעריגען און אונגליקליכען מענשען.

וואכען, מאנאטען און יאהרען זיינען אזוי אוועק, און יעדעס מאל — אלץ אונגליקליכער.

יעצט וועלען מיר צוריק קעהרען און זעהען וואס עס איז געווארען פון דער קליינער פרינצעסין. דיא שיף אין וועלכער אנטיגאנוס איז מיט איהר אוועק אויף'ן ים, איז געכאפט געווארען פון א וויטהענדען שטורעם און פערווארפען אין א האפען פון בעהמען, אין דעמזעלבען קעניגרייך וואו דער אומזיסט־בעליידיגטער קעניג פאליקסענעס האט זיך געפונען. אנטיגאנוס האט געלאנדעט און דארט איבערגעלאזט דאס קליינע קינד.

אבער אנטיגאנוס האט מעהר שוין ניט צוריק געקעהרט קיין סיציליען אום צו דערצעהלען לעאנטעס'ן וואס עס איז געווארען פון זיין טאכטער. דיא אורזאכע דערפון איז געווען פאלגענדע: אזוי וויא אנטיגאנוס האט גע־וואלט צוריק קעהרען צו דער שיף אין האפען, איז ארויס א בער פון וואלד און איהם צוריסען אויף שטיקער. דאס איז געווען א גערעכטע שטראף פאר א מענשען וואס פאלגט בעפעהלע פון שלעכטע און בייזע הערשער.

דאס קינד איז געווען אנגעטהאן אין טהייערע קליידער און אויף זיך געטראגען קאסטבארע בריליאנטען; ווייל הערמיאנע, איידער זיא דאט עס געשיקט צו איהר מאן, האט זיא עס פיין אויסגעציערט. אנטיגאנוס וויעדער האט דאס קינד ניט געטשעפעט. ער האט עס געלאזט וויא עס איז געווען פון דער מוטער, און נאך צוגעקלעפט א צעטעל דערצו מיט דעם ווארט „פערדיטא", אלס נאמען פון דעם קינד. „פערדיטא" הייסט פער־לוירענע, אבער ווער און וואס דאס קינד איז, האט דאס צעטעל ניט דער־צעהלט.

א פאסטוך וואס איז דארט גראדע פארבייגעגאנגען, האט דערזעהען דאס ארעמע און פערלאזענע קינד און עס אויפגעהויבען. דער פאסטוך איז געווען אן עדעלער און גוטער מענש. ער האט דאס קינד געבראכט צו זיין פרוי און דיעזע האט זיך אנגענומען צו זיין דעם קינד'ס מוטער.

ווען דער פאסטוך מיט זיין פרוי האבען ארונטערגענומען דיא קלייד־לעך פון דעם קינד, אום דאס ארומצו־וואשען האבען זיי בעמערקט דאס גרויסע רייכטהום. זיי האבען אלזא בעשלאסען קיינעם ניט צו דערצעהלען, אז זיי האבען געפונען דאס קינד. זיי זיינען נאכהער אוועק אין אן אנדערן טהייל פון דעם לאנד, וואו דער פאסטוך האט פערקויפט א טהייל פון דיא

בריליאנטען, פאר דעם געלד זיך איינגעקויפט שאף און רינדער און איז דערפון רייך געווארען.

דאס קינד האט ער גערופען מיט דעם נאמען פערדיטא, וויא דאס צעטעל האט געזאגט, און ער האט זיא ערצויגען אלס זיין אייגענע. ווען פערדיטא איז אויפגעוואקסען, האט זיא זיך גערעכענט אלס דעם פאס־טוך'ס טאכטער.

יאהרען זיינען אוועק און פון דער קליינער פערדיטא איז געווארען א פרעכטיגעס און שעהנעס מיידעל. כאטש זיא האט ניט געקענט האבען קיין בעסערע ערציהונג וויא דיעזע פון א פאסטוך'ס טאכטער, פון דעסט־וועגען איז זיא אויסגעוואקסען מיט א מין נאטירליכער עדעלקייט און פיינקייט, וואס איז געוועזען א ירושה פון איהר גוטער מוטער. דער אמת איז, אז אבוואהל ערצויגען ביי א פאסטוך, האט זיא זיך ניט בעדארפט שעהמען געגען אירגענד א דאמע אין איהר פאטער'ס קעניגלי־כען הויף.

און דאס שיקזאל האט געפיהרט צו מערקווירדיגע זאכען. קעניג פא־ליקסענעס האט געהאט אן איינציגען זוהן מיט דעם נאמען פלאריזעל. איין מאל איז דער יונגער פרינץ ארויסגעגאנגען אויף דער יאגד און דער וועג האט איהם פארבייגעפיהרט נעבען דעם פאסטוך'ס הויז, דארט האט ער, דורך א צופאל, דערזעהען פערדיטא'ן. איהר מערקווירדיגע שעהנ־קייט, גרויסארטיגע בענעהמונג און נאטירליכע ליעבליכקייט, האט איהם וויא בעצויבערט. עס האט ניט פיעל געדויערט און ער האט זיך פערליעבט אין איהר.

אבער פערדיטא האט איהם ניט גערעכענט פאר קיין פרינץ. ער האט זיך פאר איהר פארגעשטעלט אונטער דעם איינפאכען נאמען, דאריקלעס, און איהר דערצעהלט, אז ער איז א יונגערמאן פון רייכע אבער גע־וועהנליכע עלטערן. אלס אזעלכער האט ער אפט בעזוכט דעם פאס־טוך'ס הויז.

ווען מען פערליעבט זיך אין א שעהנעס און ליעבענסווירדיגעס מיידעל, פערגעסט מען אן דער גאנצער וועלט און איהר געזעלשאפט איז דאס איינ־ציגע וואס מען זוכט. פלאריזעל האט דערפאר אפט פערגעסען, אז ער איז א פרינץ, אז ער מוז זיין אין זיין פאטער'ס קעניגליכען הויף, און ער איז פערבליעבען נעבען זיין געליעבטע פערדיטא.

קעניג פיליאקסענעס האט בעמערקט, אז זיין זוהן פעהלט צו פיעל

אוים פון דער היים און דאָס האָט איהם שטאַרק בעאונרוהיגט. ער האָט דערפאַר אויפגעשטעלט זיינע שפּיאָנען זיי זאָלען זעהען וואוהין ער געהט און וואו ער פערברענגט. זיי האָבען אויסגעפונען דעם סוד, אז ער ליעבט דעם פּאַסטוך'ס טאָכטער.

פילאָקסענעס איז געווען אַ גוטער פאָטער; ער האָט אויך געוואָלט, אז זיין קינד זאָל גליקליך זיין, אָבער קעניגליכער יחוס שטעהט העכער וויא אַלעס און דאָס האָט איהם שטאַרק אויפגערעגט. סטייטש, זיין זוהן זאָל זיך פערליעבען אין אַ פּאַסטוך'ס טאָכטער! יעדענפאַלס האָט ער ניט געוואָלט מאַכען קיין איינציגען שריט פריהער ביז ער וועט זיך איבערצייגען, אַז זיין זוהן האָט זיך ווירקליך פערליעבט אין אַ פּאַסטוך'ס טאָכטער. ער האָט דערפאַר גלאַזט רופען זיין גוטען און געטרייען פריינד קאַמילאָ, וועלכער האָט אַ מאָל געראַטעוועט זיין לעבען, און איהם געבעטען ער זאָל מיט איהם מיטגעהען זעהען ווער דיעזע איז אין וועלכער זיין זוהן דער פּרינץ, האָט זיך געקענט פערליעבען.

דער קעניג און זיין פריינד האָבען זיך פערשטעלט און אוועק צום פּאַסטוך. עס איז דאַמאַלס פונקט געווען דיא צייט ווען מען שערט דיא שאָף און עס איז אַ יום־טוב. ווען דער פּאַסטוך האָט זיי דערזעהען, אָבוואָהל ער האָט זיי ניט געקענט און איז געווען שטאַרק בעשעפטיגט, האָט ער זיי באַלד איינגעלאַדען אין זיין הויז אום אנטהייל צו נעהמען מיט דער פאַמיליע ביים עסען און טרינקען.

און דער נאַטור־מענש מיט אַלע ארום איהם האָבען זיך געפרייט און זיך אַמוזירט אויף'ן העכסטען אופן. נאָך'ן עסען, האָבען יונגע לייט און יונגע מיידלעך, זיהן און טעכטער פון דיא שכנים געטאַנצט פאַרגניגט אויף'ן גראָז און יעדער איז געווען גליקליך.

בשעת דאָס אַלעס איז פאָרגעקומען, איז פלאָריזעל און פּערדיטאַ, געזעסען ערגיץ אין אַ ווינקעל און הנאה געהאַט פון זיך אַליין, רעדענדיג וועגען זייער ליעבע און גליקליכע צוקונפט. אַזוי זיינען געליעבטע, זיי אַמוזירט קיין זאַך מעהר וויא זייער אייגענע געזעלשאַפט.

דער קעניג און קאַמילאָ זיינען געווען אַזוי גוט פערשטעלט, אַז קיינער האָט ניט געוואוסט ווער זיי זיינען. פילאָקסענעס איז דערפאַר צוגעגאַנגען נעהענטער אום צו הערען וואָס דיא צוויי יונגע מענשען רעדען מיט אַנאַנדער.

פילאָקסענעס איז געווען איבערראַשט הערענדיג וויא שעהן, וויא אַנ־

גענעהם און וויא עדעל דעם פּאסטוך'ס טאָכטער האָט גערעדט מיט זיין זוהן. ער האָט דאן בעמערקט צו זיין בעגלייטער:

„דאָס מיידעל איז דאָס שעהנסטע פּאָלקס-קינד וואָס איך האָב נאָך ביז יעצט געזעהען. אַלעס וואָס זיא טהוט און זאָגט פּערראַטה ניט איהר ניעדריגע געבורט. פּערקעהרט, מען קען זיא רעכענען פאַר פיעל העכער."

„יא," האָט קאַמילא געענטפערט לאַכענדיג, „זיא איז דיא קעניגין פון פּוטער און מילך."

דער קעניג האָט זיך דאן געווענדעט צום פּאסטוך און געזאָגט:

„הער נאָר אויס, מיין גוטער פריינד. ווער איז דאָס דער שעהנער יונגער בחור וואָס רעדט צו דיין טאָכטער?"

„מען רופט איהם דאָריקלעס," האָט דער פּאסטוך געענטפערט. „ער זאָגט, אַז ער ליעבט מיין טאָכטער. דער אמת איז, אַז איך קען ניט זאָגען ווער עס ליעבט ווענען אם בעסטען. ווען דער יונגער מאַן וועט זיא קענען קריעגען וועט זיא איהם מיטברענגען עפּעס, פון וועלכען ער האָט קיין מאָל ניט גע'חלום'ט.

דער פּאסטוך האָט דערמיט געמיינט דיא בריליאַנטען וואָס ער האָט בעשטימט פאַר פּערדיטאַ'ס נדן. מען דאַרף ניט פערגעסען, אַז ער האָט בלויז געריהרט אַ קליינעם טהייל אום זיך איינצושאַפען אַ סטאַדע, און דאָס איבריגע וואָס איז געבליעבען, האָט ווירקליך ווערטה געהאַט אַ פּערמעגען.

„הער נאָר אויס, יונגער מענש," האָט פּילאַקסענעס געזאָגט צו זיין זוהן. „דיין הארץ זעהט אויס אָנגעפּילט מיט עפּעס וואָס נעהמט דיך אוועק אין גאַנצען פון דער שמחה וואָס געהט דאָ פאָר. ווען איך בין גע־ ווען יונג און געליעבט, האָב איך מיין געליעבטע פערשאָטען מיט שעהנע מתנות. דוא ווידער האָסט פּערגעסען אין אַלעמען, דען דאָ איז נאָר וואָס געווען אַ פּעדלער מיט שעהנע צאַצקעס און דוא האָסט איהם געלאָזט אוועק־ געהען און גאָר ניט געקויפט."

דער פּרינץ, ניט וויסענדיג, אַז דאָס רעדט צו איהם זיין פאַטער, האָט געענטפערט:

„אַלטער הערר, זיא אינטערעסירט זיך ניט מיט קליינינגקייטען און נאַררישקייטען. דיא מתנות וואָס פּערדיטאַ ערוואַרטעט פון מיר ליעגען דאָ, אָבגעשלאָסען אין מיין האַרצען."

דאן האָט דער פּרינץ געזאָגט צו פּערדיטאַ'ן:

„הער, פערדיטא, אין דער געגענוואַרט פון דיעזען אַלטען הערר, וועל־כער זעהט אויס, אַז ער האָט אַ מאָל אויך געליעבט, וויל איך דוא זאָלסט אויסהערען וואָס איך זאָג דיר. איך ליעב דיך מיט דער גאַנצער קראַפט פון מיין נשמה, און דיעזע ווערטער זאָלען זיין צווישען אונז ביידע אַ קאָנטראַקט אונז צו פעראייניגען אויף אייביג.“

ווייטער האָט שוין פילאַקסענעס דאָס ניט געקענט לאָזען געהען. זיך ענטדעקענדיג ווער ער איז, האָט ער אויסגעשריען:

„און איך צוריים דיעזע פעראייניגונג!“

נאָך דיעזע ווערטער, האָט דער קעניג געמאַכט זיין זוהן ביטערע פאָר־ווירפע וואָרום ער האָט געוואָגט צו פערקעהרען מיט אַ מיידעל פון ניעדריגער געבורט. ער האָט איהם געזידעלט און זיא בעליידיגט.

„און וועגן דוא, ניעדריגע!“ האָט ער געדונערט צו פערדיטא׳ן, „וועסט דיך ניט צוריק ציהען פון איהם, וועל איך לאָזען דיין פאטער און דיך, אייך ביידע צוזאמען, אויפהיינגען וויא דיא הינט!“

ווען ער איז פערטיג געוואָרען מיט זיין זידלעריי, האָט ער, אין גרויסער אויפרעגונג, געהייסען קאמילא׳ן, ער זאָל איהם נאכפאָלגען צוזאמען מיט פרינץ פלאָריזעל.

ווען פילאַקסענעס איז אוועק, איז פערדיטא צוגעקומען צו דיא איבריגע מענשען. שטאָלץ און ניט דערשראָקען, מיט אַ פעסטער שטימע, האָט זיא געזאָגט:

„כאָטש דאָס וואָלט אונז אַלע געקענט אונגליקליך מאַכען, האָט דאָס מיר אַלץ ניט אָבגעשראָקען. איך האָב שוין געהאַלטען דערביי איהם צו זאָגען, אַז דיעזעלבע זונן וואָס שיינט אויף אַ פאַלאַץ שיינט אויך אויף אַ קליין ארעם שטיבעל. אָבער איך האָב מיר גערעכענט, אַז דאָס לוינט זיך ניט. עס פרייט מיך וואָס דאָס האָט פאַסירט. בעסער אַזוי. דער חלום איז פאַריבער. אויס געליעבטע, אויס קעניגין! יעצט וועל איך געהען מעלקען דיא קיה, דיא שאָף און — וויינען.“

קאמילא האָט זיך געמאַכט אַ גאַנץ אַנדערן בעגריף פון דעם וואָס ער האָט ערפאַהרען, פאַר אַלעמען איז איהם דאָס שעהנע און שטאָלצע מיידעל גאַנץ גוט געפעלען געוואָרען, און דאן האָט ער פערשטאַנען, אַז דער יונגער פרינץ איז שוין צו פיעל פערליעבט אין איהר און ווען ער וועט מיט איהר ניט חתונה האָבען, וועט זיך ניט אויסלאָזען גוט. ער האָט דערפאַר אָנ־

געהויבען צו קלערען מיטלען וויא אזוי ער זאָל דאָך פערְאייניגען דיעזען אונ־גלייכען שידוך.

קאמילא האט ערפאהרען דורך זיינע פריינד אין דער היים, אז קעניג לעאנטעס האט שוין לאנג חרטה געהאט אויף זיין איבעראיילטער אייפער־זוכט, און כאָטש קאמילא איז געווען דער גוטער פריינד און יועץ פון קעניג פילאקסענעס, האט ער פון דעסטוועגען זיך געוואונשען נאָך צוריק צו קעהרען אהיים און זיין אויף זיין אלטער שטעללע.

אין הויף פון פילאקסענעס האבען זיך דערווייל אנגעהויבען אינטריגען און סקאנדאלען איבער דער ליעבע פון פרינץ פלאָריזעל. קאמילא האט זיך אין א טאָג מיישב געווען און געמאכט פלאריזעל'ן א פאָרשלאג, אז ער זאָל נעהמען פערדיטא'ן און צוזאמען מיט איהם, זאָלען זיי אלע אוועק־פאָהרען נאָך סיציליען און ער וועט פועל'ן, ערשטענס, אז קעניג לעאנטעס זאָל זיי בעשיטצען, און דאן זאָל ער אויסווירקען, אז פילאָקסענעס זאָל איינשטימען, אז דיא יונגע מענשען זאָלען חתונה האָבען.

דיא יונגע געליעבטע האָבען גלייך איינגעשטימט צו דיעזען פאָרשלאג. קאמילא, וועלכער האט געפלאנט דיא גאנצע געשיכטע, האט אויך מיט זיי מיטגעשיקט דעם אלטען פאסטוך.

דער פאסטוך האט מיטגענומען פערדיטא'ס בריליאנטען, איהרע קלייד־לעך וואָס זיא האט געטראָגען אלס קינד, און אויך דאָס צעטעל וואָס איז געווען צוגעקלעפּט צו איהרע מלבושים ווען ער האט זיא געפונען.

עס איז געווען א געוואגטער שריט, אָבער דיא ליעבע וואגט און שטעלט איין אלעס. עס איז דיא יונגע מענשען, צוזאמען מיט דעם פאסטוך, ענדליך געלונגען אנצוקומען נאָך סיציליען און זיי זיינען אריין אין הויף פון קעניג לעאנטעס.

קעניג לעאנטעס, וועלכער האט נאָך אימער געקלאָגט אויף הערמיאָנע'ן און אויף זיין פערלוירענעס קינד, האט זעהר פריינדליך עמפּפאנגען קא־מילא'ן און אויך העפליך אויפגענומען פּרינץ פלאריזעל. אָבער פערדיטא, וועלכע פלאריזעל האט פאָרגעשטעלט אלס זיין פרינצעסין, האט אויסגע־זעהען צו אינטערעסירען דעם קעניג מעהר וויא אלעס.

דיא אורזאכע דערפון איז געווען פאָלגענדע : אזוי וויא ער האט דערזעהען פערדיטא'ן, האט זיך איהם באלד געוואָרפען אין דיא אויגען אן עהנליכקייט — אן עהנליכקייט צו זיין געליעבטע, פעראונגליקטע און בע־טרויערטע הערמיאָנע. און אזוי וויא ער האט זיך גוט איינגעקוקט צו דער

עהנליכקייט, האָט איהם זיין האַרץ אָנגעהויבען צו קלאַפּען און דער שמערץ איז אָבגעפרישט געוואָרען פון דאָס ניי.

„אַך," האָט ער זיך געטראַכט, „אַט אזא שעהנעם און ליעבענסווירדי־געם מיידעל האָב איך שוין יעצט געקענט האָבען אַלס מיין אייגענע טאָכ־טער, אָבער דורך מיין ווילדער אייפערזוכט, האָב איך אַלעס פערלוירען."

דאַן, זיך ווענדענדיג צו פלאָריזעל, האָט ער געזאָגט:

„מיין ווערטהער יונגער פריינד! וואָס קען איך טהון פאר דיר? איך אליין בין געבראָכען אין גייסט און מוטה, דיין פאטער'ס פריינדשאַפט האָב איך פערלוירען, וואָס בין איך אימשטאַנדע צו טהון אום דיך גליקליך צו מאַכען?"

ווען דער אַלטער פאסטוך האָט געהערט וויא לעאָנטעס האָט זיך אינ־טערעסירט מיט פערדיטאַ'ן, און אז ער האָט אויך פערלוירען אַ טאָכטער ווען זיא איז געווען אַ קליין קינד, האָט ער אָנגעהויבען אויסצורעכענען ווען און צו וואָס פאר אַ צייט דאָס האָט פאסירט. דאַן האָט ער זיך דער־מאַהנט אן דיא רייכע קליידלעך, אַן דער ציערונג, און ער איז געקומען צום בעשלוס, אז עס קען אנדערש ניט זיין, אז פערדיטאַ איז דעם קעניג'ס פערלוירענע טאָכטער.

אין אַ קורצע צייט ארום, ווען פלאָריזעל מיט פערדיטאַ'ן און קאַמילאַ מיט דער אַלטער קעניגין'ס פריינדין פאולינא, זיינען געוועזען צוזאַמען מיט'ן קעניג, האָט דער פאסטוך געבעטען אום ערלויבניס עפּעס צו דערצעהלען. דער קעניג האָט איהם ערלויבט

דער פאסטוך האָט אָנגעפאַנגען דיא געשיכטע וויא אזוי ער האָט געפו־נען דאָס קינד, און דערביי דערצעהלט, אז ער האָט געזעהען אַ מאַן (אַנ־טיגאָנוס'ן) ענטלויפען און ער האָט געוואָרטהיילט, אז דיעזער האָט איבער־געלאָזט דאָס קינד, אין דערזעלבער צייט אָבער, האָט ער אויך מיטגע־טהיילט, דאָס פון וויטען האָט ער צוגעזעהען וויא אַ בער האָט צוריסען דעם מאַן אויף שטיקער.

אום צו בעשטעטיגען זיינע ווערטער, האָט ער ארויסגענומען דעם שעהנעם מאַנטעל אין וועלכען הערמיאָנע האָט איינגעוויקעלט פערדיטאַ'ן. פאולינא האָט גלייך דערקענט דעם מאַנטעל. נאָכדעם האָט ער ארויסגע־נומען דיא איבערגעבליעבענע ציערונג וואָס הערמיאנע האָט ארויפגעלעגט אויף'ן קינד און דעם צעטעל, אויף וועלכען פאולינא האָט אין אויגענבליק ־ערקענט איהר מאַן'ס האַנדשריפט.

לעאנטעס איז געווען וויא צוטומעלט, בערוישט, און ניט געוואוסט וואָס צו זאָגען.

דיא גוטע פּאולינא, איז געווען צווישען טרויער איבער איהר מאַן'ס טויט און צווישען פרייד וואָס דער אָראקעל פון דעלפאס איז ענדליך מקוים געוואָרען, אַז דעם קעניג'ס לאנג פערלוירענע טאָכטער וועט געפונען ווערען און איז אויך געפונען געוואָרן.

דאן האָט דער קעניג אָנגעהויבען זיך אַ ביסעל צו בערוהיגען, איבער־לעגען און פערשטעהען, אַז פּערדידא איז ווירקליך זיין קינד. ער האָט זיך געוואָלט פרייען, נאָר אויף זיינע געדאנקען איז ווידער געקומען דיא שרעק־ליכע עראינערונג פון הערמיאָנע'ס טרויעריגען טויט, און, אויסברעכענ־דיג אין טרערען, האָט ער קוים ארויסגעשטאַמעלט צו פּערדאטא'ן דיא ווערטער:

„אַך, דיין מוטער, דיין מוטער!"

פּאולינא האָט אונטערבראָכען דיעזע פרעהליך־טרויעריגע סצענע, ווען זיא האָט זיך געווענדעט צו לעאנטעס'ן און אזוי געזאָגט:

„מאיעסטעט, איך האָב אַ סטאַטוע, וועלכער דער גרויסער איטאַליע־נישער מייסטער זשוליא ראָמאַנאָ, האָט נאָר וואָס פארטיג געמאכט. דיעזע סטאַטוע טראָגט דיא מערקווירדיגע עהנליכקייט צו דער קעניגין. ווען אייער מאיעסטעט וויל, וועט איהר מיטגעהען מיט מיר אין מיין הויז און דאָרט וועט איהר זעהען עפּעס וואָס וועט אייך טרייסטען אויף אייער גרויסען פערלוסט."

דער קעניג איז געווען איבערראשט. ער האָט ניט גענוי פערשטאַנען וואָס מען רעדט צו איהם, אָבער ער איז געווען בערייט צו געהען וואוהין מען וועט איהם פיהרען און טהון וואָס מען וועט איהם הייסען, אבי ער זאָל געפינען אַ ביסעל טרייסט.

זיי זיינען אַוועק. דער קעניג האָט געוואָלט זעהען סאַי־וואָס, אבי ער זאָל זיך עראינערן אן זיין הערמיאָנע, און פּערדיטא איז געווען נייגיעריג צו זעהען אַ בילד פון איהר מוטער.

אריינקומענדיג אין אַ גרויסען זאַל, האָט פּאולינא אויפגעהויבען אַ פּאָרהאַנג און פאר זיי איז ערשיענען אַ וואונדערבאַרע סטאַטוע, וועלכע איז געווען אַזוי עהנליך צו הערמיאָנע'ן, דאָס דעם קעניג'ס גאַנצע שמער־צען האָבען ערוואַכט, און אַ לאַנגע צייט איז ער געשטאַנען וויא פּאַראַ־ליזירט, ניט קענענדיג רעדען אַ וואָרט פאר שמערץ און ערשטוינונג.

„מיר געפעלט אייער שווייגען, מאַיעסטעט." האָט פּאולינא געזאָגט. „עס דערצעהלט אייער אויפריכטיגע חרטה, איז דיא סטאטוע ניט עהנליך צו דער קעניגין ?"

„יא, אַזוי פלעגט זיא שטעהען, אַזוי הערדליך, אַזוי פּרעכטיג, און זאָגאר אין דיעזער פּאָזיציע האָב איך מיך צום ערשטען מאָל צו איהר ער־קלערט אין ליעבע. אָבער דאָך, פּאולינא, זאָג מיר, דאמאלס, ווען איך האָב פערלוירען מיין הערמיאָנע'ן, איז זיא נאָך געוועזען יונג, און יעצט, זעה, איז זיא געעלטערט."

„דאָס איז דעם סקולפּטאר'ס קונסט," האָט פּאולינא געענטפער. „ער האָט געמאַכט, אַז פּאולינא זאָל אויסזעהען וויא זיא האָט געקענט זיין יעצט, ניט וויא אַ מאָל. אָבער, מאַיעסטעט, לאָזט מיך צוריק אַרונטער־לאָזען דעם פּאָרהאַנג, זאָנסט, אין אייער אויפרעגונג, וועט זיך אייך אויסדאכטען, אַז דיא סטאַטוע בעוועגט זיך."

„ניין, ניין," האָט דער קעניג זיך געבעטען. „לאָז ניט צוריק אַרונ־טער דעם פּאָרהאַנג. הלוואי וואָלט איך געוועזען טויט איידער צו דערלעבען אזא צייט. גוטער קאמילא, זאָג מיר, זעהט עס ניט אויס גלייך וויא זיא אטהעמט ? איהרע אויגען זעהען אויס אין זיך צו האָבען בעוועגונג."

„ענטשולדיגט, מאַיעסטעט," האָט פּאולינא געזאָגט אַ ביסעל שטרענג. „איך מוז אַרונטערלאָזען דעם פּאָרהאַנג. איהר זייט אַזוי אויפגערעגט, אַז איהר וועט באַלד זאָגען, דאָס דיא סטאַטוע לעבט."

„אָך, גוטע פּאולינא," האָט דער קעניג געמורמעלט מאַכטלאָז. „זאָל איך דענקען וואָס עס וויל זיך, זעה, זעה, מיר דאַכט פּאָרט, אַז איך שפּיר, דאָס אין דער סטאַטוע איז לעבען. וואָס איז דאָס פיר אַ קינסט־לער, ווען ער האָט געקענט אַזוי נאָכאַהמען דער נאַטור ? זאָל קיין מענש פון מיר חוזק מאַכען, איך מוז זיא קושען !"

„גוט, מאַיעסטעט," האָט פּאולינא געזאָגט, „טהוט וואָס איהר ווילט. דיא פאַרב אויף איהרע ליפּען איז נאָך נאַס ; איהר וועט זיך אויסשמירען דערמיט דיא ליפּען. לאָזט מיך צוריק אַרונטערלאָזען דעם פּאָר־האַנג."

„ניין, ניין, טהו עס ניט !" האָט דער קעניג געשריען ציטע־רענדיג.

פּערדיטא, וועלכע איז דיא גאַנצע צייט געשטאַנען קניענדיג און

בליקענדיג מיט בעוואונדערונג אויף איהר שעהנער מוטער, האָט אויך גע־זאָגט:

„שטערט אונז ניט אונזער טרייסט און פערגניגען. לאָזט מיך ווייטער קוקען אויף מיין גוטער מוטער.“

„ענטוועדער איהר לאָזט מיך אַרונטערלאָזען דעם פאָרהאַנג,“ האָט פאולינא געזאָגט, אָדער איהר וועט זיך פאַרבערייטען אויף אַ גרויסער איבערראַשונג. יאַ, איך קען מאַכען דיא סטאַטוע זאָל זיך בעוועגען. נאָך מעהר, זיא זאָל אַרונטערשטייגען פון דעם פעדעסטאַל און אייך אָננעהמען ביי דיא הענד. אָבער דאַן וועט איהר מיינען, אַז איך בין אַ מכשפה, און איך פערזיכער אייך, אַז איך בין עס ניט.“

„אַלעס וואָס דוא קענסט מאַכען זיא זאָל טהון,“ האָט דער ערשטויג־טער קעניג געזאָגט, „בין איך בערייט בייצוּוואָהנען. וואָס דוא קענסט איהר מאַכען רעדען, בין איך בערייט צו הערען. ווייל, אַזוי לאַנג וויא זיא קען זיך בעוועגען, קען זיא שוין אויך רעדען.“

אויף אַ וואונק פון פאולינא'ן, האָט אָנגעפאַנגען אַן ערנסטע שטילע מוזיק צו שפּיעלען, וואָס זיא האָט פון פריהער פאַרבערייטעט פאַר דיע־זער געלעגענהייט. דאַן, צום ערשטוינען פון אַלע אנוועזענדע, האָט דיא סטאַטוע אָנגעפאַנגען אַרונטער צו געהען פון דעם פעדעסטאַל. אַזוי וויא זיא איז אַרונטער, איז זיא צוגעלאָפען צו לעאָנטעס'ן, איהם אומאַרמט און צוגעדריקט צו איהר ברוסט.

דאַן האָט דיא סטאַטוע אָנגעהויבען צו רעדען און בעטען גאָט פאַר איהר מאַן און פאַר איהר קינד, דיא פערלוירענע און געפונענע פערדיטא.

אָבער עס איז ניט געווען קיין סטאַטוע פון קאַלטען מאַרמאָר, עס איז געווען דיא לעבעדיגע קעניגין הערמיאָנע, וועלכע האָט געוויינט פאַר פרייד מיט הייסע און קאָכעדיגע טרערען פון איהרע אויגען, וואָס דאָס שיקזאַל האָט זיי אַלעמען ווידער צוזאַמענגעפיהרט.

עס האָט זיך נאָכהער אַרויסגעוויעזען, אַז פאולינא האָט פערבערייטעט אַ פאַלשען בעריכט איבער דעם טויט פון הערמיאָנע'ן, אַז דיא קעניגין האָט געלעבט, און, ווען דיעזע נאַכריכט וואָלט ניט פערברייטעט געוואָרען, וואָלט זיא דער קעניג, פיעלייכט, אין זיין ערשטען צאָרן, ערמאָרדעט.

און צוזאַמען מיט דער גוטער פאולינא האָט זיא געוואָהנט דיא גאַנצע צייט, אימער אַכטונג געבענדיג, אַז לעאָנטעס זאָל ניט ערפאַהרען, אַז זיא לעבט. דאָס האָט געדויערט אַזוי לאַנג, ביז זיא האָט געהערט דיא

גליקליכע בשורה, אז איהר קינד, אז איהר פּערדיטא איז אויפגעזוכט גע־וואָרען און זיא געפינט זיך נאָהענט פון איהר. יא, ביז דאמאלס האָט זיא געשוויעגען, דען אָבוואָהל זיא האָט אַזוי שטארק געליעבט לעאָנטעס'ן, האָט זיא איהם דאָך ניט געקענט פערצייהען דיא גרויזאמקייט מיט וועלכער ער האָט געהאַנדעלט געגען איהר אונשולדיגעס קינד, וואָס ער האָט געהייסען איינפאך אומברענגען.

נאָכדעם וויא דיא טויטע קעניגין האָט צו איהם צוריק געקעהרט אַלס א לעבעדיגע, נאָכדעם וויא זיין פערלוירענע טאָכטער איז געפונען געוואָרען, האָט לעאנטעס, נאָך זיין גרויסען טרויער און שמערץ, קוים געקענט אַריי־בערשטעהען דיא גרויסע פרייד.

פון אַלע זייטען זיינען געקומען פריינד און פערעהרער, אויסצודריקען זייערע גליקס־ווינשע און גראַטולירונגען דעם קעניג.

יעצט ערשט, האָבען לעאנטעס און הערמיאָנע געדאנקט, מיט טרערען אין זייערע אויגען, דעם פּרינץ פלאָריזעל, פאר ליעבען זייער טאָכטער אַלס א פּאסטוך'ס אַ קינד און ניט אַלס פּרינצעסין. זיי האָבען אויך ניט פערגעסען צו בענשען און לויבען דעם אַלטען פּאסטוך, דערפאר וואָס ער האָט אַזוי אָבגעהיט און ערצויגען זייער קינד.

קאמיללאָ און פּאולינא זיינען געוועזען איבער גליקליך וואָס זיי האָבען דערלעבט צו זעהען וויא גוטסקייט ווערט ענדליך אנערקענט און בעלוינט.

אין דערזעלבער צייט האָבען שליחים געאיילט צו קעניג פּאליקסענעס און איהם בענאַכריכטעט, אז זיין זוהן געפינט זיך ביי זיין אַלטען פריינד לעאנטעס.

אום דיא שמחה זאָל זיין פאָלקאָמען, איז פּאליקסענעס אָנגעקומען קיין סיציליען און איז אויפגענומען געוואָרען מיט דער גרעסטער עהרע אין לעאנ־טעס'עס פּאלאץ.

דיא געשיכטע איז אזוי געוועזען: ווען פאליקסענעס האָט צום ערשטען מאָל בעמערקט, אַז זיין זוהן, פּרינץ פלאָריזעל מיט קאמיללאָ'ן, פעהלען, האָט ער זיך דערמאהנט, אַז קאמיללא האָט שוין לאַנג געדענקט צוריק צו קעהרען נאָך סיציליען. ער האָט ריכטיג אויסגערעכענט, אַז זיי ביידע מוזען דאָרט זיין. אויף'ן וועג האָט ער בעגעגענט דיא שליחים און ער איז דערפאר אָנגעקומען פּונקט צו דער שמחה.

פלאָריזעל, מיט דער ערלויבנים פון זיין פאָטער, האָט דאן חתונה געהאַט מיט פּערדיטאַ'ן, און ביידע עלטערן האָבען דערלעבט צו זעהען זייע־רע קינדער גליקליך.

# פיעל רעש איבער גאר ניט.



ין דעם פאלאץ פון מעססינא, איטאליען, האבען געוואהנט צוויי דאמען, הערא און ביטריס (בעאטריצא.) הערא איז געוועזן דיא טאכטער, און ביטריס דיא פלימעניצע (ניכטע) פון לעאנאטא, דער גאווערנאר פון מעססינא.

ביטריס איז געוועזן א פרעהליך און מונטער מיידעל און ליעב געהאט צו אמוזירען איהר קוזינע הערא, וועלכע האט געהאט אן ערנסטערע נאטור.

אין דער צייט פון וועלכער דיעזע געשיכטע פאנגט אן, האט פאסירט אזא זאך : אייניגע יונגע לייט, פון הויכען ראנג, אין דער ארמעע, זיינען פארבייגעפאהרען מעססינא, זיי זיינען געקומען פון א גרויסער און שווערער מלחמה וואו זיי זיינען געוועזן דיא זיעגער, און יעדער איינער פון דיעזע יונגע מענער, האט זיך אויסגעצייכענט אויף'ן שלאכטפעלד מיט פערשיעדענע העלדענטהאטען. צוריק קעהרענדיג האבען זיי אבגעשטיעגען אין מעססינא און זיי זיינען געוועזן דיא געסט פון לעאנאטא'ן.

אונטער דיעזע פראמינענטע געסט האט זיך געפונען דאן פעדרא, דער פרינץ פון ארראגאן, און זיין פריינד קלאודיא, דער הערשער פון פלארענץ; מיט זיי איז אויך געקומען דער צולאזענער און שארפזיניגער וויטצלינג בענעדיק, דער הערשער פון פאדוא.

אלע צוזאמען זיינען שוין פריהער געוועזן אין מעססינא און דער גאסטפריינדליכער גאווערנאר האט זיי פארגעשטעלט, נאך דאמאלס, פאר זיין טאכטער און פלימעניצע, דערצעהלענדיג דיא מיידלעך, אז זיי, דיא יונגע לייט, זיינען זיינע אלטע בעקאנטע און פריינד.

דערפאר, ווען בענעדיק איז אריינגעקומען אין הויז, האט ער, טאקי

וויא אַן אַלטער בעקאַנטער, באַלד אָנגעהויבען אַ געשפּרעך מיט לעאָנאַטאָ׳ן און דעם פּרינץ. מען האָט געזאָגט וויטצען, געלאַכט און זיך הערצליך אַמוזירט.

ביטריס, וואָס האָט ליעב געהאַט אַזעלכע סצענעס, איז אויך אריין אין געשפּרעך, און, וויא געוועהנליך, האָט זיא באַלד אָנגעגריפען דעם וויטציגען בענעדיק מיט דיעזע ווערטער:

„מיך וואונדערט, סיניאָר בענעדיק, וואָס איהר האַלט אין איין רעדען וועהרענד קיינער הערט אייך ניט.“

בענעדיק האָט תמיד ליעב געהאַט יענעם צו טרעפען מיט אַ שטאָך־וואָרט, אָבער איהם האָט גאָר ניט געשמעקט, ווען מען האָט זיך לוסטיג געמאַכט אויף זיין חשבון. לויט זיין אנזיכט, איז עס געוועזען גאַנץ אונ־פּאַסענד פאר אַ יונגע און גוט־ערצויגענע דאַמע צו האָבען אַזאַ אָפען מויל. ער האָט זיך אויך דערמאַהנט, ווען ער איז געוועזען צום לעצטען מאָל אין מעססינאַ, האָט איהם דיעזעלבע ביטריס געמאַכט פאר׳ן ציעל־ברעט פון איהרע שטעכעדיגע רייד.

בענעדיק און ביטריס האָבען בעלאַנגט צו איין קלאַס, דאָס הייסט, זיי האָבען שטאַרק הנאה געהאַט חוזק צו מאַכען פון אַ צווייטען, און זיי האָט גאָר ניט געשמעקט, ווען יעמאַנד האָט זיי אָנגעגריפען. דערפאַר, האָט דער פּרינץ און אַלע אנוועזענדע געדענקט, דאָס ווען דיעזע צוויי האָבען זיך בעגעגענט, האָבען זיי זיך אימער געווערטעלט און זיך צושיידט האַלב ברוגז.

ביטריס׳עס אריינפאַהר אין זיין געשפּרעך און איהם אונטערברעכענ־דיג, האָט בענעדיק׳ן שטאַרק אויפגערעגט, און, האַלב בייז, האָט ער געענטפערט:

„וואָס, מיין טהייערע דאַמע פּעראַכטונג, איהר לעבט נאָך? איך האָב געמיינט, אַז איהר זייט שוין לאַנג אַוועק שלאָפען מיט דיא שוויי־גענדיגע?“

דאָס איז געוועזען אַ קריעגס־ערקלערונג פוןביידע זייטען. זיי האָבען זיך, אויף׳ן שעהנעם אופן, גאַנץ גוט בעליידיגט. און ביטריס, אָבוואָהל זיא האָט געוואוסט, אַז בענעדיק האָט זיך אויסגעצייכענט אַלס גרוי־סער און בראַווער העלד אין לעצטען קריעג, האָט זיא שפּאָטיש בע־מערקט:

„סיניאר, איך וואָלט וועלען אויפעסען אַלעס וואָס איהר האָט גע־הרג׳עט אויף׳ן שלאַכט־פעלד.“

דאָס האָט געהייסען, ערשטענס. אַז זיא גלויבט ניט אין זיינע העל־דען־טהאַטען, און, צווייטענס, בעמערקענדיג, אַז דער פרינץ אַמוזירט זיך זעהר פון זיינע וויטצען, האָט זיא איהם אָנגערופען „דעם פרינץ׳ס וויטצלינג.“

דיא לעצטע ווערטער איבערהויפּט, האָבען געטראָפען בענעדיק׳ן ביז אין דער טיעפקייט פון זיינע געפיהלען. ער, עמיצען׳ס וויטצלינג! דאָס איז געווען אַ שטאָך וואָס האָט וועה געטהאָן. דער אויסדרוק, אַז זיא וואָלט אויפגעגעסען וואָס ער האָט גע׳הרג׳עט, האָט איהם ניט גערערט, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז יעדען זיינען בעקאַנט זיינע גבורות; נאָר אַ מענש, וואָס זאָגט וויטצען, ווערט שרעקליך בעליידיגט, ווען מען רופט איהם עמיצען׳ס קאָמיקער אָדער וויטצלינג. דאָס איז אונגעפעהר, וויא האָפנאַר. און דיא אורזאכע דערפון איז, ווייל דאָס איז, פיעל אָדער ווע־ניג, אַז פאַר׳ן אמת, ווערט יעדער ברוגז.

פאַר דעם אויסדרוק „דעם פרינץ׳ס וויטצלינג,“ האָט ער איינפאַך גע־האַסט ביטרים׳ן.

דאָס שטילע און רוהיגע מיידעל הערא, האָט געשוויגען אין דער גע־גענוואַרט פון דיא אַדעליגע געסט. ווערענד קלאַודיא האָט אויפמערקזאַם שטודירט איהר שעהנהייט וואָס איז געוואַקסען זייט דעם לעצטען בעזוך, און בעטראַכט איהרע פּרעכטיגע פיגור, ווייל זיא איז ווירקליך געווען אַ וואונדערבאַרע שעהנקייט, האָט זיך דער פרינץ הערצליך אַמוזירט הערענ־דיג דעם וויטציגען געשפּרעך צווישען בענעדיק און ביטרים. זיך צובייגענ־דיג צו לעאָנאַטאָ׳ן האָט ער איהם איינגערוימט:

„זיא איז אַ מוטהיגע און פרעהליכע דאַמע. זיא וואָלט געווען אַן אויס־געצייכענטע און פאַסענדע פרוי פאַר בענעדיק׳ן.“

„אַך, מיין הערר,“ האָט לעאָנאַטאָ געענטפערט, „ווען זיי זאָלען זיין איין וואָך פערהייראַטעט, וואָלטען זיי אַזוי פיעל אָנגערעדט איינער צום צווייטען, אַז זיי וואָלטען משוגע געוואָרען פון זייערע אייגענע רייד.“

אָבער טראָטץ דעם וואָס לעאָנאַטאָ האָט גערעכענט, אַז זיי וואָלטען געווען דאָס אונגליקליכסטע פּאָאָר פאָלק איז דעם פרינץ אַריין אין קאָפּ אַ אידעע, אַז מען דאַרף צווישען זיי ביידע אויספיהרען אַ שידוך.

ווען דער פרינץ איז צוריקגעקומען מיט קלאַודיא׳ן פון דעם פּאַלאַץ,

האָט ער ענטדעקט, אַז דער שידוך וואָס ער האָט גערעכענט אויסצופיהרען צווישען ביטריס׳ן און בענעדיק׳ן, איז ניט געווען דער איינציגער אייף׳ן פּראָגראַם, ווייל ער האָט געהערט קלאַודיאַ׳ן רעדען מיט אַזאַ פייער און בעגייסטערונג איבער העראָ׳ן, אַז דער פּרינץ האָט באַלד פערשטאַנען וואָס עס געהט פאָר אין קלאַודיאָ׳ס האַרץ. און דאָס איז איהם זעהר געפעלען געוואָרען, ווייל ביי איהם האָט עס אויסגעזעהען גאַנץ פּאַסענד ווען דיא צוויי זאָלען זיך פערהייראַטהען.

ער האָט דאַן קלאַודיאָ׳ן אַזוי געפרעגט:

„ביסטו ווירקליך פערליעבט אין הערא׳ן?“

„אַך, מיין הערר,“ האָט קלאַודיאָ געענטפערט. „ווען איך בין געוועזען צום לעצטען מאָל אין מעססינאַ, האָב איך זיא בעטראַכט מיט דיא אויגען פון אַ סאָלדאַט, פון אַ קריעגער, וועלכען עס געפעלט אַ שעהן מיידעל, אָבער ער האָט קיין צייט ניט ליעב צו האָבען. יעצט אָבער, אין דיעזער גליק־ליכער פריעדענס־צייט, האָבען דיא קריעגס־געדאַנקען מיך פערלאָזט און אַנשטאַט דעם שפּיר איך גליקליכע געפיהלען, וועלכע דערצעהלען מיר וויא שעהן הערא איז, און דערמאַהנען מיך אויך, אַז איך האָב, אויך פאַר׳ן קריעג, געליעבט הערא׳ן, נאָר איך האָב עס אַליין ניט געוואוסט.“

דער פּרינץ איז געווען זעהר צופריעדען וואָס קלאַודיאָ האָט איהם דערצעהלט דעם אמת. ער האָט אויך בעשלאָסען קיין צייט צו פערלירען און זעהען, אַזוי שנעל וויא מעגליך, צוזאַמען ברענגען דיעזע צוויי יונגע און ליעבענדע זעעלען. ער האָט אַלזאָ באַלד אויפגעזוכט לעאָנאַטאָ׳ן און איהם פאָרגעשלאָגען קלאַודיאָ׳ן פאַר אַן איידעם.

לעאָנאַטאָ האָט גלייך איינגעשטימט צו דיעזען פאָרשלאַג. דאָס איבריגע איז שוין צוגעגאַנגען גרינגער. קלאַודיאָ האָט דאַן אויפגעפּאַסט זיך צו טרעפען מיט דער שטילער און צערטליכער הערא אַליין און איהר דער־צעהלען פון זיין ליעבע. זיא האָט איהם אויסגעהערט מיט פערגניגען, ווייל קלאַודיאָ איז ווירקליך געווען אַ יונגער מאַן מיט אַלע מעלות און זעהר רייך. נאָך אַ קורצער בעמיהונג האָט קלאַודיאָ פון איהר אַרויסגעקריעגען דאָס פער־שפּרעכען, אַז זיא וועט מיט איהם הייראַטהען.

דער פּרינץ האָט אָבער בעשלאָסען ניט צו פערלירען קיין צייט, און עס איז איהם געלונגען צו בעוועגען לעאָנאַטאָ׳ן, ער זאָל בעשטימען אַ קורצע צייט ווען דיא חתונה זאָל פאָרקומען.

עס זיינען בלויז געווען נאָך איניגע טעג ביז צו דער חתונה, אָבער קלאָ־

דיא האָט זיך בעקלאגט, אַז עס איז איהם אונהיימליך, אַז ער איז אונ־געדולדיג, וויא דער פאַל איז מיט פיעלע יונגע לייט, וועלכע וואָלטען שוין וועלען דערלעבען דעם מאָמענט ווען זייער הערצענס־וואונש זאָל ער־פילט ווערען.

דער פּרינץ האָט בעשלאָסען צו אַמוזירען זיין פריינד, כדי ער זאָל ניט זיין אונגעדולדיג. ער האָט דערפאַר פאָרגעשלאגען קלאודיא׳ן, אַז זיי זאָלען צוזאמען אויסקלערען אַ פּלאַן וויא צו מאַכען, דאָס ביטרים און בע־נעדיק זאָלען זיך פערליעבען. קלאודיא׳ן איז דער פאָרשלאג זעהר געפע־לען געוואָרען און ער איז איינגעגאנגען דארויף מיט לייב און זעעלע. אפילו לעאנאטא האָט זיי אויך פערשפּראָכען צו העלפען. דאן האָט מען הערא׳ן אויך גערופען צו דער בעראטהונג, און זיא האָט געזאָגט, אַז וואָס מען וועט איהר הייסען וועט זיא טהון, אבי איהר קוזינע זאָל קריעגען אַ גו־טען מאַן.

דער פּרינץ איז געווען דער פיהרער. ער האָט פאָרגעשלאגען, צום ערשטען, אַז מען זאָל עס אַזוי מאַכען, אַז בענעדיק זאָל גלויבען, דאָס ביטרים איז אין איהם שטאַרק פערליעבט, און הערא וויעדער זאָל זעהען פיהרען, דאָס ביטרים זאָל גלויבען, אַז בענעדיק איז אין איהר פערליעבט.

דער פּרינץ, לעאנאטא און קלאודיא, האָבען זיך באלד גענומען צו דער ארבייט. זיי האָבען אָבגעוואַרט אַ געלעגענהייט, ווען בענעדיק איז געזעסען אונטער אַ בוים און געלעזען. דער פּרינץ און זיינע העלפער האָ־בען זיך אַוועק געשטעלט פון וויטען, זיך מאַכענדיג, אַז זיי זעהען ניט בענעדיק׳ן, אָבער וואָס זיי רעדען זאָל ער מוזען הערען.

נאָך פערשיעדענע אונוויכטיגע געשפּרעכען, האָט דער פּרינץ גע־זאָגט :

„קום נאָר אַהער לעאָנאטא. וואָס האָסטו מיר עפּעס געזאָגט נעכ־טען, אַז דיין קוזינע ביטרים איז פערליעבט אין בענעדיק׳ן ? איך האָב עס מיר קיין מאָל ניט געגלויבט, אַז אַזאַ מיידעל זאָל קענען ליעבען אירגענד אַ מאַן.“

„ניין, איך האָב אויך ניט געגלויבט.“ האָט לעאנאטא געענטפערט.

„עס איז מערקווירדיג ווען זיא ליעבט אַזוי בענעדיק׳ן, נאָכדעם, לויט וויא יעדען האָט עס געשיינט, האָט זיא איהם גאָר פעראַכטעט.“

קלאודיא וויעדער האָט דאָס אַלעס בעשטעטיגט, בעהויפּטענדיג, אַז הערא האָט איהם אויך דערצעהלט, דאָס ביטרים איז פערליעבט אין בע־

נעדיק'ן איבער דיא אויערן, און זיא וועט פּאזיטיוו שטאַרבען פון שמערץ, ווען ער וועט ניט ערוויעדערן איהרע ליעבעס-געפיהלע. לעאנאטא און קלאודיא האָבען וויעדער אויסגעשפּראָכען זייער מיינונג, אז ביטריס האָט געבעך קיינע אויסזיכטען, ווייל אזא מאַן וויא בענעדיק, וועלכער לאכט און מאכט חוזק פון אלעמען, איז ניט קיין מענש וואָס זאָל ליעב האָבען.

דער פּרינץ האָט זיך געמאכט, אז ער הערט דאָס אלעס צו מיט דער גרעסטער אינטערעסע, און ער האָט אויסגעדריקט זיין טיעפסטעס בעדויערן מיט ביטריס'ן.

„איך זאָג," האָט דער פּרינץ אָנגעפאַנגען, „אז, נאָך אלעמען איז דאָס ניט מעהר וויא א יושר מען זאָל דאָס אלעס דערצעהלען בע־נעדיק'ן."

„צו וועלכען צוועק ?" האָט קלאודיא געפרעגט. „איך בין זיכער, אז דיעזער שפּאס-פויגעל וועט העכסטענס נאָך מעהר חוזק מאַכען פון דעם אָרעמען מיידעל און דאָס וועט איהר פעראורזאכען נאָך א גרעסערען שמערץ."

„ווען ער זאָל דאָס טהון," האָט דער פּרינץ געזאָגט, „דאַן וועט ער עס עהרליך פערדיענען מען זאָל איהם אויפהיינגען. ווייל, וויא מיר אלע ווייסען, איז ביטריס א גאַנץ וואוילע מיידעל ; זיא איז קלוג אין אלעמען, אויסער אין דעם וואָס זיא ליעבט בענעדיק'ן."

דאַן האָט דער פּרינץ, אויף א וואונק, אָנגעצייגט זיינע בעגלייטער, זיי זאָלען אוועקגעהען און איבערלאָזען בענעדיק'ן נאָכדענקען איבער דעם וואָס ער האָט געהערט.

עס איז קיין וואונדער ניט, דאָס בענעדיק האָט זיך צוגעהערט צום געשפּרעך מיט דער גרעסטער אויפמערקזאמקייט. ער איז געווען איבער־ראשט און ערשטוינט. ווען דער עולם איז אוועק, האָט ער געמורמעלט צו זיך אליין :

„איז דאָס מעגליך ! קען דאָס מעגליך זיין ?"

בלייבענדיג זיטצען אליין, האָט ער וויי טער געזאָגט :

„דאָס קען ניט זיין קיין שפּיטצעל. ניין, איך גלויב עס ניט ! זיי זיינען געווען צו ערנסט און זיי האָבען דאָס אויך געהערט פון הערא'ן. זיי זע־הען אויס רחמנות צו האָבען אויף דעם אָרעמען מיידעל. זיא ליעבט מיך ! אך, אזא ליעבע מוז ערווידערט ווערען ! איך האָב קיין מאָל ניט געדענקט חתונה צו האָבען. אָבער, ווען איך האָב געזאָגט, אז איך וועל שטאַרבען

אַן אַלטער בחור, האָב איך ניט געדענקט צו דערלעבען דיא צייט ווען איך זאָל חתונה האָבען. זיי זאָגען, אַז זיא איז אַ זעלטענעס גראַטענעס מיי־דעל. יאַ, דאָס איז זיא. דערצו נאָך איז זיא שעהן און ליעבענסווירדיג. ווייטער זאָגען זיי, אַז זיא איז קלוג אין אַלעמען, אויסער אין דעם וואָס זיא ליעבט מיך. איך רעכען אָבער, אַז דאָס איז ניט קיין ארגומענט פאַר איהר נאַרישקייט. אָבער, וואָס זעה איך, ביטרים געהט! ביי גאָט, זיא איז ווירקליך אַ שעהן מיידעל. איך בעמערק מאַנכע ליעבעס־צייכען אויף איהר.״

ביטרים איז צוגעקומען, און מיט איהר געוועהנליכען חוזק־טאָן האָט זיא געזאָגט:

„געגען מיין ווילען בין איך געשיקט געוואָרען אייך איינצולאַדען צו מיטאָג.״

בענעדיק, וועלכער האָט ביז דאַמאַלס ניט געשפּירט קיין לוסט צו רעדען מיט איהר שעהן און אָהן שטעך־ווערטלעך, האָט געענטפערט:

„שעהנע ביטרים איך דאַנק אייך פאַר אייער מיה.״

אָבער ביטרים איז ניט געווען אויפגעלעגט מיט איהם צו רעדען וייך און צערטליך. זיא האָט איהם מכבר געווען מיט עטליכע זידלערייען און איז אַוועק.

בענעדיק האָט געדעכענט, אַז ער האָט בעמערקט אַ געהיימע מיי־נונג בעהאַלטען אין איהרע זידעל און חוזק ווערטער, און דאַן האָט ער געמורמעלט:

„ווען איך וועל אויף איהר קיין רחמנות ניט האָבען, דאַן בין איך אַ שופט. ווען איך וועל זיא ניט ליעב האָבען, דאַן בין איך אַ לומפּ.״

נאָכדעם וויא דיא קאָנספּיראַטאָרס האָבען געזעהען, אַז בענעדיק איז שוין אין זייער נעטץ, איז געווען דער נעכסטער שריט צו טהון דאָס־זעלבע געגען ביטרים׳ן. העראָ איז געווען בעאויפטראַגט מיט דיעזער ארבייט.

העראָ האָט דערפאַר געשיקט רופען איהרע צוויי קאַמער־פרויען, אור־סולאַ און מאַרגאַרעט, און זיך ווענדענדיג צו דער לעצטער האָט זיא אַזוי געזאָגט:

„מיין גוטע מאַרגאַרעט, לויף אריין אין גרויסען זאַלאָן; דאָרט וועט־סטו געפינען מיין קוזינע ביטרים רעדענדיג מיט׳ן פרינץ און מיט קלאַודיאָ׳ן. ראָם איין אין איהר אויער, אַז איך און אורסולאַ שפּאַציערען יעצט אין

גאַרטען און מירביידע פיהרען אַ זעהר ערנסטען געשפּרעך איבער איהר. זאָג איהר, אַז זיא זאָל זיך אַרויס׳גנב׳ענען און זיך בעהאַלטען אונטער דעם גרויסען בוים, וואו זיא וועט קענען אויסהערען אַלס וואָס מיר רע־דען.״

עס איז געווען דערזעלבע פּלאַטץ וואו בענעדיק האָט געהערט איבער ביטריס׳עס ליעבע צו איהם.

„זיא וועט קומען,״ האָט מאַרגאַרעט געענטפערט. „איך וועל זיא מאַ־כען אַזוי נייגיעריג, אַז זיא וועט קומען צו לויפען.״

הערא, שפּאַציערענדיג, מיט אורזולאַ׳ן איבער׳ן גאַרטען, האָט זיא צו איהר אַזוי געזאָגט:

„יעצט, הער אויס, אורסולא, ווען ביטריס וועט קומען, וועלען מיר געהען הין־און־צוריק און מיר וועלען רעדען בלויז איבער בענעדיק׳ן, און ווען איך וועל דערמאהנען זיין נאָמען, זאָלסטו איהם אַזוי לויבען, גלייך וויא ער וואָלט געווען דער שעהנסטער און בעסטער מאַן אין דער וועלט. איך ווידער וועל דיר דערצעהלען, וויא אַזוי בענעדיק איז פערליעבט אין ביטריס׳ן. יעצט, פאַנג אָן, וויל, זעהסטו דאָרט ? — דאָרט גנב׳עט זיך דורך ביטריס אום זיא זאָל זיך אונטערהערען וואָס מיר רעדען.״

דאָס געשפּרעך האָט אָנגעפאַנגען.

אויף אַ בעמערקונג פון אורסולאַ׳ן, האָט הערא געענטפערט:

„ניין, ניין, אורסולא, זיא איז אַ פעראַכטענסווערטהע פּערזאָן. איהר גאַנצער גייסט איז אַזוי אונזיכער, פּונקט וויא דיא ווילדע פייגעל דאָרט אויף׳ן שטיין.״

„אָבער,״ האָט אורסולא געזאָגט, „זייט איהר זיכער, אַז בענעדיק ליעבט ווירקליך ביטריס׳ן אַזוי שטאַרק ?״

„וואָס איז דאָס פאַר אַ פראַגע ? אַזוי זאָגט דער פּרינץ און מיין קלאַודיא, און זיי האָבען מיר אויך געבעטען איך זאָל מיט איהר רעדען דאַריבער. אָבער איך האָב זיי געבעטען, דאָס אין פאַל זיי ליעבען און שעטצען בענעדיק׳ן, וועט דאָס פאַר איהם זיין פיעל בעסער און געזינטער, ווען ביטריס וועט דערפון גאָר ניט וויסען.״

„דאָס איז זעהר אַ גוטער פּלאַן,״ האָט אורסולא בעמערקט. „עס וואָלט טאַקי ווירקליך ניט געווען גוט זיא זאָל וויסען דערפון. וויל אַזוי שנעל וויא זיא וועט עס ערפאַהרען, וועט זיא נאָך לאַכען און חוזק מאַכען פון זיין ליעבע.״

„דער פאַקט איז," האָט הערא געזאָגט, „איך האָב נאָך ניט געזעהען קיין מאַן, וויא שעהן, יונג, עדעל און קלוג ער זאָל נאָך זיין, וואָס ביטרים זאָל פון איהם ניט מאַכען קיין שפּאָט און שאַנדע."

„ווירקליך, אַזאַ נאַטור פון א מיידעל, איז ניט קיין גרויסע מתנה."

„געוויס, עס איז זעהר שלעכט. אָבער ווער וועט עס וואגען איהר עס צו זאָגען? ווען איך, אַ שטייגער, וויא אַ קוזינע און אַן אויפריכטיגע פריינדין, זאָל מיט איהר רעדען דאריבער, וואָלט זיא מיך באַלד גע־מאַכט מיט דער בלאָטע. ווער קען דאָס שטעהען געגען איהר גיפטיגער צונג?"

„זעהט איהר," האָט פּלוצלונג געזאָגט אורסולא, „איך רעכען, אַז איהר זייט ניט גערעכט געגען אייער קוזינע. אַזוי נאררישׁ, גלויב איך, קען זיא ניט זיין, צוריק צו ווייזען דיא האַנד פון אַזאַ נאָבעלען מאַן וויא סיניאָר בענעדיק."

„יא, ער האָט אַן אויסגעצייכענטען גוטען נאָמען. ער איז דער ערשטער עדעלמאַן אין איטאַליען, אויסער, נאַטירליך, מיין קלאַודיא."

דערביי האָט הערא געגעבען איהר בעגלייטערין אַ וואונק, אַז עס איז צייט איבערצובייטען דאָס געשפּרעך.

אורסולא האָט דאַן געפרעגט:

„און ווען, פרייליין, רעכענט איהר חתונה צו האָבען?"

הערא האָט איהר דאַן דערצעהלט, אַז זיא רעכענט חתונה צו האָבען מיט קלאַודיא'ן, מיט איין טאָג שפּעטער, דאָס הייסט, אויף מאָרגען, און זיא וויל, אַז אורסולא זאָל מיט איהר געהען און צוזאַמען זאָלען זיי נאָכ־זוכען וואָס עס קען זיין אַ פּאַסענדעס קלייד צו טראָגען אויף'ן צווייטען טאָג.

ביטרים האָט אויסגעהערט זייער געשפּרעך מיט געשפּאַנטער אויפ־מערקזאַמקייט, ווען זיי זיינען אוועק, האָט זיא געזאָגט:

„וואָס פאר אַ פייער וויטהעט יעצט אין מיינע אויערן? קען דאָס אַלעס זיין אמת? זייט געזונד, פעראַכטונג און חוזק, און דוא מיי־דעלשער שטאָלץ, אדיע! בענעדיק, דוא זאָלסט ליעבען! איך וועל דיין ליעבע ערווידערן. איך וועל אַנווענדען אַלעס מעגליכע צו צעהמען מיין ווילדעס הארץ פאר דיין ליעבענדער האַנד!"

עס איז געוועזען ווירקליך אַ מערקווירדיגעס און אינטערעסאַנטעס בילד

צו זעהען וויא דיא צוויי אַלטע און ביטערע שונאים זיינען געוואָרען צוויי ליעבענדע פריינד. זייער ערשטע בעגעגענונג, נאָך דעם וויא זיי האָבען ערפאהרען פון דיא ליעבעס, איז געוועזען אַ העכסט וויכטיגע. אָבער דיא גאנצע שמחה איז אונטערבראָכען געוואָרען דורך דער טרויעריגער עראייג־ניס וואָס האָט בעדארפט פּאסירען אין הערא׳ס לעבען. דער מאָרגען, וועל־כער האָט געזאָלט אנפאנגען דעם טאָג פון איהר חתונה, האָט געבראכט טרויער און שמערץ פאר דער אונגליקליכער הערא און פערצווייפלונג פאר איהר גוטען פאטער לעאָנאטאָ.

דיא געשיכטע איז אזוי געוועזען: דער פּרינץ האָט געהאַט אַ שטיף־ברודער, וועלכער האָט צוריק געקעהרט פון דיא מלחמות און איז געקומען גלייך מיט׳ן פּרינץ קיין מעססינא. דער נאָמען פון דיעזען שטיף־ברודער איז געוועזען דאָן זשואן. ער איז געוועזען אַ מרה־שחורה׳דיגער, אונצו־פריעדענער און אייביג־קרעכצענדער מענש. אין דערזעלבער צייט האָט ער קיינעם ניט געקענט זעהען גליקליך און ער האָט, טאָג אזוי נאכט,געפּלאַנט אינטריגעס און געמיינהייטען.

דאָן זשואן האָט געהאַסט זיין פּרינצליכען ברודער, און ער האָט אויך געהאסט קלאַודיאָ׳ן ווייל ער איז געוועזען זיין ברודער׳ס פריינד. דיא חתונה וואָס האָט געזאָלט פאָרקומען צווישען קלאַודיאָ׳ן און הערא׳ן, איז איהם געשטאַנען וויא אַ ביין אין האַלז. ער האָט קיינעם ניט פערגונען קיין גליק. ער האָט אַלזאָ בעשלאָסען אַלעם מעגליכע אָנצו־ווענדען אום צו צושטערען דיעזע הייראטה. ער האָט דערביי קיין אנדערן מאָטיוו ניט געהאַט, בלויז אַנדערע צו ערגערן. אין דערזעלבער צייט האָט ער גע־וואוסט, אז ער וועט שטאַרק טרעפען דעם פּרינץ, זיין ברודער, וועלכער האָט געמאַכט אַלע פאָרבערייטונגען זיך משמח צו זיין אויף דער חתונה.

אום דורכצופיהרען זיין טייוולישען פּלאַן, האָט ער געדונגען אַ געוויכען באָראַקיאָ, אַ פערדאָרבענער קערל, פּונקט וויא ער, און ער האָט איהם פער־שפּראָכען אַ גרויסע סומע געלד אבי ער זאָל ערפילען זיין וואונש.

באָראַקיא וויעדער האָט געהאַט דיא בעסטע געלעגענהייט דורכצופיה־רען וואָס דאָן זשואן האָט געוואָלט. באָראַקיאָ האָט געליעבט מארגארעטין הערא׳ס קאַמער־פרוי. דאָן זשואן האָט דערפון גאַנץ גוט געוואוסט. ער האָט געזעהען דורכפיהרען, אַז מארגארעט זאָל ביי נאכט רעדען דורך הע־רא׳ס פענסטער מיט איהר געליעבטען. דאָס זאָל געשעהען ווען הערא וועט שלאָפען, און וועהרענד דעם, זאָל מארגארעט טראָגען הערא׳ס אַ קלייד. אום

צו קענען בעסער אָבנארען קלאודיא'ן ער זאָל מיינען, אז הערא שטעהט דאָרט. אָבמאַכענדיג אזא שטיקעל ארבייט, האָט ער גערעכענט, אז דאָס וועט זיין גענוג צו שטערען דיא חתונה.

נאָכדעם וויא דאן זשואן האָט דאָס אַלעס איינגעאָרדנעט, איז ער אוועק צום פּרינץ און צו קלאודיא'ן און זיי דערצעהלט, אז הערא איז זעהר אן אונפּאָרזיכטיגע דאמע און אז זיא רעדט מיט מענער, אום האלבע נאכט, דורך איהר פענסטער.

דאָס איז געווען, וויא מיר האָבען שוין בעמערקט, בלויז איין נאכט פאר דער חתונה. דאָן זשואן, דערצעהלענדיג דאָס אלעס, האָט זיך אָנ־געבאָטען מיטצונעהמען ביידע מענער אויף אזא פּלאַטץ, אז זיי זאָלען קע־נען זעהען וואָס עס געהט פאָר, דאָס הייסט, אז זיי זאָלען בייוואָהנען א ליע־בעס־געשפּרעך צווישען הערא'ן און איהר געליעבטען.

ביידע מענער האָבען גלייך איינגעשטימט צו געהען, און קלאודיא, שטארק אויפגערעגט, האָט געזאָגט :

„ווען איך זאָל עפּעס זעהען היינטיגע נאכט וואָס זאָל מיך בערעכטיגען מיט איהר ניט חתונה צו האָבען, דאן וועל איך מאָרגען אין קירכע, וואו דיא חתונה דארף שטאַטפינדען, זיא אזוי פערשעהמען און בעליידיגען, אז זיא זאָל מיך האָבען צו געדענקען אויף איהר גאנצען לעבען."

„און אזוי וויא איך האָב דיר געהאָלפען מיט איהר פערלאָבט צו ווע־רען," האָט דער פּרינץ בעמערקט, „מעגסטו אויף מיר רעכענען דיר צו העלפען דורכפיהרען דיין ראכע־אקט."

דיא נאכט איז געקומען שטיל און געהיימניספאָל. דאן זשואן האָט געבראכט ביידע מענער נאָהענט פון הערא'ס צימער. דאָרט האָבען זיי בעמערקט א מאַן, דאָס איז געווען באָראקיא, וועלכער איז געשטאַנען אונ־טער דעם פענסטער. ביים פענסטער האָט זיך געזעהען מאַרגארעט אין הערא'ס קליידער, זיי האָבען געמיינט, אז דאָס איז הערא. דאן האָבען זיי געהערט וויא דיא צוויי רעדען. זיי האָבען ניט געקענט אונטערשיידען גענוי דיא שטימע, אָבער דאָס איז שוין געווען גענוג. זיי האָבען גע־גלויבט אלעס און וואָס זיי האָבען געזעהען און געהערט, האָט זיי איבער־צייגט, אז הערא איז שולדיג אין אונאַנשטענדיגקייט.

קיין צורייצטער לייב איז בייזער וויא קלאודיא איז דאמאלס געווען ווען ער האָט געמאַכט דיעזע ענטדעקונג. זיין גאנצע ליעבע פאר דער שעהנער און אונשולדיגער הערא איז ניט נאָר פערשוואונדען, זאָנדערן פערוואנ־

רעלט געוואָרען אין א גיפטיגען האס. ער האָט אַלזאָ פעסט בעשלאָסען זיא מבייש צו זיין אין דער קירכע אויף׳ן צווייטען טאָג, וויא ער האָט פריהער געזאָגט.

דער פרינץ האָט פאַלשטענדיג איינגעשטימט דערצו, בעהויפטענדיג, אז קיין שטראפע איז שווער אָדער שטארק גענוג פאר אזא פרויענצימער, וועלכע האָט זיך ערלויבט צו רעדען מיט א מאַן דורך א פענסטער אין דער נאכט איידער זיא האָט בעדארפט חתונה האָבען מיט דעם עדעלען קלאודיא.

דער צווייטער טאָג איז געקומען. איין צד איז געווען פרעהליך, מונטער און גליקליך, וועהרענד דער צווייטער טרויעריג, ראכעזיכטיג און אונגליקליך.

אלע האָבען זיך פון דעסטוועגען פערזאמעלט אין דער קירכע צו פייערן, וויא מען האָט בעשטימט, דיא חתונה צווישען קלאודיאָ׳ן און הערא׳ן.

ביידע זיינען געשטאנען איינער נעבען אנאנדער, און דער גייסטליכער האָט אָנגעפאנגען זיין צערעמאָניע. פונקט דאמאלס איז קלאודיא ארויס אין פראָנט, און מיט א ווילדע און אויפרעגענדע שפראכע, האָט ער פראָקלאמירט הערא׳ס שולד.

הערא האָט אין אנפאנג גאָר ניט פערשטאנען וואָס עס געהט פאָר. דאן, קוקענדיג אויף זיין געזיכט, וויא בלאס דאָס איז געווען, האָט זיא געפרעגט מיטליידיג:

„פיהלט מיין הערר גוט ווען ער רעדט אזוי ?“

לעאנאטא, ציטערנדיג אין יעדען אבר, איז צוגעגאנגען צום פרינץ און געפרעגט:

„מיין הערר, פאר וואָס רעדט איהר ניט ?“

„וואָס זאָל איך זאָגען ?“ האָט דער פרינץ געענטפערט. „איך וויים בלויז, אז איך שטעה דאָ געשענדעט און בעליידיגט, ווייל איך בין געווען דעריעניגער וואָס האָב געהאָלפען מיין פריינד קלאודיא זיך אויסקלייבען אזאַ פרויענצימער. הער אויס, לעאנאטא ! איך שווער דיר ביי מיין עהרע, אז איך, מיין ברודער און דיעזער געקריינקטער קלאודיא, האָבען געזעהען און געהערט לעצטע נאכט, פונקט אום האלבע נאכט, וויא זיא האָט גערעדט מיט א מאַן פון דעם פענסטער פון איהר צימער.“

בענעדיק איז נאַטירליך אויך געווען ביי דיזער סצענע, און הערענדיג וואָס עס געהט פאָר, האָט ער בעמערקט :

„ניין, וויא דאָס שיינט, זעהט דאָס ניט אויס וויא קיין חתונה."

„איז עס אמת, אַך מיין גאָט !" האָט הערא אויסגעשריען אַלס אן ענט־פער אויף בענעדיק'ס ווערטער. און דאן, וויא זוכענדיג לופט צו איהר שטי־קענדען אטהעם, איז זיא אומגעפאלען חלש'ענדיג, און, לויט וויא עס האָט אויסגעזעהען טויט.

דער פרינץ און קלאודיא האָבען ניט געוואָלט מעהר דאָרט פערבליי־בען. און זיך אפילו ניט אומקוקענדיג צו זעהען וואָס פון הערא'ן איז געוואָרען, אָדער זיך אינטערעסירען מיט לעאנאטאָ'ס אונגליק, זיינען זיי אוועק.

שרעקליך איז אייפערזוכט, שווידרהאַפט איז אינטריגע, גיפטיג איז דער ליעגען און דיא נקמה פון א שלעכטען מענשען !

אָבער בענעדיק איז געבליעבען. ער איז ניט נאָכגעגאנגען. אנשטאט דעם האָט ער געהאָלפען ביטרים'ן צו ערוואכען הערא'ן פון איהר חלשות, אָבער דאָס אָרעמע מיידעל האָט געקריגען א צו שטאַרקען קלאַפּ אום זיא זאָל זיך אַזוי שנעל קענען דערמינטערן.

„גוטע ביטריס," האָט בענעדיק געפרעגט, „וואָס הערט זיך מיט איהר ?"

„איך מיין אז זיא איז טויט." האָט ביטרים געענטפערט שטאַרק גע־ערגערט און בעטריעבט.

ביטרים האָט ניט נאָר געליעבט איהר קוזינע, זאָנדערן זיא האָט אויך גוט געקענט דאָס אונשולדיגע און אָרענטליכע מיידעל. זיא איז געווען פאָל־שטענדיג איבערצייגט, אַז אַלעס וואָס מען האָט אויף איהר געזאָגט, איז געווען ליעגען פון אנפאנג ביז ענדע.

דער אַלטער פאטער וויעדער, לעאָנאטא, האָט געגלויבט אין דער געשיכטע פון זיין קינד'ס שאַנדע. עס איז געווען הערצרייסענד צו הערען וויא ער האָט געוויינט און געקלאָגט איבער איהר, ווינשענדיג, אז בעסער זאָל זיא שוין קיין מאָל ניט ערוואכען פון איהר חלשות נאָכדעם וויא זיא איז געוועזען אימשטאַנד איהם אָנצוטהון אַזוי בושה.

דער אַלטער גייסטליכער אָבער, וואָס האָט אַלעס בייגעוואָהנט, איז געווען קליגער פון זיי אַלע. ער האָט געקענט דיא מענשען און געוואוסט פיעל איבער זייערע שוואכקייטען. דער גייסטליכער האָט געהערט קלאָו־

דיא׳ס בעשולדיגונג און אויך דאמאלס שטודירט הערא׳ס געזיכט. ער האט בעמערקט וויא איהר געזיכט האט זיך בעגאסען מיט בלוט פאר שאנדע, דאן וויעדער ווייס געווארען וויא שנעע, און צולעצט האט ער געזעהען דאס פייער פון בעליידיגטער אונשולד אין איהרע אויגען, וואס האט איהם דער־צעהלט, אז דיא אונשולד איז דא בעליידיגט געווארען.

„רופט מיך אן נאר!" האט דער גייסטליכער אויסגעשריען צום בע־טריעבטען פאטער, „גלויבט ניט מיין בילדונג, מיינע בעאבאכטונגען; טרויעט ניט מיינע יאהרען, מיין אמט און מיין פראפעסיאן — אבער איך שווער אייך, אז דיעזעס מיידעל וואס ליעגט דא וויא טויט, איז אונשולדיג, און זיא איז דער קרבן פון א שרעקליכען טעות."

ווען הערא האט ענדליך ערוואכט פון איהר אהנמאכט, האט זיך דער גייסטליכער צו איהר געווענדעט מיט דיעזע ווערטער:

„פרייליין, זאגט מיר וואס דאס איז פאר א מאן מיט וועמען זיי בע־שולדיגען אייך?"

„זיי, וועלכע האבען מיך בעשולדיגט," האט הערא געענטפערט בלאס און ציטערענדיג, „ווייסען, איך ווייס גאר ניט."

דאן, זיך ווענדענדיג צו לעאנאטא׳ן, איהר פאטער, האט זיא גע־זאגט:

„פאטער, ווען דוא קענסט מיר בעווייזען, אז איך האב ווען עס איז גערעדט מיט א מאן אין אונפאסענדע שטונדען, אדער אז איך האב נעכטען ביי נאכט, צו דער אנגעגעבענער צייט, גערעדט מיט אירגענד א בריאה, דאן ענטזאג זיך פון מיר, האס מיך, מארטער מיך ביז צו טויט!"

„יא, יא," האט דער גייסטליכער אונטערגעכאפט, „עס איז גע־ווען א שרעקליכער טעות וואס האט פערפיהרט דעם פרינץ און קלאו־דיא׳ן."

אלע זיינען געבליעבען שטעהען שטיל און וויא פון א דונער דערשלא־גען, יעדער האט זיך איבערצייגט, אז הערא איז געוועזן א קרבן פון אן אירטהום, און דאס זיא איז פאלקאמען אונשולדיג.

פלוצלונג האט דער גייסטליכער געמאכט א פארשלאג. ער האט גע־זאגט לעאנאטא׳ן, אז דיא בעסטע זאך איז, מען זאל פערברייטען דיא נאכ־ריכט, דאס הערא איז טויט. ער האט ווייטער בעהויפטעט, אז דאס וועט זיין לייכט צו גלויבען, ווייל נאך אזא אהנמאכט איז ניט שוועה צו שטאר־

בען. דאן האָט ער זיי געראטהען זיי זאָלען זיך פערקליידען אין טרויער און מאכען אלע פאָרבערייטונגען צו דער לויה.

„צו וועלכען צוועק? וואָס זאָל דערפון ווערען?“ האָט לעאנאטא געפרעגט.

“איך וועל אייך זאָגען,” האָט דער גייסטליכער געענטפערט. „דיעזע נאכריכט פון איהר טויט, וועט פערוועקסלען אלע געפיהלע אין מיטלייד. דאָס איז דער ערשטער גוטער שריט. אָבער דאָס איז ניט אלעס וואָס איך ערווארטע. ווען קלאודיא וועט הערען, אז זיא איז געשטאָרבען בלויז פון אויסהערען זיין בעשולדיגונג, וועט איהר לעבען ערשיינען פאר איהם אין אן אנדערעס ליכט. אויב ער האָט זיא ווען עס איז געליעבט, וועט ער אויך טרויערן און זיך ווינשען, אז הלוואי וואָלט ער זיא ניט בעשולדיגט. יא, דאָס וועט זיין כאָטש ער וועט גלויבען, אז זיא איז ניט שולדיג.“

לעאנאטא,“ האָט בענעדיק אָנגעפאנגען, „זאָל דיך דער גייסטליכער ראטהען און פאָלג איהם. און אָבוואָהל דוא ווייסט, אז איך ליעב קלאודיא׳ן און דעם פרינץ, פון דעסטוועגען, שווער איך דיר ביי מיין עהרע, אז איך וועל עס זיי ניט ענטדעקען.“

לעאנאטא האָט ענדליך איינגעשטימט.

„אך, וויא ווערה דאָס טהוט מיר,“ האָט לעאָנאטאָ געזאָגט פול מיט שמערצען, „אז דער שוואכסטער פאדעם קען מיך יעצט פיהרען.“

דער גוטער גייסטליכער האָט דאן אוועקגעפיהרט לעאנאטא׳ן מיט הער־רא׳ן זיי צו טרייסטען, און ביטרים מיט בענעדיק זיינען געבליעבען אליין. דאָס איז געווען זייער ערשטע בעגעגנונג פון וועלכע זייערע מונטערע פריינד האָבען ערווארטעט א פרעהליכע און לוסטיגע צוזאמענקונפט. אָבער דיעזע פריינד זיינען יעצט אליין געווען פערזונקען אין שמערץ און טרויער. יעדע פרעהליכקייט איז פון זיי פערשוואונדען.

אלזאָ, בענעדיק און ביטרים זיינען געבליעבען אליין.

ער, בענעדיק, איז געווען דער ערשטער צו עפענען זיין מויל.

„פריילייין ביטרים,“ האָט ער געזאָגט, „האָסטו געוויינט דיא גאנצע צייט?“

„יא,“ איז געווען דער ענטפער, „און איך וועל נאָך וויינען.“

„איך צווייפעל ניט,“ האָט בענעדיק פאָרטגעזעצט, „אז דיין שעהנע קוזינע איז אונשולדיג און מען האָט געגען איהר אונריכטיג געהאנדעלט.“

„אַך !“ האָט ביטריס אויסגעשריען, „פיעל וואָלט דיעזער מאַן גע־קענט פון מיר ערוואַרטען, וועלכער זאָל זיך נוקם זיין פאר דיעזען אונ־רעכט !“

„זאָג מיר, ביטריס,“ האָט בענעדיק וויעדער אָנגעפאַנגען, „איז דאָ אירגענד אַ וועג דיר צו ווייזען אַזא פריינדשאַפט ? איך ליעב קיין זאַך אין דער וועלט אַזוי פיעל וויא דיך. איז דאָס ניט מערקווירדיג ?“

„עס וואָלט פאַר מיר אויך מעגליך געווען צו זאָגען, אַז איך ליעב קיין זאַך אין דער וועלט מעהר וויא דיך, אָבער גלויב עס מיר ניט, און דאָך זאָג איך ניט קיין ליעגען. איך בין אויך גאָר ניט מודה, און איך לייקען אויך קיין זאַך ניט אָב. עס טהוט מיר זעהר לייד אום מיין אָרעמע קוזינע.“

„איך שווער דיר ביי מיין שווערט, אַז דוא ליעבסט מיך, און איך ליעב דיך. זאָג, בעפעהל וואָס איך זאָל טהון אום דיר צו בעווייזען מיין ליעבע.“

„טויטע קלאַודיא׳ן !“ האָט זיא אויסגערופען.

„אַך ! ניין, ניט פאַר דער גאַנצער וועלט !“ האָט בענעדיק געענט־פערט, ווייל ער האָט געליעבט קלאַודיא׳ן און געגלויבט, אַז מען האָט איהם בעטראָגען.

„איז ניט קלאַודיא אַ לומפּ ?“ האָט זיא געפרעגט, „האָט ער ניט בעליידיגט, בעשמוטצט און ערניעדריגט מיין קוזינע ? אַך, ווען איך וואָלט געווען אַ מאַן !“

„הער מיך אויס, ביטריס,“ האָט בענעדיק זיך געבעטען.

אָבער ביטריס האָט גאָר ניט געוואָלט הערען אַלס פערטהיידיגונג פאַר קלאַודיא׳ן.

דאַן האָט זיא וויעדער געבעטען בענעדיק׳ן ער זאָל זיך נוקם זיין אַן קלאַודיא׳ן.

„גערעדט מיט אַ מאַן דורך׳ן פענסטער,“ האָט זיא געמורמעלט וויא צו זיך אַליין. „דאָס איז זעהר גרינג צו זאָגען. ווער האָט דאָס געטהאָן, הערא ? דיא זיסע, אונשולדיגע הערא ? מען האָט זיא בעליידיגט, גע־שענדעט, רואינירט ! אַך, ווען איך וואָלט יעצט געווען אַ מאַן ! אָדער, ווען איך וואָלט געהאַט אַ פריינד וואָס איז אַ מאַן ! אָבער אַלע פריינדשאַפ־טען און העלדענטהאַטען ווערען אויפגעלעזט אין קאָמפּלימענטען און שמייכ

לערייען. נאָר אזוי וויא איך קען ניט האָבען קיין פריינד וואָס זאָל זיין א בראווער מאַן, וועל איך בעסער שטאַרבען אַן איינזאמע פרוי."

„האָב געדולד, גוטע ביטרים," האָט זיך בענעדיק געבעטען. „איך שווער דיר ביי דיעזער האנד, אַז איך ליעב דיך."

„דאַן בענוטץ דיך מיט דיעזער האַנד פאַר מיין ליעבע אויף אַ גאַנץ אַנדערן אופן וויא שווערען דערביי."

„דענקסטו ערנסט, אויפריכטיג, פון דיין טיעפסטער זעעלע, אַז קלאודיא האָט אומזיסט בעליידיגט העראָ'ן ?" האָט בענעדיק פלוצלונג אַ פרעג געגעבען.

„יא !" האָט ביטרים אויסגערופען. „איך בין אזוי זיכער דאריבער, פונקט וויא איך בין זיכער, אַז איך לעב !"

„גענוג !" האָט ער אויסגעשריען בעגייסטערט, „אַלעס איז געענדיגט. איך וועל איהם אַרויספאָדערן אויף אַ דועל. יעצט וועל איך קושען דיין האַנד און דיך פערלאָזען. ביי דיעזער טהייערער האַנד שווער איך, אַז קלאודיא זאָל מיר אָבגעבען אַ טהייערען דין וחשבון ! איין זאַך וויל איך נאָר פון דיר בעטען, אַזוי וויא דוא וועסט הערען פון מיר זאָלסטו דענקען איבער מיר. יעצט געה און טרייסט דיין קוזינע."

אָבער וועהרענד ביטרים האָט אַזוי געבעטען בענעדיק'ן ער זאָל טויטען קלאודיא'ן, האָט דערווייל אויך לעאנאטא אויפגעפאָדערט דעם פרינץ און קלאודיא'ן זיי זאָלען איהם ענטפערן מיט זייערע שווערטען פאַר דער בע־ליידיגונג געגען זיין טאָכטער, וועלכע, לויט וויא ער האָט געזאָגט, איז געשטאָרבען פאַר שמערץ און אומזיסטיגע שאַנדע.

אָבער זיי האָבען רעספעקטירט זיינע יאָהרען און געאַכטעט זיין שמערץ.

„ניין, ניין," האָט דער פרינץ געזאָגט, „קריעג זיך ניט מיט אונז, גוטער אַלטער."

דאַן איז אָנגעקומען בענעדיק און אויך אַרויסגעפאָדערט קלאודיא'ן אָבצוגעבען חשבון פאַר דעם אונרעכט געגען העראָ'ן.

ווען קלאודיא האָט דאָס געהערט, האָט ער באַלד געזאָגט צום פרינץ :

„קיין צווייפעל, אַז ביטרים האָט איהם אָנגעשטעלט דערצו."

פון דעסטוועגען וואָלט קלאודיא, געגען זיין ווילען, געמוזט אָננעהמען דיא אויפפאָדערונג פון בענעדיק'ן, ווען עס וואָלט ניט דאמאלס עפעס פאַ־

סירט, וועלכעס זאָל בעווייזען, אזוי קלאר ווי דער טאָג, אז הערא איז פּאָלקאָמען אונשולדיג.

ווערהענד דער פּרינץ און קלאודיא האָבען גערעדט וועגען בענעדיק'ס ארויספאָדערונג אויף א דועל, האָט א ריכטער דערווייל געבראכט באָראַ־קיא'ן אלס א געפאַנגענער פאר'ן פּרינץ.

די אורזאכע דערפון איז געווען, וואָס איינער האָט זיך אונטער־געהערט וויא באָראקיא האָט דערצעהלט זיינעם א פריינד וועגען זיין שמוט־ציגער ארבייט וואָס ער האָט אָבגעטהאָן פאר דאָן זשואן.

עס האָט ניט פיעל געדויערט, און באָראקיא האָט זיך פּאָלשטענדיג מודה געווען פאר'ן פּרינץ און קלאודיא'ן אז עס איז געווען מארגארעט, אין הערא'ס קליידער, מיט וועמען ער האָט גערעדט דורך א פענסטער ביי נאכט, און זיי, דער פּרינץ און קלאודיא, האָבען געמיינט, אז דאָס איז געווען הערא.

און אויב עס איז נאָך איבערגעבליעבען א שאטען פון פערדאכט, איז דיעזער באלד פערשוואונדען ווען מען האָט ערפאהרען, אז דאָן זשואן איז ענטלאָפען. יא, ער איז שנעל ענטלאָפען פון מעססינא אזוי גיך וויא ער האָט געהערט, אז מען וויים שוין איבער זיינע געמיינהייטען. ער האָט אויך געהאט א גוטער אורזאכע צו ענטלויפען, ווייל זיין ברודער'ס צאָרן איז געווען זעהר גרויס.

ווען קלאודיא האָט דאָס אלעס אויסגעהערט, איז ער געוואָרען זעהר בעטריעבט. ער האָט פּאָזיטיוו גערעכענט, אז דאָס אונשולדיגע מיידעל, וועלכע ער האָט אומזיסט געשענדעט און בעליידיגט, איז געשטאָרבען הע־רענדיג זיינע אומבארמהערציגע ווערטער. די עראינערונג אן זיין גע־ליעבטע הערא, אין איהר גאנצער פראכט און ליעבליכקייט, איז ווידער צו איהם צוריק געקומען און ער האָט געשפירט וויא זיין הארץ ווערט צו־זאמענגעדריקט מיט א טיעפען וועהטאָג.

„קלאודיא,“ האָט דער פּרינץ צו איהם געזאָגט, „ווערהענד דוא האָסט דאָס אלעס געהערט, האָסטו ניט געשפירט, גלייך וויא איך, פונקט וויא מען שטעכט דורך דיין נשמה מיט ברענעדיגע אייזענס?“

„יא,“ האָט קלאודיא געענטפערט, „ווערהענד באָראקיא האָט דער־צעהלט איבער זיין פערברעכען, איז דאָס געווען גלייך וויא איך וואָלט איינגענומען סם־המות.“

קלאודיא האָט באלד חרטה געהאט — חרטה געהאט פון זיין טיעפסטען

הארצען, און ער האָט געבעטען, מיט טרערען אין דיא אויגען, אום פערצייהונג פון דעם אלטען לעאנאטא ; ער האָט זיך אָנגעבאָטען אָנצו־נעהמען אירגענד א שטראף וואָס מען וועט אויף איהם ארויפלעגען, אבי ער זאָל אָבקומען פאר זיין אונפערצייהליכעס פערברעכען.

לעאנאטא האָט איהם א היבשע צייט בעטראכט, שטודירט זיין טרויער און זיך איבערצייגט, אז ער האָט ווירקליך חרטה, ער האָט דאן צו איהם געזאָגט דיעזע ווערטער :

„מיין שטראף פאר דיר איז פאָלגענדע : דוא מוזט מאָרגען פריה הייראטהען הערא'ס א קוזינע, וועלכע איז זעהר עהנליך צו הערא'ן, אָבער דיא זאָלסט בלינד בעפאָלגען מיין אויפטראג."

קלאודיא איז ניט געווען צופריעדען דערמיט, אָבער ער האָט זיין וואָרט ניט געוואָלט ברעכען און איינגעשטימט צו הייראטהען מיט דער אונבעקאַנ־טער, אפילו ווען זיא זאָל זיין דעם טייוועל'ס מוטער.

אָבער קלאודיא'ס הארץ איז געווען פול שמערצען. ער האָט פער־בראכט דיא גאנצע נאכט אין טרערען ביי דעם קבר, וואו הערא האָט בע־דארפט בעערדיגט ווערען.

ווען עס איז טאָג געוואָרען, איז דער פרינץ צו איהם געקומען, און צוזאמען זיינען זיי אוועק אין קירכע, וואו דער גוטער גייסטליכער, לעאנאטא און זיין פלימעניצע, זיינען שוין געווען פון פריהער און געווארט צו פייערן דיא חתונה.

עס איז ערשיענען א פערשלייערטעס פרויענצימער, און לעאנאטא האָט פאָרגעשטעלט פאר קלאודיא'ן זיין צוקינפטיגע פרוי.

קלאודיא האָט אויפגעציטערט.

דאן, מיט א טרויעריגער און הייזעריגער שטימע האָט ער צו איהר געזאָגט :

„אונבעקאנטע, גיב מיר דיין האנד, און איך שווער דיר, אין דער געגענווארט פון דיעזען הייליגען גייסטליכען, אז איך וועל זיין דיין מאַן, אויב דוא ווילסט נאָר מיט מיר הייראטהען."

ביי דיעזע ווערטער האָט דיא פערשלייערטע ארונטערגענומען איהר שלייער, און פאר קלאודיא'ן איז געבליעבען שטעהען ניט לעאנאטא'ס א פלימעניצע, זאָנדערן זיין אייגענע טאָכטער, הערא.

קלאודיא, פאר בעוואונדערונג און איבערראשונג, האָט ער צום אָנ־

פאנג ניט געקענט ארויסרעדען א ווארט. דער פּרינץ נעבען איהם, איז ניט געווען וועניגער ערשטוינט.

דאן האט קלאודיא קוים ארויסגעשטאמעלט:

„איז דאס ניט הערא, הערא וועלכע איז געווען טויט?“

„יא,“ האט לעאנאטא געענטפערט, „זיא איז געווען אזוי לאנג טויט כל־זמן דיא שאנדע געגען איהר האט געלעבט.“

עס האט זיך געזאלט ענטוויקלען א גאנצעס געשפּרעך, אבער דער גייסטליכער האט זיי אונטערבראכען פערשפּרעכענדיג צו געבען א פאלשטענדיגע ערקלערונג אבער שפּעטער, נאך דער צערעמאניע.

דער גייסטליכער האט שוין אנגעפאנגען זיין ארבייט, ווען ער איז פּלוצלונג אונטערבראכען געווארען פון בענעדיק׳ן, וועלכער האט פערלאנגט מען זאל איהם פערהייראטהען מיט ביטרים׳ן צו דערזעלבער צייט.

ביטרים האט זיך אפילו געקווינקעלט, ערקלערענדיג, אז זיא וויל ניט, אבער בענעדיק האט זיא געפרעגט וואו איהר ליעבע איז, פון וועלכער הערא האט געהאט אזוי פיעל צו דערצעהלען.

דאן איז שוין ווירקליך אלעס אונטערבראכען געווארען, און ערקלערונגען זיינען געקומען פון אלע זייטען.

דער סוף איז געווען, אז אין יענעם טאג האבען שטאטגעפונדען צוויי חתונות אין דער קירכע, און ביי לעאנאטא׳ן אין פּאלאץ האבען זיך שפּעטער צוויי יונגע פּארלעך מיט זייערע געסט משמח געווען.



# וויא ס'געפעלט דיר.



ין אַלטע צייטען, ווען פראנקרייך איז געווען צוטהיילט אין בעזונדערע פּראָווינצען, אָדער פירסטענטהימער, האָט אין איינער פון דיעזע פּראָווינצען געהערשט א פירסט, וועלכער האָט קיין רעכט ניט געהאַט צו זיין מלוכה. ער האָט אַרונטערגעוואָרפען זיין ברודער, דעם בע־עכטיגטען יורש עצר, און זיך געזעטצט אויף'ן טראָהן.

דער פירסט, וועלכער איז פעריאָגט געוואָרען פון זיין הערשאַפט, איז ענטלאָפען, צוזאמען מיט עטליכע פון זיינע געטרייע בעגלייטער, אין וואלד פון ארדען, און דאָרט האָט ער זיך אויפגעהאלטען מיט זיינע געטרייע פריינד און נאכפאָלגער.

דיעזע פירסטען־פריינד, זיינען אַליין אוועק פון זייערע היימאטהען, וועהרענד דער אונבערעכטיגטער הערשער איז רייך געוואָרען צונעהמענדיג זייערע גיטער און פאַלאצען.

פון א פירסטליכען פאַלאץ ביז צו דער ווילדקייט פון וואלד, איז אפילו א גרויסער חילוק, אָבער דיא נויטהווענדיגקייט איז דיא מוטער פון אלע בעדארפענישען, און צרות לערנען אוים א מענשען ליידען וואָס דאָס שיקזאל גיט איהם.

אזוי האָבען זיך אויך דער פירסט און זיינע נאכפאָלגער צוגעוואָהנט צום וואלד און אָנגעפאנגען צו פיהרען א לעבען, וויא א מאָל דיא רויבער־באנדעס. דאָס הייסט, גערויבט האָט מען ניט, אָבער דער וואלד איז גע־וואָרען דיא היים.

אין זומער זיינען זיי געלעגען אין שאטען פון דיא קיהלע בוימער, זיך אמוזירענדיג מיט יאגד און אנדערע זאכען. ערנעהרט האָט מען זיך פון דיא הירשען וואָס האָבען אָנגעפילט דעם וואלד.

נאָר ווען דיא קאַלטע ווינטער־ווינטען האָבען אָנגעהויבען צו בלאָזען,

איז געוואָרען אונאַנגענעהם. דער פירכט אָבער האָט אַלעס ערטראגען גע־דולדיג. און אין אזא צייט פלעגט ער זאָגען:

„דיעזע קאַלטע ווינטען וואָס נעהמען דורך מיין קערפּער, זיינען אמת׳ע טרייסטערס: זיי שמייכלען ניט, נאָר זיי שטעלען מיר פאָר מיין ריכ־טיגע לאגע. כאָטש זיי בייסען און פעראורזאכען אַזעלכע שמערצען, זיי־נען זייערע צייהן דאָך ניט אַזוי שאַרף וויא דיעזע פון בייזקייט און אונ־דאנקבארקייט.“

אַזוי האָט דער אָרעמער פירסט פערבראַכט אין וואַלד, זיך ניט בע־קלאַגענדיג און זיך בלויז אונטערגעגעבען צום אונפערמיידליכען שיקזאַל.

און וואָס נימצט ווירקליך אַ מענשען זיפצען און קרעכצען? דערמיט האָט זיך נאָך קיינער ניט בעסער געמאַכט. עס איז פיעל גלייכער אָנצו־נעהמען רוהיג און גערולדיג וואָס דעם מענשען קומט ענטקעגען און ווארטען ביז דאָס רעדעל דרעהט זיך איבער.

דער פערטריעבענער פירסט האָט געהאַט איין־איינציגע טאָכטער מיט דעם נאָמען ראָזאַלינד, דיעזע האָט זיין פאַלשער ברודער, פירסט פרעדע־ריק, צוריק געלאָזט אין זיין הויף, נאָכדעם וויא ער האָט פערטריעבען דעם ברודער, כדי זיא זאָל זיין אַ חבר׳טע אָדער קאָמפּאַניאָן פון זיין אייגענער טאָכטער סיליא.

צווישען דיא צוויי מיידלעך, ראזאַלינד און סיליא, האָט זיך דער־וויל ענטוויקעלט אַ גרויסע פריינדשאַפט און ליעבע, וואָס איז געווען אַ געוואַלטיגער קאָנטראַסט צו דער שנאה וואָס האָט געהערשט צווישען זיי־ערע פאָטערס.

סיליא האָט אָנגעווענדעט אַלעס מעגליכע צו טרייסטען ראזאַלינד׳ן און איהר אויסרעדען ווען זיא איז געווען טרויעריג און בעזאָרגט אום איהר פאָטער. דיא אָרעמע ראזאַלינד האָט ניט אויפגעהערט צו טרויערן אויף דעם שיקזאַל פון איהר אונגליקליכען פאָטער.

אין אַ טאָג האָט סיליא געפונען איהר קוזינע זיטצענדיג זעהר בע־זאָרגט.

„גוטע ראזאַלינד,“ האָט סיליא געזאָגט, „מיין אונגליקליכע פריינ־דין! איך בעט דיך, זיי ניט אַזוי בעטריעבט. זיי אַ ביסעל פרעהליך און מונטער.“

וועהרענד דעם איז אָנגעקומען אַ שליח פון סיליא׳ס פאָטער, וועלכער

האָט גערופעןביידע מיידלעך בייצו־וואָהנען א קאמפף וואו צוויי מענער וועי־לען זיך ראנגלען.

דיא פאָרשטעלונג האָט נאָר וואָס בעדארפט אָנפאנגען, און אויב דיא מיידלעך האָבען דאָס געוואָלט צוזעהען, האָבען זיי געמוזט באַלד קומען.

סיליא, רעכענענדיג, אז דאָס וועט אמוזירען ראזאלינד'ן, האָט זיא געבעטען איהר שוועסטער־קינד מיטצוגעהען.

אין יענער צייט איז ראנגלען שטארק געווען אין דער מאָדע און דאָס איז געווען איינע פון דיא הויפט־אמוזירונגען פאר דיא הויפלייט און דיא שעהנע דאמען און פרינצעסינס.

ראזאלינד האָט איינגעשטימט צו געהען, און זיא איז אוועק מיט סיליא'ן.

וואָס זיי האָבען דאָרט געטראָפען, איז געווען פאָלגענדעס: א גרויי־סער און שטארקער מענש, א ריעז, פיעל געאיבט אין ראנגלען, בעקאנט אַלס אזעלכער וואָס האָט שוין גע'הרג'עט מעהרערע מעננער, האָט זיך בעדארפט בעגעגענען מיט א צארטען און יונגען מאַן, אָהן ערפאהרונג, און עס האָט אויסגעזעהען, אז דער ריעז וועט איהם צושמעטערן אויף שטיקער.

ווען דער פירסט האָט דערזעהען סיליא'ן מיט ראזאלינד'ן האָט ער געזאָגט:

„וואָס איז דאָס, טאָכטער מיינע און פלימעניצע, ווען זייט איהר געקומען בייוואָהנען דעם קאמפף? עס שיינט מיר, אז איהר וועט ניט האָבען קיין גרוים פערגניגען, ווייל דאָס וועט זיין א זעהר אונגלייכער קאמפף. איך אַליין האָב אויך פריהער ניט געוואוסט וואָס דאָ וועט פאָרקומען. נאָר יעצט איז שוין פערפאלען. יעדענפאַלס אָבער, וואָלט איך אייך געראטהען איהר זאָלט אָנוועגדען אַלעס מעגליכע אָבצורעדען דעם יונגען מאַן ער זאָל ניט געהען צום זיכערן טויט. רעדט מיט איהם, פרובירט, אפשר וועט עס אייך געלינגען."

דיא צוויי מיידלעך זיינען געווען זעהר צופריעדען דורכצופיהרען אזא מענשליכע שליחות. צום ערשטען האָט סיליא געבעטען דעם יונגען מאַן ער זאָל זיך ניט אריינלאָזען אין אזא קאמפף, דאן האָט צו איהם ראזאלינד גערעדט אין א צארטען און מילדען טאָן, אָבער אנשטאט דאָס זאָל איהם ריהרען אויפצוגעבען דעם קאמפף, האָט ער בעהויפטעט, אז זייער סימ־

פּאטהיע און גוטסקייט האָבען איהם געגעבען אזוי פיעל מוטה, דאָס ער שפּירט זיך הונדערט מאָל אזוי שטארק וויא פריהער און ער איז זיכער מיט א זיעג.

ווען זיי האָבען איהם אָבער ווייטער געבעטען, האָט ער, אין א זעל־טענעם עדעלען טאָן געענטפערט:

„עס טהוט מיר לייד צו ענטזאגען דעם וואונש פון אזעלכע עדעלע און שעהנע דאמען. אָבער ערלויבט מיר בעסער, אז אייער עדעלקייט און שעהנהייט זאָלען מיך בעגלייטען צו מיין פּראָבע. און וואָס עס אנבעלאנגט מיר, ווען איך זאָל שטארבען, גאראנטיר איך אייך, אז אייער בליק וועט מיר געבען דיא גליקליכסטע מאָמענטען אין מיין לעבען ביז דער טויט וועט מיך אין גאנצען בערוהיגען. אויסער דעם, פערזיכער איך אייך, אז קיי־נער וועט ניט בעדויערן מיין טויט. איך האָב קיינעם ניט אויף דיעזער וועלט. איך פערנעהם העכסטענס אן איבריגען פּלאטץ, און עס וועט זיין פיעל גלייכער פּלאטץ צו מאכען פאר אנדערע.“

דיא מיידלעך האָבען מעהר ניט געהאַט וואָס צו זאָגען. אין ראזאלינד׳ס אויגען, האָבען געגלאנצט דיא טרערען.

דאן האָט אָנגעפאנגען דער קאמפּף.

סיליא האָט געוואָלט, אז דער יונגער פרעמדער זאָל ניט בעשעדיגט ווערען. אָבער ראזאלינד האָט געשפּירט וויא איהר האַרץ ווערט צוזאמענ־געדריקט פאר וועהטאָג.

זיין פריינדלאָזער און איינזאמער צושטאנד, זיין עלענדקייט און טרויער, אז ער וויל בעסער שטארבען וויא לעבען, האָט געמאכט ראזאלינד׳ן דענקען, אז ער איז אויך אזוי אונגליקליך וויא זיא.

דיעזע געפיהלע פון רחמנות האָבען זיך שנעל פערוואנדעלט אין סימ־פּאטהיע און אויך ליעבע.

וואונדערבאר זיינען דיא ווירקונגען פון א שעהנעם פרויענצימער אויף א יונגען מאן. אירגענד א סימפּאטהיע און אן אינטערעסע, רופען ארויס אין דעם יונגען מענשען א זעלטענעם קוראזש און גבורה. יא, דער יונגער ראנגלער איז געוועזען קליין און שוואך אין פערגלייך מיט זיין געגנער, אָבער ער האָט געקריגען אזא וואונדערבארע קראפט און מוטה, אז ער האָט בע־זיעגט זיין מעכטיגען געגנער און איהם אזא שליידער געטהאָן צו דער ערד, אז ער האָט זיך ניט געקענט אויפהייבען.

פירסט פרעדעריק איז געוועזען זעהר צופריעדען מיט דעם מוטה און קונסט

פון דעם יונגען מאַן. ער האָט איהם דאַן צוגערופען און פערלאַנגט צו וויסען זיין נאָמען און דעם נאָמען פון זיינע עלטערן, וואָס האָט געהייסען, אַז דער פירסט האָט בעשלאָסען איהם צו נעהמען אונטער זיין שוטץ.

דער פרעמדער האָט געענטפערט:

„מיין נאָמען איז אָרלאַנדאָ. איך בין דער אינגסטער זוהן פון סיר ראָלאַנד דע באָיז.“

סיר ראָלאַנד דע באָיז איז שוין געווען טויט פון עטליכע יאָהר. אָבער, ווען ער האָט געלעבט, איז ער געווען אַ טרייער אונטערטהאַן און אַ גרויסער פריינד פון דעם פערטריבענעם פירסט. אַזוי שנעל אַלזאָ וויא פרעדעריק האָט געהערט, אַז אָרלאַנדאָ איז דער זוהן פון זיין פערטריבענעם ברודער'ס פריינד, האָט זיך זיין גאַנצע נייגונג צום יונגען מאַן פערוואַנדעלט אין פעראַכטונג.

ער האָט זיך שנעל אומגעווענדעט און איז אוועק גאַנץ אונצופריעדען פון דעם פּאַלאַץ.

האָסענדיג אפילו דעם נאָמען פון זיין ברודערס פריינד און דאָך בעוואונדערנדיג דעם יונגען מאַן'ס מוטה האָט ער געמורמעלט, אוועקגעהענדיג:

„הלואי וואָלט ער געווען אַן אַנדערן'ס זוהן.“

אויף ראָזאַלינד'ן ווידער, האָט דיא גאַנצע געשיכטע גאָר געמאַכט אַן אַנדערן איינדרוק. ווען זיא האָט געהערט ווער דער יונגער מאַן איז, האָט עס זיא זעהר געפרייט.

„מיין פאָטער האָט ליעב געהאַט סיר ראָלאַנד דע באָיז,“ האָט זיא געזאָגט צו סיליא'ן, „און ווען איך וואָלט געוואוסט, אַז דיזער יונגער מאַן איז זיין זוהן, וואָלט איך נאָך צוגעלעגט אַ שטראָם טרעהרען וועהרענד איך האָב איהם געבעטען ער זאָל ניט אונטערנעהמען דעם געוואַגטען קאַמפּף“.

ביידע מיידלאַך זיינען דאַן צוגעקומען צו איהם, און זעהענדיג וויא פערצווייפעלט ער איז געבליבען נאָך דעם פירסט'ס בעהאַנדלונג, האָבען זיי צו איהם גערעדט מילד און טרייסטענדיג.

ווען דער יונגער מאַן האָט געהערט זייערע זיסע און פריינדליכע שטימען, האָט ער אויסגעזעהען צו קריגען מעהר מוטה.

אוועקגעהענדיג, האָט זיך ראָזאַלאַנד נאָך אומגעווענדעט, און ארונטער

נעהמענדיג א גאָלדענעם קייטעל פון דער האַלז, האָט זיא עס איהם געגע־בען זאָגענדיג:

„מיין הערר, נעהמט דאָס פון מיר אַלס אַן אַנדענקען. איך בין ניט רייך, אָבער, ווען איך וואָלט עס געווען, מעגט איהר מיר גלויבען, אַז איך וואָלט אייך מעהר געגעבען.“

אָרלאַנדאָ האָט גענומען דיא מתנה און זיא געקושט גלייך וויא דאָס וואָלט געווען דיא גרעסטע הייליגקייט.

ווען דיא צוויי מיידלאַך זיינען אַוועק, האָבען זיי נאָך אַ היבשע צייט געהאַלטען אין איין רעדען איבער אָרלאַנדאָ׳ן. סיליא, וועלכע איז ניט געווען קיין נאַר, האָט באַלד בעמערקט וויא איהר שוועסטער־קינד האָט זיך פער־ליעבט אין דעם יונגען און שעהנעם ראַנגלער.

„איז עס מעגליך,“ האָט זיא געפרעגט, „אַז דו, ראָזאַלינד, זאָלסט זיך אַזוי שנעל פערליעבען?“

„מיין פירסטליכער פאָטער האָט אויך געליעבט זיין פאָטער“, האָט ראָזאַלינד געענטפערט.

„איז דאָס עפּעס אַ ראיה,“ האָט סיליא ווייטער געפרעגט שמייכלענדיג, „אַז דערפאַר זאָלסטו ליעבען זיין זוהן? ווען דאָס זאָל ווירקליך זיין עפּעס אַ ראיה, וואָלט איך איהם גאָר בעדאַרפט האַסען, ווייל מיין פאָטער האָט פיינד געהאַט זיין פאָטער. פון דעסטוועגען האַס איך ניט אָרלאַנדאָ׳ן.“

פירסט פרעדעריק האָט ניט געקענט פערגעסען אַן סיר ראָלאַנד׳ס זוהן און אַן דער גאַנצער בעגעגענונג. עס האָט איהם דערמאָהנט אַן דיא צאָהלרייכע פריינד פון דעם אַדעל, וועלכע האָבען נאָכגעפאָלגט דעם פער־יאָגטען פירסט אין גלות.

אַלע דיעזע זכרונות האָבען ביי איהם דערוועקט זיין גאַנצע שלעכטע נאַטור, און ער האָט ניט נאָר מעהר געהאַסט זיין ברודער, זאָנדערן אויך אָנגעהויבען צו האַסען זיין טאָכטער, ראָזאַלינד׳ן.

ראָזאַלינד האָט ביי איהם איבערהויפט אין דער לעצטער צייט ניט שטאַרק נושא חן געווען. ניט דערפאַר חלילה, ווייל דאָס אונגליקליכע מיי־דעל זאָל האָבען געטהאָן עפּעס שלעכטס, נאָר איינפאַך, ווייל דאָס פאָלק האָט זיא געלויבט, געריהמט און געליעבט פאַר איהר טוגענד און גוטסקייט, און אויף איהר רחמנות געהאַט, ווייל מען האָט געוואוסט, אַז זיא ליידעט צוליעב איהר פאָטער.

דאָס אַלעס אינאיינעם האָט געפיהרט וואָס פירסט פרעדעריק איז שטאַרק בייז געוואָרען אויף דער אונגליקליכער ראזאלינד.

וועהרענד סיליא און ראָזאַלינד זיינען נאָך ביידע געשטאַנען און גערעדט איז ער אַנגעקומען, און מיט א בליק פול צאָרן און פעראַכטונג, האָט ער ארויסגעגעבען א בעפעהל, אז ראָזאַלינד זאָל זאָפאָרט פערלאָזען דעם פּאַלאַץ און אַוועק צו איהר פאָטער דאָרט אין וואַלד, צו זיין גלייך מיט איהם אין גלות.

ווען ראָזאַלינד האָט געהערט דיעזען בעפעהל, איז זיא בלויז געבליבען שטעהן וויא געטראָפען פון א דונער. סיליא וויעדער, איז פריהער בלאַס געוואָרען און נאכהער האָט זיא אָנגעהויבען צו וויינען און בעטען פאר דער ליידענדער ראזאלינד.

דער פירסט איז געבליבען הארטנעקיג.

„הער אויס, פאָטער,“ האָט דאָס גוטע מיידעל געזאָגט ענטשלאָסען, „דאמאָלס, ווען דו האָסט איהר געהייסען בלייבען, האָב איך עס פון דיר ניט פערלאַנגט. יעצט אָבער, ווען איך האָב געהאט א געלעגענהייט אנצוערקענען איהר ווערטה, ווען איך האָב מיט איהר צוזאַמען געשלאָפען, צוזאַמען אויפגעשטאַנען, זיך געשפּיעלט, אַמוזירט, ביז איך האָב זיא ליעב בעקומען — יעצט קען איך מיך שוין פון איהר ניט שיידען!“

„נאַרריש מיידעל!“ האָט פרעדעריק געברומט, „זיא איז צו כיטרע פאר דיר. איהר וויך צינגעלע, איהר שווייגען און איהר געדולד, דאָס אַלעס רעדט צום פאָלק מיט טויזענדער פלאַמען־צונגען. דאָס פאָלק האָט אויף איהר רחמנות. דו ביסט א נאַר פאר איהר צו בעטען, ווייל, ווען זיא וועט ניט זיין, וועסטו אַליין זיין דיא יעניגע, וועמען דאָס פאָלק וועט אַכטען און ליעבען. דערפאַר, בעפעהל איך דיר, אז דו זאָלסט ניט מעהר עפענען דיינע ליפּען פאַר איהר צו בעטען. מיין אורטהייל וואָס איך האָב איבער איהר אויסגעשפּראָכען בלייבט פעסט, און קיין מענש וועט מיך מעהר בעוועגען איהם צוריק צו ציהען.“

ווען סיליא האָט איינגעזעהען, אז זיא וועט ביי איהר פאָטער גאָר מעהר ניט פועל'ן בעטענדיג פאר ראָזאַלינד'ן, האָט זיא, אין איהר עדעלע נשמה, בעשלאָסען מיט איהר מיטצוגעהן — אויך אין גלות.

עס איז נאָך געווען אין יענער נאכט, ווען ראָזאַלינד, צוזאַמען מיט סיליא'ן, האָבען פערלאָזט דעם פּאַלאַץ און אַוועק זוכען דעם פערטריבענעם פירסט אין דיא וועלדער פון ארדען.

אבער איידער זיי זיינען אוועק, האט סיליא אויסגערעכענט, אז עס וועט זיין צו פיעל געוואגט פאר צוויי מיידלאך צו וואנדערן אליין אזא לאנגען וועג. אבער אזוי וויא זיא האט ניט געהאט אויף וועמען זיך צו פערטרויען, האט זיא דערפאר געמאכט א פארשלאג, אז זיי זאלען זיך פערקליידען אלס צוויי דארפס־מיידלאך.

ראזאלינד'ן איז געפעלען געווארען דער פארשלאג ניט צו וואנדערן אלס פרינצעסינס. אבער איהר איז איינגעפאלען, אז עס וואלט נאך בעסער געווען, ווען איינע פון זיי זאל זיך פערקליידען אלס מאן.

סיליא איז געווען צופרידען.

ראזאלינד, וועלכע האט געהאט א העכערע פיגור, האט זיך פערשטעלט פאר א יונגען בויער און סיליא פאר א בויערן מיידעל. דאן האבען זיי אב־געמאכט, זיי זאלען זיך רופען ברודער און שוועסטער. ראזאלינד האט זיך א נאמען געגעבען גאנימעד און סיליא האט אנגענומען דעם נאמען אליענא.

מיטנעהמענדיג גענוג געלד אויף דער הוצאה, האבען דיא צוויי שעהנע פרינצעסינס אנגעפאנגען זייער שווערע און לאנגע רייזע, ווייל דער וואלד פון ארדען איז געווען ווייט, העט אריבער דיא גרענעצען פון דעם פירסט.

מיר וועלען אלזא אויף א ווייליע פערגעסען אן ראזאלינד'ן און סיליא'ן. מיר וועלען פאר אונזערע אויגען האבען בלויז גאנימעד און זיין שוועסטער אליענא.

זיי איז געלונגען גליקליך ארויסצוגעהן פון שטאדט און ראזאלינד פונקט וויא אווירקליכער מאן, האט געשפיעלט דיא ראלע פון בעשיטצער איבער זיין שוואכערע שוועסטער אליענא.

ווען זיי זיינען ענדליך אנגעקומען צום וואלד פון ארדען, האבען זיי שוין מעהר ניט געפונען דיא בעקוועמע פעלד־שטיבלעך אדער קרעטשמע'ס, וואו זיי האבען געקענט איבערשלאפען דיא נאכט און זיך אויסרוהען. אלעס ארום זיי איז געווען פעלד, וואלד און הימעל.

זייערע שפייזען האבען זיך אויסגעלאזט, און גאנימעד, וואס האט ביז דאמאלס אמוזירט זיין שוועסטער מיט שעהנע ווערטלאך און וויטציגע געשיכטעס, האט יעצט געמוזט מודה זיין, אז ער איז שוין אויך מיעד.

„אך," האט גאנימעד געזאגט צו זיין שוועסטער, „ווען איך וואלט מיך ניט געשעהמט פאר מיינע מענערשע קליידער, וואלט איך מיך אויך גוט אויסגעוויינט פונקט וויא א פרוי."

דיא אָרעמע אַליענא האָט ערקלערט, אז עס מעג זיין וואָס עס וויל, ווייטער קען זיא שוין ניט געהן.

דאַן האָט זיך גאַנימעד וויעדער דערמאָנט, אַז עס איז אַ מאַן'ס פליכט צו טרייסטען און ערמוטהיגען אַ פרוי, וועלכע איז דיא שוואכערע. ער האָט זיך אויך געמאַכט הארץ און געזאָגט:

„קום, שוועסטער, זיי בראַוו. מיר זיינען שוין ענדליך ביים סוף פון אונזערע רייזען. זיי מוטהיג.“

אָבער דער געמאַכטער מוטה האָט זיי מעהר ניט געקענט אונטערשטיי־צען און העלפען. זיי זיינען טאַקי שוין געווען אין וואַלד פון אַרדען, אָבער דער וואַלד איז געווען אונגעהייער גרויס און עס איז כמעט אונמעגליך געווען צו געפינען דעם פירסט.

דאַמאָלס האָט עס שוין אויך געהאַלטען דערביי, אַז דיא צוויי מיידלאך זאָלען אויף אייביג ענדיגען זייער רייזע, ווייל זיי האָבען געקענט פער־בלאָנדזשעט ווערען און אויסגעהן פאר הונגער, אָבער אַ צופאַל האָט זיי גערעטעט. זיצענדיג, שוין אָהן כחות אויפ'ן גראָז, אָהן אַ שום האָפנונג, איז גראַדע פערביי געגאַנגען אַ בויער, און גאַנימעד, נאָך אַ מאָל פאַסענדיג מוטה, האָט ער געזאָגט:

„פּאַסטוך, אויב דיא ליעבע צו געלד, קען דיך, אין דיעזען וויסטען אָרט פעראינטערעסירען, דאַן פיהר אונז ערגעץ וואו מיר זאָלען זיך קענען אויסרוהען; ווייל דאָס מיידעל דאָ, מיין שוועסטער, איז זעהר מיעד פון דער רייזע און זיא געהט איינפאַך אויס פאר הונגער.“

דער מאַן האָט געענטפערט, אַז ער איז בלויז אַ פּאַסטוך'ס דיענער, און דאָס הויז פון זיין בעל הבית האַלט גראַדע ביים פערקויפט ווערען, און דערפאַר וויים ער ניט, אויב זיי וועלען אין אַזאַ צייט דאָרט קענען נעכטיגען און עפּעס עסען. יעדענפאַלס אָבער, האָט ער זיי איינגעלאַדען מיטצוגעהן און געניסען אַזוי פיעל וויא עס איז מעגליך אונטער דיא אומשטענדען.

דאָס שטיקעלע האָפנונג אויף עפּעס עסען און רוה, האָט זיי געגעבען כח ווייטער צו געהן. אָנקומענדיג אַהין, האָבען זיי אויסגעקויפט דאָס הויז און דיא שאָף וואָס האָבען געהאַלטען אין פערקויפט ווערען. אויף אַזאַ אופן, האָבען זיי נאַטירליך באַלד געקריגען עסען און דאַן אַ ריינעס בעט. נאָכדעם וויא זיי האָבען זיך אויסגערוהט, האָבען זיי בעשלאָסען דאָרט אַזוי לאַנג צו וואַרטען, ביז זיי וועלען קענען אויסגעפינען וואו דער פירסט געפינט זיך ערגעץ.

דערווייל האָבען זיי אָנגעהויבען איינצוריכטען זייער נייע וואָהנונג און געפיהרט דאָס לעבען פון פאַסטוכער. צייטענווייז, האָט אָבער גאַנימעד זיך דערמאָהנט, אז אמאָל איז ער געווען פרינצעסין ראזאלינד און געליעבט דעם בראווען אָרלאנדאָ, וויל ער איז געווען סיר ראָלאנד׳ס זוהן, איהר פאטער׳ס פריינד. אָבוואָהל גאַנימעד האָט גערעכענט, אז ארלאנדאָ איז ווייט פון איהם פיעלע מיילען, פון דעסטוועגען האָט עס פאַסירט, וואָס אָרלאנדא איז אויך געקומען אין דעמזעלבען וואלד פון ארדען.

עס וועט יעצט זיין וויכטיג מיטצוטהיילען וויא דאָס אלעס האָט פאַסירט.

אָרלאַנדאָ איז געווען דער אינגסטער זוהן פון סיר ראָלאַנד דע באָיז. ווען סיר ראָלאַנד איז געשטאָרבען, איז נאָך אָרלאַנדאָ געווען א קליין קינד, און זיין עלטערער ברודער, אָליווער, האָט אויף איהם אכטונג געגעבען. סיר ראָלאַנד׳ס אויפטראַג איז אויך געווען, אז אָליווער זאָל איהם האלטען אונטער זיין שוטץ און איהם געבען א גוטע ערציהונג, עס זאָל פאַסען פאר זייער אַלטער אדעליגער פאַמיליע.

אָבער אָליווער איז ניט געווען קיין גוטער מענש. ניט אכטענדיג אויף דעם אויפטראַג פון זיין שטערבענדען פאָטער, האָט ער זיין ברודער׳ל אפילו קיינמאָל ניט געשיקט אין שולע אריין, זאָנדערן ער האָט איהם געלאָזט אויסוואקסען ניט געבילדעט און שטארק פערנאכלעסיגט.

אָבער עס פאַסירט מעהרערע מאָל, אז מענשען, אפילו ווען זיי זיינען ניט געבילדעט, האָבען זיי אין זיך א נאָבעלע נאַטור און אן עדעלע נשמה. ראָלאַנד איז געווען איינער פון דיעזע. ער איז געווען שטארק עהנליך צו זיין פאָטער, און אָהן בילדונג און בעזאָנדערע ערציהונג, האָט ער אויסגעזעהען פונקט אזוי גוט וויא דיא קינדער פון עלטערן פאר וועלכע מען האָט שטארק געזאָרגט.

אנשטאָט אָליווער זאָל זיין צופריעדען דערמיט, האָט ער שטארק מקנא געווען זיין ברודער פאר זיינע מעלות און ער האָט איהם געהאַסט. ענדליך האָט ער אויך געפּלאַנט איהם צו פערניכטען. און אום פון איהם פטור צו ווערען, האָט ער עס אויסגעארבייט דעם פּלאַן, אז ארלאנדאָ זאָל זיך ראנגלען מיט דעם בעריהמטען ראַנגלער, וועלכער האָט שוין געטויטעט פיעלע מענשען. דאָס איז אויך געווען דיא סבה, ווארום אָרלאַנדאָ האָט בעהויפּטעט, אז ער וואָלט בעסער וועלען שטארבען איידער צו פיהרען אזא אונגליקליכעם לעבען.

דער כוח פון דעם קאמפף איז אונז שוין בעקאנט. טראָטץ אָליווער'ס פּלענער, איז אָרלאַנדאָ ארויס דער זיעגער. דאָס האָט אָבער אָליווער'ס האַס נאָך גרעסער געמאכט, און ער האָט בעשלאָסען, איינמאָל פאר אלע מאָל, לויז צו ווערען פון זיין ברודער. אין זיין ווילדען צאָרן, האָט ער געשוואָרען צו פערברענען דאָס צימער אין וועלכען אָרלאַנדאָ איז געשלאָפען.

איינער פון סיר ראָלאַנד'ס אַלטע און געטרייע דיענער האָט געהערט דיעזע שבועה און ער האָט בעשלאָסען צו ראַטעווען דאָס לעבען פון דעם יונגען מאַן.

דער אַלטער דיענער האָט בעגעגענט אָרלאַנדאָ'ן אהיים קומענדיג פון דעם קאמפף. ער האָט איהם אָבגערופען אויף אַ זייט און איהם מיטגעטהיילט וועגען דעם געפאַהר וואָס שוועבט איבער איהם.

„אָך, מיין גוטער הערר!“ האָט דער אַלטער געזאָגט וועהרענד דיא טרערען זיינען געשטאַנען אין זיינע אויגען, „ווארום ביסטו טוגענדהאַפט, צערטליך, שטארק און עדעל? ווארום האָסטו בעזיעגט דעם מעכטיגען ראַנגלער? דיין לויב האָט געוואַנדערט פאר דיר אַהיים, און דיין לעבען איז יעצט אין דער גרעסטער געפאַהר.“

דער אַלטער דיענער האָט געהייסען אַדאַם, און ער האָט געראַטהען אָרלאַנדאָ'ן צו ענטלויפען.

„יא, ענטלויפען,“ האָט אָרלאַנדאָ געמורמעלט וויא צו זיך אַליין. „ענטלויפען איז דיא בעסטע זאַך פאר מיר. אָבער מיט וואָס? וויא אזוי? איך בין אָרעם, איך האָב קיין געלד.“

ביי דיעזע ווערטער האָט דער אַלטער ארויסגעצויגען אַ בינטעל געלד און דאָס דערלאַנגענדיג אָרלאַנדאָ'ן האָט ער געזאָגט:

„איך האָב פינף הונדערט קרוינען, דיא סומע וואָס איך האָב אָבגעשפּאָרט פון שווערער ארבייט אונטער דיין פאַטער. איך האָב דאָס בעהאַלטען אויף דער צייט ווען מיינע אַלטע גליעדער וועלען מעהר ניט קענען ארביימען. נעהם דאָס, און ער, וואָס שפּייזט דיא פייגעל, זאָל מיך שפּייזען אויף מיין עלטער. נעהם דאָס געלד, אַלעס וואָס איך האָב, און לאָז מיך אויך זיין דיין דיענער. כאָטש איך זעה אויס אַלט, וועל איך זעהר ניצליך זיין פאר אזא יונגען מענשען וויא דו ביסט.“

„אָך, גוטער אַלטער!“ האָט אָרלאַנדאָ געזאָגט זעהר גערירט. „אין דיר שפּיעגעלט זיך אָב דיא גוטסקייט פון אַ פריהעריגער וועלט. דו ביסט גאָר ניט פאר דיעזע צייטען. יא, מיר וועלען געהן צוזאַמען, און נאָך איידער

דיינע ערשפּארונגען וועלען זיין אויסגעבראכט, האָף איך צו געפינען עפּעס וואָס זאָל גענוג זיין אונז ביידען אויסצוהאַלטען.״

דער טרייער דיענער און זיין בעליעבטער הערר, האָבען אָנגעפאַנגען זייער וואַנדערונג צוזאַמען. אָרלאַנדאָ און אדאַם זיינען געגאַנגען ניט וויסענ־דיג געניו וואָס זיי ווילען, וואוהין זיי אַנטלויפען. זייערע וואַנדערונגען האָבען זיי אָבער ענדליך געבראַכט אין וואַלד פון אַרדען און דאָרט האָבען זיי זיך געפונען אין דערזעלבער נויט און פערצווייפלונג וויא גאַנימעד און אַליענא זיינען געוועזען.

זיי זיינען געגאַנגען, זוכענדיג עפּעס אַ מענשליכע וואָהנונג, ביז זיי זיינען ביידע צוזאַמענגעבראָכען געוואָרען פאַר הונגער און מידקייט.

„מיין גוטער הערר,״ האָט אדאַם געזאָגט. „ווייטער קען איך שוין ניט געהן. איך וועל דאָ בלייבען און אויסגעהן פאַר הונגער.״

אזוי האָט ער זיך אַנידערגעלייגט און געטראַכט דאָרט צו געפינען זיין קבר.

אָרלאַנדאָ, זעהענדיג דעם געטרייען אַלטען מאַן אין דיעזען צושטאַנד, האָט ער איהם אויפגעהויבען, אַרויפגעלייגט אויף דיא פּלייצעס און איהם וועניגסטענס צוגעטראָגען אונטערן שאָטען פון אַ ברייטען און הויכען בוים.

„מונטער אויף, אַלטער,״ האָט ער צו איהם געזאָגט. „רוה דיר אויס דיינע אַלטע און מידע ביינער, און רעד ניט פון שטאַרבען.״

אָרלאַנדאָ האָט דאַן אָנגעהויבען צו זוכען עפּעס עסען, און דורך אַ צו־פאַל איז ער אָנגעקומען פּונקט אין יענעם טהייל פון וואַלד, וואו דער פירסט איז געוועזען. דער פירסט און זיינע פריינדע, האָבען זיך פּונקט דאַמאָלס געזעצט עסען מיטאג. דער פירסטליכער טיש, נאַטירליך, איז געוועזען דאָס גרינע גראָז אונטער דעם שאָטען פון ברייטע צווייגען.

אָרלאַנדאָ איז דאַמאָלס געוועזען פערצווייפעלט און ווילד פאַר הונגער. ער האָט אַרויסגעצויגען זיין שווערד און בעשלאָסען צו קריעגען עסען דורך מאַכט.

„הערט אויף, עסט ניט מעהר!״ האָט ער געשריען. „איך מוז האָבען אייער שפּייז!״

דער פירסט האָט זיך ניט דערשראָקען. רוהיג און קאַלטבלוטיג האָט ער איהם געפרעגט, אויב הונגער האָט איהם געטריבען דערצו, אָדער ער איז גלאַט אַזוי אַ פערדאָרבענער מענש אָהן מאַניערען.

אָרלאַנדאָ האָט איהם גלייך געענטפערט, אז ער שטאַרבט איינפאַך פון הונגער.

„אָרעמער יונג," האָט דער פירסט געזאָגט מיט בעדויערן, „דאַן ביסטו ווילקאָמען. זעצט דיך אַוועק און עסס וויפיעל דו ווילסט."

ווען אָרלאַנדאָ האָט דאָס געהערט, האָט ער צוריקגעלעגט זיין שווערד אין שייד און זיך שטאַרק פערשעהמט.

„ענטשולדיגט מיר, איך בעט אייך," האָט ער געשטאַמעלט, „איך האָב געמיינט, אז אַלסדינג דאָ איז שוין פערווילדעט געוואָרען, און דערפאַר האָב איך געמיינט, אז קיין אַנדערער וועג איז נישטאָ וויא נאָר מיט געוואַלט צו קריעגען עסען. אָבער ווער איהר זאָלט ניט זיין, ווען איהר האָט אמאָל געזעהען בעסערע טעג, ווען איהר זייט אמאָל געזעסען ביי אירגענד אַ גוטען מענשען׳ס טיש, ווען איהר האָט אמאָל אָבגעווישט פון אייערע אויגען אַ טרער, און איהר ווייסט, אז עס איז אַ פליכט אויף איינעם רחמנות צו האָבען, זאָלען אייך ווייכע רייד ריהרען און איהר זאָלט קעגען מיר טהאָן אַ מענשליכע פליכט."

„עס איז אמת," האָט דער פירסט געענטפערט. „מיר זיינען מענשען, וויא דו זאָגסט, וואָס האָבען אמאָל געזעהען בעסערע טעג, וואָס זיינען אמאָל געזעסען ביי גוטע מענשען׳ס טיש און אָפטמאָל אָבגעווישט אַ טרער פון דיא אויגען. מיר ווייסען אויך דיא גרויסע הייליגע פליכט פון רחמנות. דערפאַר, זעצט דיך אַוועק און עסס אַזוי לאַנג ביז דו וועסט ווערען גוט זאַט."

„ניין," האָט אָרלאַנדאָ געזאָגט. „דאָס קען איך נאָך ניט טהאָן. עס געפינט זיך דאָרט אַן אַלטער און אָרעמער מאַן, וועלכער האָט מיר נאָכגעפאָלגט אין מיין לאַנגער רייזע בלויז אויס ליעבע צו מיר; ער איז אַנידערגעפאַלען ליידענדיג פון צוויי שרעקליכע חולאת׳ן, אַלטקייט און הונגער; ביז ער וועט ניט עסען, וועל איך ניט בעריהרען קיין שפייז."

„געה אַלזאָ," האָט דער פירסט געזאָגט. „געפין איהם אויס, ברייננ איהם אהער, און מיר וועלען וואַרטען מיט דעם עסען, ביז איהר וועט קומען."

ווען אָרלאַנדאָ האָט דאָס געהערט, איז ער שנעל אַוועקגעלאָפען און דאַן צוריקגעקעהרט טראָגענדיג אַדאַם׳ן אויף זיינע הענד.

„זעצט זיך ביידע," האָט דער פירסט בעמערקט. „איהר זייט ביידע ווילקאָמען צו אונזער טיש."

דיא אַנדערע אַרום טיש האָבען זיך דאַן בעמיהט צו שפייזען דעם אַלטען און שוואַכען אַדאַם, ביז ער האָט זיך געפיהלט שטאַרקער. אָרלאַנדאָ

אליין האט ניט בעדארפט קיין הילף. ער האט געגעסען מיט א זעלטענעם אפעטיט.

ווען זיי זיינען שוין געווען זאט און צופריעדען, האט דער פירסט גע־פרעגט ארלאנדא'ן ווער ער איז. דער יונגער מאן האט איהם דערצעהלט. ווען דער פירסט האט ערפאהרען, אז ער איז זיין אלטען פריינד'ס זוהן, האט ער ערקלערט, אז ער נעהמט איהם אונטער זיין שוטץ צוזאמען מיט זיין אלטען דיענער, אז זיי זאלען אלע אינאיינעם פערבלייבען מיט איהם אין וואלד.

עס ווייזט זיך ארויס, אז ארלאנדא איז אנגעקומען אין וואלד פון ארדען מיט עטליכע טעג שפעטער פון גאנימעד'ן מיט אליענא'ן, וועלכע, וויא בעקאנט, האבען זיך בעזעצט אין פאסטוך'ס שטיבעל.

גאנימעד און אליענא פלעגען אפט ארויסגעהן אין וואלד שפאצירען. זיי זיינען איינמאל שטארק איבערראשט געווארען צו געפינען דעם נאמען „ראזאלינד" אויסגעשניצט אויף ביימער. ביי מאנכע פון דיזע אויסגעשניצטע נעמען איז אויך געווען אנגעהאנגען א פאפירעל מיט א ליעבעס־סאנעטע צו ראזאלינד'ן. שטעהענדיג איינמאל אליין און זיך וואונדערנדיג פון וואנען דאס קומט, האט גאנימעד דערזעהען ארלאנדא'ן געהן טראגענדיג אויף זיין האלז דאס קייטעל וואס ראזאלינד האט איהם געגעבען.

ארלאנדא'ן איז אפילו ניט איינגעפאלען צו מיינען, אז דער יונגער פאסטוך גאנימעד איז פרינצעסין ראזאלינד, וועלכע האט געוואונען זיין הארץ מיט איהר צערטליכקייט און שעהנהייט, און וועמעס נאמען ער האט אויסגעשניצט אויף דיא בוימער, און געזונגען סאנעטען לויבענדיג איהר גוטסקייט און הערליכקייט.

פון דעסטוועגען איז איהם שטארק געפעלען געווארען דער יונגער און שעהנער פאסטוך און ער האט אנגעפאנגען מיט איהם א געשפרעך. עס האט זיך איהם אפילו געדאכט, אז גאנימעד'ס געזיכט קומט איהם פאר בעקאנט, עטוואס עהנליך צו ראזאלינד'ס, אבער ווייטער האט ער דאריבער ניט גע־דענקט. גאנימעד, אין דערזעלבער צייט, האט אנגענומען דיא שטעלונג פון א מאן.

אין געשפרעך, האט גאנימעד בעמערקט אזוי:

„עפעס דרעהט זיך דא ארום אין וואלד א פערליעבטער, וועלכער, ניט האבענדיג וואס צו טהאן, מאכט ער קאליע דיא ביימער אויסשניצענדיג אויף זיי דעם נאמען ראזאלינד, וואהרשיינליך דער נאמען פון זיין געליעב־

טער. ער היינגט אויך אָן פּאָעזיען אויף דיא צווייגען און קליינע בוימלאך, אלץ לויבענדיג זיין ראָזאלינד'ן. ווען איך וואָלט געפונען דיעזען פערליעב־טען וואָלט איך איהם געגעבען אזעלכע עצות, אז דאָס וואָלט איהם באלד אויסקורירט פון זיין ליעבעס־קראַנקהייט."

אָרלאנדאָ האָט באלד מודה געווען, אז ער איז דער פערליעבטער, און געבעטען גאַנימעד'ן, ער זאָל איהם געבען דיא עצות וואָס ער האָט גע־זאָגט.

גאַנימעד'ס פּאָרלויפיגע עצות זיינען געווען, אז אָרלאנדאָ זאָל איהם קומען בעזוכען יעדען טאָג אין זיין שטיבעל וואו ער וואָהנט מיט זיין שוועסטער אליענא.

„דאן," האָט גאַנימעד ווייטער געזאָגט, „וועל איך מיך פערשטעלען פאר ראזאלינד'ן און דו זאָלסט זיך מאכען, אז דו ביסט אין מיר פערליעבט פּונקט וויא איך וואָלט געווען ראָזאלינד. נאָכדעם וועל איך נאָכמאכען און נאָכקרימען אלע נארישע בענעהמונגען פון דער קאַפּריזנער דאַמע, ביז איך וועל דיך מאכען, אז דו זאָלסט זיך שעהמען מיט דיין ליעבע. אָט דאָס איז מיין פּלאן דיך צו קורירען."

אָרלאנדאָ האָט ניט פיעל געגלויבט אין דיזער רפואה, אָבער ער האָט איינגעשטימט צו קומען יעדען טאָג אין גאַנימעד'ס שטיבעל און שפּיעלען דיא ראָלע פון דעם פערליעבטען.

אָרלאנדאָ איז געקומען, פאָרגעשטעלט געוואָרען פאר אליענא'ן, און גערופען דעם פּאַסטוך גאַנימעד: „מיין ראָזאלינד". ער האָט צו איהם אויך גערעדט וויא צו אַ געליעבטער, און, מערקווירדיג, זייענדיג נעבען גאַנימעד'ן, האָט ער זיך געפיהלט זעהר גליקליך ניט וויסענדיג וואָרום.

גאַנימעד האָט אלעס מעגליכע אָנגעווענדעט אָבצולאכען פון דער ליעבע, אָבער וויא עס שיינט, האָט דאָס קיין ווירקונג ניט געמאַכט אויף אָר־לאנדאָ'ן.

אזוי זיינען פּאַראיבער פיעלע טעג און גאַנימעד איז אויך געווען אזוי צופריעדען, אז ער האָט פערגעסען אָן דעם ציעל פון זיין רייזע. אליענא, זעהענדיג אז גאַנימעד איז דערמיט צופריעדען, האָט זיא ניט דערמאָנט קיין וואָרט איבער דער נויטהיגקייט פון ראָזאלינד'ן אויפצוזוכען איהר פאָטער.

איינמאָל האָט געטראָפען, אז גאַנימעד האָט דורך אַ צופאל בעגעגענט דעם פירסט, ראָזאלינד'ס פאָטער. דער פירסט האָט איהם געפרעגט ווע־זיינע עלטערן זיינען. גאַנימעד האָט איהם געענטפערט:

„איך קום פונקט פון אזעלכע גוטע עלטערן וויא דו".

דער פירסט האט געשמייכעלט, ווייל ער האט ניט גערעכענט, אז דער שעהנער יונגער מאן שטאמט פון א קעניגליכער פאמיליע.

דאן, זעהענדיג, אז דער פירסט זעהט אויס גוט און מונטער, האט ער בעשלאסען אבצולייגען דיא ערקלערונג אויף עטליכע טעג שפעטער.

אין א פריה מארגען, בשעת ארלאנדא איז געגאנגען בעזוכען גאנימעד'ן, האט ער געזעהען א מאן שלאפענדיג אויף דער ערד און ארום זיין האלז איז ארומגעוויקעלט א גרויסע און גרינע שלאנג. דיא שלאנג, זעהענדיג ארלאנדא'ן קומען, האט זיא זיך ארויסגעוויקעלט, און איז אנטלאפען צווישען דעם טיעפען גראז.

ארלאנדא איז צוגעגאנגען נעהענטער, און דאן, צו זיין ערשטוינונג, האט ער דערזעהען א לייב ליגענדיג אויף דער ערד, ווארטענדיג, וויא א קאטץ, אויף זיין רויב. דאס הייסט, דער לייב האט געווארט דער מענש זאל ערוואכען, ווייל מען בעהויפטעט, אז לייבען גרייפען ניט אן קיין טויטע אדער שלאפענדע מענשען.

עס האט אויסגעזעהען, גלייך וויא דיא השגחה אליין וואלט געשיקט ארלאנדא'ן צו בעפרייען דיעזען מענשען פון א זיכערן טויט, ענטוועדער דורך דער שלאנג אדער דורך דעם לייב.

ווען ארלאנדא האט אבער א קוק געטהאן אויף דעם מענשען'ס געזיכט, האט ער דערזעהן, אז דאס איז זיין ברודער אליווער, וועלכער האט געגען איהם געהאנדעלט אזוי נידעריג און געמיין, איהם וועלענדיג פערברענען לעבעדיגערהייט.

ער האט שוין געהאלטען דערביי איהם איבערצולאזען צו דער שלאנג אדער צום לייב, אבער דיא אמת'ע ברודער־ליעבע און דאס עהרענגעפיהל האבען ערוואכט אין זיין ברוסט. זיין צארן און דיא טרויעריגע עראינערונג זיינען באלד פאראיבער. ער האט גלייך ארויסגעצויגען זיין שווערט און אנגעגריפען דעם לייב און איהם געטויטעט, ראטעוועענדיג דערמיט זיין ברודער'ס לעבען. אבער איידער ארלאנדא האט געקענט בעזיעגען דעם לייב, האט דיא בעסטיע שטארק צוריסען דאס פלייש פון זיינע הענד מיט זיינע שארפע נעגעל.

וועהרענד ארלאנדא האט געקעמפפט מיט'ן לייב, האט זיין ברודער דערווייל ערוואכט, און זעהענדיג ארלאנדא'ן, אז ער האט איהם געראטעוועט פון דעם טויט איינשטעלענדיג דערביי זיין אייגענעם לעבען, האט

ער באלד געפיהלט שאנדע און חרטה פאר זיך אליין און עס האט איהם שטארק לייד געטהאן ווארום ער האט אזוי בעהאנדעלט זיין אייגענעם ברודער. ער האט איהם דאן געבעטען אום פערצייהונג.

ארלאנדא האט זיך געפרייט זעהענדיג זיין ברודער ווערען א בעסערער מענש און ער האט איהם אויך גלייך מוחל געווען. זיי האבען זיך דאןביידע אומארמט. אליווער האט דאן צום ערשטען מאל געשפירט, אז ער ליעבט זיין ברודער הערצליך און אויפריכטיג, אבוואהל זיין וועג אין דיעזען וואלד איז געווען ספעציעל צום צוועק אום איהם צו פער ניכטען.

דערווייל האט דיא וואונד אין ארלאנדא׳ס האנד שטארק געבלוטעט און דאס האט דעם בראווען יונגען מאן פיעל אבגעשוואכט. ער האט דער פאר שוין ניט געקענט געהען בעזוכען גאנימעד׳ן. ער האט אלזא געבעטען זיין ברודער צו געהען צו גאנימעד׳ן, „ווענמען איך רוף, אין שפאס, מיין ראזאלינד“, און איהר דערצעהלען פון דעם אונערווארטעטען צופאל וואס האט איהם געטראפען און איהם ענטשולדיגען פאר זיין ניט קומען.

אליווער האט געפאלגט, אוועק צו גאנימעד׳ן און אליענא׳ן און זיי דער צעהלט וויא ארלאנדא האט געראטעט זיין לעבען. וויען ער האט אבגעשיל־דערט דיא געשיכטע פון ארלאנדא׳ס העלדענטהאט אין וויא אזוי ער האט איהם צו פערדאנקען זיין לעבען, האט ער זיי אויך דערצעהלט, אז ער איז ארלאנדא׳ס ברודער און וויא עס פרייט איהם וואס זיי האבען זיך איבער־געבעטען.

דיא אויפריכטיגע חרטה און וואהרעס בעדויערן וואס אליווער האט אויסגעדריקט, האט אזוי געווירקט אויף אליענא׳ן, אז זיא האט זיך באלד פערליעבט אין איהם. אליווער, בעמערקענדיג איהר אנטהייל אין זיין לאגע, האט ער זיך אויך פערליעבט אין איהר. אבער וועהרענד דיא ליעבע האט זיך געהאלטען אין ארייננ׳גנב׳ענען אין דיא הערצער פון אליענא און אליווער, האט גאנימעד דערווייל, הערענדיג, אז ארלאנדא איז פער־וואונדעט, גע׳חלש׳ט. ווען ער האט זיך דערמינטערט, האט ער זיך פער־ענטפערט, אז דאס איז א טהייל פון דער ראלע וואס ער שפיעלט אלס ראזאלינד.

„דערצעהל דיין ברודער ארלאנדא,“ האט גאנימעד געזאגט, „וויא גוט איך האב נאכגעקרימט דאס חלשות פון א פרוי!“

אבער אליווער, בעמערקענדיג דאס בלאסקייט פון זיין געזיכט, האט

אמת'ער אָהנמאכט, און זיך וואונדערנדיג איבער דער שוואכקיים פון דעם יונגען מאַן, האָט ער געזאָגט :

„אויב דאָס הייסט זיך נאָכגעקרימט, דאן בעמיהע דיך בעסער דוא זאָלסט ווירקליך קענען נאָכקרימען וויא צו זיין אַ מאַן."

„אזוי טהו איך טאקי," האָט גאנימעד געענטפערט. „אָבער לויט רעכט, האָב איך בעסער בעדארפט זיין אַ פרוי."

אליווער האָט פערוויילט אַ היבשע צייט אין פאסטוך שטיבעל, און ווען ער האָט צוריק געקעהרט, האָט ער געהאַט מיטצוטהיילען פיעלע נייעס פאר זיין ברודער. ווייל אויסער דעם וואָס ער האָט איהם דערצעהלט איבער גאנימעד'ס חלש'ן, האָט ער איהם אויך מיטגעטהיילט, אז ער האָט זיך פערליעבט אין דעם פאסטוך־מיידעל אליענא. דאן, אז זיא ליעבט איהם אויך און ערווידערט זיינע געפיהלע.

ער האָט דערפאר מיטגעטהיילט ארלאנדאָ'ן, אז ער האָט פעסט פערשטאַנען, אז דאָס איז ניט געווען קיין נאָכקרימעכץ, זאָנדערן אן בעשלאָסען חתונה צו האָבען מיט אליענא'ן, לעבענדיג מיט איהר אלס אַ פאסטוך מיט אַ פאסטוטשקע און זיין פאלאץ ועט ער אוועק געבען אר־לאנדא'ן.

„איך בין פאָלשטענדיג צופריעדען," האָט ארלאנדא געענטפערט, „זאָל זיין מיט גליק. מאָרגען זאָל זיין דיא חתונה און איך וועל איינ־לאדען דעם פירסט מיט זיינע פריינד. געה צו דער פאסטוטשקע, זאָג איהר דאריבער און איך . . . אָבער זעה נאָר, אָט געהט איהר ברודער גאנימעד !"

אליווער איז גלייך אוועק צו אליענא'ן, און גאנימעד, וועלכער איז צוגעגאנגען נעהנטער, האָט געפרעגט וויא עס געהט זיין פערוואונדעטען פריינד אין דער געזונדהייט.

ווען ארלאנדא און גאנימעד האָבען אָנגעהויבען צו רעדען איבער דער שנעלער ליעבע צווישען אליווער און אליענא, האָט ארלאנדא געבעטען גאַ־נימעד'ן, ער זאָל בעוועגען זיין שעהנע שוועסטער אליענא זיא זאָל מאָרגען חתונה האָבען מיט אליווער'ן.

„אך," האָט ער נאָכהער בעמערקט מיט אַ זיפץ, „הלוואי וואָלט איך שוין געשטאַנען אזוי נאָהענט פון מיין ראָזאלינד'ן".

גאנימעד האָט איינגעשטימט צו אלעמען און דערביי בעמערקט, דאָס אויב ארלאנדאָ ליעבט ווירקליך אזוי ראָזאלינד'ן וויא ער בעהויפטעט, דאן

זאָל זיין וואונש ערפילט נוערען, ווייל מאָרגען וועט ער, גאנימעד, אזוי מאַכען, אז ראזאלינד אליין זאָל ערשיינען און איינשטימען חתונה צו האָבען מיט ארלאנדאָ'ן.

גאנימעד האָט אָבער ערקלערט, אז ער וועט דאָס אַלעס קענען טהון דורך כישוף, א קונסט וואָס ער האָט געלערענט פון זיינעם אַן אָנקעל, א בעריהמטען מכשף.

דער פערליעבטער ארלאנדא, האַלב גלויבענדיג און האַלב צווייפלענ־דיג אין דעם וואָס ער האָט געהערט, האָט געפרעגט גאנימעד'ן, אויב ער מיינט ווירקליך וואָס ער זאָגט.

„איך שווער דיר ביי מיין לעבען, אז איך מיין וואָס איך זאָג!" האָט גאנימעד געענטפערט. „דערפאַר, מיין פריינד, זעה דיר אָנטהון דיינע בעסטע מלבושים, און לאַדע איין דעם פירסט און זיינע פריינד צו דיין חתונה; ווייל אויב דוא בעגעהרסט נאָר מאָרגען חתונה צו האָבען מיט ראָזאַלינד'ן, זאָל זיא דאָ זיין."

אויף'ן צווייטען טאָג, נאָכדעם וויא אליווער האָט ערהאַלטען אליענא'ס פערשפּרעכען מיט איהם צו הייראַטהען, זיינען זיי געקומען צום פירסט און מיט זיי איז אויך ערשיענען ארלאנדא.

אַלע זיינען געווען פערזאמעלט צו פייערןביידע חתונות, אָבער ביז וואָס־וועד־וועַן, איז דערוויילֿ געווען בלויז איין כלה. מען האָט זיך גע־וואונדערט, זיך געשושקעט, און אין אַלגעמיין האָט מען זיך געטראַכט, אז גאנימעד האָט בלויז חוזק געמאַכט.

ווען דער פירסט האָט געהערט, אז עס איז זיין אייגענע טאָכטער וועלכע דאַרף ערשיינען אויף אַזא וואונדערבאַרען אופן, האָט ער געפרעגט ארלאנדא'ן אויב ער גלויבט אז דער פאַסטוך יונג קען טהון וואָס ער האָט פערשפּראָכען. ווערענד ארלאנדא האָט געוואָלט ענטפערן, אז ער ווייסט ניט וואָס ער זאָל דענקען, איז גאנימעד ערשיענען און איהם געפרעגט אויב ער שטימט איין, אז זיין טאָכטער זאָל הייראַטהען מיט ארלאנדא'ן.

„יא, מיין יונגע," האָט דער פירסט געענטפערט. „און ווען איך זאָל נאָך האָבען קעניגרייכען, וואָלט איך איהר זיי געגעבען נדן."

„און דוא ארלאנדאָ," האָט זיך גאנימעד געווענדעט צו ארלאנדא'ן, „וועסטו הייראַטהען מיט ראזאלינד'ן ווען איך וועל זיא דיר ברענגען?"

„אום גאָטעס הימעלס ווילען!" האָט ארלאנדא אויסגעשריען. „הער מיך אויף צו מאַטערן! ברענג זיא נאָר אַהער. ווען איך זאָל אפילו

זיין דער מאָנארך איבער מאָנארכען, וואָלט איך מיך אויך פון איהר ניט אבגעזאָגט.“

גאנימעד האָט געגעבען אליענא׳ן א וואונק, אוןביידע זיינען ארויס. גאנימעד האָט שנעל פון זיך ארונטערגעוואָרפען דיא מענער־קליידער און איז געבליעבען שטעהען אין פרויען־קליידער. דיא פערוואנדלונג איז גע־ווען א שנעלע, גאנץ נאטירליך, ניט דורך כישוף, איז פון איהם אליין געוואָרען ראזאלינד, דיא שעהנע ראזאלינד. אליענא האָט זיך אליין דאן אויך איבערגעטהאָן אין פרינצעסין קליידער און פון איהר איז געוואָרען דיא שעהנע סיליא.

וועהרענד זיי זיינען ניט געווען, האָט דער פירסט בעמערקט צו אר־לאנדא׳ן, אז ער זעהט אין דעם פאסטוך יונג א מערקווירדיגע עהנליכקייט צו זיין טאָכטער ראזאלינד. ארלאנדא האָט געענטפערט, אז ער האָט דאָס שוין אויך בעמערקט.

אזוי רעדענדיג, איז סיליא און ראזאלינד ערשיענען אין זייערע פרינ־צעסין־קליידער. ראזאלינד האָט אומארמט איהר פאטער און פון איהם גע־בעטען זיין ברכה.

אלע אנוועזענד׳ע זיינען געווען ערשטוינט און איבערראשט. זיי האָ־בען ווירקליך געמיינט, אז דאָס איז געווען א כישוף. נאָר ראזאלינד האָט שוין מעהר ניט געוואָלט שפאסען מיט איהר פאטער און איהם דער־צעהלט אלעס, וויא אזוי זיא איז פערטריעבען געוואָרען, וויא אזוי זיא האָט געוואנדערט צוזאמען מיט סיליא׳ן און וויא זיי זיינען פערשווארצט געוואָרען.

דער פירסט, פול מיט פרייד און דאנקבארקייט, האָט נאָך א מאָל בעשטעטיגט זיין צושטימונג צו זיין טאָכטער׳ס הייראטה מיט אר־לאנדא׳ן.

דאן האָט געפאָלגט א פרעהליכע און מונטערע צייט. אין שאטען פון דעם גרינעם און אור־אלטען וואלד, זיינען געפייערט געוואָרען ביידע חתונות, אפילו ניט מיט קיין גרויסען פאראד, פון דעסטוועגען אָבער מיט פולער צופריעדענהייט פון אלע זייטען.

אָבער וועהרענד זיי זיינען געזעסען און געגעסען דאָס פלייש פון היר־שען אונטער דיא גרינע בוימער, גלייך וויא זיי וואָלט קיין זאך ניט בע־קימערט, האָט פאסירט א גאנץ אונערווארטעטע זאך. א שליח איז גע־

קומען און געבראַכט דיא פרייליכע נאַכריכט, אַז דעם פירסט'ס הערשאַפט איז צו איהם צוריק געקעהרט געוואָרען.

דיא געשיכטע איז נעמליך אַזוי געווען: ווען פירסט פרעדעריק האָט ערפאהרען, אַז זיין טאָכטער איז ענטלאָפען, איז ער געוואָרען אויסער זיך פאר צאָרן. ער איז אויך שטאַרק אויפגערעגט געוואָרען הערענדיג, אַז פון טאָג צו טאָג ענטלויפען אַלץ מעהר וויכטיגע פערזאָנען פון זיין קעניגרייך צו זיין ברודער אין וואלד פון ארדען. ער האָט מעהר מקנא געווען זיין פערטריעבענען ברודער פאר דער פריינדשאַפט און ליעבע פון יעדען איינעם, וויא זיך, וועלכער האָט געהערשט.

פרעדעריק האָט דאן פערזאַמעלט אַ גרויסע אַרמעע און איז אַוועק אין וואלד מיט דער אַבזיכט צו כאַפּען זיין ברודער, און איהם צוזאַמען מיט זיינע נאָכפאָלגער, איין מאָל פאר אַלע מאָל, אויס'הרג'ענען.

אָבער, דורך אַ וואונדערבאַרען צופאַל, איז דיעזער פערדאָרבענער און שלעכטער ברודער פלוצלונג פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַן אנדערן מענשען. צוקומענדיג צום וואלד, האָט ער בעגעגענט אַן אַלטען און פרומען מאַן, מיט וועמען ער האָט געהאַט אַ לאַנגעס געשפּרעך. דיעזער אַלטער האָט איהם אַזוי געריהרט, אַז ער האָט געענדערט אַלע זיינע שלעכטע בעשליסע.

ער האָט באַלד חרטה געהאַט אויף זיין אייגענער פערגאַנגענהייט, און בעשלאָסען אָבצוגעבען זיין ברודער דיא הערשאַפט און אַליין זאָל ער צוברענגען דעם רעסט פון זיין לעבען אין איינזאַמקייט, געבעט און חרטה.

זיין ערשטער שריט איז געווען, צו שיקען אנזאגען זיין ברודער, אַז ער בעשטעהט איהם צוריק צו געבען דאָס פירסטענטהום און אַלע זיינע פריינדע זאָלען צוריק ווערען בעלי־בתים איבער דיא גיטער וואָס ער האָט פון זיי אַוועק גענומען.

עס האָט ניט פיעל געדויערט, און ביידע ברידער האָבען זיך בעגעגענט. דער אמת'ער פירסט האָט פּאָרגעשטעלט פאר זיין ברודער זיין פערלאָרענע טאָכטער און אַלגעמיינע פרייד האָט געהעררשט.

דער הערשענדער פירסט האָט נאָכהער אויך געהאַט אַ געלעגענהייט צו בעלוינען אַלע זיינע נאָכפאָלגער, וועלכע האָבען פאר איהם אַזוי פיעל געאָפּפערט און אַזוי פיעל געליטען.

# דיא צוויי העררען פון ווערָאנא.



ין ווערָאנא האָבען געוואָהנט צוויי יונגע העררען, וואלענטין און פראָטעאוס. זיי זיינען זיך געוועזן צוויי זעהר גוטע פריינד.

זיי האָבען צוזאמען שטודירט,ביידע זיינען געוועזן קינדער פון רייכע און אנגעזעהענע עלטערן, צוזאמען פערבראכט זייער צייט, זיך אמוזירט און אונטערהאלטען. דער איינציגער אונטערשיעד איז נאָר געוועזן, וואָס פראטעאוס האָט געהאָט א געליעבטע און וואלענטין'ס הארץ איז נאָך געוועזן פריי.

און דיעזער פאקט איז געוועזן דיא אורזאכע פון א קליינער מיספערשטענדניס צווישען דיא צוויי יונגע העררען. פראטעאוס, נאטירליך, האָבענדיג א געליעבטע, האָט ער זיא זעהר אָפט בעזוכט, און זיך צוזאמען טרעפענדיג מיט זיין פריינד וואלענטין, האָט ער מיט איהם גערעדט דאַריעבער, דערצעהלענדיג דערביי זיין געליעבטע'ס מעלות, איבער איהר שעהנהייט, אדעלקייט, חכמה און נאָך אזעלכע זאכען איבער וועלכע א יונגער פערליעבטער ווערט בעגייסטערט.

און דיא געליעבטע, אליין, איזווירקליך געוועזן א זעלטען מיידעל. אָבער וואלענטין, ניט זייענדיג פערליעבט, איז ער אויך ניט געוועזן פעראינטערעסירט אין אזעלכע זאכען און ער האָט אָפט חוזק געמאכט פון פראָטעאוס'ן, לאכענדיג פון איהם, אָדער, ער האָט איהם גאָר געבעטען ער זאָל אויפהערען אזוי פיעל צו פלוידערן איבער זיין ליעבע, וועלכע האָט פאר איהם קיין אינטערעסע.

פראטעאוס וויעדער, ווען ער האָט געהערט אזעלכע ווערטער, איז ער געוועזן שטארק אין כעס. סטייטש, לאכען פון איהם ווען ער איז בעגייסטערט איבער זיין געליעבטע ! איז דען נאָך דאָ אין דער גאנצער וועלט א וויכטיגערע זאך וויא זיין יוליא ?



די צוויי העררן פון וועראנא

א̇ט אזוי הא̇בען דיא צוויי יונגע לייט ניט נא̇ר איין מא̇ל זיך געהאמ־בערט און אויך א מא̇ל צוקריעגט.

אין א שעהנעם פריהמא̇רגען, איז וואלענטין געקומען צו פראטעאוס׳ן ־יהם א̇נזא̇גען, א̇ז זיי מוזען זיך שיידען, ווייל ער, וואלענטין, הא̇ט ־ע־שלא̇סען אוועקצופא̇הרען קיין מילאן.

„וואס איז נייעס ?“ הא̇ט פראטעאוס געפרעגט.

דער אמת איז, א̇ז פראטעאוס הא̇ט ווירקליך ליעב געהאט זיין פריינד און זיך פון איהם ניט געוואלט שיידען. ער הא̇ט איהם דערפאר געבעטען צו פערבלייבען ווייטער אין ווערא̇נא.

„דיין בעטען, פראטעאוס,“ הא̇ט וואלענטין געענטפערט, „איז אומ־זיסט. איך קען דא̇ ווייטער ניט פערבלייבען. פון מיר קען דא̇ העכסטענס ווערען א גרויסער פויללענצער און א̇ן אונוויסענדער מענש. א יונגער מא̇ן, וועלכער וויל קענען דיא וועלט, זא̇ל זעהען און שטודירען דיא וועלט. און ווייסטו וואס איך וועל דיר זא̇גען ? ווען דוא וואלסט ניט געווען אזוי שטא̇רק פערליעבט אין דיין יוליא׳ן, וואלט איך דיך א̇ליין אויך בע־וואויגען מיטצופא̇הרען, אום צו זעהען דיא גרויסע און ברייטע וועלט. א̇בער אזוי וויא דוא ביסט א פערליעבטער, דאן ליעב ווייטער און זא̇ל זיין מיט גליק.“

פראטעאוס הא̇ט געזעהען, א̇ז עס וועט ווירקליך גא̇ר ניט העלפען און ער הא̇ט זיך אונטערגעגעבען זיך שיידענדיג פון זיין פריינד מיט פיעלע אויסדריקע פון וואהרער פריינדשאפט.

„אדיע, גוטער וואלענטין !“ הא̇ט ער צו איהם געזא̇גט. „דענק פון מיר, פון דיין פריינד, וואוהין דוא וועסט קומען. זיי גליקליך.“

וואלענטין איז נא̇ך אין דעמזעלבען טא̇ג אוועק געפא̇הרען קיין מילאן.

נא̇כדעם וויא פראטעאוס איז געבליעבען א̇ליין, הא̇ט ער זיך אוועק־געזעצט און א̇בגעשריעבען א צערטליכען ליעבעס־בריעף צו יוליא׳ן. ער איז דאן אוועק און איבערגעגעבען דעם בריעף צו לוסעטל׳ן, יוליא׳ס קאמער־מיידעל, א̇ז זיא זא̇ל איהם דערלאנגען יוליא׳ן.

יוליא הא̇ט געליעבט פראטעאוס׳ן פונקט וויא ער הא̇ט זיא געליעבט. א̇בער א מיידעל בלייבט א מיידעל. זיא הא̇ט זיך געטראכט, א̇ז א מא̇ן דארף מען ניט, אזוי מיר־ניט־דיר־ניט באלד נא̇כגעבען. זיא הא̇ט בע־שלא̇סען, א̇ז עס פאסט בעסער צו שפיעלען דיא רא̇לע פון „ניט וועלען“.

זיא האָט דערפאַר ניט ארויסגעוויעזען איהר ליעבע און איהם געגעבען א שעהן ביסעל מיה ביז ער האָט געקענט צו איהר צו טרעטען.

ווען לוסעלא האָט איהר איבערגעגעבען דעם בריעף, האָט זיא איהם ניט געוואָלט נעהמען. זיא האָט אויך אָנגעזידעלט לוסעלא'ן פאַר צונעהמען דעם בריעף פון פראָטעאוס'ן, און אין צאָרן האָט זיא געהייסען לוסעלא'ן זיא זאָל פערלאָזען דאָס צימער.

זיא האָט אָבער אַזוי שטאַרק געוואָלט זעהען וואָס אין בריעף שטעהט געשריעבען, אַז זיא האָט באַלד צוריקגערופען איהר קאַמער־מיידעל. ווען לוסעלא איז אַריינגעקומען, האָט זיא, פאַר אַן אויסרייד, געפרעגט:

„וויפיעל האַלט דער זייגער?"

לוסעלא, וועלכע האָט פערשטאַנען, אַז דאָס איז טאַקי נאָר אַן אויס־רייד, אנשטאַט צו ענטפערן וויפיעל דער זייגער האַלט, האָט זיא איהר גלייך דערלאַנגט דעם צוריק גענומענעם בריעף.

יוליא איז יעצט ווירקליך אין כעס געוואָרען אויף לוסעלא'ן ווארום זיא האָט פערשטאַנען וואָס זיא וויל, און אום ווייטער צו שפּיעלען דיא ראָלע, האָט זיא געכאַפּט דעם בריעף און איהם צוריסען אויף שטיקער און געוואָר־פען אויף דער ערד. דאַן האָט זיא בעפוילען דעם קאַמער־מיידעל, זיא זאָל שנעל ווידער פערלאָזען דאָס צימער.

אַזוי וויא לוסעלא האָט געהאַלטען ביים אַרויסגעהען, האָט זיא זיך אָנגעבויגען און אָנגעהויבען צוזאַמען צו קלייבען דיא שטיקלעך בריעף, אָבער יוליא, וועלכע האָט אַליין געוואָלט זעהען וואָס דאָרט איז געשריעבען, האָט ווידער אויסגעשריען אין געמאַכטען צאָרן:

„געה, אַרויס פון דאַנען! לאָז דאָס פּאַפּיער ליעגען! דוא ווילסט מיך ווידער אויפרעגען!"

ווען לוסעלא איז אַרויס, האָט יוליא באַלד זיך געכאַפּט צוזאַמענלעגען דיא צוריסענע שטיקלעך.

פאַר אַלעמען האָט זיא צוזאַמענגעשטעלט דיא ווערטער: „ליעבעס־פערוואונדעטער פראָטעאוס." דאַן האָט זיא געקלאָגט איבער דיעזע ליעבענ־דע ווערטער און זיי ווידערהאָלט עטליכע מאָל.

„רוהיג, רוהיג," האָט זיא גערעדט צו דיא שטיקלעך פּאַפּיער. „שווייגט מיינע אָרעמע, קראַנקע און פערוואונדעטע קינדערלעך, איך וועל אייך אַריינלעגען אין מיין בוזים וויא אין אַ בעט, און איך וועל אייך אַזוי לאַנג האַלטען נעבען מיין ברוסט, ביז איהר וועט געזונד ווערען."

א היבשע צייט האָט זיא זיך געמאַטערט אויסצוגעפינען וואָס אין בריעף איז געשטאַנען. ענדליך האָט זיא אויסגעפונען אויסדריקע פון הייסע און ברענענדע ליעבע.

דער פאַקט, אַז זיא אליין האָט צוריסען דעם בריעף, האָט זיא זעהר געערגערט. זיא האָט אַלזאָ בעשלאָסען מעהר ניט צו זיין אַזוי האַרטנעקיג און איינגעשפאַרט, און זיך אַוועקגעזעטצענדיג, האָט זיא, צום ערשטען מאָל, אָנגעשריעבען אַ בריעף צו פּראָטעאוס'ן, וואָס האָט אויך געאָטהעמט מיט ליעבע.

ווען פּראָטעאוס האָט ערהאַלטען דיעזען בריעף, איז ער געווען אויסער זיך פאַר גליק. ער האָט איהם עטליכע מאָל געלעזען, און וועהרענד ער האָט מיט ליעבעפולע אויגען געהאַלטען אין איין קוקען אין בריעף, האָט ער אויסגעשריען:

„זיסע ליעבע, זיסע ווערטער, זיסעס לעבען!"

וועהרענד זיין גרויסער בעגייסטערונג, איז זיין פאַטער אַריין אין צימער און געהערט זיינע ווערטער.

„וואָס איז דאָס?" האָט דער אַלטער געפרעגט, „וואָס איז דאָס פאַר אַ בריעף?"

„פאַטער", האָט פּראָטעאוס אַרויסגעשטאַמעלט האַלב דערשראָקען, „עס איז אַ בריעף פון מיין פריינד וואַלענטין פון מילאַן".

„גיב מיר נאָר אַהער דעם בריעף, לאָמיך זעהען וואָס עס הערט זיך עפּעס נייעס אין מילאַן".

„קיין נייעס, פאַטער", האָט פּראָטעאוס געענטפערט זייענדיג גוט דערשראָקען. „ער שרייבט מיר בלויז וויא בעליעבט ער איז ביים פירסט פון מילאַן, וועלכער האָט איהם אויפגענומען אַלס אַ טהייערען און ליעבען גאַסט. ער בעט מיך איך זאָל אַהין קומען אום מיט איהם צו טהיילען זיין גליק".

„און וויא געפעלט דיר אַזאַ איינלאַדונג?" האָט דער פאַטער פּלוצלינג געפרעגט.

„איך הייננ בלויז אָב פון דעם ווילען פון מיין פאַטער, און ניט פון מיין פריינד'ס וואונש", האָט פּראָטעאוס געענטפערט אונטערטהעניג.

עס ווייזט זיך אַרויס, אַז פּראָטעאוס'ס פאַטער האָט טאַקי אין דעם זעלבען טאָג גערעדט מיט זיינעם אַ פריינד איבער דעם זעלבען געגענשטאַנד. דיזער פריינד האָט זיך זעהר געוואונדערט וויא אַזוי ער לאָזט אַזאַ יונגען

מעניטען זיצען בלויז אין דער היים און שיקט איהם ניט אוועק ערגעץ ער זאָל זעהן וואָס עס טהוט זיך אויף דער וועלט.

„זאָל זיין וויא עס איז", האָט דער פריינד געזאָגט, „מאַנכע שיקען זייערע זיהן אין קריעג צו זוכען זייער גליק, אנדערע זיי זאָלען ענטדעקען אונ־בעקאַנטע אינזלען, א טהייל צו שטודירען אין אויסלענדישע אוניווערזיטעטען. אָט איז טאַקי אוועקגעפאָהרען וואלענטין אין הויף צום פירסט פון מילאַן. אייער זוהן איז אויך פּאַסענד פאַר אַזעלכע רייזען, און עס וועט זיין פאַר איהם א גרויסער חסרון, וועט ער וועט עלטער ווערען ניט האָבענדיג גע־רייזט אין זיין יוגענד".

דער אַלטער האָט איינגעזעהען, אז זיין פריינד האָט איהם גוט געראַטהען און ער האָט באַלד בעשלאָסען, הערענדיג פון וואלענטין'ס בריעף, אז פּראָ־טעאוס זאָל אויך אוועק פאָהרען.

ניט וואַרטענדיג פיעל, האָט ער אויסגעדריקט זיין פערלאנג, אז פּראָ־טעאוס זאָל זיך מאַכען רייזע - פערטיג, בעמערקענדיג דערביי:

„מיין ווילען שטימט איין מיט וואלענטין'ס וואונש".

פּראָטעאוס האָט זיך אביסעל געקווינקעלט.

„קוק ניט אויף מיר אזוי ערשטוינט", האָט דער אַלטער געזאָגט, „איך האָב בעשלאָסען דו זאָלסט אָברייזען צום פירסט פון מילאַן. דאָס וויל איך און דו זאָלסט קיין וואָרט ניט רעדען מעהר. מאָרגען פּאָהרסטו שוין. דאָס איז מיין בעפעהל".

פּראָטעאוס האָט גוט געקענט זיין פאַטער. ער האָט געוואוסט, אז קיין זאַך וועט איהם מעהר העלפען. ער האָט אַלזאָ זיך אליין געמאַכט פּאָרוואירפע פאַר דערצעהלען זיין פאַטער א ליגען. אָבער פערפאַלען, צוריק נעהמען האָט ער שוין ניט געקענט.

ער האָט דאָן מיטגעטהיילט יוליא'ן איבער זיין פאַטער'ס פעסטען בעשלוס.

ווען יוליא האָט איינגעזעהען, אז זיא פערליערט פּראָטעאוס'ן אויף א לאַנגע צייט, האָט זיא שוין ניט געשפּיעלט דיא ראָלע פון גלייכגיל־טיגקייט. זיא האָט זיך מיט איהם בעגעגענט אוןביידע האָבען זיך געשוואָ־רען טרייע און אייביגע ליעבע.

אַלס אַנדענקען, האָבען זיי זיך געביטען מיט רינגען, פערשפּרעכענדיג צו האַלטען דיזע רינגען אויף אימער און אייביג אַלס אַן אויסדרוק פון זייער ליעבע.

מיט שווערע הערצער, האָבען דיא געליעבטע גענומען אבשיעד איינער פון צווייטען, און פראָטעאוס האָט אָנגעראַנגען זיין רייזע נאָך מילאַן צו זיין פריינד וואלענטין.

דאָס וואָס פּראָטעאוס האָט געזאָגט אויסוויינינג, איז טאַקי געווען א פאקט. וואלענטין איז אין דער ווירקליכקייט געווען א טהייערער און ליעבער גאַסט אין הויף פון דעם פירסט פון מילאַן. אויסער דעם האָט פּאַסירט נאָך עפּעס מיט וואלענטינען, וואָס האָט געמאכט א גאַנצע ענדערונג אין זיין לע־בען, איבער וועלכען פּראָטעאוס האָט אפילו ניט גע'חלום'ט — וואלענטין האָט זיך פערליעבט, דערזעלבער וואלענטין וואָס האָט פריהער געלאַכט פון ליעבע.

און דיעזע אין וועמען וואלענטין האָט זיך פערליעבט, איז ניט געווען קיין אַנדערע וויא פרינצעסין סילוויא, דיא טאָכטער פון דעם פירסט פון מילאַן, נאָך מעהר, דיא שעהנע פּרינצעסין האָט אויך ערווידערט וואלענטין'ס ליעבע.

נאָר דיזע ליעבע איז שוין געווען אביסעל צו ראָמאַנטיש, זיא האָט געמוזט געפיהרט ווערן אין דער שטיל, בעהאַלטען, קיינער זאָל ניט וויסען, ווייל כאָטש דער פירסט האָט שטארק געהאַלטען פון וואלענטין'ען, האָט ער פון דעסטוועגען בעשלאָסען, אַז זיין טאָכטער זאָל חתונה האָבען מיט אַן אַנדערן. דיזער איז געווען א יונגער הויפהערר מיט דעם נאמען טהוריאָ, וועלכער האָט נושא חן געווען ביים פירסט. סילוויא ווידער האָט טהוריאָ'ן ניט געקענט ליידען, ווייל ער איז ערשטענס ניט געווען אזוי שעהן און צוויי־טענס האָט ער ניט בעזעסען דיא פיינע מאַניערען פון וואלענטינען און אויך ניט זיין שכל און בילדונג.

ביידע יונגע לייט, טהוריאָ און וואלענטין, האָבען איינמאָל צוזאַמען בעזוכט סילוויא'ן. וואלענטין האָט זיך אמוזירט דערמיט וואָס ער האָט אין א פיינעם הומאָר אָבגעלאַכט און חוזק געמאכט פון טהוריאָ'ס ווערטער. סילוויא האָט דערפון אָנגעקוואָלען. פּלוצלינג איז ערשיענען דער פירסט און געבראַכט וואלענטינען דיא פרעהליכע נאַכריכט, אַז זיין פריינד פּראָטעאוס איז אָנגעקומען.

ביידע יונגע לייט, טהוריאָ און וואלענטין, האָבען איינמאָל צוזאַמען געפיהרט א געשפּרעך.

זיי זיינען גלייך אונטערבראָכען געוואָרען אין זייער געשפּרעך, ווען פּראָטעאוס איז ערשיענען.

וואַלענטין האָט איהם דאַן פאָרגעשטעלט פאַר סילוויאַ׳ן מיט דיעזע ווערטער : —

„זיסע דאַמע, עמפּפאַנג איהם אַלס נאָך איין דיענער און פערעהרער פון דיין הערליכקייט“.

ווען וואַלענטין און פּראָטעאוס זיינען געווען פּערטייג מיט זייער בעזוך, האָבען זיי זיך גלייך צוריקגעצויגען אום צו זיין אַליין און רעדען איבער זייערע אייגענע אינטערעסען.

„יעצט, פּראָטעאוס“, האָט וואַלענטין געזאָגט, „וויל איך דו זאָלסט מיר דערצעהלען וויא דו קומסט אַהער? וואָס מאַכט דיין געליעבטע? וואָס פאַר אַ פאָרטשריט האָט געמאַכט דיין ליעבע?“

„מיינע ליעבעס געשיכטען“, האָט פּראָטעאוס געענטפערט, „האָבען דיך קיינמאָהל ניט אינטערעסירט. איך וויים, אז דו האַלטסט ניט פון אַזעלכע זאַכען“.

„אָך, פּראָטעאוס“, האָט וואַלענטין געזאָגט מיט אַ זיפץ. „דאָס לעבען שטעהט ניט אויף איין פּלאַץ, עס ענדערט זיך. איך האָב מיך שוין אַליין גע־מוסר׳ט דערפאַר וואָס איך האָב פון דיר געלאַכט. דאָס שיקזאַל האָט זיך אָן מיר נוקם געווען, ווייל ליעבע בעאונרוהיגט מיך יעצט מעהר וויא אַלעס ווען מיר ווערט געראַובט דער שלאָף פון פיעלע נעכט. אָך, גוטער פּראַטעאוס, ליעבע איז מעכטיג און שטאַרק און דיא ליעבע האָט מיך בעזיעגט. איך בין דאָס אַלעס מודה ומתודה, אז קיינער קען ניט קעמפּפען ערפאָלגרייך געגען ליעבע, און וואָס מעהר ער קעמפּפט, אַלץ אַ גרעסערן קרבן מוז ער ברייגגען. מיך אַליין אינטערעסירט שוין אויך ניט קיין אַנדערע זאַך, וויא אַ געשפּרעך איבער ליעבע. איך וואָלט געקענט מיך ענטזאָגען פון עסען, טרינקען און שלאָ־פען, אבי צו דענקען און רעדען איבער מיין ליעבע“.

ווען פּראָטעאוס האָט דאָס געהערט, האָט ער געשפּירט אַ מין טריאומף איבער זיין פריינד. אָבער פּראָטעאוס אַליין, פון דיזען מאָמענט אָן, האָט פערלאָרען דעם נאָמען פריינד פאַר וואַלענטינען, דען צווישען זיי האָט זיך געבילדעט אַ געוואַלטיגער אבגרונד, דער אבגרונד פון דער ליעבע צו איין פּרויענצימער, וועלכער צושיידט דיא בעסטע און טרייעסטע פריינד.

דיזע פערוואַנדלונג אין פּראָטעאוס׳ן האָט שטאַטגעפונען פונקט אין דער צייט ווען זיי זיינען צוזאַמען געווען אין סילוויאַס געגענוואַרט. דיא שעהנע סילוויאַ, וויא מיט אַ צויבער, האָט איינפאַך וויא פער׳כישוף׳ט פּראָטעאוס׳ן. ער האָט, אין פערלויף פון עטליכע מינוטען, **פערגעסען אַן אַלעס, אפילו אַן**

זיין שעהנער יוליא, און ער איז געווען בערייט אַלעס צו טהאָן אום צו גע־ווינען סילוויא'ן.

אַלעס איז אוועק וויא א טרוים, דיא איינציגע ווירקליכקייט איז פאר איהם געווען דיא פירסטליכע מאַכטער, סילוויא.

ער האָט געלעזען אין וואַלענטין'ס אויגען, אז ער ליעבט סילוויא'ן, און דערפאר איז ער געווען בערייט איהם צו הרג'ענען — איהם, זיין טהייערסטען און ליעבסטען פריינד.

וואַלענטין, נאַטירליך, האָט פון גאָר ניט געוואוסט; ער האָט גערעכענט פראָטעאוס'ן פאר זיין גוטען אלטען פריינד און ער האָט איהם מיטגעטהיילט אַלעס איבער זיין ליעבע, וויא עס איז איהם און סילוויא'ן ביז יעצט געלונגען דאָס אַלעס צו בעהאַלטען פארן פירסט. אָבער ענדליך, נאַכדעם וויא זיי האָ־בען איינגעזעהען, אז עס איז קיין האָפנונג ניטאָ, אז דער פירסט זאָל ווען עס איז איינשטימען, האָט ער געפועל'ט ביי סילוויא'ן זיא זאָל פערלאָזען איהר פאַטערס פאַלאַץ און מיט איהם אנטלויפען קיין מאַנטוא. דאָן האָט ער געוויזען פראָטעאוס'ן א שטריק לייטער, מיט וועלכער ער האָט געפּלאַנט צו העלפען סילוויא'ן אַרונטערקומען פון א פענסטער ווען עס וועט זיין האַלבע נאַכט און יעדער וועט שלאָפען אין פאַלאַץ.

ווען פראָטעאוס האָט אויסגעהערט דאָס גאַנצע געהיימנים פון זיין פריינד, האָט ער באַלד בעשלאָסען דאָס אַלעס מיטצוטהיילען דעם פירסט און צושטערען דעם גאַנצען פּלאַן.

מערקווירדיג איז דיא ליעבע. דאַכט זיך פראָטעאוס איז בטבע גאָר ניט געווען קיין שלעכטער און פערדאָרבענער, ער האָט בלויז געקענט ליעבען, און פיל ייכט נאָך צו פיעל ליעבען. אָבער ווען דיזע ליעבע האָט איהם בע־הערשט, האָבען מיר געזעהען, אז צום ערשטען מאָהל האָט ער דערפאר גע־זאָגט זיין פאַטער א ליעגע, און צום צווייטען מאָל האָט ער געפאַסט דעם בעשלוס פון א לומפּ, צו פערראַטהען זיין בעסטען פריינד, וועלכער האָט זיך אין איהם פערטרויעט.

פראָטעאוס האָט קיין צייט ניט געוואָלט פערליערען. ער האָט באַלד אויפגעזוכט דעם פירסט, און מיט א לאַנגער פאָררעדע וועגען דיא געזעצע פון פריינדשאַפט, אז דאָרט וואו עס האַנדעלט זיך אום גע־רעכטיגקייט, איז אויך דאָ א גרענעץ צו אַזא פריינדשאַפט, האָט ער מיטגעטהיילט דעם פירסט, אז ער מוז איהם זיין דאַנקבאַר פאר זיין אויפנאַהמע אפילו אויף אַזוי ווייט ווען עס האַנדעלט זיך אום צו פערראַטהען זיין פריינד.

דאַן האָט ער דערצעהלט אַלעס וואָס וואַלענטין האָט איהם געזאָגט, ניט אויסלאָזענדיג, נאַטירליך, דיא געשיכטע מיט דער שטריק לייטער.

אזוי איז עס שוין, ווען מען זאָגט איינעם וואָס איהם געפעלט, וואָס איז פאַר זיינע נוטצען, מעג עס אויך זיין א לומפּעריי און א געמיינהייט, וועט דאָס אויסגעטייטשט ווערען אין גוטסקייט און עדעלקייט. אויך דער פירסט האָט בעטראַכט פּראָטעאוס'עס מסירה פאַר א גרויסער אנשטענדיג־קייט, און אנשטאט צו זעהען אין איהם א שמוטציגען פּערעטהער, האָט ער איהם געלויבט און געריהמט פאַר זיין עהרליכקייט. ער האָט איהם אויך פערשפּראָכען אזוי צו פיהרען, אז וואַלענטין זאָל ניט ערפאַהרען וויא ער, דער פירסט, ווייסט פון זיין געהיימנים.

ער האָט דאַן געדריקט פּראָטעאוס'עס האנד, איהם פערזיכערט מיט זיין פריינדשאַפט און פון איהם גענומען אבשיעד, איהם איינלאַדענדיג, פון דעסטוועגען, איהם צו קומען אָפט בעזוכען.

ווען עס איז נאָכט געוואָרען, האָט זיך דער פירסט אוועקגעזעטצט וואַרטען און אויפּפּאַסען, דאַן האָט ער בעמערקט, וויא וואַלענטין, אָנגע־טהאָן אין א לאַנגען מאַנטעל, געהט שנעל פאַרביי נעבען פּאַלאַץ, און היני־טער דעם מאַנטעל, האַלט ער עפּעס בעהאַלטען. ער האָט בעשלאָסען, אז דאָס איז געוויס דיא שטריק־לייטער.

דער פירסט האָט איהם אָבגעשטעלט מיט דיא ווערטער :

„וואוהין געהסטו אזוי שנעל, וואַלענטין ?"

„ענטשולדיגט, פירסט," האָט וואַלענטין געענטפערט א ביסעל אי־בערראַשט, „א שליח וואַרט אויף מיר צו נעהמען מיינע בריעף נאָך וועראָנא, צו מיינע פריינד. איך געה דאָס יעצט איהם איבערגעבען דיא בריעף."

דיעזער ליעגען האָט ניט געהאַט קיין בעסערעווירקונג, וויא דער ליע־גען וואָס פּראָטעאוס האָט געזאָגט זיין פאַטער.

„זיינען זיי ווירקליך וויכטיגע בריעף ?" האָט דער פירסט ווייטער געפרעגט.

„אויף אזוי וויט, דאָס איך שרייב מיין פאַטער, אז איך בין געזונד און גליקליך אין אייער הויף."

„אויב אזוי," האָט דער פירסט געזאָגט, „דאַן מאַכט עס ניט אויס, פערבלייב זשע דאָ מיט מיר אויף א ווײלע. איך וויל מיט דיר רעדען וועגען א וויכטיגע זאַך."

ער האט דאן אנגעהויבען צו דערצעהלען וואלענטין'ען עפעס א גע־שיכטע וואס ער האט אויסגעטראכט מיט דעם צוועק ארוים צו קריגען דעם סוד פון איהם. דאן האט ער בעמערקט:

„דוא ווייסט דאך, וואלענטין, אז איך וויל פערהייראטהען מיין טאכ־טער סילוויא מיט טהוריא'ן, אבער זיא איז הארטנעקיג און וויל ניט פאל־גען וואס איך, איהר פאטער, הייס איהר. און דיר פערטרויע איך עס, אז איהר עקשנות האט כמעט אוועקגענומען מיין גאנצע פאטערליכע ליעבע פון איהר. איך האב געטראכט, אז איך וועל פערזיסען מיין עלטער מיט איהר קינדישע פפליכט צו מיר, אזוי אבער האב איך בעשלאסען נאך א מאל צו הייראטהען, נעהמען א פרוי און זיא לאזען געהען וואוהין זיא וויל. זאל איהר שעהנהייט זיין איהר נדן, פון מיר האט זיא גאר מעהר ניט צו ער־ווארטען."

וואלענטין איז געווען זעהר אונגעדולדיג און זיך געטראכט, אז הלוואי מאכט שוין דער פירסט א סוף פון דעם געשפרעך.

„און וואס ווילט איהר זאל איך טהון פאר אייך?" האט ער גע־פרעגט.

„וואס איך וויל, איז פאלגענדעס," האט דער פירסט אנגעפאנגען גאנץ רוהיג. „דיא דאמע מיט וועלכער איך וויל חתונה האבען, איז יונג און שעהמענדיג, און עס אינטערעסירט זיא זעהר וועניג וואס איך בין. אויסערדעם, איז דיא מאדע פון ליעבעס־ערקלערונג אין גאנצען גע־ביטען געווארען זייט דער צייט וואס איך בין געווען א יונגער מאן. אלזא, פערלאנג איך יעצט פון דיר, דוא זאלסט זיין מיין לעהרער, און מיך לערנען וויא צו ערקלערען ליעבע און וויא צו געווינען דיא יונגע דאמע."

וואלענטין האט איהם דאן געגעבען אן אלגעמיינעם בעגריעף פון דער ליעבעס־ערקלערונג וואס ווערט פראקטיצירט צווישען דיא יונגע לייט. דאס הייסט, ער זאל איהר געבען א סך שעהנע מתנות, זיא אפט בעזוכען און נאך אזעלכע זאכען.

דער פירסט האט געענטפערט, אז דיא יונגע דאמע, וועלכע ער ליעבט, איז ניט געגען מתנות, אז זיא האט שוין אנגענומען עטליכע געשענקע וואס ער האט איהר געשיקט, אבער איין צרה איז בלויז דא, וואס איהר פאטער וואכט צו פיעל איבער איהר און לאזט קיין מאן ניט צו ביי טאג.

„דאן בעזוכט זיא ביי נאכט." האט וואלענטין געראטהען.

„אָבער ביי נאַכט,“ האָט דער פירסט אָנגעוועגדעט, „זיינען איהרע טהירען געשלאָסען.“

וואַלענטין האָט ניט פערשטאַנען וואוהין דער פירסט פיהרט איהם מיט דעם געשפּרעך און ער האָט דערפאַר געראַטהען, אַז דער פירסט זאָל אריין צו דער געליעבטע דורך אַ שטריק-לייטער, און נאָך פאָרגעשלאָגען, אַז ער אַליין וועט איהם בעזאָרגען דערמיט.

אָבער וואו בעהאַלט מען אַזא לייטער?“ האָט דער פירסט גע־פּרעגט.

„אונטער אַ לאַנגען מאַנטעל,“ איז געוועזען דער ענטפער.

„אַך, פיעללייכט אַזא מאַנטעל וויא איהר טראָגט?“ האָט דער כיטרער פירסט געפרעגט. „אויב אַזוי, באָרגט מיר טאַקי אייער מאַנ־טעל.“

ביי דיעזע ווערטער האָט ער אָנגענומען איין פאָלע פון וואַלענטין׳ס מאַנטעל, שטאַרק אויפגעהויבען, און דאָרט דערזעהען ניט נאָר דיא שטריק־לייטער, זאָנדערן אויך סילוויאַ׳ס אַ בריעף, וועלכען ער האָט שנעל צוגע־כאַפּט, געעפענט און געלייענט.

סילוויא האָט אין דיעזען בריעף געגעבען אַ פאָלשטענדיגע בעשרייבונג איבער דעם פּלאַן פון ענטלויפען.

ווען דער פירסט האָט דאָס אַלעס איבערגעלייענט, האָט ער גוט אויס־געזידעלט וואַלענטין׳ען פאַר זיין אונדאַנקבאַרקייט געגען איהם, פאַר ווע־לען אוועקרויבען זיין טאָכטער, און דאַן האָט ער ערקלערט, אַז וואַלענטין מוז זאָפאָרט פערלאָזען דיא שטאָדט מילאַן און קיין מאָל מעהר ניט צוריק קעהרען אהין. דער אורטהייל האָט געדאַרפט דורכגעפיהרט ווערען נאָך אין יענער נאַכט, און ער זאָל אפילו ניט זעהען מעהר סילוויאַ׳ן.

וועהרענד פּראָטעאוס אין מילאַן האָט אַזוי פיעל צרות און לייד גע־בראַכט אויף זיין פריינד וואַלענטין, האָט יוליאַ אין ווראַנא שטאַרק חרטה געהאַט אויף דער אבוועזענהייט פון איהר געליעבטען פּראָטעאוס. דיא ליעבע האָט זיך אַזוי ענטוויקעלט אין איהר, אַז זיא האָט בעשלאָסען צו פערלאָזען ווראַנא אין געהיים און געהען זוכען איהר געליעבטען אין מילאַן.

אום צו זיין זיכער געגען געפאַהר אויף׳ן וועג, האָט זיא זיך פער־שטעלט פאַר אַ מאַן, און צוזאַמען מיט איהר גאָווערנאַנטקע, אויך פער־קליידעט, האָט זיא אָבגערייזט פון ווראַנא און אָנגעקומען נאָך מילאַן

פונקט ווען וואלענטין איז פון דאָרט פערטריבען געוואָרען דורך פראטעאוס׳עס אינטריגע.

יוליא איז אָנגעקומען קיין מילאן אונגעפעהר אום מיטאג צייט און זיא איז אריינגעפאָהרען אין א קרעטשמע־האָטעל. האָבענדיג אַלע איהרע גע־דאנקען ביי פראטעאוס׳ן, האָט זיא אָנגעהויבען צו רעדען מיט דעם קרעטש־מאָר, דענקענדיג, אַז אַזוי וועט זיא עפּעס אויסגעפינען איבער איהר גע־ליעבטען.

דער קרעטשמאר איז געווען זעהר צופריעדען צו רעדען מיט דעם יונגען רייזענדען, און אום איהם צו אַמוזירען, האָט ער אָנגעבאָטען איהם מיט־צונעהמען הערען שעהנע מוזיק און בייוואָהנען א סצענע, וויא אַ יונגער הערר זינגט אַ סערענאדע (נאכט־ליעד) פאַר זיין געליעבטע.

יוליא האָט אויסגעזעהען זעהר בעטריעבט, ווייל זיא האָט מורא גע־האָט, דאָס ווען פראטעאוס וועט ערפאהרען איבער איהר האנדלונג, וועט עס איהם פערדריסען. זיא האָט געוואוסט, אַז ער האט זיא געליעבט אַלס מיידעל און ער וועט געוויס ניט זיין איינפערשטאַנען זיא צו זעהען אַזוי פערשטעלט.

זיא האָט פון דעסטוועגען אָנגענומען דיא איינלאדונג פון דעם קרעטשמאר צו געהען הערען דיא מוזיק, טראכטענדיג דערביי, אַז דאָס וועט איהר פיעללייכט געבען אַ געלעגענהייט צו זעהען פראטעאוס׳ן.

אָבער ווען זיי זיינען געקומען אין דעם פּלאַץ וואוהין דער קרעטשמאר האָט זיי געבראַכט, האָט זיא דערזעהען אַ סצענע וואָס האָט זיא זעהר בעטריעבט. איהר אייגענער געליעבטער, פראטעאוס, איז געווען דער־יעניגער וואָס האָט געזונגען דיא סערענאדע צו פרינצעסין סילוויא, בעזינ־גענדיג איהר שעהנהייט און אויסדריקענדיג אין מוזיק זיין ברענענדע ליעבע. אין דערזעלבער צייט אָבער, האָט אויך יוליא געהערט וויא סילוויא האָט גערעדט פון אַ פענסטער, וויא סילוויא האָט גערעדט און שטאַרק פאראי־בעל גענומען אויף פראטעאוס׳ן דערפאַר וואָס ער האָט פערלאָזט זיין אייגענע געליעבטע און זיך געווענדעט צו איהר, און אויך דערמיט ארויסגעוויזען זיין פאַלשקייט צו וואלענטין׳ען.

נאָר אַזוי וויא פראטעאוס האָט ניט אויפגעהערט צו ערקלערען זיין ליעבע צו סילוויא׳ן, האָט סילוויא פערלאָזט דאָס פענסטער און ווייטער ניט געוואָלט אויסהערען זיין ליעבעס־פּלוידעריי.

דאָס איז אַלץ געווען דערפאַר, ווייל סילוויא האָט געליעבט בלויז איין

מאן, וואלענטין'ען, און זיא איז איהם געבליעבען געטריי און זיך שטארק געערגערט ארויסזעהענדיג פראטעאוס'עס פאלשקייט.

אבער פרויענצימער זיינען מערקווירדיג. כאטש יוליא איז געוועזען שרעקליך געערגערט איבער דעם וואס זיא האט בייגעוואהנט, פון דעסט־וועגען האט זיא נאך אלץ געליעבט פראטעאוס'ן, און הערענדיג, אז ער האט געהאט א דיענער און איהם אוועקגעשיקט, האט זיא געפלאנט, מיט דער הילף פון דעם קרעטשמאר, צו ווערען פראטעאוס'עס דיענער. און אזוי וויא פראטעאוס האט ווירקליך בעדארפט האבען א דיענער, האט ער קיין ספק שהיות ניט געמאכט און צוגענומען יוליא'ן מיינענדיג, אז דאס איז א יונגער מאן. ער האט באלד געפונען פאר איהר ארבייט און זיא אוועק־געשיקט מיט בריעף און פרעזענטען צו סילוויא'ן. וואס עס האט זיא נאך מעהר געקריינקט, איז געוועזען דער פאקט, אז צווישען דיא פרעזענטען, האט ער סילוויא'ן אויך געשיקט יוליא'ס רינג, ביי וועלכען ער האט איהר געשוואוירען אייביגע און טרייע ליעבע.

יוליא איז געגאנגען אין איהר שליחות מיט א קלאפענדעס הארץ. ווען זיא איז אבער געקומען צו סילוויא'ן, האט עס זיא געפרייט הערענדיג, אז סילוויא וויל בשום אופן ניט אננעהמען קיין זאך פון פראטעאוס'ן.

יוליא האט זיך דאמאלס גערופען סעבאסטיאן. דער דיענער סע־באסטיאן איז אלזא אריין אין א געשפרעך מיט סילוויא'ן איבער פראטע־אוס'עס ערשטע ליעבע און וויא אזוי ער האט שענדליך געהאנדעלט געגען יוליא'ן.

„איך האב געקענט יוליא'ן", האט סעבאסטיאן בעמערקט. „אזוי גוט געקענט וויא מיך אליין. און איך ווער אייך זאגען דעם אמת, אז יוליא איז זעהר אן ארענטליכעס מיידעל און זיא ליעבט אזוי פראטעאוס'ן, נאך יעצט, וויא איהר לעבען. אך, פרינצעסין, איהר ווייסט גאר ניט וויא עס וועט קריינקען דיא ארעמע יוליא צו ערפאהרען איבער איהר גע־ליעבטען'ס פאלשקייט."

סילוויא איז געווארען פעראינטערעסירט און געפרעגט וויא יוליא זעהט אויס.

„אט פונקט אזא הויכקייט וויא מיינע," האט סעבאסטיאן געענט־פערט. „איהר געזיכט, קאליר פון דיא אויגען און האאר, פונקט וויא מיינע."

און אזוי וויא סעבאסטיאן איז געוועזן זעהר א שעהן אינגעל, האט זיך סילוויא געקענט מערקען, דאס יוליא איז זעהר א שעהן מיידעל.

סילוויא'ס הארץ איז אנגעפילט געווארען מיט מיטלייד און רחמנות אויף דער ארעמער יוליא, און ווען סעבאסטיאן האט איהר געוואלט איי־בערגעבען יוליא'ס רינג וואס פראטעאוס האט געשיקט, האט סילוויא אויסגעשריען:

„שאנדע און שפאט מיר צו שיקען אזא רינג! איך וועל עס געוויס ניט אננעהמען, נאך מעהר, איך האב אליין געהערט איינינע מאל וויא ער האט געזאגט, אז זיין יוליא האט עס איהם געגעבען. הער אויס, מיין יונ־גע, איך ליעב דיך דערפאר ווייל דוא האסט מיטלייד מיט דער אונגליקלי־כער יוליא. דא האסטו א בייטעל מיט געלד פון מיר; איך גיב עס דיר צוליעב יוליא'ן."

ווען יוליא האט געהערט דיעזע טרייסטענדע ווערטער פון איהר געגנע־רין'ס מויל, האט זיא געשפירט מעהר מוטה.

מיר וועלען זיך יעצט אומקעהרען און זעהען וואס עס איז געווארען פון וואלענטין'ען, וועלכער, ווען ער איז אוועק, האט ער אפילו ניט געוואוסט וואוהין צו געהען. אהיים האט ער אום קיינעם פרייז ניט געוואלט צוריק קעהרען, אז זיין פאטער זאל איהם זעהען געשענדעט און ערניעדריגט. אזוי וואנדערענדיג איבער אן איינזאמען וואלד, ניט ווייט פון מילאן, האט־בען איהם ארומגערינגעלט א באנדע רויבער, וועלכע האבען פערלאנגט זיין געלד.

וואלענטין האט זיך פאר דיא רויבער ניט דערשראקען. ער איז גע־בליעבען שטעהען גאנץ רוהיג און זיי געזאגט, אז זיי האבען בעגעגענט אן אונגליקליכען מענשען, וועמען דאס אונבארמהערציגע שיקזאל האט גע־שטראפט און פערפאלגט.

„איך בין אין גלות," האט ער ערקלערט, „קיין געלד האב איך ניט. דיא קליידער וואס איהר זעהט אויף מיר, זיינען מיין גאנצעס פערמעגען."

ווען דיא רויבער האבען געהערט, אז ער איז אן אונגליקליכער, האט זיין פיינע, עלעגאנטע האלטונג, אויף זיי געמאכט זעהר א גוטען איינדרוק.

ניט ווארטענדיג פיעל, האט איינער, אין נאמען פון אלע, איהם געמאכט א פארשלאג, דאס הייסט, ווען ער וועט ווערען זייער קאפי־

טאן אָדער הויפּטמאַן, וועלען זיי זיך שטעלען אונטער זיין קאָמאַנדאָ; אָבער ווען ער וועט זיך ענטזאגען דאָס צו טהון, וועלען זיי איהם הרג'ענען.

דער אונגליקליכער וואלענטין האָט זיך שוין מעהר ניט בעקימערט וואָס פון איהם וועט ווערען. ער האָט באלד איינגעשטימט צו ערפילען זייער וואונש, ווערען זייער הויפּטמאַן, אָבער אונטער אַ בעדינגונג, דאָס הייסט, אז זיי זאָלען ניט שענדען קיין פרויען וואָס וועלען אריינפאַלען אין זייערע הענד און ניט בעראבעווען קיין אָרעמע רייזענדע.

זיי האָבען איינגעשטימט.

אזוי איז וואלענטין געוואָרען אַ רויבער הויפּטמאַן, און אין דיעזער לאגע האָט איהם געטראָפען סילוויא, לויט וויא מיר וועלען דאָ באלד אָב־שילדערן.

דער פירסט איז געווען ענטשלאָסען, נאָכדעם וויא וואלענטין איז אוועק, אז סילוויא זאָל חתונה האָבען מיט זיין ליעבלינג, טהוריא. ער האָט אַלזאָ אָנגעפאנגען צו מאכען אַלע פאָרבערייטונגען פאר דער הייראטה. סילוויא וויעדער, זעהענדיג, אז ווען זיא וועט פערבלייבען, איז זיא פערלוירען אויף אייביג פאר וואלענטין'ען, האָט זיא בעשלאָסען צו ענט־לויפען.

זיא האָט געהעדט, אז איהר געליעבטער איז אוועק קיין מאנטוא, און אהין האָט זיא אויך געוואָלט פאָהרען.

סילוויא'ן איז ווירקליך געלונגען צו ענטלויפען אין דער בעגלייטונג פון אן אלטען עהרען־מאַן מיט דעם נאָמען עגלאמור, וועלכען זיא האָט מיט־גענומען אַלס איהר בעשיטצער. אָנקומענדיג אין וואלד וואו וואלענטין איז געווען, האָט זיי בעגעגענט אַ רויבער, וועלכער האָט געפאנגען סיל־וויא'ן. ער וואָלט אויך געפאנגען עגלאמור'ן, אָבער דער לעצטער איז ענטלאָפען.

דער רויבער וואָס האָט געפאנגען סילוויא'ן, האָט באלד בעמערקט איהר טויט־שרעק.

„זייט נאָר רוהיג מאדאם,“ האָט ער צו איהר געזאָגט. „ווייל מען וועט אייך גאָר ניט טהון. אלעס וואָס איך וויל, איז, אייך צו ברענגען אין דער העהל וואו אונזער הויפּטמאַן געפינט זיך. און דערפאר דארפט איהר זיך גאָר ניט שרעקען, ווייל אונזער הויפּטמאַן איז אן עהרען־

מאַן, וועלכער ווייזט אימער זיין מענשליכקייט און מיטלייד מיט פרויען־צימער.״

סילוויא האָט זיך אפילו זעהר ווייניג געטרייסט דערמיט, אָבער זיא האָט זיך ניט געקענט העלפען.

געהענדיג, האָט זיא אויסגעשריען: „אַך, וואלענטין! וואָס איך לייד צוליעב דיר!״

עס איז שוין ניט געווען ווייט פון דעם הויפּטמאַן׳ס העהל, ווען פּראָטעאוס מיט זיין דיענער (יוליא,) וועלכער האָט נאָכגעפאָלגט סילוויא׳ן, האָט ערפאהרען פון איהר בעגלייטער עגלאמור, וואָס ער איז מיט איהר געוואָרען. ער האָט שנעל אָנגעפאנגען זיא צו זוכען ביז ער האָט זיא ערבליקט געהענדיג אין דעם רויבער׳ס בעגלייטונג. ער איז צוגעלאָפען און עס האָט אָנגעפאנגען אַ קאַמפּף און פּראטעאוס האָט געזיעגט. ער האָט אַלזאָ בעפרייעט סילוויא׳ן פון דעם רויבער.

אָבער איידער זיא האָט נאָך צייט געהאַט איהם צו דאנקען פאַר זיין מיה, האָט ער שוין אָנגעהויבען איהר ווייטער צו ערקלערען זיין ברענענדע ליעבע.

וועהרענד זיי זיינען אַלע אַזוי געשטאַנען, און זיין דיענער (יוליא) האָט געציטערט, טאָמער וועט סילוויא, אויס דאנקבארקייט, איינשטימען צו זיינע פאָדערונגען, איז פּלוצלונג ערשיענען וואלענטין. ער האָט געהערט, אַז אַ דאַמע איז געפאַנגען געוואָרען און ער איז געקומען זיא טרייסטען און בעפרייען.

עס איז געווען, וויא מיר האָבען געזאָגט, פּונקט דאַמאלס, ווען פּראָטעאוס האָט ערקלערט סילוויא׳ן זיין ליעבע. פּראָטעאוס איז אַלזאָ געכאַפּט געוואָרען ביי זיין פערראַטה געגען זיין פריינד. דאָס האָט אויף פּראָטהעאוס׳ן געמאַכט אַזאַ ווירקונג, דאָס ער האָט באַלד חרטה געהאַט אויף אַלע זיינע געמיינהייטען.

עס האָט ניט פיעל געדויערט און ער האָט אויסגעדריקט זיין טיעפסטעס און גרעסטעס בעדויערן פאַר דעם אונרעכט וואָס ער האָט געטהאָן געגען זיין פריינד.

מערקווירדיג איז אָבער געווען וואלענטין׳ס נאַטור. ער האָט ווירקליך פאָרגעשטעלט דעם קאוואליר און דעם ריטער פון אַלטע צייטען. זעהענדיג זיין פריינד צוזאמענגעבראָכען פון חרטה, האָט ער אויסגעשריען:

„איך בין דיר מוחל אויף אַלעס. נאָך מעהר, אַלע מיינע נייגונגען צו

סילוויא׳ן וואס איך האב געהאט און וואס איך האב, גיב איך אויף צוליעב דיר, אבי דיך גליקליך צו מאכען.״

דאס איז באמת געווען זעהר נאריש. אבער א גוטער מענש, ווען ער ווערט גערירט אויף׳ן מאמענט, קען ער אויך אוועק געבען זיין לעבען.

יוליא ווידער, הערענדיג דאס אלעס, האט זיא געזעהען פאר איהר פאנטאזיע פערשווינדען איהרע האפנונגען. זיא האט מורא געהאט, אז אט, אט מוז זיא פערלירען איהר פראטעאוס׳ן אויף אייביג. זיא האט דערפאר חלש׳ט.

אלע זיינען דאן צוגעשפרונגען צו איהר זיא מינטערן.

דאס איז געווען א גליק, ווען ניט, וואלט סילוויא צייט געהאט זיך צו געפינען בעליידיגט פון איהר געליעבטען׳ס האנדלונגען. דאס איז גע־ווען טראכט דעם, וואס סילוויא אליין, האט ניט געגלויבט, אז וואלענ־טין וועט קענען לאנג האלטען זיין ווארט און ניט חרטה האבען פאר זיין צו פיעל גוטסקייט צו פראטעאוס׳ן.

איבערהויפט, וויא האט וואלענטין געקענט זאגען אזעלכע ווערטער גאר ניט פרעגענדיג סילוויא׳ן אויב זיא בעשטעהט דארויף?

יעדענפאלס, ווען יוליא האט ערוואכט, האט זיא ארונטערגענומען א רינג פון איהר פינגער און געזאגט:

„איך האב פערגעסען, אז מיין הערר האט מיר אנגעזאגט איבערצוגע־בען דיעזען רינג צו סילוויא׳ן.״

פראטעאוס איז געווען דער ערשטער זיך צוצוקוקען צום רינג. ער האט אין דעם באלד דערקענט דעם רינג וואס ער האט געגעבען יוליא׳ן איהר שווע־רענדיג אייביגע טרייע ליעבע.

„וואס איז דאס?״ האט ער געפרעגט איבעראשט. „דיעזער רינג בעלאנגט צו יוליא׳ן? וויא קומט ער צו דיר, מיין יונגע?״

„יוליא אליין האט מיר איהם געגעבען,״ האט זיא געענטפערט, „און יוליא אליין האט איהם אהער געבראכט.״

פראטעאוס האט זיך יעצט, צום ערשטען מאל, גוט איינגעקוקט אין זיין דיענער׳ס געזיכט, און ער האט באלד דערקענט אין סעבאסטיאנען זיין אייגענע יוליא.

גלייך איז איהם דורכגעפלויגען דער געדאנק פון איהר טרייהייט און איבערגעבענהייט, וויא זיא האט איהם נאכגעפאלגט איבעראל, און טראכט

זיין פא̇לשקייט, הא̇ט זיא איהם דא̇ך געליעבט. ער הא̇ט זיך געשעהמט פאר זיך אליין, און ארומנעהמענדיג יוליא'ן, הא̇ט ער זיא צוגעדריקט צו זיין ברוסט, דערביי זיך ענטזאגענדיג פון סילוויא'ן און ווינשענדיג זיין פריינד וואלענטין זא̇ל מיט איהר גליקליך זיין.

בשעת פּראטעאוס און וואלענטין הא̇בען איינער דעם צווייטען געוואונשען גליק, זיינען זיי איבערראשט געווא̇רען ביי דער ערשיינונג פון דעם פירסט פון מילאן אין דער בעגלייטונג פון טהוריא'ן, וועלכע הא̇בען נא̇כגעפא̇לגט סילוויא'ן.

טהוריא, ווילד און אויפגערעגט, איז באלד צוגעלא̇פען און געווא̇לט אויסרייסען סילוויא'ן, אויסשרייענדיג:

„זיא איז מיינע!"

וואלענטין וויעדער, מיט א שארפען בליק און נא̇ך שארפערע ווערטער, הא̇ט געזא̇גט:

„טהוריא, שטעה פון וויטען! ווען דוא וואגסט נא̇ך א מא̇ל צו זא̇גען, אז סילוויא איז דיינע, דאן זא̇לסטו אומארמען דעם טויט. א̇ט דא̇ שטעהט זיא, בעריהר זיא נא̇ר, און דיין לעבען איז מעהר גא̇ר ניט ווערטה!"

טהוריא איז בטבע געוועזן א גרויסער פייגלינג, ווען ער הא̇ט געהערט דיזע ווערטער, הא̇ט ער זיך צוריקגעצויגען און ערקלערט, אז זיא קימערט איהם מעהר ניט, און „נא̇ר א נאר קעמפפט פאר א מיידעל, וועלכע ליעבט איהם ניט."

דער פירסט איז געוועזן אן אלטער א̇בער בראווער מאן. הערענדיג טהוריא'ס ווערטער, הא̇ט ער געענטפערט:

„שאנדע און שפּא̇ט פאר דיר! ווען דוא קענסט זיא אויפגעבען אזוי לייכט, אפילו א̇הן דעם מינדעסטען קאמפף, דאן הא̇סטו ניט ווערטה זיא זא̇ל זיין דיין פרוי!"

ער הא̇ט זיך דאן געווענדעט צו וואלענטין'ען מיט דיזע ווערטער:

„איך אפּלא̇דיר דיין גייסט און דיין מוטה, וואלענטין. איך דענק, אז דוא פערדיענסט זא̇גאר דיא ליעבע פון א קייזערין. סילוויא זא̇ל זיין דיינע, ווייל דוא הא̇סט זיא דיר עהרליך פערדיענט."

וואלענטין, מיט גרויסער אונטערטהעניגקייט, הא̇ט געקושט דעם פירסט'ס האנד און א̇נגענומען מיט גרויס דאנקבארקייט דעם טהייערן פרעזענט וואס ער הא̇ט איהם געמאכט.

און אזוי וויא דער פירסט איז געוועזן גוט געשטימט, האט ער איהם אויך געבעטען אום גנאדע פאר דיא רויבער וואס זיינען געווען מיט איהם אין וואלד, איהם פערזיכערענדיג, דאס ווען עס וועט זיי ערלויבט זיין צוריק צו קעהרען אין דער געזעלשאפט, וועלען זיי אלע זיין גוטע און בראווע מענער; ווייל דער גרעסטער טהייל פון זיי, פונקט וויא ער, וואלענטין, זיינען פערטריעבען געווארען דורך פאליטישע אורזאכען.

עס איז ווירקליך געווען א שעת הכושר, און דער פירסט האט נאכגעגעבען וואלענטין׳ס וואונש.

אלעס וואס עס איז נאך יעצט איבער געבליעבען איז געווען, אז פראטעאוס זאל זיך גוט איבערבעטען מיט יוליא׳ן. אלע האבען זיך אריינגעלעגט אין שלום, און יוליא האט פערצייהעט איהר איבעראיילטען געליעבטען.

זיי האבען דאן אלע צוריק געקעהרט נאך מילאן, וואוביידע חתונות זיינען געפייערט געווארען מיט גרויס פאראד.



# סימבעלין.



(א)ין דער צייט ווען אונוסטוס איז געווען קיסר פון רוים, האט אין בריטאניען (יעצטיגעס ענגלאנד) רעגיערט א קעניג מיט דעם נאמען סימבעלין.

דעם קעניג סימבעלין'ס פרוי איז געשטארבען ווען זיינע דריי קינדער, צוויי זיהן און איין טאכטער, זיינען נאך געווען גאנץ יונג.

אימאדזשען, דיא טאכטער, איז געווען דיא עלטעסטע פון דיא קינדער. זיא האט געהאט דיא זכיה אויפגעצויגען צו ווערען אין איהר פאטער'ס פאלאץ. דיא צוויי אינגלעך וויעדער זיינען אוועקגע'גנב'עט געווארען, ווען דער עלטסטער איז אלט געווען דריי יאהר און דער אינגסטער א ברוסט־קינד.

וואס קעניג סימבעלין האט ניט אנגעווענדעט אויפצוזוכען דיעזע קינדער, איז אלץ געווען אומזיסט. זיי זיינען פערשוואונדען געווארען גלייך וויא דיא ערד וואלט זיך געעפענט אונטער זיי און ניט צוריק געלאזט קיין שפור. עס איז אפילו קיין פערדאכט ניט געבליעבען ווער דאס האט געקענט טהון.

פון דעסטוועגען האט סימבעלין נאך א מאל חתונה געהאט. אבער זיין צווייטע קעניגין איז מעהר ניט געווען וויא דיא מוטער פון זיינע קינדער. דיא צווייטע קעניגין איז געווען א שלעכטע, פארדארבענע פרוי און בייזע שטיפמוטער. דיא ארעמע יתומה אימאדזשען, האט פון איהר געהאט פיעל צו ליידען.

אין דערזעלבער צייט אבער, כאטש דיא קעניגין האט פיינד געהאט איהר שטיפטאכטער אימאדזשען, האט זיא דאך געוואלט, אז איהר זוהן, פון ערשטען מאן, זאל חתונה האבען מיט דער פרינצעסין. דערביי איז געלעגען א געוויסער פלאן: דורך אזא הייראטה האט זיא געהאפט, דאס

ווען סימבעלין וועט שטאַרבען, וועט דיא קרוין פון בריטאַניען בע־לאַנגען צו איהר זוהן קלאָטען. זיא האָט אויך געוואוסט, דאָס נאָכ־דעם דער קעניג האָט ניט קיין זוהן, וועט זיין טראָהן איבערגעהען בירושה צו זיין טאָכטער, און דער ריכטיגער קעניג וועט מוזען ווערען איהר מאַן.

דער פּלאַן איז געוועזען זעהר א גוטער פאַר דער קעניגין און איהר זוהן, אָבער אימאָדזשען אַליין האָט איהם אין גאַנצען קאַליע געמאַכט. אָהן דער איינשטימונג פון איהר פאטער, האָט אימאַדזשען חתונה געהאַט אין געהיים.

איהר מאַן איז געוואָרען א געוויסער פּאָסטהומוס, וועלכער איז געווען בעקאַנט אַלס א געראַטענער מענש און א גרויסער געלערנטער.

פּאָסטהומוס'עס פאטער איז געשטאָרבען אין א מלחמה פאַר קעניג סימבעלין. דאַמאַלס האָט דיא מוטער מיט איהם געשוואַנגערט, און באַלד נאָך זיין געבורט, איז אויך זיין מוטער געשטאָרבען אויס בענקעניש נאָך איהר מאַן.

דאָס קינד איז אַלזאָ איבערגעבליעבען גאַנץ אַליין אין דער וועלט און סימבעלין, רחמנות האָבענדיג אויף איהם, צוליעב זיינע עלטערן, האָט ער איהם צוגענומען צו זיך אום איהם צו ערציהען, און איהם א נאָמען געגעבען פּאָסטהומוס, וואָס הייסט אויף לאַטייניש, אז ער איז געוואָרען א מענש, אָדער געבוירען געוואָרען נאָך זיין פאטער'ס טויט.

סימבעלין האָט געלאָזט דאָס קינד ערציהען און אויסבילדען אויף זיינע הוצאות.

פּרינצעסין אימאַדזשען און דער יתום פּאָסטהומוס, זיינען אויפגע־צויגען געוואָרען צוזאַמען, געלערענט ביי דיעזעלבע לעהרער און פער־בראַכט זייער קינדהייט אינאיינעם. זיי האָבען זיך געליעבט ווען זיי זיינען נאָך געווען קליין און זייער ליעבע האָט געוואַקסען מיט דיא יאָהרען, ביז זיי האָבען חתונה געהאַט.

נאָך דעם וויא דיא קעניגין האָט ערפאַהרען, אז זיי זיינען געוואָרען מאַן און ווייב, איז זיא געוואָרען שטאַרק אויפגערעגט. דאָס האָט צור־שטערט, מיט איין מאָל, אַלע איהרע אינטריגאַנטישע פּלענער. זיא האָט קיין צייט ניט פערלוירען און דאָס באַלד מיטגעטהיילט איהר מאַן, קעניג סימבעלין, אז זיין טאָכטער האָט בעגאַנגען אזא פערברעכען וויא צו

הייראטהען א פּראָסטען מענשען, און דערצו נאָך אין געהיים, אָהן זיין וויסען.

דער קעניג האָט ליעב געהאַט פאָסטהומוס'ן אלס זיינער אַן אונ־טערטהאַן, אָבער ער האָט קיין מאָל ניט געדענקט איהם צו מאַכען פאַר זיין איידעם. זיין טאָכטער'ס האַנדלונג האָט איהם אונגעהייער אויפ־גערעגט. אין זיין צאָרן האָט ער ארויסגעגעבען א בעפעהל, אַז פאָסטהו־מוס זאָל אויף אייביג פערטריעבען ווערען פון זיין לאַנד.

דיא קעניגין האָט דאַן ווידער אָנגעהויבען צו שפּיעלען א פאַלשע ראָ־לע. זיא האָט זיך געמאַכט, אַז זיא סימפּאַטהיזירט שטאַרק מיט אימאָ־דזשען'ען פאַר וואָס זיא האָט פערלוירען איהר געליעבטען מאַן, און זיך אָנגעבאָטען איהר צו העלפען זיך זעהען מיט פאָסטהומוס'ן ווענינסטענס איידער ער ווערט ארויסגעטריעבען.

דיעזע פאַלשע פריינדשאַפט איז געווען צום צוועק אום צו געווינען אי־מאַדזשען'ס פערטרויען, כדי זיא זאָל נאָכהער הערען איהר עצה און חתונה האָבען מיט איהר זוהן קלאָטען.

דיא קעניגין האָט גערעכענט, אַז נאָכדעם פאָסטהומוס וועט שוין ניט זיין, וועט איהר געלינגען איינצורעדען דער פּרינצעסין, אַז איהר הייראטה מיט פאָסטהומוס'ן איז ניט גילטיג, ווייל זיא איז געשעהען אָהן דער איינשטימונג פון איהר פאַטער, און זיא וועט אַלזאָ חתונה האָבען מיט איהר זוהן.

פאָסטהומוס האָט בעשלאָסען אָבצורייזען קיין רוים און דאָרט פערבליי־בען אזוי לאַנג ביז דיא צייטען וועלען זיך ענדערן. איידער ער איז אַוועק, האָט ער זיך אַלזאָ בעגעגענט מיט זיין יונגער פרוי, און זייער אבשיעד איז געווען א שמערצהאַפטע.

אימאָדזשען האָט געגעבען איהר מאַן א דיאַמאַנטענעם רינג, וואָס איהר מוטער האָט א מאָל געטראָגען, און פאָסטהומוס האָט פערשפּראָכען זיך ניעמאַלס צו שיידען מיט דיעזען רינג. ער ווידער האָט אָנגעטהאָן זיין פרוי א בראַסלעט אויף דער האַנד, און געבעטען זיא זאָל דיעזע עראינע־רונג אָבהיטען, ווייל דאָס איז א צייכען פון זיין אונשטערבליכע ליעבע צו איהר. דאַן האָבען זיי זיך אומארמט, געוויינט, און זיך פערשפּרע־כענדיג אייביגע ליעבע און טרייהייט, האָבען זיי גענומען אבשיעד איינער פון צווייטען.

דיא אונגליקליכע אימאַדזשען, טרויעריג און בעטריעבט, איז צוריק

געבליעבען אין איהר פאטער׳ס הויף, וועהרענד פּאסטהומוס, נאָך שווערער מיה, איז ענדליך אָנגעקומען קיין רוים וואו ער האָט בעשלאָסען צו פערבלייבען און געדולדיג אָבווארטען זיין שיקזאל.

זייענדיג אין רוים, האָט פּאסטהומוס געשלאָסען בעקאַנטשאַפט מיט איינייגע יונגע און פרייליכע מענער פון פערשיעדענע נאַציאָנען, וועלכע האָבען אָפט גערעדט איבער דאמען און ליעבעס. יעדער איינער האָט געלויבט און געריהמט דיא פרויען פון זיין לאנד, איבערהויפּט האָט יעדער געשווערעמט איבער זיין געליעבטע. פּאסטהומוס נאַטירליך, וועלכער האָט נאָך שטאַרקער געליעבט זיין פרוי וויא אימער, האָט בעהויפּטעט, אַז זיין אימאָדזשען איז ניט נאָר וואונדערבאַר שעהן, זאָנדערן, אַז זיא איז אויך דיא עהרליכסטע, קליגסטע און בעסטע דאמע אין דער וועלט.

איינער פון זיינע בעקאַנטע, א גענויסער יאַקימא, האָט ניט געקענט ליידען וויא מען בעהויפּטעט, אַז עס געפינען זיך בעסערע פרויען אין דער וועלט וויא דיא רוימערינס. הערענדיג פּאסטהומוס׳עס ריהמערייען איבער זיין פרוי, האָט ער געשמייכעלט און אויסגעדריקט א גרויסען ספק איבער זיינע בעהויפּטונגען.

דאָס האָט געפיהרט דערצו, וואָס דיא צוויי יונגע מענער האָבען זיך צו־ווערטעלט. דערפון איז ארויס, אַז יאַקימא האָט זיך אָנגעבאָטען צו פאָהרען קיין בריטאַניען, מאַכען בעקאַנטשאַפט מיט אימאָדזשענען און געווינען איהר ליעבע, אונגעאַכטעט דארויף וואָס זיא האָט א מאַן.

זיי האָבען אויך געוועט, דאָס אין פאל יאַקימא׳ן וועט פערלירען, דאַן זאָל׳ער פּאסטהומוס׳ן בעצאַהלען א גרויסע סומע געלד. דאגעגען וויעדער, ווען יאַקימא וועט געווינען, און אויסנאַרען ביי אימאָדזשען ניט נאָר איהר ליעבע, זאָנדערן אויך דעם בראַסלעט, זאָל ער, פּאסטהומוס, אוועקגעבען יאַקימא׳ן אימאָדזשען׳ס בריליאַנטענעם רינג וואָס זיא האָט איהם געגעבען אלס אן ערינערונג.

פּאסטהומוס האָט אָבער אַזוי שטאַרק געגלויבט אין אימאָדזשען׳ס עהרליכקייט, אַז עס איז איהם גאָר ניט איינגעפאלען, דאָס ער ריזיקירט עפּעס מיט דיעזער וועטע.

עס האָט ניט פיעל געדויערט און יאַקימא האָט אָבגערייזט קיין בריטאַניען. אלס א פריינד און בעקאַנטער פון פּאסטהומוס׳ן, איז איהם גלייך געלונגען פאָרגעשטעלט צו ווערען פאַר אימאָדזשענען, וועלכע האָט איהם אויך זעהר פריינדליך אויפגענומען. נאָר ווען ער האָט אָנגעהויבען זיך

צו ערקלערען אין ליעבע צו איהר, האט זיא איהם גלייך צוריקגעוויע־זען מיט טיעפער פעראכטונג. עס האט ניט פיעל געדויערט און יאקימא האט איינגעזעהען, אז זיין פלאן קען איהם ניט געלינגען.

אבער ער האט דיא וועטע ניט געוואלט פערלירען און ער האט בע־שלאסען צו האנדלען וויא א לומפ, א שארלאטאן.

צו דיעזען צוועק האט ער אונטערגעקויפט אימאדזשען'ס דיענער, און זיי האבען איהם ערלויבט אריינצוקומען אין אימאדזשען'ס שלאפצימער. ער האט זיך דארט בעהאלטען אין א גרויסען שראנק, וואו ער איז פער־בליעבען ביז אימאדזשען איז ערשיענען און זיך געלעגט שלאפען. דאן איז ער לאנגזאם ארויס פון דעם שראנק, גוט בעטראכט דאס צימער וויא עס זעהט אויס, פערשריעבען אלע איינצעלהייטען וואס ער האט געזעהען, און דאן איז ער צוגעגאנגען צו דער שלאפענדער פרינצעסין. ער האט בעמערקט אויף איהר האלז א שווארצען פינטעל, און נאכהער האט ער לאנגזאם געעפענט דעם בראסלעט וואס זיא האט געטראגען אויף איהר האנד, צוגענומען און זיך ווידער בעהאלטען אין שראנק. אויף'ן צווייטען טאג איז איהם געלונגען פון דארט צו ענטלויפען און ער איז גלייך אוועק צוריק קיין רוים.

אנקומענדיג אהין, האט ער באלד דערצעהלט פאסטהומוס'ן, אז אי־מאדזשען האט איהם געגעבען דעם בראסלעט און איהם אויך ערלויבט צו פערברענגען מיט איהר א נאכט אין איהר שלאפצימער. דאן האט ער איהם דערצעהלט:

„יא, איך בין געוועזען אין איהר שלאפצימער, וועלכעס איז בעהאנגען מיט פאזמאנטור געוועבט פון זייד און זילבער."

„דאס איז אמת," האט פאסטהומוס בעמערקט. „אבער דוא האסט געקענט גלאט אזוי זעהען איהר שלאפצימער."

אבער אום ניט צו מאכען פיעל רייד, האט ער ארויסגענומען דעם בראסלעט און געפרעגט:

„דערקענסטו דאס? זיא האט עס מיר געגעבען, זיא האט דעם בראסלעט ארונטערגענומען פון איהר האנד און מיך דערמיט פרעזענטירט. אך, איך זעה זיא נאך יעצט פאר מיינע אויגען; איהר שעהנהייט איבערשטייגט דיעזע מתנה. זיא האט מיר געגעבען דעם בראסלעט, און געזאגט, אז א מאל האט זיא דאס געהאלטען פאר א טהייערע זאך."

דאן האט ער בעשריעבען פאר פאסטהומוס׳ן דעם שווארצען פינטעל אויף איהר האלז.

ציטערניש און שמערץ האט אנגעכאפט דעם בעטראגענעם פאסטהומוס, און ער האט אנגעהויבען צו פלוכען דיא פאלשע אימאדזשען. דאן האט ער יאקימא׳ן געגעבען דעם רינג, לויט וויא ער האט פערשפראכען. ער האט מודה געווען, אז ער האט פערלוירען דיא וועטע.

און וויא שנעל אייפערזוכט קען פערוואנדלען דיא העכסטע ליעבע אין ביטערסטען האס! עס האט ניט פיעל געדויערט און פאסטהומוס האט געשריעבען א בריעף צו זיין פריינד און אימאדזשען׳ס דיענער פיסאניא, אין בריטאניען, איהם מיטטהיילענדיג אלעס איבער אימאדזשען׳ס פאלשקייט. דאן האט ער איהם בעאויפטראגט ער זאל פערנארען אימאדזשען קיין מילפארד־העיווען, א האפען־שטאדט אין וועילז, און זיא דארט הרג־ענען.

אום צו בעוועגען אימאדזשען׳ען זיא זאל געהען מיט פיסאניא׳ן, האט ער איהר געשריעבען א בריעף, אז נאכדעם ער קען מעהר ניט לעבען אהן איהר, האט ער בעשלאסען צו קומען נאך מילפארד־העיווען זיא זעהען, אבוואהל אזא האנדלונג קען איהם קאסטען זיין לעבען. דערפאר, בעט ער זיא, אז זיא זאל קומען אהין איהם בעגעגענען.

אימאדזשען, טריי און אויפריכטיג, ליעבענדיג איהר מאן וויא איהר לעבען, און אליין אויך וועלענדיג איהם זעהען, האט, אהן א שום פערדאכט, באלד וויא זיא האט ערהאלטען דעם בריעף, אבגערייזט צוזאמען מיט פיסאניא׳ן.

ווען זייער רייזע איז שוין באלד געווען צו ענדע, האט פיסאניא, וועלכער איז אפילו געווען זעהר געטריי פאסטהומוס׳ן, דערצעהלט אימאדזשענען אין וואס פאר שליחות איהר מאן האט איהם בעאויפטראגט. דיא אונגליקליכע אימאדזשען, אנשטאט צו בעגעגענען איהר מאן, האט זיא געהערט דיא שרעקליכע נאכריכט. דאס הייסט, אז איהר מאן וויל זיא בעסער זעהען טויט.

פיסאניא האט איהר דאס אלעס מיטגעטהיילט, ווייל ער האט ניט געגלויבט אין דער בעשולדיגונג געגען איהר. זעהענדיג וויא בעטריעבט זיא איז, האט ער זיא געטרייסט מיט דיא ווערטער, אז דיא צייט מוז קומען ווען פאסטהומוס וועט חרטה האבען אויף דער אונגערעכטיגקייט געגען איהר. אין דערזעלבער צייט, אזוי וויא זיא איז געווען זעהר פערצווייפעלט און

ניט געוואָלט צוריק קעהרען צו איהר פאטער אין אזא צושטאנד, האט פי־
סאניא איהר געראטהען זיא זאָל זיך אָנטהון אינגעלשע קליידער, אום זיא
זאָל זיין מעהר זיכער אויף איהר רייזע.

אימאדזשען האט איינגעשטימט אויף דיעזען פאָרשלאג. זיא האט אויך
בעשלאָסען אין דיעזער קליידונג אוועק צו פאָהרען קיין רוים און זעהען איהר
מאן, וועלכען, טראָטץ דעם אונרעכט, האט זיא נאָך אלץ זעהר געליעבט
און אן איהם ניט געקענט פערגעסען.

ווען פיסאניא האט זיא בעזאָרגט מיט דיא אינגעלשע קליידער, האט
ער זיא איבערגעלאָזט צו איהר אונזיכערן שיקזאל. אליין האט ער געמוזט
צוריק קעהרען אין קעניגליכען הויף. אָבער, איידער ער האט זיא פער־
לאָזט, האט ער איהר געגעבען א פלעשעל מיט אזא מין משקה, וואס דיא
קעניגין האט איהם געשענקט און געזאָגט, אז דיעזע משקה איז א רפואה
צו אלע קראנקהייטען.

דיא קעניגין וויערער, וועלכע האט געהאסט פיסאניא׳ן, ווייל ער איז
געווען אימאדזשען׳ס און פאסטהומוס׳עס פריינד, האט איהם געגעבען דאס
פלעשעל, רעכענענדיג, אז דאס ענטהאלט סם. זיא האט דאס ספעציעל
בעשטעלט ביי איהר דאָקטאָר, אום, וויא זיא האט איהם דערצעהלט, צו
פראָבירען דעם רעזולטאט דערפון אויף חיות. נאָר אזוי וויא דער דאָקטאָר
האט זיא געקענט פאר א שלעכטע און פערדאָרבענע פרוי, האט ער איהר
ניט געוואָלט געטרויען קיין ריכטיגען סם־המות, און אנשטאט דעם האט ער
איהר געגעבען אזא מין פליסיגקייט, וועלכע האט דיא ווירקונג איינצושלע־
פערן א פערזאָן מען זאָל מיינען, אז דיא פערזאָן איז ווירקליך טויט.
דאס געדויערט אָבער בלויז עטליכע שטונדען און דאן ווערט מען צוריק
לעבעדיג.

דיעזע משקה, וואס פיסאניא האט ווירקליך גערעכענט פאר א גוטע
זאך, האט ער געגעבען אימאדזשען׳ען און איהר אָנגעזאָגט, דאס אין פאל
זיא וועט פיהלען שלעכט, זייענדיג אויף׳ן וועג, זאָל זיא אייננעהמען דער־
פון. און נאָכדעם וויא ער האט איהר געוואונשען גליק און זיא געבענשט
זיא זאָל בעשיטצט ווערען אויף איהר רייזע. האט ער פון איהר גענומען
אבשיעד.

דורך א מערקווירדיגען צופאל, האט דער וועג געפיהרט אימאדזשען׳ען
צו דער וואָהנונג פון איהרע צוויי ברידער, וועלכע זיינען אוועק גע׳גנב׳עט
געוואָרען, אלס קינדער.

בעלאַריוס איז געווען דער נאָמען פון דעם מאַן וואָס האָט זיי אַוועק־גערויבט. א מאָל, מיט יאָהרען צוריק, איז בעלאַריוס געווען איינער פון דיא איינפלוסרייכסטע מענער אין קעניג סימבעלין'ס הויף. דאַן האָט איהם דער קעניג פאַלש בעשולדיגט אין פעררעטה, און איהם פערטריעבען פון זיין הויף. בעלאַריוס, אום זיך נוקם צו זיין, האָט ער צוגע'גנב'עט סימבעלינען'ס צוויי קליינע פּרינצען, זיי געבראכט אין א וואַלד אריין, וואו ער האָט זיי ערצויגען אין א העהל.

אוועקגערויבט האָט ער דיא צוויי קליינע פּרינצען אויס ראַכע, אָבער ער האָט זיי באַלד אָנגעהויבען ליעב צו האָבען גלייך וויא זיי וואָלטען געווען זיינע אייגענע קינדער. ער האָט זיך שטאַרק אָבגעגעבען מיט זייער ער־ציהונג, אַליין מיט זיי געלערענט, און אַזוי זיינען זיי אויפגעוואַקסען בראַווע, גוטע און שעהנע צוויי יונגע לייט. און אַזוי וויא זיי האָבען זיך אימער בעשעפטיגט מיט יאגד, האָט דאָס זיי אָבגעהאַרטעוועט און זיי גע־מאַכט פאַר שטאַרק און וואַגענד. ניט נאָר איין מאָל האָבען זיי געבעטען בעלאַריוס'ן, מיינענדיג, אַז ער איז זייער פאַטער, ער זאָל זיי ערלויבען צו געהען אין קריעג וואו זיי זאָלען, דורך זייער גבורה און געשיקליכקייט, זוכען זייער גליק.

אָט צו דיעזער העהל, וואו דיא צוויי יונגע לייט מיט דעם אַלטען בעלאַריוס האָבען געוואָהנט, איז אימאָדזשען פערבלאָנדזשעט געוואָרען.

דיא אָרעמע אימאָדזשען, זייענדיג אין דעם גרויסען וואַלד, האָט זיא פערלוירען איהר וועג. זיא האָט געזאָלט געהען אין איין וועג נאָך מיל־פאָרד־העיווען, אָבער זיא האָט זיך פערלוירען. דאַן איז זיא הונגעריג געוואָרען. דיא אונגליקליכע איז געווען פערצווייפעלט, און דאָ איז זיא אויך געווען אַזוי מיעד, אַז זיא האָט מעהר ניט געקענט נאָכשלעפּען איהרע פיס.

דערזעהענדיג דיא העהל, איז זיא אריין, האָפענדיג דאָרט צו גע־פינען עמיצען וואו זיא זאָל קויפען עפּעס צום עסען. זיא האָט אָבער געטראָפען דיא העהל לעדיג, און זיך אַרומקוקענדיג, האָט זיא דערזעהען ליעגענדיג געטריקענטעס פלייש, און אַזוי וויא זיא איז געווען שטאַרק הונגעריג, האָט זיא זיך גענומען עסען.

„אַך!" האָט זיא געזאָגט צו זיך אַליין זיפצענדיג, „איך זעה ערשט יעצט, אַז אַ מענשען'ס לעבען איז אַ פּלאָגע. וויא מיעד איך בין! צוויי נעכט דורכאַנאַנד האָב איך געהאַט דיא הוילע ערד פאַר מיין בעט. ווען

ניט מיין ענטשלאָסענהייט, וואָלט איך שוין קראַנק געוואָרען. ווען פּיסאַ־ניא האָט מיר געוויעזען מילפאַרד־העיוועו פון דעם שפּיטץ־באַרג, וויא נאָהענט דאָס האָט מיר דאַמאַלס אויסגעזעהען!"

דאַן האָט זיא אָנגעהויבען צו דענקען איבער איהר מאַן און זיין האַרצ־לאָזען בעפעהל זיא צו טויטען.

„מיין טהייערער פאָסטהומוס," האָט זיא געמורמעלט, „דוא ביסט זעהר אַ שלעכטער!"

אימאָדזשען'ס צוויי ברידער מיט בעלאַריוס'ן, וועלכע זיינען געוועזען אויף דער יאַגד, האָבען פּונקט דאַמאַלס צוריק געקעהרט אַהיים.

בעלאַריוס האָט זיי אַ נאָמען געגעבען פאַלידאָר און קאַדוואַל, און אַזוי האָבען זיי זיך גערופען; זייערע ריכטיגע נעמען זיינען אָבער געוועזען גידעריוס און אַרוויראַגוס.

דער ערשטער וואָס איז אַריין אין דער העהל, איז געוועזען בעלאַריוס. ווען ער האָט דערזעהען אימאָדזשען'ען זיטצען און עסען, האָט ער גע־וואונקען צו דיא יונגע לייט און געזאָגט גאַנץ שטיל:

„שאַ, שטעהט, וואַרט נאָך אויס. יעמאַנד עסט אונזערע שפּייזען. מיר דאַכט, אַז דאָס איז אַ שרעטעלע."

„וואָס איז דאָרט?" האָט איינער געפרעגט.

„ביי גאָט!" האָט בעלאַריוס ווייטער געזאָגט, „מיר דאַכט, אַז אַ מלאך איז אין אונזער העהל, אָדער וועניגסטענס אַ פעע."

אימאָדזשען איז געוועזען אַזוי שעהן אין איהרע אינגעלשע קליידער, אַז זיא האָט ווירקליך איבעררראַשט בעלאַריוס'ן.

ווען אימאָדזשען האָט געהערט אַ רעש, האָט זיא זיך אויפגעהויבען, אומגעוועדעט און צו זיי אַזוי געזאָגט:

„מיינע גוטע העררען, טהוט מיר ניט קיין שלעכטס. איידער איך בין אַריין אין אייער העהל, בין איך געוועזען בערייט צו בעטלען אָדער קויפען עפּעס עסען. יעצט אָבער האָב איך בלויז געגעסען. איך שוועהר אייך, אַז איך האָב גאָר ניט גע'גנב'עט, און איך וואָלט אויך גאָר ניט גע־גנב'עט ווען איך וואָלט אפילו געפונען גאָלד אויסגעשפּרייט אויף דער ערד. אָט דאָ האָט איהר געלד פאַר'ן פלייש וואָס איך האָב געגעסען. ווען איך וואָלט אייך ניט געטראָפען, וואָלט איך ניט פערלאָזט דיעזען פּלאַץ אָהנע אוועקצולעגען געלד דאָ פאַר דעם עסען און אויך אַ געבעט פאַר דיעזע וואָס האָבען דאָ פאַרבערייט צום עסען:

זיי האָבען זיך ענטזאגט אָנצונעהמען איהר געלד.

„איך זעה," האָט דיא דערשראָקענע אימאדזשען געזאָגט, „אז איהר זייט אין כעס אויף מיר. אָבער, מיינע העררען, ווען איהר זאָלט מיך הרג'ענען פאר מיין פערברעכען, זאָלט איהר וויסען, דאָס איך וואָלט סאַי וויא־סאַי געשטאָרבען פאר הונגער."

„וואוהין געהסטו," האָט בעלאריוס געפרעגט, „און וויא איז דיין נאָמען?"

„מיין נאָמען איז פידעלע," האָט אימאדזשען געענטפערט. „איך האָב א קרוב וואָס פאָהרט קיין איטאליען. ער האָט בעדארפט אָבזעגלען פון מילפאָרד־העיווען, און געהענדיג אהין, בין איך אזוי הונגריג געוואָרען, אז דאָס האָט מיך געפיהרט צו דעם פערברעכען ביי וועלכען איהר האָט מיך געטראָפען."

„בלייב נאָר רוהיג, מיין קינד," האָט בעלאריוס געזאָגט, „רעכען אונז ניט פאר אזעלכע שלעכטע מענשען; אורטהייל אונז אויך ניט נאָך דיא ווילדע קליידער און פּלאַטץ וואו דוא זעהסט אונז. זאָל דיר וואויל בעקומען וואָס דוא האָסט געגעסען. גוט וואָס דוא ביסט געקומען אהער. עס איז שוין באלד נאכט. דוא זאָלסט דיך ביי אונז אויסרוהען און וויי־טער עסען. קינדער, בעגריסט דעם וואנדערער."

דיא צוויי יונגע לייט, איהרע ברידער, האָבען דאן געוואונשען אי־מאדזשען'ען ווילקאָמען אין זייער העהל, און מיט פיעלע צערטליכע אויס־דריקע האָבען זיי איהם (מיינענדיג, אז דאָס איז א איינגעל) פערשפּראָ־כען צו ליעבען וויא א ברודער. דאן האָבען זיי אריינגעבראכט אין דער העהל זייערע דערשאָסענע חיות וואָס זיי האָבען מיטגעבראכט פון דער יאגד.

אימאדזשען האָט זיך זעהר געפרייט מיט דעם פריינדליכען עמ־פּפאנג און זיא האָט זיך באלד גענומען זיי העלפען פאָרבערייטען ווע־טשערע.

אין אלטע צייטען, האָבען פּרינצעסינס, ניט וויא יעצט, געקענט קאָכען און באַקען און פערשטאַנען הויז־ווירטהשאַפט.

זיא האָט זיי אלעמען איבערראשט מיט איהר פעהיגקייט און פלייַ־סיגקייט.

„און אויסער דעם," האָט פּאלידאר בעמערקט צו זיין ברודער, „זעה נאָר וויא שעהן פידעלע איז, טאַקי וויא א מלאך."

דאן האָבען זיי בעמערקט, דאָס כאָטש פידעלע איז אזוי שעהן, קען מען דאָך זעהען אויף זיין געזיכט אן אויסדרוק פון טרויער און מרה־שחורה.

פידעלע איז אין א קורצער צייט געוואָרען דער ליעבלינג פון דער קליינער פאמיליע, און אויך פידעלע האָט אַלעמען ליעב געקריעגען. זיא האָט אָנגעהויבען צו דענקען, דאָס ווען ניט איהר עראינערונג אן פאסטהומוס'ן, וואָלט זיא געווען העכסט צופריעדען צו פערבלייבען מיט דיעזע פריינדליכע מענשען אין דער העהל און מיט זיי ארומגעהען אין ווילדען וואלד.

זיא האָט דערפאר, נאָכהער, איינגעשטימט דאָרט צו פערבלייבען אזוי לאנג ביז זיא וועט זיך אויסרוהען און דאן ערשט פאָרטזעטצען איהר רייזע קיין מילפארד־העיווען.

ווען זיי האָבען געהאט אויפגעגעסען דאָס גאנצע פלייש, און זיי האָבען זיך פאָרבערייטעט ווייטער צו געהען אויף דער יאגד, האָט פידעלע זיי ניט געקענט בעגלייטען, ווייל זיא האָט ניט גוט געפיהלט. שמערץ און פערצווייפלונג מיט טרויעריגע עראינערונגען צוזאמען מיט דער שווערער רייזע אין וואלד, האָבען פערארזאכט איהר שלעכט פיהלען.

זיי האָבען זיך מיט איהר געזעגענט און אליין אוועק אויף דער יאגד. אויף'ן וועג, האָבען זיי געהאלטען אין איין רעדען פון איהר און איהרע מעלות.

אזוי שנעל אָבער וויא זיי זיינען אוועק, האָט זיך אימאדזשען דערמאהנט אן דעם פלעשעל וואָס פיסאניאָ האָט איהר געגעבען. זיא האָט עס באלד אויסגעטרונקען און איז אריינגעפאלען אין א מין שלאָף וואָס האָט מעהר אויסגעזעהען וויא טויט.

ווען בעלאריוס און איהרע ברידער האָבען צוריק געקעהרט פון דער יאגד, איז פאלידאר דער ערשטער אריין אין דער העהל. מיינענדיג אז פידעלע שלאָפט, האָט ער זיך אויסגעטהאָן זיינע שיך כדי ניט צו מאכען קיין רעש און זיא אויפוועקען. עס האָט אָבער ניט פיעל געדויערט און ער האָט ענטדעקט, אז קיין זאך וועט זיא מעהר ניט אויפוועקען. ער האָט אלזאָ בעשלאָסען, אז זיא מוז זיין טויט. פאלידאר האָט זיא בעקלאגט וויא אן איינגענעם ברודער, פונקט וויא זיי וואָלטען צוזאמען אויפגעצויגען געוואָרען און זיך געקענט דאָס גאנצע לעבען.

בעלאריוס האט דאן פארגעשלאגען מען זאל זיא ארויסטראגען אין וואלד און דארט פייערן איהר קבורה מיט געבעטע וויא דער מנהג איז.

דיא צוויי יונגע לייט האבען זיא ארויסגעטראגען אין וואלד און זיא צערטליך אוועקגעלעגט אויף׳ן גראז. דאן האבען זיי געזונגען און געבעטען פאר דער רוה פון איהר קערפער, און זיא בעדעקענדיג מיט בלעטער און בלומען, האט פאלידאר געזאגט:

„כל־זמן דער זומער וועט געדויערן, זאלסטו וויסען, פידעלע, אז איך וועל יעדען טאג קומען און בעדעקען דיין קבר מיט פרישע בלומען. דיא בלאסע פריהלינגס־רויז, דיא בלום וואס זעהט אויס וויא דיין פנים; דאס בלויע־גלעקעלע, אזוי וויא דיינע אדערן; דיא בלעטעלעך פון דער עגלאנטין־רויז, וואס שמעקט אזוי וויא דיין זיסער אטהעם האט גע־שמעקט: דאס אלעס וועל איך צושפרייטען איבער דיר. יא, און אין ווינטער, וועל איך דיר ברענגען דאס פארפומירטע גראז, דאמאלס, ווען קיין בלומען זיינען נישטא, אום צו בעציערען דיין לעצטע רוה.“

ווען זיי זיינען פערטיג געווארען, זיינען זיי אוועק פול מיט טרויער און שמערץ.

אבער אימאדזשען איז ניט לאנג געבליעבען ליעגען. ווען דער איינפלוס פון דער פליסיגקייט איז פאראיבער, האט זיא ערוואכט. און אזוי וויא זיא איז געווען בעשאטען בלויז מיט גראז און בלומען, האט זיא דאס באלד פון זיך ארונטער געטרייסעלט. זיא איז אויפגעשטאנען און זיך אלעס פאר־געשטעלט פאר א חלום.

דאן האט זיא געזאגט:

„מיר האט זיך געדאכט, אז איך בין געווען דער וועכטער פון א העהל, און געקאכט מאכלים פאר גוטע מענשען. וויא קומט עס וואס איך בין בעדעקט געווארען מיט בלומען?“

ניט קענענדיג טרעפען דעם וועג צוריק צו דער העהל און ניט געפינענ־דיג איהרע חברים, האט זיא בעשלאסען, אז אלעס וואס זיא האט דורכ־געלעבט איז ווירקליך מעהר ניט געווען וויא א חלום.

דאן האט דיא עלענדע אימאדזשען ווידער א מאל אנגעפאנגען איהר רייזע, האפענדיג צו געפינען א וועג קיין מילפארד־העיווען, און דארט זאל זיא טרעפען א שיף וואס זאל זיא פיהרען קיין איטאליען. זיא האט נאך אימער געהאט אלע איהרע געדאנקען ביי פאסטהומוס׳ן, וועלכען זיא האט בעשלאסען אויפצוזוכען אין דער קליידונג פון א אינגעל.

נאר ניט אלעס וואס דער מענש טראכט קען דורכגעפיהרט ווערען. דאמאלס האבען פאסירט וויכטיגע זאכען וואס האבען געענדערט איהרע פלענער. א קריעג האט פלוצלינג אויסגעבראכען צווישען דעם רוימישען קיסר אוגוסטוס און סימבעלין, דער קעניג פון בריטאניען. א גרויסע רוימישע ארמעע האט געלאנדעט אין בריטאניען און האט אנגעהויבען צו געהען דורך דעם וואלד וואו אימאדזשען איז געוועזען. מיט דער ארמעע איז אויך מיטגעגאנגען פאסטהומוס.

כאטש פאסטהומוס איז געקומען קיין בריטאניען מיט דער רוימישער ארמעע, האט ער ניט בעאבזיכטיגט צו קעמפפען מיט דיא רוימער געגען זיין פאטערלאנד. זיין צוועק איז געוועזען זיך אנצושליעסען אין דער בריטישער ארמעע און קעמפפען פאר דעמזעלבען קעניג, וועלכער האט איהם פערטריעבען.

נאטירליך האט פאסטהומוס נאך אימער גערעכענט, אז אימאדזשען האט איהם בעטראגען, אבער ער האט זיא גערעכענט פאר טויט, ווייל פיסאניא האט איהם געשריעבען, אז ער האט דורכגעפיהרט זיין בעפעהל. נאר אזוי וויא ער האט זיא א מאל זעהר געליעבט, האט ער געפיהלט שטארק ניעדערגעשלאגען און בעשלאסען צוריק צו קומען קיין בריטאניען אום צו פאלען אין דער בלוטיגער שלאכט, אדער, ווען קעניג סימבעלין וועט איהם כאפען, זאל ער איהם לאזען הינריכטען פאר איבערטרעטען זיין בעפעהל.

נאר איידער אימאדזשען האט געגרייכט קיין מילפארד-העיווען, איז זיא אריינגעפאלען אלס געפאנגענע פון דער רוימישער ארמעע. מען האט זיא פארגעפיהרט פאר דעם רוימישען קאמאנדאנט, גענעראל לוקיוס, ביי וועמען זיא האט שטארק נושא־חן געווען, און זיא רעכענדיג פאר א אינגעל, האט ער זיא געמאכט פאר זיין דיענער.

דערווייל איז סימבעלין'ס ארמעע ערשיענען אום צו בעגעגענען דעם שונא. אזא שנעל וויא סימבעלין'ס סאלדאטען זיינען אריין אין וואלד, האט זיך פאלידאר און קאדוועל אנגעשלאסען אן זיי.

דיא צוויי יונגע ליים זיינען געוועזען שטארק נייגיעריג זיך צו בעטהייליגען אין קריעג אום ארויס צו ווייזען זייערע העלדענטהאטען. דאס איז געוועזן טראטץ דעם וואס זיי האבען ניט געוואוסט, אז זיי קעמפפען פאר זייער קעניגליכען פאטער. בעלאריוס איז אויך מיט זיי מיטגעגאנגען אין דער מלחמה.

דער אלטער בעלאַריוס האָט שוין לאנג חרטה געהאַט אויף דעם אונ־רעכט געגען קעניג סימבעלין ווארום ער האָט צוגענומען זיינע קינדער, און אזוי וויא ער איז איין זיין יוגענד געווען אַ מוטהיגער קריעגער האָט עס איהם זעהר געפרייט וואָס ער האָט אַ געלעגענהייט זיך צו בעטהיי־ליגען אין קריעג צו העלפען דעם וואָס ער האָט אזוי פיעל שמערצען פער־אורזאכט.

דיא מלחמה האָט אָנגעפאנגען צווישען ביידע ארמעען. דיא בריטאַ־ניער וואָלטען געווים פערלוירען דיא שלאכט און קעניג סימבעלין וואָלט דער׳הרג׳עט געוואָרען, אָבער דער אויסעראָרענטליכער מוטה פון פאסטהו־מוס׳ן, בעלאַריוס און דיא צוויי יונגע פּרינצען, האָט אַלעס געענדערט. זיי האָבען, פאר אלעמען, געראטעוועט דעם קעניג׳ס לעבען און דאן האָט זיך דער גאַנצער צושטאַנד פון דער מלחמה געענדערט און דיא בריטאַניער זיינען ארוים דיא זיעגער.

ווען אלעס איז געווען פאראיבער און פאסטהומוס האָט געזעהען, אַז ער האָט ניט געפונען דעם טויט וואָס ער האָט געזוכט, האָט ער זיך אליין איבערגעגעבען צו סימבעלין׳ס אָפיציערען און איז געווען בערייט צו ליידען דיא טויט־שטראָף וואָס קומט פאר ניט האלטען דעם קעניג׳ס בעפעהל פון גלות.

אימאָדזשען און איהר נייער העררע, זיינען געווען צווישען דיא געפאנ־גענע רוימער, וועלכע זיינען אריינגעפאלען צו דיא בריטאַניער, און וועלכע מען האָט געבראכט פאר קעניג סימבעלין. צוזאמען מיט זיי איז געווען יאַקימאָ, אויך אַ געפאנגענער.

ווען מען האָט דיעזע אלע פאָרגעפיהרט פאר קעניג סימבעלין, איז פאסטהומוס ערשיענען צו עמפפאנגען זיין אורטהייל. דאמאלס האָט מען אָבער אויך פאָרגעבראכט בעלאַריוס׳ן מיט דיא צוויי יונגע לייט, פאַ־לידאָר און קאדוואל, אום זיי זאָלען בעלוינט ווערען פאר זייערע העלדענ־טהאטען. פּיסאַניאָ, זייענדיג דעם קעניג׳ס אַ לייב־מענש, איז אויך גע־ווען דערביי.

פאר׳ן קעניג זיינען אלזאָ געשטאַנען פערשיעדענע מענשען מיט פער־שיעדענע האָפנונגען.

דער רוימישער גענעראל איז געווען דער ערשטער צו נעהמען דאָס וואָרט. אַלע איבריגע זיינען געווען שטיל און ערוואַרטעט זייער שיקזאל.

ווען אימאָדזשען האָט דערזעהען פאסטהומוס׳ן, האָט זיא איהם באלד

דערקענט, אָבוואָהל ער איז געווען פערקליידעט פאר א בויער. ער האָט אָבער זיא ניט דערקענט אין דיא מענליכע קליידער. זיא האָט אויך דער־קענט יאַקימאָ'ן און באַלד דערזעהען, אַז ער טראָגט איהר רינג אויף זיין פינגער — דעמזעלבען רינג וואָס זיא האָט געגעבען פאסטהומוס'ן אַלס ציי־כען פון איהר ליעבע.

פיסאַניאָ איז געווען דער איינציגער, וואָס האָט דערקענט איכאָ־דזשען'ען, ווייל ער האָט איהר געגעבען דיא מענליכע קליידער.

„דאָס איז מיין הערדין," האָט ער געזאָגט צו זיך אַליין. „אָבער כל זמן זיא לעבט און שווייגט, וועל איך אויך שווייגען און אָבוואַרטען צו זע־העז וואָס דאָ וועט פאָרקומען."

בעלאַריוס ווידער האָט אין איהר דערקענט פידעלע'ן, און זיך ווענ־דענדיג צו קאַדוואַל'ן, האָט ער געפרעגט:

„האָט ניט דאָס אינגעל ערוואַכט פון דיא טויטע?"

„איין זאַמד־קערענדיל," האָט קאַדוואַל געענטפערט, „איז ניט אַזוי עהנליך צום צווייטען, וויא ער איז עהנליך צו דעם טויטען פידעלע."

„דיא טויטע זיינען לעבעדיג געוואָרען," האָט פאַלידאָר געזאָגט.

„אָבער ער איז דאָך געשטאָרבען?" האָט קאַדוואַל געפרעגט מיט ווייטער ערשטוינען.

„שאַ, זאָל זיין שטיל," האָט בעלאַריוס געזאָגט.

פאסטהומוס האָט געוואַרט צו הערען זיין טויטעס אורטהייל, און ער האָט בעשלאָסען ניט צו דערצעהלען דעם קעניג, אַז ער האָט געהאָלפען ראַטעווען זיין לעבען, פיעללייכט וועט דאָס בעוועגען סימבעלינען ער זאָל איהם בעגנאַדיגען.

דער רוימישער גענעראַל לוקיוס האָט גענומען איכאָדזשען, אַלס זיין דיענער, אונטער זיין שוטץ. לוקיוס איז געווען א העלדישער מאַן, און אַזוי וויא ער האָט געהאַט דאָס וואָרט, האָט ער אַזוי געזאָגט:

„קעניג, איך האָב געהערט, אַז דוא נעהמסט ניט אַן קיין אויסלעז־געלד פאַר דיינע געפאַנגענע, זאָנדערן דוא לאָזט יעדען היגריכטען. איך בין א רוימער, און מיט א רוימישעם הארץ בין איך בערייט צו בעגעגענען דעם טויט. אָבער עס איז דאָ בלויז איין זאַך פאַר וועלכען איך וואָלט דיך וועלען בעטען."

ביי דיעזע ווערטער האָט ער פאָרגעפיהרט איכאָדזשען'ען פאַר'ן קעניג און אַזוי געזאָגט:

„דאָס אינגעל איז אַ בריטאַניער. ערלויבט מען זאָל איהם אויס־לעזען. ער איז מיין דיענער. קיין הערר האָט נאָך געהאַט אַ דיענער, וואָס זאָל זיין אַזוי גוט, אַזוי פליכטען־בעוואוסט, אַזוי פלייסיג ביי אַלע גע־לעגענהייטען, אַזוי טריי און אַזוי איבערגעבען. ער האָט געגען דיא ברי־טאַניער ניט געטהאָן קיין אונרעכט, אונגעאַכטעט דארויף וואָס ער האָט געדיענט ביי אַ רוימער. ראַטעווע איהם אויב דוא ווילסט ניט ראַטעווען קיין אַנדערן."

סימבעלין האָט גאַנץ אויפמערקזאַם בעטראַכט זיין טאָכטער אימאָ־דזשען. ער האָט זיא ניט דערקענט. אָבער אין זיין הארץ האָט זיך ער־וועקט אַ מערקווירדיגעס געפיהל, און ער האָט געזאָגט:

„איך האָב איהם געווים ערגיץ געזעהען. זיין געזיכט קומט מיר פאָר אַזוי בעקאַנט. איך ווייס ניט וואָרום, אָבער איך זאָג, לעב מיין יונגע! און וועהרענד איך שענק דיר דיין לעבען, זאָג איך דיר ווייטער, בעט עפּעס ביי מיר און איך וועל דיין וואונש ערפילען. יאַ, זאָגאר דאָס לעבען פון דעם וויכטיגסטען געפאַנגענעם דאָ וועל איך דיר שענקען, ווען דוא ווערסט עס פערלאַנגען."

„איך דאַנק זעהר אייער מאַיעסטעט," האָט אימאָדזשען געענטפערט.

יעדער איינער איז געוואָרען אויפמערקזאַם און נייגעריג צו הערען וואָס דאָס שעהנע אינגעל קען פערלאַנגען. גענעראַל לוקיוס האָט צו איהר געזאָגט:

„הער אויס, מיין גוטער יונגע, אויב דוא ווילסט בעטען פאַר מיין לעבען, דאַנק איך דיר זעהר, אָבער איך פערלאַנג עס ניט."

„אָך ניין!" האָט אימאַדזשען געענטפערט, „ניט דאָס איז מיין וואונש. איך האָב יעצט אַ וויכטיגערע אַרבייט. פאַר דיין לעבען, גענעראַל, קען איך יעצט ניט בעטען."

דער רוימישער גענעראַל האָט זיך געפונען אַ ביסעל בעליידיגט און ער האָט אויך געהאַט רעכט, דען דאָס האָט בעוויעזען, אַז זיין דיענער, פאַר וועמען ער האָט זיך אַזוי פיעל אינטערעסירט, האָט גאַר ניט געוואָלט וויסען פון דאנקבאַרקייט.

דאן האָט אימאַדזשען זיך געווענדעט צום קעניג, און צייגענדיג אויף יאַקימאָ'ן, האָט זיא פערלאַנגט פאָלגענדעס: אַז ער, יאַקימאָ, זאָל מודה זיין פאַר וואָס, וויא אַזוי און דורך וועלכער אורזאַכע ער איז געקומען צו דעם רינג וואָס ער טראָגט אויף זיין פינגער.

דער קעניג האט דיעזען איינפאכען וואונש נאכגעגעבען, און געסטראַ־שעט יאקימא׳ן, דאס אין פאל ער וועט ניט דערצעהלען דעם אמת, וועט ער איהם לאזען מאטערן ביז ער וועט פון איהם ארויסקריעגען דיא ריינע וואַרהייט.

יאקימא האט דאן דערצעהלט אלע איינצעלהייטען איבער זיין שמוטצי־גער אינטריגע און געמיינע האנדלונג, דאס הייסט, וויא ער האט געוועט מיט פאסטהומוס׳ן, וויא אזוי ער האט פערשפיעלט דיא וועטע און דאן וויא אזוי ער האט אויסגעטראכט א בלבול אויף דער פרינצעסין.

וואס פאסטהומוס האט געשפירט ווען ער האט געהערט דיעזע שילדע־רונג, איז שווער מיטצוטהיילען.

אזוי שנעל אבער וויא יאקימא איז פערטיג געוואָרען, איז פאסטהומוס ארויסגעקומען און מודה געווען פאר קעניג סימבעלין איבער דעם טויטעס־אורטהייל וואס ער האט ארויסגעגעבען אויף אימאדזשענען און וויא אזוי ער האט בעאויפטראגט פיסאניא׳ן הינצוריכטען זיין פרוי. צום שלוס האט ער בעמערקט :

„אך, אימאדזשען, מיין קעניגין, מיין לעבען, מיין פרוי ! אך, אימאַ־דזשען, אימאדזשען !“

דיא גוטע אימאדזשען האט אבער ניט געקענט צוזעהען וויא איהר מאן ליידעט, און ניט ווארטענדיג פיעל, האט זיא זיך געגעבען צו איהם צו ערקענען.

פאסטהומוס׳עס פרייד איז ניט צום בעשרייבען. ער האט גע־פיהלט, אז א גרויסע און שווערע לאסט איז ארונטער פון זיין נשמה, און ער איז געווען איבער גליקליך וויסענדיג, אז אימאדזשען האט איהם מוחל געווען.

ניט וועניגער דערפרייט איז געווען קעניג סימבעלין געפינענדיג זיין פערלוירענע טאכטער. ער האט זיא אומארמט, איהר פערשפראכען צו־ריק צו געבען איהר פריהעריגע שטעלע, און, נאך מעהר, צוליעב איהר, האט ער פערצייהעט פאסטהומוס׳ן און איהם אנערקענט אלס זיין איידעם.

עס איז געווען א פאסענדע געלעגענהייט פאר בעלאריוס׳ן פארטרעטען און אויך דערצעהלען זיין געהיימניס. ער האט פארגעשטעלט פאלידאר׳ן און קאדוואל׳ן פאר׳ן קעניג, איהם דערצעהלענדיג, אז דיעזע זיינען זיינע צוויי פערלוירענע זיהן, גידעריוס און ארוויראגוס.

סימבעלין האָט מוחל געווען בעלאריוס׳ן. עס איז אויך אונמעגליך געווען פאר א מענשען, אין אזא צייט פון שמחה, צו דענקען פון שטראף און נקמה. ער האָט געפונען זיין טאָכטער, ער האָט ענטדעקט זיינע זיהן אין זיינע יונגע לעבענס־רעטער — דאָס אלעס האָט העכסטענס געקענט ארויסרופען פרייד, אָבער קיין צאָרן.

יעצט האָט אימאָדזשען איינגעזעהען, אז דיא צייט איז געקומען צו טהון גוטעס. פאר אלעמען האָט זיא געבעטען איהר פאטער ער זאָל בע־גנאָדיגען איהר געוועזענעם הערר, גענעראל לוקיוס, און סימבעלין האָט גלייך ערפילט איהר וואונש. דאָס האָט אויך געפיהרט דערצו, וואָס לוקיוס האָט אָבגעשלאָסען א פריעדענס־טראַקטאַט צווישען דיא רוימער און ברי־טאַניער, וועלכער האָט נאָכהער געדויערט פיעלע יאָהרען.

יעצט איז ווערטה צו ווארפען א בליק אויף דיא אַנדערע פּערזאָנען פון דיעזער דראמא. סימבעלין׳ס פרוי דיא שלעכטע קעניגין, האָט באלד איינגעזעהען, אז דורך דיעזער מערקווירדיגער פּאַסירונג, זיינען אלע איהרע פּלענער געשטערט געוואָרען. ניט נאָר איז פּאָסטהומוס געבליע־בען דעם קעניג׳ס איידעם, זאָנדערן ער האָט צוריק געקריעגען זיינע צוויי פערפאלענע זיהן.

דער שלעכטער מענש לעבט אָפּט אין זיין שלעכטקייט. קוים ווערט דיעזער שלעכטער עלעמענט געשטערט, איז אַזא מענש וויא א פיש ארויס פון וואסער. דיא קעניגין איז אויס ערגערניש קראַנק געוואָרען און גע־שטאָרבען.

אָבער זיא איז אויך ניט אזוי גרינג געשטאָרבען. דער שלעכטער מענש דערלעבט אָפּט בעצאַהלט צו ווערען, ביים לעבען, פאר זיינע שלעכטע מעשים. זיא האָט געלעבט אזוי לאַנג, ביז איהר זוהן קלאָטען איז גע׳הרג׳עט געוואָרען אין א שטרייט וואָס ער האָט אליין ארויסגערופען.

דערמיט האָט זיך געענדיגט דיעזע דראמע אונגליקליך פאר דיא שלעכ־טע, און גליקליך פאר דיא גוטע און עדלע.



# מאקבעטה.



ם איז געווען אין דער צייט, ווען אין שאָטלאנד האָט רעגיערט קעניג דאָנקאן דער עניו. דאמאלסט האָט דארט געלעבט א בעריהמטער העלד, אדער לארד, מיט דעם נאָמען מאקבעטה.

דיעזער מאקבעטה איז געווען א נאָהענטער קרוב פון דעם קעניג און שטארק געאכטעט פון דעם גאנצען קעניגליכען הויף פאַר זיין העלדענמוטה און גרויסען ערפאָלג אין דיא מלחמות וואָס ער האָט געפיהרט פאַר'ן קעניג. אין איינער פון דיא מלחמות האָט ער זיך נאָר וואָס שטארק אויסגעצייכענט דערמיט וואָס ער האָט געשלאָגען און אונטערדריקט א גרויסע רעוואָלוציאָנערע ארמעע, וועלכע האָט געקריעגען גרויסע הילף פון נאָרוועגען.

דיא צוויי שאָטלענדישע גענערעלע, מאקבעטה און באנקאָ, האָבען צוריק געקעהרט אלס זיעגער פון דיעזער גרויסער שלאכט. זייער וועג האָט געפיהרט איבער א גרויסער און ברייטער לאָנקע, וואו זיי זיינען אָבגעשטעלט געוואָרען פון דריי שוידערהאפטע ערשיינונגען, א מין פיגורען וויא פון פרויען מיט לאנגע בערד. דיא פערוועלקטע הויט און דיא ווילדע קליידער פון דיעזע אונהיימליכע פרויען, האָט זיי פאָרגעשטעלט עפעס פאַר א מין אונטער־ערדישע ערשיינונגען.

מאקבעטה האָט צום ערשטען צו זיי גערעדט. זיי ווייזער, גלייך וויא בעליידיגט, האָבען צוגעלעגט צו צוויי פינגער צו זייערע מיילער, אלס א צייכען פון שטילשווייגען. דאן האָט דיא ערשטע בעגריסט מאקבעטה'ן מיט דעם טיטעל:

„הערצשער פון גלאמיס!“

דער גענעראל איז געווען איבעררא שט צו הערען, אז אזעלכע בעשע־

מעשען קענען איהם. ער איז אָבער געוועזען נאָך מעהר איבערראשט, ווען ער האָט געהערט אַ צווייטען טיטעל:

„הערשער פון קאָדאָר!"

פון דעם טיטעל האָט ער אַליין ניט געוואוסט.

דאן האָט איהם דיא דריטע ווילדע בריאה אָנגערופען:

„הורראַ! הורראַ פאַר דעם קעניג וואָס וועט ווערען!"

דאָס האָט איהם שטאַרק ערשטוינט, דען ער האָט געוואוסט, אַז ער האָט קיינע האָפנונגען און קיינע אויסזיכטען אויף אַזאַ צוקונפט כל־זמן דעם קעניג'ס זיהן לעבען.

דאן האָבען זיך דיא מערקווירדיגע ערשיינונגען געווענדעט צו גענעראל באַנקאָ, און אין רעטהזעלהאַפטע ווערטער האָבען זיי צו איהם געזאָגט:

„דו וועסט זיין קלענער וויא מאַקבעטה און דאָך גרעסער! ניט אַזוי גליקליך און דאָך גליקליכער! אָבוואָהל דו וועסט קיין מאָל ניט רעגיערען, פון דעסטוועגען וועלען דיינע זיהן זיין דיא קעניגע פון שאָטלאַנד."

וויא דיעזע בעשעפענישען זיינען פערטיג געוואָרען מיט זייערע אונגעוויינשטע נביאות, זיינען זיי פערוואַנדעלט געוואָרען אין לופט און פערשוואונדען.

דיא גענערעלע האָבען בעשלאָסען, אַז דאָס זיינען געוועזען דריי מכשפות.

שטעהענדיג אַזוי און נאָכקלערענדיג איבער דיעזע זאָנדערבאַרע בעגעגעניש, זיינען אָנגעקומען שליחים פון דעם קעניג, וועלכע האָבען געבראַכט פאַר מאַקבעטה'ן דעם טיטעל „הערשער פון קאָדאָר." עס איז קיין וואונדער, דאָס מאַקבעטה, הערענדיג דאָס, איז ער געוועזען שטאַרק איבערראַשט וויסענדיג, אַז דיא מכשפות האָבען אַזוי ריכטיג געטראָפען. דאָס האָט פעראורזאַכט, וואָס ער איז געבליעבען שטעהען פערזונקען אין געדאַנקען און גאָר ניט געקענט ענטפערן דיא שליחים. וועהרענד דעם זיינען זיינע געדאַנקען אָנגעפילט געוואָרען מיט פערשיעדענע האָפנונגען, אַז דיא פּראָפעצייהונג פון דער דריטער מכשפה וועט אויך מקוים ווערען, דאָס הייסט, ער זאָל ווערען קעניג און רעגיערען איבער שאָטלאַנד.

זיך אומווענדענדיג צו באַנקאָ'ן, האָט ער געזאָגט:

„דענקסטו ניט, אז דיינע קינדער וועלען ווערען קעניגע, נאכדעם וואס דיא מכשפה האט מיר געזאגט, איז שוין אזוי שנעל מקוים געווארען?"

„דיעזע האפנונג, מאקבעטה," האט באנקא געענטפערט, „קען אין דיר אנצינדען א וואונש דוא זאלסט שטרעבען צום טראהן. אפט מאל דערצעהלען אונז דיעזע פרינצעסינס פון פינסטערניש, וואהרהייטען און קלייניגקייטען, און דאס פיהרט אונז שפעטער צו גרויסע רעזולטאטען."

באנקא האט מיט זיינע ווערטער געגעבען מאקבעטה'ן א ווארנונג, און דערצו א גוטע ווארנונג, ווייל ער איז געווען זיין פריינד, אבער דיא אמביציע אין מאקבעטה'ן איז שוין געווען אזוי אנגעצונדען, אז ער האט מעהר קיין עצות ניט געקענט הערען. פון דיעזען מאמענט אן האט ער שוין אנגעהויבען צו וועבען פלענער וויא צו ווערען דער קעניג פון שאטלאנד.

מאקבעטה האט געהאט א פרוי פאר וועלכער ער האט פערטרויעט אלעס וואס דיא מכשפות האבען איהם געזאגט, און וויא אזוי א טהייל איז שוין מקוים געווארען. דיעזע פרוי איז געווען איינע פון יענע וואס שטרעבען אימער צו זיין העכער וויא זיי זיינען, פול מיט אמביציע און קיין זאך קען זיי צוריק האלטען פון ערווייכען זייער ציעל. אזוי שנעל וויא זיא האט געהערט פון איהר מאן'ס פלענער, האט זיא שוין מעהר ניט געקענט רוהען. זיא האט געוואלט ווערען גרויס, מעכטיג — דיא קעניגין פון שאטלאנד. איהר האט ניט אויסגעמאכט וואס פאר א מיטעל עס וועט אנגעווענדעט ווערען צו דער־גרייכען אזא שטעלע.

מאדאם מאקבעטה, בעסער געזאגט, ליידי מאקבעטה, האט זיך ניט אבגעשראקען פאר דעם געדאנק פון בלוט. פערקעהרט, זיא איז געווען דיא ערשטע וואס האט געזעהען דעם וועג צום טראהן נאר דורך בלוט, און דאס איז, אז פאר אלעמען דארף דער קעניג ערמארדעט ווערען און דאן וועט שוין דער וועג זיין גלאטער.

דער קעניג, נאטירליך, האט גאר ניט געוואוסט פון דיא שווארצע אין פינסטערע געדאנקען, וואס האבען אנגעפילט דיא קעפ פון לארד מאקבעטה און ליידי מאקבעטה. וועהרענד זיי האבען אויסגעלעגט דיא שרעקליכע פלע־נער און געטראכט אויף זיין לעבען, איז פונקט דאמאלס דעם קעניג איינגע־פאלען צו בעזוכען מאקבעטה'ן אין זיין פאלאץ און איהם אבגעבען כבוד, אלס א טהייל פון דער בעלוינונג פאר זיינע העלדענטהאטען. מיט'ן קעניג זיינען אויך געפאהרען זיינע צוויי זיהן, דיא פרינצען מאלקאלם און דאנאלביין און

א גרויסע בעגלייטונג פון דעם שאָטלענדישען אדעל, אום דיא עהרע פאר מאקבעטה׳ן צו פערגרעסערען.

דער פּלאַץ וואו מאַקבעטה האָט געוואָהנט, איז געשטאַנען אויף איי־נעם פון דיא שעהנסטע פּלעצער אין שאָטלאַנד, וואו דיא לופט איז געווען זעהר ריין און געזונד. דארויף האָבען עדות געזאָגט דיא זינג־פייגעלעך אין שוועלבעלעך, וועלכע האָבען דאָרט געבויעט זייערע נעסטען, ווייל דיעזע קליינע קאָנצערטיסטען האַלטען זיך אימער אויף נור אין געזונדע און גוטע געגענדען, דאָרט וואו דיא לופט איז פריש און אנגענעהם.

דער קעניג איז געווען זעהר צופריעדען פון דער אויפנאַהמע וואָס ער האָט דאָרט געקריעגען און איבערהויפּט פון דעם רעספּעקט וואָס דיא שעהנע הערין, ליידי מאקבעטה, האָט איהם צוגעטהיילט.

ליידי מאקבעטה איז געווען א קינסטלערין צו בעהאַלטען אלע איהרע שלעכטע און בייזע געדאַנקען אונטער א שלייער פון זיסע ווערטער און שמייכעלעך. זיא האָט געקענט אויסזעהען וויא אן אונשולדיגע בלום, ווע־רענד איהר הארץ איז געווען אזוי גיפטיג וויא א שלאַנג.

דיא רייזע איז געווען א לאַנגע און אזוי וויא דער קעניג איז געווען מיע־, האָט ער זיך פריה געלעגט שלאָפען. אין זיין צימער זיינען נאָר געווען צוויי קאמער־הערען, וועלכע האָבען געדיענט אלס זיינע שומרים.

דער קעניג, וויא מיר האָבען דערמאָהנט, איז געווען זעהר צופריעדען פון דער אויפנאהמע, און נאָך איידער ער האָט זיך געלעגט, האָט ער אויס־געטהיילט פּרעזענטען פאר דיא הויפּט אָפיציערען. ליידי מאקבעטה האָט ער געשענקט א קאָסטבארען דיאמאַנטענעם רינג און זיא אַנגערופען „מיין גוטע ווירטהין.“

דאן איז געקומען מיטעלנאכט, דיא צייט ווען ביי שלעכטע מענשען דערוועקען זיך דיא בייזעסטע געדאַנקען. אלעס איז געלעגען איינגעוויקעלט אין דונקלען שלייער פון דער נאַכט, ווען דיא גוטע זיינען פערוויעגט אין זיסע חלומות, נאָר דער וואָלף, דער מערדער, געהט ארוים פון זיין נאָרע זוכען בלוט.

דאָס איז אויך געווען דיא צייט ווען ליידי מאקבעטה האָט ערוואַכט אום צו פּלאַנעווען דעם טויט פון דעם קעניג. זיא אליין אלס פרוי, וואָלט פיעלייכט נים אונטערגענומען אזא שרעקליכע טהאַט. נאָר קענענדיג איהר מאַן׳ס ווייכע נאַטור, האָט זיא מורא געהאט, אז פּונקט צום רעכטען מאָמענט, וועט ער חרטה האָבען.

ליידי מאקבעטה האט גאנץ גוט געוואוסט, אז איהר מאן האט אמביציע, אז ער וויל רעגיערען און הערשען, זיא האט אבער אויך געוואוסט, אז איהם פעהלט דיא נעטהיגע ענטשלאסענהייט פאר א פערברעכען. זיא האט אפילו ביי איהם שוין געפועל'ט, אז ער זאל בעגעהען דעם מארד, אבער זיא איז גאר ניט זיכער געווען מיט דער אויספיהרונג פון אזא טהאט.

דערפאר האט ליידי מאקבעטה, מיט איהרע אייגענע ווייסע און צערט־ ליכע פינגער גענומען דעם קינזשאל און זיך דערנעהנטערט צום קעניג'ס צימער. זיא האט נאטירליך זיך פריהער גוט פארבערייטעט, אז זיא זאל ניט געשטערט ווערען, וויל זיא האט געלאזט גוט אנטרינקען מיט ווייך דיא קאמער־הערען, וועלכע זיינען געלעגען פערזונקען אין טיעפען שלאף און ניט געהיט זייער הערר.

דאנקאן איז געלעגען און געשלאפען גאנץ געשמאק, מיעד פון דער רייזע, און אזוי ווי זיא האט אויף איהם געקוקט, האט זיא בעמערקט עפעס אין זיין געזיכט, וואס איז געווען עהנליך צו איהר פאטער. דאס האט אווע־ געגומען איהר כוחה אריינצושטעכען דעם קינזשאל אין זיין ברוסט.

זיא איז דערפאר צוריקגעגאנגען אום זיך צו בעראטהען מיט איהר מאן. זיין ענטשלוס, וויא זיא האט פאראוים געזעהען, האט אנגעהויבען צו צעגערן. ער האט בעהויפטעט, אז עס זיינען דא גרויסע אורזאכען ווארום ער זאל דאס פערברעכען ניט בעגעהען. ערשטענס איז ער ניט נאר געווען דעם קעניג'ס אן אונטערטהאן, זאנדערן אויך זיינער א קרוב; צווייטענס איז ער געווען זיינער א גאסט, און לויט דיא געזעטצע פון גאסטפריינדליכקייט, איז עס געווען זיין הייליגסטע פליכט איהם צו בעשיטצען פאר אל־דאס־בייז, ניט נאך זיין אליין זיין מערדער. דאן האט ער זיך דערמאהנט, אז דאנקאן איז געווען א גוטער און גערעכטער קעניג, וויא עדעל ער האט געהאנדעלט געגען זיין פאלק, וויא ער האט געליעבט דעם אדעל, און, איבערהויפט, וויא נאבעל ער האט געהאנדעלט געגען מאקבעטה'ן אליין.

„אזעלכע קעניגע,“ האט מאקבעטה בעהויפטעט, „שטעהען אונטער דעם ספעציעלען שוטץ פון גאט, און זיינע אונטערטהאנען זיינען פיעלפאך פער־ פליכטעט זיך נוקם צו זיין פאר זיין טויט. חוץ לזה,“ האט מאקבעטה פארט־ געזעטצט, „האב איך דעם קעניג צו פערדאנקען וואס איך בין אזוי געאכטעט און געשעטצט ביים פאלק, און וויא קען איך דאס אלעס פערפלעקען מיט דעם בלוט פון אזא מארד?“

אט דאס איז געווען דער צושטאנד אין וועלכען ליידי מאקבעטה האט

געפונען איהר מאן. זיא האט איינגעזעהען, אז ער האט בעשלאסען זיך אומצוקעהרען פון אלע זיינע בעשליסע.

אבער ליידי מאקבעטה איז ניט געווען פון יענע פרויען וואס ענטזאגען זיך אזוי שנעל פון אן אבזיכט. זיא האט איהם אנגעהויבען צו זידלען פאר זיין שוואכקייט און בעגייסטערן מיט איהר מוטה, מיט איהר שלעכטקייט און ווילדע אמביציע. זיא האט איהם ערקלערט און געגעבען אורזאכען, ווארום ער דארף ניט אויפגעבען זיין בעשלוס, און דאן, וויא לייכט דיא גאנצע ארבייט איז; וויא אזוי דאס קען זיין שנעל פאראיבער; וויא אזוי איין אונרוהיגע נאכט קען זיי פיהרען צו פיעלע נעכט און טעג פון הערשאפט, מאכט און גליק!

דאן האט זיא איהם ווידער פארגעווארפען פאר זיין שוואכקייט, איהם גערופען טרוס, פייגלינג און אזוי געזאגט:

„זעה נאר, איך בין א פרוי. שטעל דיר פאר, ווען איך זאל האבען א קינד, מיין אייגען קינד, מיין בלוט און פלייש, וואס האט געזויגען דיא מילך פון מיינע ברוסטען. אזא קינד האט מען זעהר ליעב. דאך וואלט איך, מיט א שמייכעל אויף מיינע ליפען, גענומען דיעזעס קינד און צושמעטערט זיין שארבען אויף דער וואנד, ווען איך וואלט וויא דוא, געשווארען צו בעגעהען א מארד!"

מאקבעטה האט נאך אימער געצעגערט, אבער זיא, צערטליך און פערפיהעריש, האט איהם פארגעשמעלט, אז נאכדעם וויא ער וועט ערמארדען דעם קעניג, וועט עס גאר קיינער ניט וויסען, אז ער האט עס געטהאן, און יעדער וועט ארויפלעגען דיא שולד אויף דיא צוויי שיכור'ע קאמער־הערערן.

ליידי מאקבעטה'ס צונג איז געווען אזוי גלאט און אזוי פערפיהעריש, אז זיא האט געווירקט, וואס ער האט ווידער געענדערט זיין בעשלוס, נאך אמאל געפאסט מוטה אום צו בעגעהען דעם גרויזאמען מארד.

ער האט גענומען דעם קינזשאל אין זיין האנד און לאנגזאם איז ער אוועק צום צימער וואו דאנקאן איז געשלאפען. געהענדיג, האט ער דערזעהען אן אנדערן קינזשאל אין דער לופט מיט'ן שפיטץ צו איהם פון וואנען עס האט געקאפעט בלוט. אבער ווען ער האט אויסגעשטרעקט זיין האנד אנ־צוכאפען דיעזען קינזשאל, איז עס גאר ניט געווען — עס איז בלויז געווען א פאנטאזיע געשאפען אין זיין צושטערטען געהירן און אויפגערעגטען געמיטה.

לויז ווערענדיג פון דיא שרעקליכע פאנטאזיען, איז ער אריין אין קע־

ניג׳ס צימער. ניט טראַכטענדיג פיעל, האָט ער, מיט גרויסער געוואַלט דורכגע־בויערט זיין האַרץ מיט דעם קינזשאַל.

פונקט דאַמאָלס ווען ער האָט בעגאַנגען דעם מאָרד, האָט איינער פון דיא קאַמער־הערען, געלאַכט פון שלאָף, און דער אַנדערער האָט געשריען: „מאָרד!"

דאָס האָט ביידען ערוואַכט. זיי האָבען געמורמעלט אַ קורצעס געבעט, און איינער האָט געשלאָפען מיט „אמן".

מאַקבעטה, וועלכער איז געשטאַנען און דאָס אַלעס געהערט, האָט אויך געוואָלט ענטפערן „אמן", ווען איינער פון זיי האָט געמורמעלט: „גאָט זאָל אונז בענשען", און מאַקבעטה האָט זיין מויל ניט געקענט עפענען.

דאַן האָט זיך איהם געדאַכט, אַז ער הערט אַ שטימע וואָס זאָגט:

„שלאָף ניט מעהר! מאַקבעטה מאָרדעט דעם שלאָף, דעם אונשולדיגען שלאָף, וואָס דערנעהרט דאָס לעבען."

דאַן ווייעדער אַ שטימע:

„שלאָף ניט מעהר! גלאַמיס האָט ערמאָרדעט דעם שלאָף, און דערפאַר זאָל קאָדאָר מעהר ניט שלאָפען; מאַקבעטה זאָל שוין מעהר ניט שלאָפען!"

מיט אַלע דיעזע שרעקליכע פאָרשטעלונגען איז מאַקבעטה צוריק געגאַנגען צו זיין פרוי, וועלכע האָט אויף איהם געוואַרט און געמיינט, אַז ער האָט ווייעדער חרטה געהאַט. ער איז צוריק געקומען אַזוי אויפגערעגט און דערשראָקען, אַז זיא האָט איהם אָנגעזידעלט פאַר זיין שוואַכקייט און געשיקט ער זאָל זיך אָבוואַשען דיא פערבלוטיגטע הענד, וועהרענד זיא האָט גענומען דעם קינזשאַל אום צו בעשמירען דערמיט דיא באַקען פון דיא קאַמער־הערען מיט בלוט, כדי עס זאָל אויסזעהען, אַז זיי זיינען שולדיג.

דער פריה־מאָרגען איז געקומען, און דערמיט אויך דיא ענטדעקונג פון דעם מאָרד, וועלכען מען האָט שוין מעהר ניט געקענט בעהאַלטען. כאָטש מאַקבעטה און זיין פרוי האָבען געצייגט גרויסען טרויער און שמערץ, און כאָטש מען האָט געפונען „בעווייזע" געגען דיא קאַמער־הערען, דעם קינזשאַל נעבען זיי און זייערע געזיכטער איינגעשמירט אין בלוט, פון דעסטוועגען איז דער גאַנצער חשד געפאַלען אויף מאַקבעטה׳ן, וועלכער האָט געהאַט מעהר אורזאַכע צו טהאָן אַזאַ זאַך וויא יעדער אַנדערער. דיא צוויי פרינצען האָבען פערשטאַנען, אַז מיט זייער פערבלייבען, זעטצען זיי אויך זייער לעבען צו געפאַהר, דערפאַר זיינען זיי באַלד ענטלאָפען. מאַלקאָלם,

דער עלצטער, האָט געזוכט שוטץ אין ענגלישען הויף, און דאָנאַלביין, דער איינגסטער, איז אַוועק קיין אירלאַנד.

ווען איינער פון דיא פּרינצען וואָלט פּערבליעבען, וואָלט ער אַלזאָ גע־ ווען דער געזעטצליכער יורש. נאָר אַזוי וויא זיי זיינען אַוועק, האָבען זיי פריי געמאַכט דעם טהראָן, און אַזוי וויא מאַקבעטה איז געוועזען דער נעכסטער יורש נאָך זיי, האָט ער זיך געלאָזט קרוינען פאַר קעניג.

דער ערשטער טהייל אַלזאָ פון דעם וואָס דיא מכשפות האָבען פּראָפּע־ צייהעט, איז מקוים געוואָרען.

אָבוואָהל שוין זיטצענדיג אויפ׳ן טהראָן און האָבענדיג דערגרייכט דיא העכסטע שטופע, האָט מאַקבעטה און זיין קעניגין ניט געקענט פערגעסען אָן דיא איבריגע ווערטער פון דיא מכשפות. דאָס הייסט, כאָטש מאַקבעטה וועט ווערען קעניג, וועלען אָבער זיינע קינדער נאָך איהם ניט הערשען. דערפאַר אָבער וועלען באַנקאָ׳ס קינדער יא זיין דיא הערשער פון שאָטלאַנד.

דיעזער געדאַנק, אַז זיי האָבען פעראונרייניגט זייערע הענד מיט בלוט און בעגאַנגען אַזעלכע שרעקליכע פערברעכענס אום צו זעטצען באַנקאָ׳ס נאָכפאָלגערס אויף שאָטלאַנד׳ס טהראָן — דאָס האָט זיי געמאַטערט און געקריינקט. אָבער דער זינדיגער מענש געהט ניט צוריק; דער פער־ דאָרבענער זינקט אַלץ טיעפער און טיעפער אין פערברעכען. זיי האָבען אַלזאָ בעשלאָסען צו טויטען באַנקאָ׳ן מיט זיין זוהן, אום צו צושטערען דיא פּראָפעצייהונג פון דיא מכשפות.

אום דורכצופיהרען דיעזען נייעם מאָרד־פּלאַן, האָבען זיי געלאָזט מאַ־ כען אַ גרויסען באַנקעט צו וועלכען זיי האָבען איינגעלאַדען שאָטלאַנד׳ס העכ־ סטען אַדעל; אונטער דיעזע האָט אויך בעדאַרפט זיין באַנקאָ מיט זיין זוהן פלינס.

מאַקבעטה האָט געוואוכט דעם וועג אויף וועלכען באַנקאָ וועט קומען ביי נאַכט. ער האָט דערפאַר אָנגעשטעלט אַ באַנדע מערדער, וועלכע זאָלען איהם בעפאַלען און דערשטעכען צוזאַמען מיט זיין זוהן. דער בעפעהל איז ריכטיג דורכגעפיהרט געוואָרען, נאָר אין דער מהומה איז פלינס׳ן געלונגען צו ענטלויפען.

אָט פון דיעזען פלינס׳ן האָבען שפּעטער אָבגעשטאַמט אַ גאַנצע רייהע מאָנאַרכען, וועלכע האָבען רעגיערט פון דעם שאָטלענדישען טהראָן ביז צו דזשיימז דעם זעקסטען פון שאָטלאַנד און דעם ערשטען פון ענגלאַנד, אונ־ טער וועמען ענגלאַנד און שאָטלאַנד האָבען זיך פעראייניגט.

ביים באנקעט, האט דיא קעניגין געשפּיעלט דיא ראָלע פון דער ליעבענסווירדיגסטע דאַמע און ווירטהין; זיא האט צו יעדען גערעדט, געשמייכעלט און אַלעמען געמאַכט פאר איהרע גוטע פריינד. מאקבעטה האט גערעדט מיט דעם אדעל און זיי פערזיכערט, אז אלעס וואס איז עהרענהאפט אין שאָטלאנד, איז דאַמאלס פערזאמעלט אונטער זיין דאך.

„אויסער איינער פעהלט נאך", האט ער בעמערקט, „און דאס איז מיין גוטער און ליעבער פריינד באנקא, וועלכער, ווען ער וועט קומען, וועל איך גוט אויסזידלען פאר זיין נאכלעסיגקייט".

אבער פונקט דאמאלס, ווען דיעזע ווערטער זיינען ארויס פון זיין מויל, איז ערשיענען באנקא'ס גייסט; דער גייסט פון דעם מענשען וואס ער האט געלאזט ערמאָרדען. באנקא'ס גייסט איז אריין אין צימער און זיך געזעטצט אויף דעם טהראָן וואס מאקבעטה האט נאר וואס געזאָלט בעשטייגען.

כאָטש מאקבעטה איז געווען א מוטהיגער מענש, וועלכער האט געקענט בעגעגענען אפילו דעם טייוועל און פאר איהם ניט ציטערן, האט ער אבער אויפגעשוידערט ביי דער ערשיינונג פון דיעזען גייסט; ער איז געבליעבען שטעהען שטיל, זיינע באקען זיינען געוואָרען בלאס און זיינע אויגען זיינען געווען געריכטעט צום גייסט.

דיא קעניגין און דער אדעל, וועלכע האבען גאר ניט געזעהען, האבען בלויז זיך געמערקט, אז מאקבעטה קוקט אויף דעם לעערען פּלאטץ פון זיין שטוהל און איז שטארק אויפגערעגט.

ליידי אדער קעניגין מאקבעטה, איז צוגעגאנגען און איהם איינגערעדט אין אויער, ער זאל זיך שטארקען, ניט פערלירען דעם מוטה, ווייל וואס ער זעהט יעצט האט ניט מעהר בעדייטונג וויא דער קינזשאל וואס איז פאר איהם ערשיענען געהענדיג טויטען קעניג דאנקאן. אבער מאקבעטה האט אלץ געזעהען דעם גייסט און ניט געהערט וואס זיין פרוי האט צו איהם גערעדט.

דאן האט ער אנגעפאנגען צו רעדען צום גייסט. ווען דיא קעניגין האט דאס געהערט, האט זיא מורא געהאט טאָמער וועט ער פערראטהען זייער שרעקליכען געהיימניס. זיא האט דערפאר שנעל ענטלאסען דיא גאנצע געזעלשאפט, זיך ענטשולדיגט ביי זיי, אז מאקבעטה ליידעט לעצטענס פון אזעלכע אנפעלע און דיא בעסטע זאך פאר איהם איז, צו בלייבען אליין.

אבער דערמיט האט זיך נאך אלעס ניט געענדיגט. מאקבעטה האט אָפט געליטען פון אזעלכע שרעקליכע אנפעלע, און ער, צוזאמען מיט דער קעניגין, האבען ממש ניט געקענט דורכשלאָפען א נאכט אָהן שוידערהאפטע חלומות.

דאָס פערגאָסענע בלוט פון באַנקאָ'ן האָט זיי ניט מעהר בעאונרוהיגט וויא דיא רעטונג פון פלינס'ן, וועלכען זיי האָבען יעצט בעטראַכט אַלס דעם פאַטער פון שאָטלאַנד'ס צוקינפטיגע קעניגע, וואָס וועלען פערטרעטען דיא שטעלעס פון זייערע קינדער.

מיט דיעזע בעשטענדיגע געדאַנקען, האָבען דיא אונגליקליכע ניט געקענט געפינען קיין רוה.

מאַקבעטה האָט דאַן בעשלאָסען אויפצוזוכען דיא מכשפות און ערפאַהרען פון זיי זיין שיקזאַל פאַר דער צוקונפט. גוט אָדער שלעכט, ער האָט עס געוואָלט וויסען.

ער איז אַוועק צו אַ העהל אויף דער לאַנקע, וואו דיא מכשפות האָבען שוין פון פריהער געוואוסט, אַז ער קומט און זיי האָבען פאַרבערייטעט דעם כישוף, מיט וועלכען זיי זאָלען ארויסרופען דיא העללען־גייסטער און לעזען פאַר מאַקבעטה'ן דיא צוקונפט.

דיעזע פאַרבערייטונגען האָבען זיי געמאַכט מיט אַ פערמישונג פון זשאַבעס, פלעדערמייז, שלאַנגען, אַן אויג פון אַ קראָט, דיא צונג פון אַ הונד, אַ פיסעל פון אַ יאַסטשערקע, אַ פליגעל פון אַ נאַכטאַוילע, דיא ליסקעס פון אַ דראַגאָן, אַ צאָהן פון אַ וואָלף, דאָס האַרץ פון אַ מענשען־פרעסערישען פיש, דיא מומיע פון אַ מכשפה, דיא גאַלל פון אַ ציעג, דעם פינגער פון אַ טויט קינד און נאָך אַזעלכע זאַכען. דאָס אַלעס האָט מען געשטעלט קאָכען און זידען אין אַ גרויסען קעסעל, וועלכער איז אָבגעקיהלט געוואָרען מיט דעם בלוט פון אַ באַבון־מאַלפע. צו דיעזען האָבען זיי צוגעגאָסען דאָס בלוט פון אַ חזיר'טע וואָס האָט אויפגעפרעסען איהרע קליינע חזרים'לעך. דורך דיעזען כישוף האָבען זיי בעשוואוירען דיא העללען־גייסטער צו ערשיינען און בעענטפערן זייערע פראַגען.

זיי האָבען געפרעגט מאַקבעטה'ן, אויב ער וויל הערען זיין שיקזאַל דורך דיא מכשפות, אָדער דורך דיא גייסטער אַליין.

מאַקבעטה איז געווען צו אַלעמען בעשלאָסען. איהם האָט קיין זאַך ניט געקימערט, און ער האָט געענטפערט:

"וואו זיינען דיא גייסטער? לאָמיך זיי זעהען."

דאַן האָבען זיי גערופען דיא גייסטער און דריי זיינען ערשיענען.

דער ערשטער גייסט איז ערשיענען אין דער פאָרמע פון אַ געפאַנצערטען קאָפּ, און אָנגערופען מאַקבעטה'ן ביים נאָמען, איהם וואָרנענדיג פאַר דעם לאָרד פון פאַיף.

מאקבעטה האט געדאנקט דעם גייסט דערפאר, ווייל ער האט איהם שוין לאנג פערדעכטיגט. מעקדאף, דער לארד פון פאיף, איז ניט געווען זיין פריינד.

דער צווייטער גייסט איז ערשיענען אין דער פארמע פון א בלוט-בע־שמירטעס קינד. ער האט אויך אנגערופען מאקבעטה'ן ביים נאמען און איהם געזאגט, אז ער זאל גאר קיין מורא ניט האבען, נאר לאכען און שפאטען פון דער מאכט פון אירגענד א מענשען, ווייל קיינער וואס איז געבוירען פון א פרוי קען איהם עפעס שאדען; און דאן האט איהם דיעזער גייסט געראטהען צו זיין נאך בלוטיגער, שטאלץ און ענטשלאסען.

„אויב אזוי," האט מאקבעטה בעמערקט, „דאן לעב, מעקדאף, ווייל וואס האב איך מורא צו האבען פאר דיר? פון דעסטוועגען וועל איך מיך נאך בעסער פערזיכערן: דוא זאלסט ניט לעבען, כדי איך זאל קענען זאגען דער בלאסער מורא, אז זיא זאגט ליעגען און שלאפען רוהיג טראטץ דעם קראכענדען דונער."

ווען דער גייסט איז פערשוואונדען, איז א דריטער געקומען. דיעזער איז ערשיענען אין דער פארמע פון א געקרוינטעס קינד מיט א בוים אין דער האנד. ער האט ווידער אנגערופען מאקבעטה'ן ביים נאמען און איהם געטרייסט געגען אלע קאנספיראציעס, בעהויפטענדיג, אז ער וועט קיין מאל ניט בעזיעגט ווערען, ביז דער וואלד פון בירנאם ביז דאנסינעין בארג וועט קומען צו איהם.

„אך, זיסע נאכריכט!" האט מאקבעטה אויסגעשריען, „ווער קען ארויסרייסען דיעזען וואלד מיט זיינע טיעפע ווארצלען? איך זעה דערפון, אז איך וועל לעבען דיא געוועהנליכע צייט פון א מענשען און קיין געוואלט־זאמער טויט וועט מיך טרעפען. אבער מיין הארץ ווינשט צו וויסען איין זאך. זאג מיר גייסט, אויב דיין קונסט געהט אזוי ווייט: וועלען באנקא'ס קינדער ווען עס איז הערשען אין דיעזען קעניגרייך?"

ביי דיעזע ווערטער איז דער קעסעל פערזונקען געווארען אין דער ערד און א מוזיקאלישער גערויש האט זיך געהערט. אכט גייסטער, וויא קע־ניגע, זיינען דאן ארויס און פארביימארשירט נעבען מאקבעטה'ן. נאך זיי האט געפאלגט באנקא, וועלכער האט געטראגען א גלאז, וואס האט געוויעזען נאך מעהר פיגורען. און באנקא, פערבלוטיגט פון קאפ ביז פיס, האט געשמייכעלט צו מאקבעטה'ן און געצייגט אויף דיא פיגורען.

מאקבעטה האט פון דעם פערשטאנען, אז דיעזע זיינען געווען באנ־

קאַ׳ס קעניגליכע נאכפאָלגער, וועלכע וועלען רעגיערען נאָך איהם אין שאָטלאנד.

דאן האָבען דיא מכשפות, צום קלאַנג פון לייכטער מוזיק זיך פערנייגט און פערשוואונדען.

פון דיעזען מאָמענט אָן, זיינען מאקבעטה׳ס אַלע געדאנקען געווען בלוטיג און שרעקליך.

דיא ערשטע זאך וואָס ער האָט געהערט, אַרויסגעהענדיג פון דער העהל, אז מעקדאָף, דער לאָרד פון פאיף, איז אנטלאָפען קיין ענגלאנד אום זיך אָנצושליעסען אין דער אַרמעע וואָס מאלקאָלם האָט צוזאמענגע־שטעלט. מאלקאלם, דער ערשטער זוהן פון קעניג דאנקאן, האָט אַלזאָ ניט גערוהט. ער האָט געמאַכט אַלע פּאָרבערייטונגען צו ענטרייסען דעם טראָהן פון מאקבעטה׳ן. מעקדאָף האָט בעשלאָסען איהם צו העל־פען דערצו.

וויא מאקבעטה האָט דאָס געהערט, איז ער געוואָרען מלא כעס און באלד בעפוילען מען זאָל קאָנפיסקירען מעקדאף׳ס גיטער און טויטען זיין ווייב און קינדער וואָס ער האָט צוריקגעלאָזט. זיין בעפעהל איז מיט שרעק־ליכער גרויזאמקייט ערפיללט געוואָרען. מען האָט ניט נאָר געטויטעט מעקדאף׳ס ווייב און קינדער, זאָנדערן אויך אַלע זיינע קרובים.

אָבער דיעזע און נאָך עהנליכע בארבארייען, האָבען שטארק אויפגע־בראכט געגען איהם דעם שאָטלענדישען אדעל. ווער עס האָט געקענט איז אַנטלאָפען צו מאלקאלם׳ן, וועלכער איז שוין געווען אויף׳ן וועג מיט א מעכטיגער אַרמעע, וואָס ער האָט צוזאמענגעשטעלט אין ענגלאנד. דיא איבריגע פון דעם אדעל, האָבען אין געהיים געוואונשען מאקבעטה זאָל האָ־בען א מפלה, כאָטש עפענטליך, פאר מורא, האָבען זיי זיך ניט גע־מישט.

מאקבעטה האָט אפילו אויך גענומען צוזאמען שטעלען א גרויסע אר־מעע, אָבער דאָס איז צוגעגאנגען זעהר לאנגזאם, ווייל יעדער האָט גע־האסט דעם בלוט־דורסטיגען טיראן.

דאן האָט מאקבעטה אנגעהויבען מקנא צו זיין קעניג דאנקאן׳ס לאגע, וועלכער איז שוין געשלאָפען רוהיג אין זיין קבר, וועמען קיין אינטריגע, שווערט, גיפט אָדער קינזשאל האָט מעהר געקענט טרעפען.

וועהרענד דאָס אַלעס איז פּאָרגעגאנגען, האָט מאקבעטה׳ן פּאסירט אן אונגליק — דאָס גרעסטע אונגליק זייט דער צייט וואָס ער האָט אָנגע־

פאנגען צו געהען אין קרומע וועגען. זיין פרוי, זיין שותף אין פערברע־כען, נעבען וועמען ער האט געפונען א מאל טרייסט און פערגעסענהייט, זיא, דיעזע מערקווירדיגע פרוי, איז געשטארבען. עס איז ניט זיכער פון וואס פאר א טויט; מאנכע האבען בעהויפטעט, אז זיא איז איינ־פאך אזוי, אויף א נאטירליכען אופן, אוועק פון דער וועלט; אנדערע ווידער האבען געזאגט, אז זיא האט שוין מעהר ניט געקענט דערטראגען דיא מאטערניסע פון איהרע פערברעכענס און דעם האס פון פאלק, און זיא האט זיך דערפאר אליין גענומען דאס לעבען.

סאי־וויא־סאי, מאקבעטה איז געבליעבען אליין, אהן א פריינד וואס זאל איהם טרייסטען, ליעבען אדער אפילו סימפאטהיזירען מיט איהם אין זיין שיקזאל.

שלעכט איז פאר יעדען צו פערבלייבען אהן פריינד. אבער ערגער איז פאר דעם פערדארבענעם און פערברעכערישען מענשען, ווען ער מוז בלייבען בלויז מיט זיין בלוטיגעם געוויסען.

מאקבעטה האט פערלוירען יעדע האפנונג, יעדע לוסט צום לעבען און שטרעבען, ער האט געזוכט דעם טויט. עס איז מעגליך, אז ער וואלט, דורך זעלבסטמארד, נאכגעפאלגט זיין פרוי אין קבר, נאר ווען ער האט געהערט, אז מאלקאלם מיט זיין ארמעע דערנעהנטערן זיך, האט דאס אין איהם ערוועקט זיין אלטען קריעגערישען מוטה און ער האט בע־שלאסען, וויא ער האט זיך אויסגעדריקט, „צו שטארבען מיט דעם פאנצער אויף מיין רוקען."

אויסער דעם האט ער זיך נאך פערלאזט אויף דיא פראפעצייהונגען פון דיא מכשפות און ער האט זיך דערמאהנט וואס דיא גייסטער האבען איהם געזאגט, דאס קיינער געבוירען פון א פרוי וועט איהם קענען שאדען, און ער וועט קיין מאל ניט בעזיעגט ווערען, סיידען דער וואלד פון בירנאם וועט קומען קיין דאנסינעין, וואס האט ביי איהם אויסגעזעהען אלס אן אונמעגליכקייט.

זייענדיג אזוי זיכער האט ער זיך גאר אבגעשלאסען אין זיין פאלאץ, וואס איז געווען א שטארקע און מעכטיגע פעסטונג, וועלכע האט געקענט ווידערשטעהען דיא גרעסטע בעלאגערונג. אט דארט איז ער געזעסען און ערווארטעט מאלקאלם זאל קומען.

אין א טאג בשעת ער איז געזעסען אין זיין פאלאץ, איז ערשיענען א שליח, בלאס און ציטערענדיג פאר מורא, און איהם מיטגעטהיילט,

אז וועהרענד ער איז געזעסען אויף דער וואך און קוקענדיג קיין בירנאם, האט ער בעמערקט וויא דער וואלד דערנעהנטערט זיך צו איהם.

מאקבעטה איז אויפגעשפרונגען ציטערנדיג אין יעדען אבר.

„ליגנער און שקלאף!“ האט ער אויסגעדונערט, „ווען דאס וואס דו זאגסט איז ליעגען, מעגסטו זיכער זיין, אז דאן וועל איך דיך לעבעדיגערהייט אויפהייענגען אויף יענעם בוים, און דיך לאזען שטארבען פאר הונגער. אבער, ווען דאס וואס דוא דערצעהלסט איז אמת, קימערט מיך ניט ווען דוא וועסט מיט מיר טהון דאס זעלבע.“

מאקבעטה׳ס גאנצער מוטה איז יעצט פערשוואונדען און ער האט אנגעהויבען צו זעהען, אז טראטץ דער אונמעגליכקייט פון דער פראפעצייהונג, דערנעהנטערט זיך דאך זיין ענדע.

יא, דער גייסט האט איהם געזאגט, אז ביז דער וואלד פון בירנאם וועט קומען קיין דאנסינעין, האט ער ניט וואס מורא צו האבען, און יעצט —

„יעדענפאלס,“ האט ער פלוצלונג געזאגט שפירענדיג נאך זיין געוועזענעם מוטה, „ווען דאס וואס דוא בעהויפטעסט איז וואהר, דאן לאמיר זיך בעוואפנען. ענטלויפען קען מען ניט. שטעהען דא לוינט זיך אויך ניט... אך, איך הייב אן מיעד צו ווערען פון אלעס און איך וויל מיין ענדע זאל קומען.“

מיט דיעזע פערצווייפעלטע געדאנקען איז ער ארויס געגען זיינע שונאים, וועלכע זיינען שוין געווען נאהענט צום פאלאץ.

דיא מערקווירדיגע ערשיינונג, וואס האט אויסגעזעהען, אז דער וואלד געהט, קען לייכט ערקלערט ווערען. ווען דיא בעלאגערענדע ארמעע איז אריין אין וואלד, האט מאלקאלם, וויא א געניטער גענעראל, ניט געוואלט, אז דער שונא זאל גענוי וויסען דיא צאהל פון זיינע סאלדאטען. ער האט דערפאר געהייסען, אז יעדער סאלדאט זאל אבשניידען א גרויסע צווייג, זיא טראגען אין פראנט אום דעם פיינד צו פערטומלען. דיא סאלדאטען, געהענדיג מיט דיא צווייגען, האבען פארגעשטעלט א בילד וואס האט ווירקליך אויסגעזעהען גלייך וויא דער וואלד געהט. דאס איז געווען דיא אורזאכע וואס דער שליח האט זיך אזוי דערשראקען.

דאס איז אויך געווען וואס דער גייסט האט געמיינט, אבער מאקבעטה האט איהם שלעכט פערשטאנען. וויא דיא זאך איז, האט מאקבעטה געזעהען א טהייל פון זיין סוף.

דאן האט אנגעפאנגען א פירכטערליכע שלאכט. אבוואהל מאק־בעטה איז ניט געווען שטארק אונטערשטיטצט פון זיינע נאכפאלגער, וועלכע האבען איהם געהאסט, פון דעסטוועגען האט ער אליין געקעמפפט מיט אזא מוטה, אז ער האט ווירקליך אבגעהאלטען די ערשטע גרויסע ערשטירמונג.

ווערענד דער שלאכט, איז ער געקומען פנים־אל־פנים מיט מעק־דאף'ן.

ווען ער האט איהם דערזעהען, האט ער זיך דערמאהנט אן די ווארנונג פון איין גייסט, אז ער זאל זיך היטען פאר איהם מעהר וויא פאר אלעמען. ער וואלט זיך דערפאר אומגעווענדעט און ענטלאפען, אבער מעק־דאף אליין האט איהם געזוכט און פערשפארט דעם וועג. א פירכטערליכער קאמפף צווישען זיי ביידע האט אנגעפאנגען.

מעקדאף האט איהם דערוויל געזידעלט, בעליידיגט, געשאלטען און געמאכט פארווירפע דערפאר וואס ער האט ערמארדעט זיין ווייב און קינ־דער. מאקבעטה איז שוין, וויא עס שיינט, געווען זאט פון דעם בלוט פון דער מעקדאף פאמיליע און ער האט זיך געוואלט צוריק ציהען. אבער מעקדאף האט איהם ניט אבגעלאזט, איהם רופענדיג טיראן, מערדער, העללען־הונד און לומפ.

דאן האט זיך מאקבעטה דערמאהנט אן די ווערטער פון דעם אנ־דערען גייסט, דאס קיינער וואס איז געבוירען געווארען פון א פרוי קען איהם שאדען.

שמייכלענדיג און זיכער מיט זיך אליין, האט ער געזאגט:

„אומזיסט, מעקדאף, דוא פערלירסט דיין ארבייט. פונקט וויא דוא קענסט גאר ניט טהון דער לופט, אזוי קענסטו מיר גאר ניט שאדען מיט דיין שווערט. איך האב א פער'כישופ'ט לעבען, און קיינער וואס איז געבוירען פון א פרוי קען מיר גאר ניט טהאן.“

„מעגסט פערצווייפלען אן דיין כישוף,“ האט מעקדאף געענטפערט. „דיינע ליגנערישע גייסטער האבען דיך בעטראגען. און איך זאג דיר, אז מעקדאף איז קיין מאל ניט געבוירען געווארען פון א פרוי וויא דער שטעגער איז אין געוועהנליכען לעבען. מיין מוטער האט מיך געהאט פאר דער צייט און איך בין ערשט שפעטער געבוירען געווארען אהן א פרוי.“

„פערפלוכט זאל זיין די צונג וואס זאגט מיר דאס!“ האט גע־

שריען דער ציטערנדער מאקבעטה, וועלכער האט געפיהלט, אז זיין לעצטע האפנונג פערשווינדעט. „זאל קיין מענש אין צוקונפט גלויבען דיא ליגענס פון מכשפות און דיא דריידלעך פון גייסטער, וועלכע נארען אונז אב מיט ווערטער פון א דאפעלטער מיינונג. און וועהרענד זיי האלטען זייער פערשפרעכען אין ווערטער, פיהרען זיי אונז צו פערצווייפלונג מיט זייער בעדייטונג. איך וועל מיט דיר ניט קעמפפען."

„דאן לעב!" האט מעקדאף אויסגעשריען מיט שפאט. „מיר וועלען דיך אויסשטעלען וויא מען טהוט מיט ווילדע בעסטיעס, און אויף א גע־פארבטער ברעט זאלען זיין אויפגעשריעבען דיא ווערטער: אט דא קענען מענשען זעהען דעם טיראן!"

„ניעמאלס!" האט מאקבעטה געשריען אין פערצווייפלונג. „איך וועל ניט לעבען צו קושען דעם באדען וואו דעם יונגען מאלקאלמ'ס פיס וועלען טרעטען און זיין פערפלוכט פון דיא מאסען!"

ער האט זיך געווארפען אויף מעקדאף'ן, און נאך א שווערען קאמפף איז ער בעזיעגט געווארען. מעקדאף האט אבגעשניטען זיין קאפ און איהם איבערגעגעבען אלס פרעזענט צום נעזעצליכען קעניג, מאלקאלם.

מאלקאלם האט דאן, אונטער אלגעמיינער איינשטימונג איבערגענו־מען זיין פאטער'ס טראהן.



# אלעס איז גוט וואס ענדיגט זיך גוט.



אָכדעם וויא גראף רוסילאָן איז געשטאָרבען, האָט זיין זוהן, דער יונגער בערטראם, גע'ירשה'ענט אי זיין פאטער'ס פערמעגען, אי זיין טיטעל אלס גראף.

דער קעניג פון פראנקרייך האָט ליעב געהאט דעם אלטען גראף, און ווען ער האָט געהערט, אז ער איז טויט, האָט ער געשיקט שליחים נאָך זיין זוהן בערטראם, אז ער זאָל קור־מען קיין פאריז אין זיין קעניגליכען הויף.

דיא אבזיכט פון דעם קעניג איז געוועזן א גוטע. ער האָט געוואָלט בעלוינען דעם זוהן פאר זיין פאטער'ס טרייהייט, און ער האָט גערעכענט, אז אריינברענגענדיג דעם יונגען מאַן אין זיין הויף, און זיין צו איהם פריינדליך, וועט ער איהם טהון א גרויסע טובה.

דער קעניג האָט ארויסגעשיקט א געוויסען לאפע, אן אלטער עדעלמאן פון זיין הויף, אום צו ברענגען דעם יונגען גראף. בערטראם האָט דאמאלס געוואָהנט מיט זיין מוטער דיא אלמנה פון גראף רוסילאָן.

מען דארף ניט פערגעסען, אז אין יענע אלטע צייטען, איז דער קעניג פון פראנקרייך געוועזן אן אבסאָלוטער מאָנארך, א זעלבסטהעררשער, און זיין איינלאדונג האָט אויך מיט זיך געטראָגען דיא פאָרמע פון א בעפעהל; קיין אונטערטהאַן, גרויס אָדער קליין, רייך אָדער ארעם, האָט זיך געטאָרט ענטזאגען פון אזא איינלאדונג. דאָס וואָלט געהייסען א מרידה במלכות.

דיא אלטע גרעפין האָט שטארק געליעבט איהר זוהן. זיא האָט אין איהם געזעהען דיא איינציגע טרייסט אין לעבען און געדאכט, אז ער וועט פערזיסען איהר עלטער מיט זיין געגענווארט. מען קען זיך אלזאָ

פאַרשטעלען וויא אונאנגענעהם עס איז איהר געווען הערענדיג פון לאַ־פע׳ן, אַז זיא מוז זיך שיידען פון איהר בן־יחיד. אָבער פון אונ־געהאָרכזאמקייט איז דאָ ניט געווען דיא רעדע. דער קעניג בעפעהלט און מען מוז פאָלגען.

דיא אונגליקליכע מוטער האָט דערפאר גענומען אַ וועהמיטהיגען אב־שיעד פון איהר זוהן, און אזוי געוויינט, גלייך וויא זיא וואָלט איהם גע־זעהען שטאַרבען, לאַפע ווידער האָט אָנגעווענדעט אַלעס מעגליכע זיא צו טרייסטען און זיא פערזיכערט, אַז דער קעניג וועט זיין גוט צום יונגען גראף און אלעס וואָס ער מיינט איז, איהם צו בעעהרען און מאַכען פאר אַ וויכטיגע פערזאָן אין לאנד.

וועהרענד דיעזען געשפרעך האָט לאַפע אויך מיטגעטהיילט דער גרע־פין, אַז דער קעניג איז אין דער לעצטער צייט זעהר קראַנק געוואָרען און ער ליידעט פון אַ קראַנקהייט, וואָס דיא דאָקטוירים האָבען ערקלערט אַלס אונהיילבאַר.

דיא גרעפין האָט אויסגעדריקט איהר טיעפעס בעדויערן הערענדיג פון דעם קעניג׳ס צושטאַנד און דערביי בעמערקט פאָלגענדעס :

„אך, ווען העלענא׳ס פאטער וואָלט געלעבט, וואָלט ער יעצט געקענט קורירען דעם קעניג.״

העלענא איז נעמליך געווען אַ יונגע מיידעל, איהר קאמער־פרוי. זיא איז געווען דיא טאָכטער פון אַ בעריהמטען ארצט זשעראר, פון נארבאָן, ווען זשעראר האָט בעדארפט שטאַרבען האָט ער איבערגעגעבען זיין איינצי־געס קינד העלענא צו דער גרעפין, און זיא געבעטען זיא זאָל אויף איהר אַכטונג געבען. העלענא איז אלזאָ פערבליעבען ביי דער גרעפין אין הויז זייט איהר פאטער׳ס טויט.

העלענא איז געווען זעהר אַ גוט מיידעל ; שעהן, ליעבענסווירדיג און זיך פערדיענט דיא העכסטע אַכטונג פון דער גרעפין.

וועהרענד דיא גרעפין האָט גערעדט מיט לאַפע׳ן, האָט דערווייל הע־לענא געוויינט אין דער שטיל. דיא גרעפין האָט געמיינט, אַז העלענא וויינט ביי דער עראינערונג אן איהר פאטער׳ס טויט, און זיא האָט אויף איהר אָנגעשריען, אַז מענשען דארפען פערגעסען אן דעם וואָס דיא ערד דעקט צו.

אָבער העלענא׳ס טרערען האָבען געהאַט אַן אנדערע בעדייטונג.

בערטראַם האָט זיך דאַן געזעגענט מיט זיין מוטער. דיא גרעפין, מיט

טרערען אין איהרע אויגען, האָט געבענשט איהר זוהן און איהם געוואונשען ער זאָל זיין גליקליך.

צו לאַפּע'ן האָט זיא געזאָגט:

„מיין גוטער הערר, איך בעט אייך, וויא מען בעט אַן אייגענעם ברודער. גיט אַכטונג אויף מיין קינד. ער איז נאָך אונערפאַהרען. ווייזט איהם, לערענט איהם וויא זיך אויפצופיהרען אין קעניגליכען הויף.“

דער יונגער גראַף האָט אפילו זיינע לעצטע ווערטער געריכטעט צו העלענא'ן, אָבער דיעזע זיינען ניט מעהר געווען וויא איינפאַכע פריינד־ליכקייט. ער האָט איהר געוואונשען גליק און בעמערקט:

„העלענא, איך פאָהר אוועק, זיי דוא אַ טרייסט פאַר מיין מוטער, דיין הערין, און זעה טהון אַלעס מעגליכע איהר צו מאַכען היימליך.“

דער אמת איז אָבער געווען, אַז העלענא האָט שוין זייט אַ לאַנגע צייט געליעבט בערטראַם'ן. ווען זיא האָט געוויינט, איז דאָס ניט גע־ווען אויס עראינערונג אַן איהר פאַטער, זאָנדערן פאַר צער פון זיין אַברייזע.

העלענא האָט אפילו זעהר געליעבט איהר פאַטער, אָבער זיא האָט שוין כמעט פערגעסען זאָגאַר וויא ער האָט אויסגעזעהען. איהר פאַנטאַזיע האָט געהאַט בלויז דאָס בילד פון איין מאַן, און דאָס איז געווען בערטראַם.

מיט העלענא'ן איז געווען זעהר טרויעריג, זיא האָט געליעבט בערט־ראַם'ן וויא נאָר אַן אונשולדיגעס און יונגעס פרויענהערץ קען ליעבען אַ מאַן. זיא האָט אָבער געוואוסט, אַז ער איז גראַף פאָן רוסילאָן, אַ יורש פון אַן אַלטען אדעליגען טיטעל, ווערענד זיא איז בלויז דיא טאָכטער פון אַן איינפאַכען דאָקטאָר.

זיא האָט געמוזט בעטראַכטען דעם מאַן וואָס זיא האָט געליעבט אַלס העכער פון איהר, אַלס איהר הערר, און קיין מאָל ניט ערוואַרטעט צו זיין מעהר וויא זיין דיענסט, לעבען און שטאַרבען אַלס זיין אונטער־טהעניגע.

דער תהום צווישען זיי האָט העלענא'ן אויסגעזעהען אַזוי ברייט, אַזוי טיעף, אַז זיא פלעגט אָפט צו זיך אַליין זאָגען:

„עס איז גאָר קיין חילוק ניט אויב איך זאָל ליעבען עפּעס אַ שטער־

נעם און גלענצענדען שטערן און וועלען מיט איהם חתונה האבען, אדער צו ליעבען בערטראם'ן, וועלכער איז מיט אזוי פיעל העכער פון מיר."

בערטראם'ס אוועקפאהרען האט אנגעפילט איהרע אויגען מיט טרער־רען און איהר הארץ מיט שמערץ. כאטש זיא האט איהם געליעבט ניט האפענדיג, אז ער וועט א מאל ווערען איהר מאן, פון דעסטוועגען איז דאס פאר איהר געווען א טרייסט, א גליק, איהם צו זעהען כמעט יעדע שטונדע אין טאג. העלענא פלעגט אפט זיטצען און קוקען אין זיינע דונקלע אויגען, זיינע שווארצע רונדע ברעמען און זיינע שעהנע געקרייזעלטע האאר. זיא פלעגט אזוי לאנג קוקען אויף איהם, ביז זיא האט אריינגעצויגען זיין בילד אין איהר הארץ — דיעזעס הארץ וואס האט מעהר פאר קיין אנדערע זאך אין דער וועלט קיין פלאטץ ניט געהאט.

ווען דאקטאר זשעראר דע נארבאן איז געשטארבען, האט ער קיין אנ־דערע ירושה ניט איבערגעלאזט פאר זיין קינד, וויא עטליכע רעצעפטען פאר זעלטענע מעדיצינען. דאס איז געווען דער רעזולטאט פון זיין לאנגען און ערנסטען שטודיום פון פיעלע יאהרען.

איינער פון דיעזע רעצעפטען האט פערשריעבען א מעדיצין פונקט פאר אזא קראנקהייט וויא לאפע האט דערצעהלט, אז דער קעניג ליידעט.

נאכדעם וויא בערטראם איז אוועקגעפאהרען, האט העלענא צייט געהאט מעהר נאכצודענקען, זיא האט זיך דערמאהנט אן דעם קעניג'ס קראנקהייט און אויך אן דעם רעצעפט פון איהר פאטער. עס איז איהר באלד איינגעפאלען, אז זיא אליין זאל אוועקפאהרען קיין פאריז אום צו קורירען דעם קעניג.

אבער טראטץ דעם וואס זיא איז געווען ביי זיך איבערצייגט, אז זיא קען קורירען דעם קעניג, איז עס גאר ניט געווען זיכער, אז מען וועט זיא צולאזען, ווייל דער קעניג אליין וויא אויך אלע גרויסע ערצטע ארום איהם, האבען איין מאל פאר אלע מאל ערקלערט, אז עס איז שוין קיין רפואה ניטא. וואס פאר א געלעגענהייט האט אלזא געקענט האבען א יונגעס און אונגעבילדעטעס מיידעל צו מאכען אזא פראבע?

נאר דער מענש וואס האט א שטארקען ווילען, קען אלעס דורכפיה־רען, אלעס בעזיעגען. דער שטארקער ווילען צושמעטערט דיא מעכטיגסטע פעסטונגען.

העלענא האט געגלויבט, אז זיא קען קורירען דעם קעניג, און אויפ־טהוענדיג אזא גרויסע זאך, קען איהר נאמען שטארק בעריהמט ווערען, און

בעריהמטע מענשען קענען פיעלעס דערגרייכען. מי יודע, אפשר וועט דער־פאר ערפילט ווערען איהר זיסעסטער וואונש ?

אך, ווען זיא זאָל קענען ווערען גראף רוסילאָן'ס פרוי — וויא גליקליך זיא וואָלט געווען !

א שטראהל האָפנונג האָט זיך אריינגעג'גנב'עט אין איהר יונגפרויליכע ברוסט און זיא האָט בעשלאָסען צו וואגען.

מיט א קורצער צייט שפּעטער, האָט דער גרעפין'ס הויזהאַלטער איין מאָל געהערט העלענא'ן רעדען פון דעם שלאָף. ער האָט זיך צוגעהערט בעסער און דערפון פערשטאַנען, אז זיא איז פערליעבט אין בערטראם'ן. דאן האָט ער זיא גלאט געהערט רעדען צו זיך אליין וואכענדיג, אז זיא האָט בעשלאָסען נאָכצופאָלגען בערטראם'ן קיין פאריז. ער האָט דאָס אלעס דערצעהלט דער גרעפין פאָן רוסילאָן.

ווען דיא גרעפין האָט דאָס געהערט, האָט זיא איהם דערפאר גע־דאנקט, און איהם בעאויפטראגט, אריינצושיקען העלענא'ן, ווייל זיא וויל מיט איהר רעדען.

וואָס זיא האָט יעצט געהערט איבער העלענא'ן, האָט זיא ניט בייז געמאכט. פערקעהרט, איהר הארץ איז אָנגעפילט געוואָרען מיט סימ־פּאטהיע. דיא גרעפין האָט זיך דערמאהנט ווען זיא איז געווען אזוי יונג וויא העלענא, ווען זיא האָט בעגעגענט בערטראם'ס פאטער.

„יא, יא," האָט זיא געמורמעלט צו זיך אליין. „אזוי איז דאָס געווען אויך דאמאלס מיט מיר, ווען איך בין געווען יונג. ליעבע איז א דאָרן וואָס בעלאנגט צו דער רויז פון יוגענד. אויב מיר זיינען נאָר דיא קינ־דער פון דער נאַטור, מוזען, אין דעם סעזאָן פון דער יוגענד, ערוואכען אלע דיעזע פעהלערן, אָבוואָהל, ווען מיר דענקען גוט נאָך, זיינען זיי גאָר קיין פעהלערן ניט."

העלענא איז דערווייל ערשיענען.

„הער אויס," האָט דיא גרעפין געזאָגט אין אן ערנסטען אָבער צארטען טאָן. „דוא ווייסט גאנץ גוט, אז איך בין דיר א מוטער."

„דוא ביסט מיין געאכטעטע הערין," האָט העלענא געענטפערט.

„דוא ביסט מיין טאָכטער," האָט דיא גרעפין ווייטער געזאָגט. „איך זאָג, אז איך בין דיין מוטער."

העלענא איז בלאס געוואָרען.

"וואָס איז מיט דיר ?" האָט דיא גרעפין געפרעגט בעמערקענדיג

דיא פארב אין איהר געזיכט. „פאר וואס ביסטו בלייך געווארען פון מיינע ווערטער ?"

דערשראקען און איבערראשט, טאמער האט דיא גרעפין ערפאהרען פון איהר סוד, האט העלענא, צעגערענדיג געזאגט :

„ענטשולדיג מיר, גרעפין, דוא ביסט ניט מיין מוטער ; דער יונגער גראף פאן רוסילאן קען ניט זיין מיין ברודער און איך קען ניט זיין דיין טאכטער."

„פון דעסטוועגען, העלענא," האט דיא גרעפין בעמערקט צערטליך, „קענסטו ווערען מיין שנור ; און, אויב איך האב קיין טעות ניט, איז דאס אויך דיין שטרעבונג, און דערפאר בעאונרוהיגען דיך אזוי דיא ווערטער מוטער און טאכטער. הער אויס העלענא, זאג מיר דעם אמת, ליעבסטו מיין זוהן ?"

„גוטע הערינן, ענטשולדיג מיר", האט העלענא געשטאמעלט.

אבער דיא גרעפין האט ווייטער געפרעגט :

„ליעבסטו מיין זוהן ?"

„ליעבסטו איהם ניט ?"

„ניין ניין, קינד, גיב מיר ניט אזא אויסמיידענדען ענטפער. העלענא, קום נאר אהער, דערצעהל מיר, ענטדעק פאר מיר אלעס, ווייל איך לעז ליעבע אין דיינע אויגען."

העלענא האט דאן ניעדערגעקניעט פאר דער גרעפין און פאר איהר אלעס מודה געווען. אין איהרע ווערטער זיינען געלעגען שאנדע, שרעק און זיא האט געבעטען אום פערצייהונג.

דיא ארעמע יתומה האט ערקלערט, אז זיא וויים גאנץ גוט וויא האפנונגסלאז איהר ליעבע איז, וויא ווייט זיא שטעהט פון בערטראם'ן, אבער ליעבע פרעגט ניט נאך יחוס און שטאנד און זיא האט זיך ניט געקענט העלפען, ווען איהר גאנצע נשמה איז צוגעצויגען געווארען צו איהר זוהן.

אין דערזעלבער צייט האט זיא אויך מיטגעטהיילט דער גרעפין, אז איהר זוהן ווייסט פון קיין זאך און ער האט אויך פיעללייכט קיין שום פערדאכט פון איהרע געפיהלע.

דיא גרעפין האט זיא דאן געפרעגט, אויב זיא פלאנט ניט צו פאהרען קיין פאריז.

ביי דיעזער פראגע, האט שוין העלענא אלעס מיטגעטהיילט איהר

הערריז, אז זייט זיא האָט געהערט לאָפּע'ן רעדען איבער דעם קעניג'ס קראַנקהייט, איז איהר איינגעפאַלען, אז זיא האָט אַ געלעגענהייט עפּעס אויפצוטהאָן.

„איז דאָס געווען דיין אבזיכט פאר וועלען באַהרען קיין פאַריז?" האָט דיא גרעפין געפרעגט. „זאָג, שעהם דיך ניט, איז דאָס געווען דיא אבזיכט?"

„יא," האָט זיא געענטפערט אויפריכטיג. „מיין הערר, דיין זוהן, האָט מיך געמאַכט דענקען דאריבער. ווען ניט דאָס, וואָלט פאַריז, דער קעניג און דיא מעדיצין גאָר ניט בעשעפטיגט מיינע געדאַנקען."

דיא גרעפין האָט וויטער דאריבער קיין בעמערקונג געמאַכט, זאָנדערן זיא האָט גענוי אויסגעפרעגט העלענא'ן איבער דער מעגליכער ווירקונג פון דער מעדיצין.

זיא האָט ערפאהרען, אַז דער רעצעפּט פאר דער מעדיצין, איז געווען דאָקטאָר זשעראַר'ס שטאָלץ אויף זיינע מעדיצינישע פאָרשונגען און ער האָט דאָס געגעבען זיין טאָכטער ליעגענדיג אויף'ן שטערבע־בעט. געדענקענדיג אן דעם פערשפּרעכען וואָס זיא האָט געגעבען דעם דאָקטאָר צו זאָרגען פאר זיין קינד, האָט זיא בעשלאָסען אלעס מקיים צו זיין.

אין דערזעלבער צייט האָט זיא אויך אין זינען געהאַט, אַז עס האַנדעלט זיך יעטצט אום דעם לעבען פון דעם קעניג.

דיא גרעפין אליין האָט דאַן אויפגעפאָדערט העלענא'ן באַלד אָבצורייזען קיין פאַריז, און זיא האָט זיא בעזאָרגט מיט אלע נעטהיגע הוצאות צו דיעזען צוועק. איהר ווינשענדיג גליק און ערפאָלג, האָט העלענא אָבגערייזט.

נאַטירליך איז עס איהר ניט אַזוי לייכט אָנגעקומען, ווייל דער קעניג האָט זיך שטאַרק געקוויינקעלט אָנצונעהמען דיא בעהאַנדלונג פון אַ יונגער דאמע וואָס האָט זיך אויסגעגעבען אלס דאָקטאָר. געהאָלפען האָט איהר אייגענטליך דער פאַקט ווען זיא האָט דערצעהלט דעם קעניג, אַז זיא איז דעם בעריהמטען זשעראַר'ס טאָכטער, איבער וועלכען דער קעניג האָט פיעל געהערט.

נאָך מעהר, העלענא האָט זיך אונטערגענומען, אין פאַל זיא וועט דעם קעניג ניט קורירען, דאַן זאָל זיא פערלירען איהר לעבען.

ענדליך האָט דער קעניג איינגעשטימט, דאָס ווען זיא קורירט איהם ניט אין צוויי טעג צייט, זאָל זיא דערפאַר בעצאַהלען מיט איהר קאָפּ.

דאגעגען וויעדער, ווען עס זאָל איהר געלינגען, דאן זאָל זיא זיך אויס־וועהלען אירגענד א מאנספּארשוין פון לאנד פאר א מאן, מיט אויסנאהמע בלויז פון דיא פּרינצען. אין אמת׳ן, איז דאָס ניט געווען דעם מאָנארך׳ס אנטראג פאר בעלוינונג, זאָנדערן איהר אייגענער.

ווען העלענא האָט אזוי שטאַרק געגלויבט אין איהר פאטער׳ס קונסט, האָט זיא קיין טעות ניט געהאט. נאָך איידער דיא צוויי טעג זיינען געווען צו ענדע, איז דער קעניג פאָלשטענדיג געזונד געוואָרען.

ער האָט דאן פערזאמעלט אלע יונגע לייט פון זיין הויף אום דיא שעהנע און יונגע דאָקטאָרין זאָל זיך אויסקלייבען א מאן. ער האָט אויך געלאָזט רופען העלענא׳ן זיא זאָל זיך בעטראכטען דיא אדעליגע בחורים און זאָגען וועמען זיא וויל.

העלענא האָט ניט פיעל געזוכט אָדער געקלערט, און דערזעהענדיג דעם יונגען גראף בערטראם פאָן רוסילאָן, האָט זיא באלד געזאָגט אויף איהם אנווייזענדיג:

„דאָס איז דער מאָן וועמען איך וויל.“

דאן צום יונגען גראף:

„מיין הערר, איך זאָג ניט, אז איך נעהם דיך, זאָנדערן איך גיב מיך איבער צו דיר דוא זאָלסט זיין דער פיהרער און וועגווייזער אין מיין לעבען.“

„זעהר גוט,“ האָט דער קעניג בעמערקט. „יונגער רוסילאָן, נעהם זיא, זיא איז דיין פרוי.“

בערטראם האָט ניט פיעל געטראכט און באלד אויסגעדריקט זיין ווידער־ווילען געגען העלענא׳ן, ערקלערענדיג, אז זיא איז בלויז אן ארעמען דאָקטאָר׳ס א טאָכטער, ערצויגען ביי זיי אין הויז און לעבענדיג פון זיין מוטער׳ס צדקה.

ווען העלענא האָט געהערט זיינע פעראכטענדע ווערטער, האָט זיא געזאָגט צום קעניג:

„מאיעסטעט, איך בין צופריעדען וואָס דוא ביסט געזונד. וואָס עס אנבעלאנגט דאָס איבריגע, זאָל עס יעצט געהען, איך פערלאנג מעהר קיין זאך.“

אבער דער קעניג האָט ניט געוואָלט ליידען, אז זיין בעפעהל זאָל צו־ריק געוויעזען ווערען. צו יענער צייט האָט דער קעניג געהאט דאָס פּריווי־לעגיום אָ״ער מאכט צו בעזאָרגען דעם אדעל מיט שידוכים. דערפאר

האָט ער בעפוילען, אַז בערטראַם און העלענאַ זאָלען נאָך אין דעמזעלבען טאָג הייראַטהען. יא, זיא האָט געהייראַטעט, אָבער דיא ליעבע פון איהר מאַן האָט זיא ניט געהאַט, דען אַזוי פיעל כח האָט דער קעניג ניט בע־זעסען.

אַזוי שנעל וויא דיא חתונה איז געוועזען פאַריבער, האָט בערטראַם פער־לאַנגט פון זיין פרוי, זיא זאָל בעטען דעם קעניג ער זאָל איהם בעפרייען אויף אַ קורצער צייט. ווען זיא האָט איהם געבראַכט דעם קעניג׳ס איינ־שטימונג דערצו, האָט ער איהר געזאָגט, אַז ער איז ניט געוועזען פאָרבע־רייטעט צו דיעזער שנעלער הייראַטה, וועלכע האָט איהם אַזוי וויא בע־רוישט, און דערפאַר זאָל זיא זיך ניט וואונדערן וועגען דעם וואָס ער וועט טהון.

אַרעמע העלענאַ ! זיא איז געוועזען שטאַרק בעטריעבט ווען זיא האָט ערפאַהרען, אַז זיין אַבזיכט איז זיא צו פערלאָזען. ער האָט איהר בע־פוילען צוריק צו קעהרען צו זיין מוטער.

ווען העלענאַ האָט געהערט דיעזען בעפעהל, האָט זיא בעמערקט :

„מיין הערר, איך קען דערצו גאָר ניט זאָגען, אויסער, אַז איך בין דיין געהאָרכזאַמע דיענערין, און איך וועל תמיד אַנווענדען אַלעס מעגליכע מיך אונטערצוגעבען צו דעם שיקזאַל וואָס איז מיר בעשערט.“

אָבער דיעזע אונטערטהעניגע ווערטער האָבען גאָר ניט געווירקט אויף דעם שטאָלצען בערטראַם ער זאָל רחמנות האָבען אויף זיין צערטליכער פרוי. ער האָט זיך פון איהר געשיידט אפילו אָהן אַ „זיי געזונד.“

העלענאַ האָט צוריק געקעהרט צו דער אַלטער גראַפין. דעם ציעל פון איהר רייזע האָט זיא דערגרייכט, זיא האָט געראַטעוועט דעם קעניג׳ס לעבען און אויך חתונה געהאַט מיט דעם מאַן וואָס זיא האָט געליעבט, אָבער זיא איז צוריק געקומען צו איהר שוויעגער פערטרויערט און בעטריעבט, און אַזוי שנעל וויא זיא איז אַריין אין הויז, האָט זיא ערהאַלטען אַ בריעף פון בערטראַם׳ן, וואָס האָט שיער צובראָכען איהר האַרץ.

דיא אַלטע גראַפין האָט זיא עמפפאַנגען זעהר פריינדליך, פונקט וויא איהר זוהן וואָלט זיא אַליין אויסגעקליעבען פאַר זיין פרוי און זיא וואָלט געוועזען אַ דאַמע פון דעם העכסטען אַדעל. זיא האָט איהר דאַן אויסגערעדט און זיא געטרייסט און געזידעלט איהר זוהן, אפילו אונ־טער דיא אויגען, דערפאַר וואָס ער האָט אַזוי געהאַנדעלט געגען זיין פרוי.

אָבער דאָס אַלעס האָט ניט געקענט אויפמונטערן העלענא׳ס הארץ. מיט טרערען אין די אויגען האָט זיא ארויסגעשטאַמעלט:

„מאדאם, מיין הערר איז אַוועק — אויף אייביג איז ער אַוועק פון מיר!“

דאַן האָט זיא געלייענט פאָלגענדע ווערטער פון בערטראַם׳ס בריעף:

„ווען דוא וועסט קענען קריעגען דעם רינג פון מיין פינגער, וועלכער וועט קיין מאָל ניט ארונטער, דאַן זאָלסטו מיך רופען דיין מאַן; אָבער אזא „מאַן“ וועט „קיין מאָל“ ניט זיין.“

„דאָס איז אַ שרעקליכער אורטהייל!“ האָט העלענא געמורמעלט ווײינענדיג.

די גרעפין האָט זיא געבעטען זיא זאָל האָבען געדולד, דען אַזוי וויא בערטראַם איז אַוועק, וועט זיא ווערען איהר קינד, און דאָס זיא פערדיענט אַ מאַן וואָס איז צוואַנציג מאָל אַזוי גוט וויא איהר זוהן.

אַ ליעבענדעס פרויען הארץ קען זיך אָבער מיט אַזעלכע ווערטער ניט טרייסטען. העלענא האָט נאָך אימער געהאַלטען איהרע אויגען אויף׳ן בריעף, וועלכער האָט זיך געשלאָסען מיט דיעזע ווערטער:

„כל־זמן איך וועל האָבען אַ פרוי, וועל איך ניט צוריק קעהרען קיין פראַנקרייך.“

„זיינען דיעזע ווערטער אויך אין בריעף?“ האָט די גרעפין גע־פרעגט.

„יא, מאדאם,“ האָט די אָרעמע העלענא געענטפערט.

אויף׳ן אנדערן טאָג איז העלענא פערשוואונדען געוואָרען. זיא האָט איבערגעלאָזט אַ בריעף, אַז מען זאָל איהם אָבגעבען דער גרעפין נאָכדעם וויא זיא וועט שוין דאָרט ניט זיין. אין דיעזען בריעף האָט זיא מיטגע־טהיילט דער גרעפין, אַז זיא איז אַזוי געערגערט וואָס זיא איז געווען די אורזאכע פון בערטראַם׳ס פערשווינדען פון זיין היים און פאטערלאַנד, דאָס אום זיא זאָל האָבען אַ כפרה אויף איהרע זינד, האָט זיא אונטערגע־נומען אַ רייזע נאָך דער קירכע פון סט. זשאַקען לע גראַן, און צום שלום האָט זיא געבעטען די גרעפין מיטצוטהיילען איהר זוהן, אַז די פרוי וואָס ער האָט געהאַסט האָט פערלאָזען איהר הויז אויף אייביג.

ווען בערטראַם איז אַוועק פון פאַריז, איז ער געפאָהרען קיין פלאָרענץ, איטאַליען, און איז דאָרט געוואָרען אַן אָפיציער אין דעם פירסט׳ס אַרמעע. דאַן האָט ער זיך בעטהייליגט אין אַ קריעג און זיך אויסגעצייכענט מיט

זיינע העלדענטהאַטען. בערטראם האָט ערהאַלטען בריעף פון זיין מוטער וואו זיא האָט איהם מיטגעטהיילט, אַז העלענא איז אַוועק און וועט איהם שוין מעהר ניט בעאונרוהיגען. ער האָט אַלזאָ אָנגעהויבען צו מאַכען פאַר־בערייטונגען אהיים צו פאָהרען, ווען העלענא אַליין, פערקליידעט אַלס אַ וואנדרערער, איז אָנגעקומען קיין פלאָרענץ.

דיא שטאָדט פלאָרענץ, דורך וועלכער דיא וואנדרערער פלעגען רייזען נאָך סט. זשאקען לע גראן, האָט געבילדעט אַ רוה־פּלאַץ פאר דיא רייזענדע. ווען העלענא איז אהין אָנגעקומען, האָט זיא געהערט, אַז דאָרט וואָהנט אַ גוטהערציגע אלמנה, וועלכע נעהמט אויף אין איהר הויז אַלע פרויען וואנדרערער וואָס געהען בעזוכען דעם הייליגען פּלאַטץ, און זיא גיט זיי עסען, טרינקען און שלאָף־שטעלעס.

העלענא איז אַלזאָ אַוועק צו דיעזער אלמנה, וואו זיא איז גאַנץ פיין אויפגענומען געוואָרען און איינגעלאַדען צו קומען זעהען אַלע מערקווירדיג־קייטען אין דער אַלטער שטאָדט. זיא האָט איהר אויך געזאָגט, אַז אין פאַל זיא וויל זעהען דעם פירסט'ס אַרמעע, וועט זיא איהר וואונש ערפילען.

„דוא וועסט האָבען אַ געלעגענהייט," האָט דיא אלמנה בעמערקט צו העלענא'ן, „צו זעהען דיינעם אַ לאַנדסמאַן. זיין נאָמען איז גראף דע רוסילאָן, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכענט אַלס גרויסער העלד אין דעם פירסט'ס מלחמות."

„איך ליעב איהם זעהר," האָט העלענא געענטפערט און דערביי גע־זאָגט אַ גרויסען אמת.

איבער דעם גאַנצען וועג, האָט דיא אלמנה געהאַלטען אין איין רעדען איבער בערטראם'ן. זיא האָט דערצעהלט העלענא'ן איבער דעם יונגען גראף'ס הייראטה, וויא ער איז געצוואונגען געווען חתונה צו האָבען מיט אַ מיידעל װאָן זיא נאָכהער פערלאָזט און איז נאָכהער אַריין אין דעם פירסט'ס אַרמעע, כדי ער זאָל ניט דארפען לעבען מיט זיין פרוי.

הערענדיג דיא געשיכטע פון איהר אייגענעם אונגליק, האָט העלענא ניט געזאָגט קיין וואָרט. נאָך איידער דיא אלמנה האָט רעכט געענדיגט דיעזע שילדערונג, האָט זיא אָנגעהויבען אַ צווייטע, פון וועלכער יעדעס וואָרט האָט געמאַכט אַ טיעפע וואונד אין איהר האַרצען. דיעזע לעצטע שילדערונג איז נעמליך געווען, וויא אזוי בערטראם האָט זיך פערליעבט אין איהר אייגענער טאָכטער.

כאָטש בערטראם האָט ניט איינגעשטימט צו דער הייראַטה מיט העלע־נא׳ן, ווייזט עס אויס, אז זיין הארץ איז דאָך געווען אָפען פאר ליעבע; ווייל זייט ער איז געווען מיט דער אַרמעע אין פלאָרענץ, האָט ער זיך ווירקליך פערליעבט אין דיאנא׳ן, א שעהנע יונגע דאמע, דיא טאָכ־טער פון דער אלמנה וואו העלענא האָט לאָזשירט, יעדע נאכט פלעגט ער קומען אונטער דיאנא׳ס פענסטער, און וויא דער מנהג איז דאמאלס געווען, האָט ער, צו א מוזיקאַלישער בעגלייטונג, בעזונגען איהר שעהנ־הייט און ליעבליכקייט.

דיאנא וויעדער, וויסענדיג, אז ער איז פערהייראַטעט, האָט זיא איהם ניט געוואָלט ערמונטערען אין זיין ליעבע. אָבוואָהל דיאנא איז געווען אן ארעם מיידעל, האָט זיא דאָך געגאָסען א גוטע ערציהונג און ניט געוואָלט איינשטימען אָנצונעהמען דיא ליעבע פון א פערהייראַטע־טען מאַן.

דאָס אַלעס האָט העלענא געהערט דערצעהלען איבער איהר מאַן, און כאָטש דאָס האָט זיא זעהר געשמערצט, האָט זיא אָבער פון דער גאנצער געשיכטע געזעהען א פּלאַן וויא אזוי סוף־כל־סוף דאָך צוריק צו קריעגען בעטראם׳ן ער זאָל זיין איהר מאַן.

עס האָט ניט פיעל געדויערט און זיא האָט אריינגענומען דיא אלמנה אין איהר פערטרויען. זיא האָט איהר דערצעהלט, אז זיא איז דיעזעלבע העלענא וועמען בערטראם האָט פערלאָזט, און געבעטען, אז דיא אלמנה און איהר טאָכטער זאָלען איהר ערלויבען זיך אויסצוגעבען פאר בערטראם׳ן אַלס דיאנא.

אהיים קומענדיג האָט דיא אלמנה, איהר טאָכטער און העלענא דאָס אַלעס געננוי בעשפּראָכען און עס איז בעשלאָסען געוואָרען צו העלפען העלענא׳ן דורכצופיהרען איהר פּלאַן. פון דער אַנדערער זייט וויעדער, קען מען זאָגען, האָט זעהר פיעל געווירקט וואָס העלענא האָט פערשפּראָכען זיי גוט צו בעלוינען דערפאר און דערוויילע האָט זיא זיי שוין דערלאנגט א בייטעל מיט געלד.

נאָך אין דעמזעלבען טאָג האָט העלענא געזעהען לאָזען וויסען בערט־ראם׳ן, אז זיא, העלענא, זיין געזעטצליכע פרוי, איז טויט, האָפענדיג דערביי, ווען ער וועט הערען, אז ער איז פריי, וועט ער געוויס וויעדער קומען זיך אָנביעטען צו דיאנא׳ן ער זאָל מיט איהר חתונה האָבען. דאַן, נאַטירליך, וועט זיא זיך פערשטעלען פאר דיאנא׳ן און זעהען ארויס קריעגען ביי איהם דעם רינג.

אבענדס איז בערטראם ווירקליך געקומען און ער איז אויפגענומען גע־וואָרען אין דיאנא'ס צימער, וואו העלענא האָט שוין איהם געוואַרט אום איהם צו עמפּפאנגען.

דיא שמייכעלהאפטע קאָמפּלימענטען און ליעבעס־ערקלערונגען וואָס דער גראף האָט אדרעסירט צו העלענא'ן, מיינענדיג, אז דאָס איז דיאנא'ן, האָבען ביי העלענא'ן געקלונגען וויא ענגעל־מוזיק. בערטראם איז געווען אזוי צופריעדען פון דעם ליעבענסווירדיגען עמפּפאנג, דאָס ער האָט איהר געמאַכט אן אנטראג צו ווערען איהר מאַן און זיא ליעבען אויף אימער און אייביג. זיא האָט געהאָפּט, אז דאָס וועט אויך אזוי זיין אפילו ווען ער וועט ערפאהרען, אז דיעזע, צו וועלכער ער רעדט דיא ווערטער, איז זיין אייגענע פעראַכטעטע פרוי העלענא.

מיר מוזען דא מיטטהיילען, אז בערטראם האָט ביז יענער נאַכט בלויז געזעהען דיאנא'ן פון וויטען. ער האָט צום ערשטען מאָל געהאַט א גע־לעגענהייט צו זיין מיט איהר, וויא ער האָט גערעכענט, צוזאמען אין איין צימער אליין. פון איהר פערשטאַנד, שפּראך און בענעהמונג, האָט ער ניט פיעל געוואוסט. דאָס אַלעס האָט מען נאָך פריהער העלענא'ן מיטגע־טהיילט. אַלעס וואָס העלענא האָט דאן געטהאָן, איז געווען, צו זעהען עס זאָל זיין טונקעל אין צימער, כדי ער זאָל זיא ניט בעמערקען. אוי־סער דעם אָבער, האָט זיא געפיהרט מיט איהם אזא לעבהאַפטעס געשפּרעך איבער פערשיעדענע זאכען, אז ער האָט ווירקליך בעוואונדערט איהר פערשטאַנד.

העלענא איז געווען אי שעהן, אי קלוג. אָבער ווען מען בעגעגענט זיך מיט א פרויענצימער צו אָפט, עטליכע מאָל אין טאָג, פון קינדווייז אויף, מערקט מען זעלטען דאָס אלעס. דערזעלבער פאל איז געווען מיט דעם יונגען גראף פאָן רוסילאָן.

העלענא האָט אויך פערשטאַנען מיט איהר ליעבענסווירדיגקייט זאָגנסט צו בעצויבערן בערטראם'ן. ער איז ווירקליך געווען אויסער זיך פון דיא ליעבעס געפיהלע וואָס זיא האָט אין איהם ארויסגערופען. עס איז ניט געווען קיין זאך וואָס ער איז ניט געווען בעגייסטערט צו טהון פאר דיעזעס פרויענצימער. ווען ער האָט איהר אָנגעבאָטען זיין האַנד, האָט זיא שטילשווייגענד איינגעשטימט. דאן האָט זיא פערלאנגט ער זאָל איהר גע־בען זיין רינג אַלס צייכען פון זיין פערלאָבונג צו איהר. ער האָט איהר

גלייך געגעבען דעם רינג. זיא ווידער האָט איהם געגעבען אַ קאָסט־באַרען רינג פון איהר פינגער, וואָס זיא האָט געהאַט אַ מתנה פון דעם קעניג.

איידער עס איז טאָג געוואָרען, האָבען זיי זיך אומארמט און גענומען אבשיעד זיך פערשפּרעכענדיג ליעבע און אייביגע טרייהייט.

עס איז געווען דיא רעדע, אַז בערטראם זאָל פאָהרען אַהיים צו זיין מוטער און דאן וועט ער הייראַטהען.

העלענא האָט בעשלאָסען גלייך נאָכצופאָהרען קיין פּאַריז. זיא האָט גע׳פּועל׳ט ביי דער אלמנה און איהר טאָכטער זיא צו בעגלייטען און איהר ווייטער העלפען דורכצופיהרען איהר פּלאַן.

ווען זיי זיינען אָנגעקומען קיין פּאַריז, האָבען זיי ערפאַהרען, אַז דער קעניג האָט נאָר וואָס אָבגערייזט צו דער גרעפין פאָן רוסילאָן. זיי האָבען באַלד נאָכגעפאָלגט.

דער קעניג איז געווען פאָלקאָמען געזונד, און אויס דאנקבארקייט צו דער דורך וועלכער זיין לעבען איז גערעטעט געוואָרען, מיינענדיג דיא גרעפין ביי וועלכער העלענא איז געווען, איז ער אַהין געפאָהרען. ער האָט באַלד אָנגעהויבען צו רעדען איבער העלענא׳ן, זיא לויבענדיג און ריהר־מענדיג און אויסגעדריקט זיין טיעפסטעס בעדויערן ווען ער האָט געהערט, אַז זיא איז טויט. ער האָט אויך אָפען בעהויפּטעט, אַז ער גלויבט, דאָס אין איהר טויט, איז שולדיג דער יונגער גראַף פאָן רוסילאָן, בערטראם.

דיעזעס געשפּרעך האָט אָבער שטאַרק בעטריעבט דיא אַלטע גרעפין. ווען דער קעניג האָט דאָס בעמערקט, האָט ער געענדערט זיין שמועס און געזאָגט:

„גרעפין, איך וויים, אַז קיינער מעהר וויא דוא, בעדויערסט ניט מעהר דעם טויט פון העלענא׳ן. אָבער איך האָב שוין מוחל געווען און אַלעס פערגעסען.“

ווען לאַפּע, דעם קעניג׳ס בעגלייטער, האָט דאָס געהערט, האָט ער ניט געקענט ליידען, אַז דאָס אַנדענקען פון העלענא׳ן, וועלכע האָט געראַ־טעוועט דעם קעניג׳ס לעבען, זאָל אַזוי מיר־ניט־דיר־ניט פאַרבייגעהען און פערגעסען ווערען.

„איך מוז זאָגען,“ האָט ער זיך אריינגעמישט. „אַז דער יונגער גראַף

האָט זעהר שלעכט געהאַנדעלט. ער האָט בעגאַנגען אַ פערברעכען געגען זיין מאַיעסטעט, געגען זיין מוטער און געגען דער יונגער דאַמע. דיא הויפּטזאַך איז אָבער, אַז דאָס גרעסטע פערברעכען, האָט ער בעגאַנגען געגען זיך אַליין, וועיל ער האָט פערלוירען אַ פרוי וועמעס שעהנהייט האָט איבערראַשט דעם גאַנצען קעניגליכען הויף, וועמעס קלוגהייט און שאַרפ־זיניגקייט האָט יעדען בעצויבערט, וועמעס פאָלשטענדיגקייט אַלס דאַמע האָט געמאַכט יעדען יונגען מאַן צו זיין פאַרטיג צו טהון פאַר איהר אַלעס אין דער וועלט.“

ביי דיעזע ווערטער איז ערשיענען בערטראַם.

דער קעניג האָט אויף איהם אַ קוק געטהאָן און געזאָגט :

„לויבען וואָס מען האָט פערלוירען, מאַכט דיא עראינערונג פאַר מהייער און אַנגענעהם, קום נאָר אַהער,“ האָט ער זיך געווענדעט צו בערטראַם׳ן.

בערטראַם האָט געוואוסט אום וואָס דאָ האַנדעלט זיך, און ער האָט אויסגעדריקט דאָס טיעפסטע בעדויערן פאַר דער ברוטאַלער האַנדלונג געגען העלענאַ׳ן.

צוליעב דער עראינערונג אָן זיין פאַטער, צוליעב זיין בעזאָרגטע אַלטע מוטער, האָט דער קעניג איהם דאַן פערציייהעט און מען האָט דאַן פאַרט־געזעצט אַ פרעהליכעס געשפּרעך.

פּלוצלונג איז אָבער דעם קעניג׳ס געזיכט פערפינסטערט געוואָרען, און יעדער וואָס האָט איהם געקענט, האָט בעמערקט אין איהם אַ גרוי־סען צאָרן.

דיא אורזאַכע פון דיעזער אויפרעגונג איז געוועזען אַזוי :

דער קעניג האָט בעמערקט אויף בערטראַם׳ס פינגער דעם רינג וואָס ער האָט געגעבען העלענאַ׳ן, און ער האָט איהר דאַמאַלס אָנגעזאָגט, דאָס אין פאַל זיא וועט זיך געפינען אין אַ נויט, זאָל זיא איהם שיקען דעם רינג, זאָנסט זאָל זיא זיך פון איהם קיין מאָל ניט שיידען.

דער קעניג האָט גלייך געפרעגט בערטראַם׳ן וויא דער רינג קומט צו איהם. בערטראַם וויעדער, ניט וועלענדיג דערצעהלען דעם גאַנצען אמת, האָט געזאָגט, אַז אַ דאַמע האָט צו איהם אַרויסגעוואָרפען דעם רינג פון אַ פענסטער. אויף דער פראַגע, אויב ער האָט נאָך געזעהען העלענאַ׳ן זייט דעם טאָג וואָס ער איז פון איהר אַוועק, האָט ער געענט־פערט, ניין.

אזוי וויא דער קעניג האָט געוואוסט, אַז בערטראם האָט פיינד גע־האט זיין ווייב און זיא גערעכענט פאַר אַ שטערונג אין זיין לעבען, האָט ער באַלד בעשלאָסען, אַז ער האָט זיא וואהרשיינליך ערמאָרדעט. ניט וואר־טענדיג פיעל, האָט ער געהייסען זיינע וועכטער זאָלען איהם באַלד כאַפּען און אַרעסטירען ביז צו אַ ווייטערע אונטערזוכונג.

„מיין גאָט!“ האָט דער קעניג אויסגעשריען, „איך האָב מורא, אַז ער האָט געטויטעט דיא גוטע העלענאַ!“

ביי דיעזע ווערטער איז ערשיענען דיאנא מיט איהר מוטער און פער־לאַנגט פון דעם קעניג, ער זאָל אויסניטצען זיין איינפלוס און צווינגען בערטראם׳ן חתונה צו האָבען מיט דיאנא׳ן, נאָכדעם ער האָט עס איהר פערשפּראָכען אזוי צו טהון.

בערטראם, מורא האָבענדיג, אַז דאָס וועט נאָך פערערגערן זיין לאַגע, דאָס הייסט, אַז ער האָט געהאַט אַ געליעבטע, ווען העלענא האָט נאָך געלעבט, האָט ער פּלוצלונג אַלעס אָבגעלייקענט וואָס דיאנא האָט בע־הויפּטעט.

ווען דיאנא האָט דאָס געהערט, האָט זיא ארויסגענומען דעם רינג וואָס העלענא האָט איהר איבערגעגעבען און דאָס געבראַכט אַלס בעווייז פאַר איהרע בעהויפּטונגען. זיא האָט נאָך ווייטער ערקלערט, אַז דעם רינג וואָס ער טראָגט, האָט זיא איהם געגעבען, און דעם רינג וואָס זיא האָט, האָט ער איהר געגעבען, אַלס צייכען, אַז זיי זיינען פער־לאָבט.

ווען דער קעניג האָט דאָס געהערט, האָט ער געהייסען מען זאָל זיא אויך זאָפאָרט אַרעסטירען. דיא אורזאַכע דערפון איז געווען, ווייל דיא געשיכטע איבער דעם רינג איז געווען פערשיעדען וויא דיעזע פון בערטראם׳ס, און דער קעניג איז דערפאַר געוואָרען נאָך מעהר פער־דעכטיג.

דאן האָט דער קעניג ארויסגעגעבען אַ פּסק, דאָס אין פאַל זיי וועלען ניט דערצעהלען דעם גאַנצען אמת, זאָל מען זיי ביידע הינריכטען פאַר העלענא׳ס טויט.

דיאנא האָט דאן געבעטען מען זאָל ערלויבען איהר מוטער צו געהען ברענגען דעם ערשטען אייגענטהימער פון דעם רינג, דאָס הייסט, ביי וועמען זיא האָט איהם גענומען. מען האָט איהר דאָס ערלויבט און דיא אלמנה האָט גלייך צוריק געקעהרט מיט העלענא׳ן.

דיא גוטע גרעפין, וועלכע איז געווען שטארק בעזאָרגט אום איהר זוהן'ס לעבען, און וועלכע האָט אויך מורא געהאַט אז דער פערדאכט איבער איהר זוהן קען זיין אמת, ווען זיא האָט דערזעהען איהר ליעבע העלענאַ, איז זיא געווען אַזוי דערפרייט, אז זיא האָט אן אלעמען פערגעסען.

דער קעניג וועלכער האָט קוים געקענט גלויבען זיינע אייגענע אויגען, האָט געפרעגט:

„איז דאָס ווירקליך בערטראם'ס פרוי וועמען איך זעה?"

נאָר אַזוי וויא העלענאַ איז נאָך ניט געווען זיכער ביי זיך, אז בערטראם וויל זיא פאר א פרוי האָט זיא געענטפערט:

„ניין, מאַיעסטעט, עס איז בלויז א שאטען פון דער פרוי וואָס דוא זעהסט, עס איז נאָר דער נאָמען און ניט מעהר."

„אָה, ניין!" האָט בערטראם אויסגעשריען, „עס איז ביידעס, אי דער שאטען, אי מיין פרוי!"

„מיין הערר," האָט העלענאַ געזאָגט זיך ווענדענדיג צו בערטראם'ן, „ווען איך האָב מיך פערשטעלט פאר דיעזע דאַמע, האָב איך דיך געפונען אלס א גוטען און ליעבענסווירדיגען מאַן. אין דערזעלבער צייט אָבער, האָב איך מיך דערמאַהנט אן דיין אמאָליגען בריעף, ווען דוא האָסט מיר געשריעבען, אז ווען איך וועל קענען קריעגען דעם רינג פון דיין פינגער, וועסטו מיך אנערקענען אלס דיין פרוי. איך האָב געקראָגען דעם רינג."

„העלענאַ –" האָט ער אויסגעשריען, „איז דאָס מעגליך, אז דוא ביסט געווען יענע ליעבענסווירדיגע דאַמע מיט וועלכער איך האָב פערבראכט דיא נאַכט? יא, יא, עס איז מעגליך" . . .

דיא אלמנה און דיאַנאַ האָבען דאַן בעשטעטיגט העלענאַ'ס ווער־טער.

דער קעניג איז געווען אַזוי צופריעדען מיט דיאַנאַ'ס עדעלע האַנדלונג, אז ער האָט איהר דערפאַר פערשפּראָכען אויך צו געבען אן אדעליגען פאר א מאַן.

בערטראם האָט ערשט דאַמאַלס אַרויסגעזעהען דעם טעות וואָס ער האָט פריהער געמאַכט, און פאַלענדיג אויף דיא קניע פאר העלענאַ'ן, האָט ער זיא געבעטען אום פערצייהונג און איהר געשוואוירען אייביגע און טרייע ליעבע.

# האמלעט.

## דער פּרינץ פון דענעמאַרק.



ם זיינען פאַראיבער בלויז צוויי מאָנאַט נאָך׳ן טויט פון דעם קעניג פון דענעמאַרק, ווען זיין אלמנה, דיא קעניגין גערטריוד, האָט חתונה געהאַט מיט איהר שוואַגער קלאַודיוס, דאָס הייסט מיט איהר מאַן׳ס ברודער.

דיעזער פאַקט האָט ארויסגערופען בעוואונדערונג און ערשטוינען, און אויך ניט וועניג פערדרוס אין לאַנד.

אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלעס. א וויכטיגערע זאַך האָט זיך דורך דעם ענטוויקעלט.

קלאַודיוס איז ניט געווען געראָטען אין זיין ברודער. יענער, דער קעניג, גערטריוד׳ס ערשטער מאַן, איז געווען אַן עדעלער און גוטער מענש, וועהרענד קלאַודיוס איז געווען בעקאַנט פאַר א שופט, לומפּ און א פערדאָרבענער קערל. דאָס האָט געפיהרט דערצו וואָס מען האָט אָנגעהויבען צו פערדעכטיגען קלאַודיוס׳ן, אַז ער האָט געוויס אָבגעראַמט זיין ברודער פון דעם וועג, כדי ער זאָל קענען ערשטענס חתונה האָבען מיט זיין פרוי, און, צווייטענס, כדי ער זאָל קענען בעשטייגען דעם טראָהן פון דענעמאַרק. אין דערזעלבער צייט, נאַטירליך, זאָל דער יונגער האמלעט, דעם טויטען קעניג׳ס זוהן און געזעטצליכער יורש, ניט קענען רעגיערען אויף זיין פאַטער׳ס אָרט.

נאָר, וויא דיא זאַך איז, מען רעדט, מען פערברייטעט א סליוך, און דער אַלגעמיינער עולם פערגעסט, אָדער מען וויל זיך ניט שטאַרק בעקימערן אום אַזעלכע זאַכען. דעם טיעפסטען און שטאַרקסטען איינדרוק אָבער, האָט דיא גאַנצע געשיכטע געמאַכט אויף דעם יונגען פּרינץ

האמלעט, וועלכער האט אזוי געליעבט און געעהרט זיין פערשטארבענעם פאטער, אז ער האט איהם כמעט פערגעטערט. און אזוי וויא דער יונגער מאן אליין, איז געווען שטארק געראטען אין זיין פאטער, דאס הייסט, ער איז אויך געווען אן עהרענמאן און אן עדעלער מענש, האט ביי איהם נאך וועניגער אויסגענומען זיין מוטער'ס האנדלונג וואס זיא האט חתונה געהאט אזוי גיך מיט זיין פעטער.

ניט זאגענדיג און ניט רעדענדיג קיין ווארט, פלעגט דער יונגער האמ־לעט אנפאנג אבזיטצען טעג און נעכט דענקענדיג און טראכטענדיג איבער דעם וואס עס האט פאסירט. ער איז דערפאר געווארען מרה־שחורה'דיג און פערלוירען יעדע אינטערעסע אין אלעמען ארום איהם.

א מאל איז האמלעט געווען א מונטערער און פרעהליכער יונגער מאן, ער פלעגט לעזען ביכער, זיך אמוזירען, לאכען און שטיפען. דאס אלעס איז פון איהם פערשוואונדען און זיין בליק איז אימער געווען פינסטער און טרויעריג.

עס איז אמת, אז האמלעט האט זיך פיעל געערגערט, ווארום מען האט איהם בערויבט פון זיין רעכט צו זיטצען אויף זיין פאטער'ס טראהן. אבער דאס אליין וואלט נאך ניט ארויסגערופען דיעזע ענדערונג אין איהם. פערקעהרט, דאס וואלט איהם געמאכט נאך לעבעדיגער און טהעטיגער אום אוריק צו געווינען דעם טראהן. וואס איהם האט געערגערט, געקריינקט און בעטריעבט איז געווען א גאנץ אנדערע זאך: זיין מוטער, וועלכע האט אזוי שענדליך געהאנדעלט און בעליידיגט דיא ערינערונג אן זיין פאטער! דיעזע מוטער, וועמען זיין פאטער האט אזוי פיעל געליעבט און געשעטצט! זיא ווידער, אויף וויא וויים האמלעט האט זיך געקענט ערינערען, האט אימער זיך געוויעזען ליעבענסווירדיג און פערפליכטעט צו איהר מאן.

זיא אליזא זאל דאס קענען טהון! זיא זאל מיט צוויי מאנאט נאך זיין טויט, ווען זיין קבר איז נאך געווען פריש, שוין הייראטהען, און מיט וועמען? מיט זיין פאטער'ס אייגענעם ברודער!

און ד'ער ברודער אליין? אמאל האט ער איהם געשעטצט אלס זיין פאטער'ס ברודער און אין איהם ניט געזוכט קיין חסרונות. יעצט ווידער, איז דער צושטאנד שוין געווען אן אנדערער. ווען ער האט געקענט אזוי האנדלען, דאן האט ער שטארק געצווייפעלט אין זיין ערענטליכקייט.

אט דאס אלעס צוזאמען, פיעל מעהר וויא דער פערלוסט פון דעם טראהן, האט צושמעטערט דיא גאנצע פרעהליכע וועלט פאר דעם יונגען האמלעט.

קעניגין גערטריוד, זיין מוטער, האט אנגעווענדעט אלעס מעגליכע איהם צו אמוזירען, אויפמונטערן און צוריק ברענגען צו דעם פריהעריגען שטאנד. אבער דאס האט גאר ניט געהאלפען. ער פלעגט ערשיינען אין הויף געקליידעט אין שווארצען, אלס טרויער נאך זיין פאטער׳ס טויט. דיעזע טרויער־קליידער האט ער קיינמאל ניט אבגעלעגט, זאגאר ניט אין דעם טאג ווען זיין מוטער האט חתונה געהאט. מען האט איהם אויך ניט געקענט בעוועגען אנטהייל צו נעהמען ביי דיא שמחות און באנקעטען וואס מען האט געמאכט צו דער חתונה, וואס האט ביי איהם אויסגעזעהען דער שענדליכסטער טאג פון זיין לעבען.

און וואס איהם האט איבערהויפט געערגערט, איז געווען אויסצוגעפינען געגוי דיא אורזאכע פון זיין פאטער׳ס טויט.

און עס איז אויך קיין חידוש ניט ווארום דאס האט איהם אזוי שטארק געערגערט, קלוידיוס האט פערברייטעט דיא נאכריכט, אז זיין ברודער, דער קעניג, איז געשטארבען פון א שלאנגען־ביס; אבער האמלעט׳ן איז איינגעפאלען, אז דיא שלאנג איז געווען קלוידיוס אליין. בקיצור, ביי האמלעט׳ן האט אנגעהויבען קלאר צו ווערען, אז קלוידיוס האט ערמארדעט זיין פאטער, כדי, ער זאל קענען זיטצען אויף זיין טראהן.

וויא ווייט ער האט געהאט רעכט מיט דיעזער מיינונג, וויא ווייט זיין מוטער איז געווען אין דעם פערמישט, האט ער אליין גענוי ניט געקענט בעשטימען; אבער דיעזע אונזיכערהייט אליין איז שוין געווען גענוג פון איהם צו מאכען א מעלאנכאלישע חורבה.

וועהרענד דיעזע שוידערהאפטע געדאנקען האבען געפלאגט דעם אונגליקליכען יונגען פרינץ, האט ער ערפאהרען, אז א גייסט, וועלכער איז עהנליך צו זיין פאטער, איז אייניגע מאל ערשיענען, און דיא סאלדאטען וואס זיינען געשטאנען אויף דער וואך ארום פאלאץ, האבען איהם געזעהען צוויי־דריי נעכט דורכאנאנד.

מען האט האמלעט׳ן דערצעהלט, אז דער גייסט, אדער דיא געהיימניס־פאלע פיגור, פלעגט ערשיינען געקליידעט אין א פאנצער פון קאפ ביז פיס, פונקט אזוי וויא זיין פאטער איז געווען ווען ער האט געלעבט. צווישען דיעזע וואס האבען דיא ערשיינונג געזעהען, איז געווען הארציא, האמלעט׳ס בעסטער פריינד. אלע האבען דערצעהלט איינע און דיזעלבע געשיכטע, און האמלעט האט געוואוסט, אז הארציא וועט קיין ליגען ניט זאגען.

זיי האבען ווייטער מיטגעטהיילט, אז דיא פיגור ערשיינט פונקט וויא

דער זייגער שלאָגט צוועלף; אז אויפ׳ן פּנים זעהט ער אויס בלאַס, און דאָס פּנים דריקט אויס מעהר שמערץ וויא צאָרן. דאַן, אַז דיא באָרד איז צושויר־בערט און האָט אַ מין זילבערנעם קאָליר, אַקוראַט וויא ער איז געוועזן ביים לעבען.

אויסער דעם, האָט ער, אויף אַלע פראַגען, גאָר ניט געענטפערט. בלויז איינמאָל האָט ער געמאַכט אַזאַ בעוועגונג, אַז עס האָט אויסגעזעהען, דאָס ער וויל רעדען. אָבער פּונקט דאַמאָלס האָט אָנגעהויבען צו ברעכען אויף טאָג, דער האָהן האָט אַ קרעה געטהאָן און ער איז שנעל פערשוואונדען געוואָרען.

דער יונגער פּרינץ, זייענדיג זעהר אויפגערעגט האָט גערעכענט, אַז דאָס מוז זיין זיין פאַטער׳ס גייסט. ער האָט אַלזאָ בעשלאָסען צו וואַכען צוזאַמען מיט דיא סאָלדאַטען ביי נאַכט כדי ער זאָל האָבען אַ געלעגענהייט זיך צו בעגעגענען מיט דעם גייסט.

האמלעט האָט ביי זיך געטראַכט, אַז אַזאַ ערשיינונג קומט ניט אומ־זיסט; אַז דער גייסט האָט געווים עפּעס מיטצוטהיילען, און אָבוואָהל ער האָט נאָך צו קיינעם ניט גערעדט, וועט ער אָבער צו איהם יאָ רעדען. ער האָט אַלזאָ געוואַרט מיט דער גרעסטער אונגעדולד אויף דער נאַכט.

ווען דיא נאַכט איז ענדליך געקומען, האָט ער זיך אָוועקגעשטעלט מיט האָראַציאָ׳ן און מיט מאַרסעלוס׳ן, איינער פון דיא וועכטער, אויף אַ באַלקאָן, וואו דער גייסט פלעגט ערשיינען, אום אָבצוּוואַרטען זיין ערשיינען.

דיא נאַכט איז געוועזן קאַלט און דיא לופט זעהר שאַרף. האמלעט, האָ־ראַציאָ און זייער בעגלייטער האָבען אָנגעהויבען צו רעדען איבער דעם וועטער און איבער דער קאַלטקייט פון דער נאַכט. זיי זיינען אָבער אונטער־בראָכען געוואָרען אין זייער געשפּרעך, ווען האָראַציאָ האָט זיי אָנגעצייגט, אַז דער גייסט איז ערשיענען.

ערבליקענדיג זיין פאַטער׳ס גייסט, האָט האמלעט געשפּירט אַ שרעק־ליכען שוידער לויפענדיג איבער זיין לייב. ער האָט פריהער אָנגעפאַנגען אָנ־צורופען גאָט און דיא מלאכים זיי זאָלען איהם בעשיטצען, ווייל ער האָט ניט געוואוסט, אויב דאָס איז אַ גוטער גייסט אָדער אַ שלעכטער. ער האָט אָבער לאַנגזאַם זיך אָנגעהויבען צו שטאַרקען אין קריעגען מעהר מוטה.

זיין פאַטער, אין דער פאָרמע פון דעם גייסט, האָט איהם בעטראַכט מיט אַ מינע פון טיעפען מיטלייד, און, וויא עס האָט אויסגעזעהען, מיט אַ וואונש מיט איהם צו רעדען. דער גייסט האָט אויסגעזעהען פּונקט אזוי וויא זיין פאַטער ווען ער האָט געלעבט, דאָס האמלעט האָט זיך ניט געקענט

צוריקהאַלטען איהם ניט צו אַדרעסירען מיט דעם נאָמען „פאַטער“ און איהם בעטען ער זאָל איהם מיטטהיילען וואָס עס איז דיא אורזאַכע ווארום ער איז געקומען פון זיין קבר צו בעזוכען דיא ערד אום האַלבע נאַכט.

דער גייסט, ווינקענדיג צו האַמלעט׳ן, האָט ער איהם אָנגעצייגט, אַז ער וויל מיט איהם רעדען און איהם אָבגערופען אויף אַן אַנדערן פּלאַץ וואו מען זאָל זיי ניט הערען. האָראַציאָ און מאַרסעלוס וואָלטען איהם אָב־גערעדט, ער זאָל ניט געהען, טאָמיר וועט איהם טרעפען אַן אונגליק, אָבער האַמלעט וואָלט קיינעם ניט געהערט, ווייל זיין לעבען האָט ביי איהם סאַי־וויא־סאַי קיין ווערטה ניט געהאַט, און ער האָט געוואָלט וויסען, וויסען אַלעס וואָס עס האָט פּאַסירט. ער איז געוועזען בערייט נאָכצופאָלגען דעם גייסט אפילו ביז אין עק וועלט, אַבי ער זאָל צופריעדען שטעלען זיין נייגיעריגקייט.

ענדליך זיינען זיי געווען אַליין און דער גייסט האָט אָנגעהויבען צו רעדען. ער האָט איהם מיטגעטהיילט, אַז ער איז דער גייסט פון זיין פאַטער, וועלכער איז ערמאָרדעט געוואָרען אויף אַ גרויזאַמען אופן, און איהם אויך מיטגעטהיילט וויא דער מאָרד איז געשעהען, אַז געטהאָן האָט דאָס אַלעס זיין ברודער קלוידיוס, האַמלעט׳ס פעטער, אום צו קענען הערשען איבער׳ן לאַנד. און פּאַסירט האָט עס אַזוי:

דער קעניג האָט זיך נוהג געווען, אין דיא וואַרעמע זומערטעג, צו שלאָפען אין זיין גאָרטען יעדען נאָכמיטאַג. קלוידיוס האָט דערפון געוואוסט. ווערענד דער קעניג איז געלעגען פערזונקען אין טיעפען שלאָף, האָט זיך קלויז׳יוס דערנעהנטערט און אריינגעגאָסען אַזאַ מין גיפט אין זיינע אויערן. דיעזער גיפט האָט געהאַט אַזאַ שנעלע ווירקונג וויא קוועקזילבער; ער האָט זיך ציגאָסען איבער זיין גאַנצען קערפּער, אין יעדער אָדער, אין יעדען נערוו, און נאָכ׳הער וויא דער גיפט האָט פעראורזאַכט אַ מין פּאַראַליזירונג, איז אויך דער טויט געקומען. אויף דיעזער אַרט, האָט זיך קלוידיוס, מיט איינמאָל, בעמעכטיגט איבער דעם טראָהן און אויך איבער דער קעניגין.

דער גייסט האָט דאַן בעשוואוירען האַמלעט׳ן, דאָס אויב ער האָט וועןעס איז געליעבט זיין פאַטער, זאָל ער ניט פערגעסען זיך נוקם צו זיין פאַר דיעזען ניעדערטרעכטיגען מאָרד. אין דערזעלבער צייט האָט דער גייסט בעדויערט זיין זוהן ווארום ער האָט אַזאַ מוטער, וועלכע האָט זיך געקענט אַזוי ערניעדעריגען און הייראַטהען מיט דעם מערדער פון איהר מאַן. דער גייסט האָט אויך בעאויפטראַגט האַמלעט׳ן, אַכטונג צו געבען, דאָס וויא

ער וועט זיך נוקם זיין אן זיין אנקעל, זאל ער זיין מוטער ניט בעריהרען, זאנדערן זיא לאזען ליידען פון איהר אייגענעם פערגיפטעטעם געוויסען.

האמלעט האט פערשפראכען צו טהון אזוי וויא דער גייסט האט איהם געהייסען, און דאן איז דער גייסט פערשוואונדען געווארען.

ווען האמלעט איז געבליעבען אליין, האט ער אנגענומען א בעשלוס, צו פערגעסען אן אלעס וואס ער האט געלערנט, געזעהען און ערפאהרען, און זיין געהירן זאל זיין אנגעפילט בלויז מיט איין געדאנק, און דיעזער איז וואס דער גייסט האט איהם געזאגט; דאס הייסט, זיך נוקם צו זיין אן זיין אנקעל, דער מערדער פון זיין פאטער. ער האט דאן מיטגעטהיילט הארציא'ן איבער דיעם געשפרעך מיט'ן גייסט, און בעשווארען הארציא'ן מיט מאר־סעלוס'ן, זיי זאלען פאר קיינעם ניט דאכטען קיין ווארט פון דעם וואס עס איז פארגעקומען אין יענער נאכט.

דיא צייט וואס האמלעט האט דורכגעלעבט, דאס שוידערהאפטע גע־שפרעך מיט דעם גייסט, דאס אלעס האט איהם דערשראקען פאר זיך זעלבסט, ער האט מורא געהאט, אז זיין בענעהמונג וועט פיעלייכט ארויסרופען א פערדאכט ביי זיין אנקעל צו מיינען, אז ער ווייסט פון דעם גאנצען געהיימ־ניס, און דאס וועט פיהרען דערצו ער זאל זיך היטען פאר איהם, האמלעט האט אלזא בעשלאסען צו שפיעלען בעסער דיא ראלע פון א משוגענעם, כדי קלוידיוס זאל ניט וויסען וואס עס געהט פאר אין זיינע געדאנקען.

האמלעט האט געשפיעלט דיא ראלע אזוי גוט, דאס דער קעניג מיט דער קעניגין צוזאמען האבען געמיינט, אז זיין משוגעת קומט ניט אויס שמערץ נאך זיין פאטער, זאנדערן, אז ער איז פערליעבט, און דאס איז דיא גאנצע אורזאכע.

דער אמת איז, אז האמלעט, איידער ער איז געפאלען א קרבן פון מרה־שחורה, האט ער מאקי געליעבט א שעהן מיידעל, א געוויסע אפעליא, דיא טאכטער פון פאלאניוס'ן, דעם קעניג'ס הויפט ראטהגעבער. ער האט איהר געשיקט מעהרערע בריעף און פרעזענטען און איהר אונצעהליגע מאל אנגע־באטען זיין ליעבע, דאס הייסט, אז זיא זאל מיט איהם חתונה האבען. זיא וויעדער האט זיך דערפון ניט ענטזאגט.

דאן איז געקומען דיא גרויסע קאטאסטראפע אין זיין לעבען וואס האט איהם געמאכט פערגעסען אן אלעמען, אפילו אן זיין געליעבטער. נאר אזוי וויא ער האט נאכהער געשפיעלט דיא ראלע פון א משוגענעם, האט ער זיך אויך פערשטעלט געגען איהר און זיא אפטמאל גראב בעהאנדעלט. זיא

ווייעדער, אַנשטאַט איהם צו מאַכען פאַרווירפע פאַר זיין בענעהמונג, האָט איהם שטאַרק בעדויערט און אַלעס צוגעשריעבען צו זיין אונגליקליכען צושטאַנד.

כאָטש האַמלעט'ס געדאַנקען־צושטאַנד איז ניט געוועזען אַזעלכער זיך אָבצוגעבען מיט ליעבע, כאָטש זיין געהירן איז תמיד געוועזען פערנומען מיט דעם פּלאַן פון אַ שרעקליכער נקמה, פון דעסטוועגען האָט ער איינגעזעהען, פון צייט צו צייט, אַז ער האָט צו גראָב געהאַנדעלט געגען דער גוטער און אונשולדיגער אָפעליאַ, און דאַן פלעגט ער איהר שרייבען אַ בריעף פול מיט דיא ווילדעסטע אויסדריקע פון ליעבע, אַז דאָס זאָל פּאַסען צו זיין גאַנצער אויפפיהרונג. אין דערזעלבער צייט, האָט מען זיך געקענט מערקען אין דיא בריעף, מאַנכע צערטליכע פראַזען, וואָס האָבען דערצעהלט, אַז נאָך אַלעמען, האָט ער דאָך פאַר איהר נאָך געהאַט צערטליכע געפיהלע.

ווען דיא קעניגין האָט דערפון געהערט, האָט זיא זיך געוואונשען, אַז האַמלעט'ס צושטאַנד זאָל ווירקליך זיין דיא אורזאַכע פון אָפעליאַ'ס ליעבע און ניט מעהר, און דיא שעהנע אָפעליאַ זאָל זיין דער אינסטרומענט איהם, מיט איהר ליעבע, ווייעדער געזונד צו מאַכען.

אָבער האַמלעט'ס קראַנקהייט איז געוועזען טיעפער, אָדער זיא איז געוועזען פון אַזאַ נאַטור, וואָס ליעבע האָט ניט געקענט היילען. פאַר זיינע אויגען איז אימער געשטאַנען זיין פאַטער'ס גייסט, און זיין געהירן איז געוועזען אָנגעפילט מיט געדאַנקען פון ביטערער ראַכע. יעדע שטונדע וואַרטען, האָט ביי איהם אויסגעזעהען אַ זינד, אַ פערברעכען געגען דיא בעפעהלע פון זיין פאַטער.

דאָך איז עס גאָר ניט גרינג געוועזען צו געפינען אַ מיטעל וויא צו טויטען דעם קעניג, וועלכער איז אימער געוועזען ארומגערינגעלט מיט וועכטער. אויסער דעם, איז דער קעניגין'ס געגענוואַרט, וועלכע איז כמעט אימער געוועזען נעבען קלודיוס'ן, אויך געוועזען אַ גרויסע שטערונג.

אָבער וואָס עס האָט איבערהויפּט אָבגעהאַלטען האַמלעט'ן פון זיין גרויסער נקמה, איז געוועזען דער פאַקט, ערשטענס, אַז אַ מענש וויא ער, פון אַזאַ צערטליכער נאַטור, האָט ניט געקענט ביי זיך אַזוי גרינג פועל'ן צו טויטען אַ מענשען, און צווייטענס האָט ער אַמאָל אויך געצווייפעלט אין דעם גייסט'ס בעהויפּטונגען, טאָמער, נאָך אַלעמען, איז דאָס אַ בעטרוג, אַ שווינדעל.

האַמלעט האָט דערפאַר בעשלאָסען צו זיין נאָך מעהר זיכער.

ווערענד דיעזע צומישטע געדאנקען האבען זיך געדרעהט אין זיין קאפ, זיינען געקומען אין קעניגליכען הויף שוישפיעלער, וועלכע האבען איהם אמאל אמוזירט מיט זייערע פארשטעלונגען. ער האט איבערהויפט ליעב געהאט צו הערען פון איינעם א טראגישע רעדע בעשרייבענדיג דעם טויט פון פריאם, דער קעניג פון טראיא, און אויסדריקענדיג דערביי דעם שמערץ פון זיין פרוי, קעניגין העקובא. האמלעט האט שעהן עמפפאנגען זיינע אלטע פריינד דיא שוישפיעלער, און געדענקענדיג דיא רעדע אדער מאנאלאג פון דעם שוישפיעלער, וואס פלעג איהם אמאל פערשאפען פערגעניגען, האט ער געבעטען דעם שוישפיעלער ער זאל דאס וויעדערהאלען.

דער שוישפיעלער האט דאס געטהאן אויף אזא נאטירליכען און לעבהאפ־טען אופן, אז יעדען טאג האט זיך אויסגעדאכט, אז ער זעהט פאר זיך א לעבע־דיגעם בילד. דער מאנאלאג האט פארגעשטעלט דעם גרויזאמען מארד פון א שוואכען קעניג, דיא צערשטערונג פון זיין ארמעע און דאן דיא צערשטערונג פון זיין שטאדט דורך פייער, דיא גרויסע פערצווייפלונג פון דער קעניגין וויא זיא איז געלאפען א בארוויסע איבער איהר פאלאץ מיט א זאק אויף איהר קאפ וואו א קרוין איז אמאל גע..ען, און בלויז א דעק אויף איהר קערפער וואו זיא האט אמאל געטראגען קעניגליכע מלבושים. דאס אלעס האט ניט נאר ארויסגעריסען טרערען פון אלע אנוועזענדע, זאנדערן דער שוישפיעלער אליין האט דאס אלעס דעקלאמירט מיט א געבראכענע שטימע און מיט טרערען אין זיינע אויגען.

דאס האט געמאכט האמלעט'ן רענקען, דאס ווען דער שוישפיעלער קען אזוי בעגייסטערט ווערען איבער אן אויסגעטראכטע מעשה, וואס זאל האבען פאסירט מיט היבשע עטליכע הונדערט יאהר בעפאר, וואס דארף ער נאך, האמלעט אליין, טהון, ווען ער וייסט פון א פיעל גרעסערעם פערברעכען, דער טויט פון זיין אייגענעם פאטער!

דענקענדיג ווייטער איבער שוישפיעלער און פארשטעלונגען, האט ער זיך דערמאהנט אן א געשיכטע ווען א מערדער האט בייגעוואהנט דיא פאר־שטעלונג פון א מארד, און דאס האט אויף איהם געמאכט אזא געוואלטיגע ווירקונג, אז ער איז אויפגעשטאנען און מודה געווען אויף זיין אייגענעם פערברעכען. האמלעט האט דאן בעשלאסען, אז דיעזע שוישפיעלער זאלען עפעס פארשטעלען, אונגעפעהר ענליכעס צו דעם מארד פון זיין פאטער און זיין אנקעל זאל דערביי זיין. ער וויעדער זאל שטעהען אן א זייט און

אויפפאסען וואס פאר א ווירקונג דאס אלעס וועט האבען און ער וועט ענד־ליך קענען געווי בעשטימען איבער זיין אנקעל׳ס שולד.

ער האט דערפאר געהייסען געבען א פארשטעלונג און איינגעלאדען דערצו זיין אנקעל און זיין מוטער.

דיא פארשטעלונג האט געשילדערט דעם מארד פון א פירסט אין וויען. דעם פירסט׳ס נאמען איז געווען גאנזאלא, זיין פרוי׳ס נאמען איז געווען באפטיסטא. עס האט פארגעשטעלט ווי א געוויסער לוקיאנוס, דעם פירסט׳ס א נאהענטער קרוב, פערגיפטעט דעם פירסט אין זיין גארטען אום ער זאל קענען ירשה׳ענען זיינע גיטער, און מיט א קורצער צייט שפעטער, האט דער מערדער געוואונען דיא ליעבע פון גאנזאלא׳ס ווייב.

ווען דיא פארשטעלונג איז געגעבען געווארען, האט דער קעניג ניט געוואוסט וואס פאר א נעטץ עס איז פאר איהם געלעגט געווארען, און ער איז געקומען זעהען דיא דראמא אויף האמלעט׳ס איינלאדונג. האמלעט ווידער איז געזעסען נאהענט צום קעניג און אויפמערקזאם שטודירט זיין געזיכט.

דיא פארשטעלונג האט אנגעפאנגען מיט א געשפרעך צווישען גאנזאלא׳ן און זיין ווייב. זיא האט איהם געשוואוירען און פערזיכערט מיט איהר ליעבע, אז זיא וועט איהם אויף אימער און אייביג בלייבען געטריי, און טאמער חלילה זאל פאסירען, אז ער זאל שטארבען, וועט זיא קיינמאל מעהר ניט הייראטהען. אין פאל אבער זיא זאל יא הייראטהען, דאן, האט זיא גע־זאגט: „זאל איך זיין פערפלוכט, ווייל קיין אנשטענדיגע און עהרליכע פרוי הייראטעט צום צווייטען מאל, סיידען נאר אזעלכע וואס פערגיפטעט איהר ערשטען מאן.“

האמלעט האט ניט ארונטערגענומען זיינע אויגען פון זיין אנקעל, דעם קעניג. ער האט בעמערקט וויא דיא פארבען אויף זיין געזיכט האבען זיך געביטען דערביי, און דער קעניגין׳ס פנים האט אויסגעוויעזען, גלייך וויא זיא וואלט דאמאלס געטרונקען גאל.

דאן האט דיא דראמע געשילדערט פאלגענדעס: לוקינוס איז אריינ־געקומען אין גארטען וועהרענד גאנזאלא איז געשלאפען, און אזוי האט ער איהם פערגיפטעט.

דיעזע סצענע, זייענדיג אזוי עהנליך צו דער האנדלונג פון קלוידיוס׳ן געגען זיין ברודער, האט דעם קעניג אזוי אויפגערעגט, אז ער האט שוין מעהר

ניט געקענט בלייבען זיטצען. ער האָט געהייסען מען זאָל שנעל אָנצינדען ליכט אין זיין צימער, ווייל ער פיהלט שלעכט.

ווען דער קעניג איז אוועק, האָט זיך דיא פאַרשטעלונג געענדיגט.

יעצט איז שוין ביי האמלעט'ן מעהר קיין ספק ניט געווען, אז זיין אָנקעל איז געווען זיין פאטער'ס מערדער. ער האָט גענוג געזעהען און גענוג געהערט עס זאָל איהם איבערצייגען, אז וואָס דער גייסט האָט איהם מיט־געטהיילט, איז געווען א טרויעריגע און שרעקליכע וואהרהייט. ווען האמלעט איז געווען אליין, האָט ער אויסגעגאָסען זיין ביטער הארץ אין פאָלגענדע פילאָזאָפישע ווערטער:*)

---

*) דאָס איז דער בעריהמטער מאָנאָלאָג פון האמלעט'ן, וועלכער האָט ארויס־גערופען, ניט צו איבערטרייבען, א גאנצע ליטעראטור. מען האָט דאריעבער געשריע־בען ביכער, דיסקוטירט, פילאָזאָפירט און זיך געקריעגט. יעדער האָט געפונען אן אנדערע מיינונג, אן אנדערע בעדייטונג אָדער אן אנדערן סוד אין סעקספיער'ס ווערטער וואָס ער האָט ארייננעלעגט אין האמלעט'ס מויל.

וואָס מיר ווילען דאָ בעמערקען ביי דיעזער געלעגענהייט, איז פאָלגענדעס: שעקספיער איז געווען א לעבענס־פילאָזאָף, אָבער ניט קיין געאיבטער מעטאפיזיקער פון זיין צייט. אין דיעזען מאָנאָלאָג דערקענט מען שעקספיער'ס מאנגעל אין דער גריכישער פילאָזאָפיע וואָס האָט דאמאלס געשפיעלט אזא גרויסע ראָלע אין איירָאָפא.

דער פאר אָבער איז וויכטיג צו שטודירען דערפון שעקספיער'ס געדאנקען: ער איז געווען, וויא מען זאָגט, א סקעפטיקער, דאָס הייסט, א רעליגיעזער בעל־ספק; ער האָט ניט געוואוסט, אויב מיט דעם טויט הערט אלעס אויף, אָדער עס פאנגט זיך ערשט עפּעס אן. דיעזע געדאנקען האָט ער געגעבען זיין העלד אין מויל אריין.

נאָר דאָס איז אויך ניט פון א הויפּט־וויכטיגקייט. מיר האָבען אָבגעזעטצט דיעזען מאָנאָלאָג, אזוי טריי, נאָך'ן אריגינאל, וויא עס איז אונז מעגליך געווען, אום צו געבען דעם אידישען לעזער א בעגריף פון שעקספיער'ס סטיל. אין דיעזען מאָנאָלאָג זעהען מיר דעם נאטור־פילאָזאָף און דעם דיכטער, דעם מייסטער פון סטיל און דעם קינסטלער פון געדאנקען. דאָס איז געווען שעקספיער און אין דעם ליעגט זיין הויפּט גרויסקייט.

נאָך אונזער מיינונג, האָט דיעזער מאָנאָלאָג קיין אנדערער בעדייטונג וויא ריעזע, וואָס מיר האָבען דאָ אנגעגעבען.

ד. ער בעארבייטער.

„לעבען אָדער ניט לעבען, אָט דאָס איז דיא פראַגע !

„איז עס בעסער פאַר דעם גדאַנק צו ליידען פון דיא שפּיזען און פיילען פון דעם ביטערן מזל, אָדער זיך בעוואפנען געגען א ים צרות, און קעמפפענדיג מאַכען א סוף דערפון ? — שטארבען, — שלאָפען, — ניט מעהר ; און דורך א שלאָף זאָלען מיר זאָגען, אז מיר מאַכען אן ענדע פון אַלע האַרצוועהטאָגען און דיא טויזענדער שוידערן צו וועלכען דער קערפער איז אונטערוואָרפען, — דאָס איז א סך־הכל וואָס מען דאַרף זיך אויפריכטיג ווינשען. שטארבען, — שלאָפען ; שלאָפען ! טאָ־מער גאָר חלום׳ן ? — אַך, אָט דאָ ליעגט דער הונד בעגראָבען !

„וייל אין דעם שלאָף וואָס רופט זיך טויט, מי יודע וואָס פאַר א חלומות מיר קענען האָבען ; ווען מיר האָבען אַרונטערגעוואָרפען דיא שטערבליכע דעק פון אונז, דאַן זאָלען מיר לכל־הפחות האָבען מנוחה. אָבער דאָס איז דיא אורזאַכע וואָס פיהרט אונז זיך אזוי אָנצוהאַלטען אָן לעבען ! ווען ניט, ווער וואָלט עס דערטראָגען דיא שמיטץ און דיא חרפות פון דעם אונטערדריקער׳ס אונרעכט, דעם שטאָלצען מאַן׳ס געמיינהייט, דיא שמערצען פון פעראַכטעטער ליעבע, דאָס אָבלעגען פון געזעטץ, דיא לומפעריי פון טשינאָווניק, און דיא געמיינהייטען מיט ווערטער וואָס א שופט פראַפּיטירט זיך מיט דעם געדולדיגען׳ס פער־דיענסט, — יא ווער וואָלט דאָס אַלעס געלימטן ווען ער זאָל וויסען אז ער קען זיך קויפען אייביגע רוה בלויז דורך א קינזשאַל ?

„ווער וואָלט עס פערטראָגען, צו קרעכצען און זיפצען אונטער דער משא פון דעם לעבען, — יא, ווען ניט דיא מורא פאַר עפּעס נאָך׳ן טויט ? אָט יענעם אונענטדעקטעם לאַנד, פון וואַנען קיין רייזענדער האָט נאָך צוריקגעקעהרט, — דאָס פערטומעלט אונזער ווילען און מאַכט אונז בעסער ליידען דאָ וויא פון אַנדערע וואָס מיר קענען נאָך ניט !

„אָט אזוי מאַכט דאָס געוויסען פון אונז אַלע נאַררען ; און אזוי ווערט דער איינגעבוירענער קאָליר פון ענטשלאָסענהייט קראַנק געמאַכט מיט דער בלאַסער דעק פון רעיונות. דערפאַר ווערען גרויסע און וויכטיגע אונטערנעהמונגען אונטערבראָכען, זייער גאַנג שטעלט זיך אָפּ און פער־ליערען דעם נאָמען פון טהעטיגקייט !“

עס איז נאָכהער געווען אויף׳ן ספּעציעלען אויפטראַג פון דעם קעניג, ווען דיא קעניגין האָט געשיקט רופען האַמלעט׳ן, כדי זיא זאָל איהם זאָגען,

אז זיא איז ניט צופריעדען מיט זיינע האנדלונגען און בענעהמונגען, דאס־זעלבע, נאטירליך, איז אויך מיט'ן קעניג.

אין דערזעלבער צייט האט דער קעניג געפלאנט אויסצופארשען פון האמלעט'ן וואס דאס אלעס בעדייטעט, אויף וויא וויט זיין פערדאכט געהט און אויב עס איז געוועזען עפעס אן אבזיכט אין דעם וואס ער האט געלאזט געבען גראדע אזא פארשטעלונג. אבער דער קעניג האט זיך ניט געוואלט פערלאזען אין גאנצען אויף זיין פרוי, ווייל ער האט געוואוסט, אז זיא איז פארטייאיש און וועט איהם געוויס ניט מיטטהיילען דעם גאנצען אמת. וויכטיג פאר איהם איז איבערהויפט געווען אויסצוגעפינען פון האמלעט'ס מויל אליין איבער דעם שטראם פון זיינע געדאנקען.

אום דאס אלעס דורכצופיהרען, האט ער בעאויפטראגט זיין ראטהגעבער און אפעליא'ס פאטער, פאלאניוס, אז ער זאל שפיעלען דיא ראלע פון דעם שפיאן און זיך אונטערהערען ערגיץ־וואו ביי א טהיר, הינטער א פארהאנג, צו דעם געשפרעך צווישען מוטער און זוהן.

עס איז מערקווירדיג, אז קעניגליכע ראטהגעבער אדער דיפלאמאטען, זיינען שטארק מסוגל צו דיעזער שמוציגער ארבייט פון שפיאנירען און זיך אונטערהערען וואס יענער רעדט. פאר דער וועלט שפיעלען זיי דיא ראלע פון עהרענמענער, אבער אין פריוואט וועלען זיי זיך ניט אבשרעקען פאר דער גרעסטער לומפעריי אבי צו דערגרייכען זייער ציעל. נאך מעהר, עס מאכט זיי א בעזונדערעס פערגעניגען צו דיענען אלס שפיאן.

ווען דיא קעניגין האט געשיקט רופען איהר זוהן, איז ער באלד געקומען און זיא האט גלייך אנגעהויבען איהם פארצו־ווארפען פאר זיין בענעהמונג און איהם געזאגט, אז ער האט שטארק בעליידיגט „זיין פאטער,“ מיינענדיג דערמיט דעם קעניג, זיין אנקעל, וועלכען זיא האט אנגערופען „האמלעט'ס פאטער“ ווייל זיא האט מיט איהם חתונה געהאט.

האמלעט ווידער האט זיך געפיהלט שטארק בעליידיגט, ווארום זיא גיט איהם אזא טיטעל; ער האט דעם אנקעל זיינעם בעטראכט פאר א לומפ און א שופט, דער מערדער פון זיין געאכטעטען פאטער, און שטארק אויפגע־רעגט, האט ער אויסגערופען:

„מוטער, דוא האסט שטארק בעליידיגט מיין פאטער!“

„דאס איז א שלעכטער ענטפער, זוהן,“ האט דיא קעניגין בעמערקט.

„ניין, מוטער,“ האט ער געזאגט שטרענג, „דאס איז פונקט אזא גוטער ענטפער וויא דיין פראגע איז געווען.“

ווען דיא קעניגין האָט דאָס געהערט, האָט זיא געפרעגט:

„האָסטו פערגעסען צו וועמען דוא רעדסט?“

„אַך, ליידער!“ האָט ער אויסגעשריען. „איך ווינש מיר נאָר, אַז הלואי וואָלט איך געקענט פערגעסען. דוא ביסט דיא קעניגין, דיא פרוי פון דיין מאַן׳ס ברודער; און דוא ביסט מיין מוטער. הלואי וואָלסטו ניט געוועזען וואָס דוא ביסט!“

„אויב אזוי,“ האָט דיא קעניגין געזאָגט פול צאָרן, „אויב דוא ווייזט מיר אזוי ווייניג רעספּעקט, וועל איך צו דיר שיקען אזעלכע צו וועמען דוא וועסט קענען רעדען.“

זיא האָט נאָר וואָס געוואָלט ארייננשיקען דעם קעניג אָדער פּאָלאָניוס׳ן צו איהם.

אָבער האַמלעט האָט זיא ניט געוואָלט לאָזען ארויסגעהען ביז ער וועט פּרובירען און זעהען אויב זיינע ווערטער וועלען ניט קענען ווירקען זיא זאָל אנערקענען איהר זינדיגעס לעבען. זיך שטעלענדיג פאר איהר, האָט ער זיא פעסט אָנגעכאַפּט ביי דער האַנד, זיא צוגעהאַלטען און זיא געצוואונגען זיא זאָל זיך זעטצען.

גערטרוד, דערשראָקען פאר זיין ערנסטער בענעהמונג און מורא האָ־בענדיג פאר זיין שגעון טאָמער וועט ער איהר עפּעס טהון, האָט אָנגעהויבען צו שרייען און רופען הילפע.

דאַן האָט זיך געהערט אַ שטימע:

„העלפט, העלפט דער קעניגין!“

ווען האַמלעט האָט געהערט דיעזע שטימע, האָט ער אין זיין פער־ווירדונג געמיינט, אַז דאָרט איז דער קעניג בעהאַלטען. ער האָט שנעל ארויסגעצויגען זיין שווערט און אָנגעפאַנגען צו שטעכען אין דעם פּלאַטץ פון וואַנען דיא שטימע איז געקומען. ער האָט אזוי לאַנג געשטאָכען ביז דיא שטימע האָט אויפגעהערט און ער האָט בעשלאָסען, אַז ווער דאָרט איז געוועזען, איז שוין טויט. נאָכהער האָט ער ארויסגעשלעפּט דעם קערפּער, און אנשטאַט דעם קעניג, האָט ער פאר זיך ערבליקט פּאָלאָניוס׳ן.

„וועה איז מיר!“ האָט דיא קעניגין אויסגעשריען. „וואָס פאר אַן איבער־איילטע און בלוטיגע טהאַט דוא האָסט בעגאַנגען!“

„יא, מוטער, עס איז געוועזען אַן איבעראיילטע און בלוטיגע טהאַט,“ האָט ער געענטפערט, „אָבער דאָך ניט אזוי שלעכט וויא דיינע, וואָס האָבט געהרג׳עט דיין אייגענעם מאַן און חתונה געהאַט מיט זיין ברודער.“

האמלעט איז שוין צו וויים געגאנגען אום ער זאל אבלאזען זיין אר־בייט אין מיטען. ער איז יעצט געווען אין א צושטאנד ווען ער האט געזענט רעדען דייטליכער מיט זיין מוטער וויא ער האט נאך ביז דאמאלס גערעדט.

אבוואהל קינדער דארפען פיעלע מאל אוועק קוקען פון זייערע עלטערן'ס חסרונות, אבער ביי שווערע פערברעכענס איז עס ערלויבט דער זוהן זאל מאכען זיין אייגענער מוטער פארווירפע, כל־זמן ער מיינט דערמיט צו טהון א גוטע זאך.

דער אונגליקליכער האמלעט האט דאן געזאגט זיין מוטער וואס ער רענקט איבער איהר ווען זיא האט געקענט אזוי שנעל פערגעסען אן איהר מאן, זיין פאטער, דעם טויטען קעניג, און אין א קורצער צייט ארום הייראטהען זיין ברודער, וועלכער איז געווען זיין מערדער. אזא האנדלונג, נאכדעם וויא זיא האט געשווארען אייביגע טריייהייט פאר איהר מאן, איז גענוג צו צווייפ־לען אן דער שבועה פון יעדער פרוי, רעכענען יעדע פרויען־טוגענד פאר היפאקריטסטווא, אלע הייראטהס־קאנטראקטען פאר א שפאט און יעדע פרומקייט פאר א געלעכטער.

„מוטער!" האט ער אויסגעשריען, „דוא האסט געטהאן אזא זאך, אז דיא הימלען דארפען רויט ווערען פאר חרפה און דיא ערד דארף קראנק ווערען פאר בושה."

דאן האט ער ארויסגענומען צוויי בילדער און איהר געוויזען. איינס האט פארגעשטעלט דעם טויטען קעניג, זיין פאטער, און דאס אנדערע דעם לעבעדיגען קעניג, איהר יעצטיגער מאן. ער האט זיא אויפמערקזאם געמאכט אויף דעם גרויסען אונטערשיעד. דאס בילד פון דעם טויטען קעניג, האט ער געזאגט:

„שטעלט פאר — זעה, נאר, גראציע ליעגט אויף זיין שטערן, ער זעהט אויס וויא א גאט! זיינע לאקען זיינען וויא אפאלא'ס, זיין געזיכט וויא יופיטער'ס, זיינע אויגען וויא מארס'עס, זיין האלטונג וויא מערקור, וועל־כער האט נאר וואס ארונטערגעשטיגען אויף דעם הימעל־געקושטען בארג! אט דיעזער מאן, מוטער, איז געווען דיין מאן! יעצט קוק ווייטער און זעה ווער עס איז יעצט דיין מאן"...

ער האט איהם פארגעשטעלט מיט דיא פינסטערסטע און שרעקליכסטע פארבען.

דיא קעניגין האט זיך געשעהמט און זיך געשפירט שטארק געטראפען, ווען איהר אייגענער זוהן האט געקענט אזוי ארייגקוקען טיעף אין איהר איי־

גענער נשמה, וועלכע האָט ביי איהר שוין אויך אויסגעוועהען שווארץ און שרעקליך.

„מוטער!“ האָט ער אויסגערונערט, „וויא קענסטו ווייטער לעבען מיט דיעזען מאַן? וויא קענסטו זיין זיין פרוי? דיעזער וואָס האָט ערמאָרדעט דיין מאַן און אוועקגערויבט דיא קרוין וויא אַ גנב?“

וועהרענד ער האָט גערעדט דיעזע ווערטער, איז ערשיענען דער גייסט — ער האָט אזוי אויסגעזעהען וויא אין דער צייט ווען ער האָט געלעבט. האמלעט, שטארק דערשראָקען, האָט געפרעגט וואָס ער וויל.

דער גייסט האָט געענטפערט, אז ער איז געקומען איהם דערמאָהנען אָן דער ראַכע וואָס ער האָט פערשפּראָכען, וועלכע האמלעט האָט אויסגעזעהען צו פערגעסען.

דאַן האָט דער גייסט ער וכט האמלעט׳ן ער זאָל מילדער רעדען צו זיין מוטער, ווייל דיא שרעק קען זיא נאָך טויטען.

דער גייסט וועלכער האָט זיך בעוויעזען בלויז צו האמלעט׳ן, איז נאָכ־דעם פערשוואונדען געוואָרען. גערטריוד איז נאָר געוועזן שטארק דערשראָקען, ווען זיא האָט געזעהען האמלעט׳ן רעדען צו דער לופט, אָבער זיא האָט ניט בעמערקט קיין זאַך. זיא האָט זיך ערקלערט זיין בענעהמונג, אז דאָס האָט צו טהון מיט זיין געשטערטען פערשטאַנד.

אָבער האמלעט האָט זיא געוואָרענט זיא זאָל זיך ניט איינרעדען, אז דאָס האָט צו טהון מיט משוגעת, זאָנדערן זיא זאָל איהם גלויבען, אז איהר פערברעכען האָט ווידער געבראַכט זיין פאָטער׳ס גייסט אויף דער ערד.

ער האָט איהר געגעבען זיין האנד זיא זאָל פיהלען זיין דופק, און זיך איבערצייגען, אז דאָס איז ניט דער פולס־שלאַג פון אַ משוגענעם. דאַן האָט ער זיא געבעטען מיט טרערען אין דיא אויגען זיא זאָל מודה זיין פאר גאָט אויף איהר פערגאַנגענהייט און אין דער צוקונפט זאָל זיא אויסמיידען דעם קעניג׳ס געזעלשאַפט, און ניט מעהר זיין זיין פרוי. אז זיא זאָל ווייטער בליי־בען זיין געליעבטע מוטער, רעספּעקטירען זיין טויטען פאָטער און ער וועט זיא דאַן בעטען זיא זאָל איהם געבען איהר ברכה. ווען זיא האָט איהם דאָס אַלעס פערשפּראָכען, האָט זייער טרויעריגע קאָנפערענץ זיך געשלאָסען.

ווען דיא מוטער איז אוועק, האָט האמלעט שוין מעהר צייט געהאַט נאָכצוקוקען און גענוי זעהן ווער זיין קרבן איז געווען וואָס ער האָט דער־שטאָכען. ווען ער האָט געזעהען, אז דאָס איז פּאָלאָניוס, דער טאַטע פון זיין געליעבטער, האָט ער ביטער געוויינט אויף דעם וואָס ער האָט געטהאָן.

דער מאָרד פון פּאלאניוס'ן האָט דעם קעניג געגעבען א געלעגענהייט ארויסצושיקען האמלעט'ן פון דעם לאנד. ער וואָלט איהם אודאי געלאָזט באלד הרג'ענען, ווייל ער האָט זיך געמערקט, אז ער איז איהם געפעהרליך, אָבער ער האָט מורא געהאט פאר'ן פאָלק וואָס האָט געליעבט האמלעט'ן. דיא קעניגין אליין, מיט אלע איהרע חסרונות, איז געווען שטארק צוגעבונדען צו איהר זוהן.

קלוידיוס האָט אָבער געהאט אן אנדערן פּלאן. ער האָט געלאָזט פערברייטען דיא נאכריכט, אז זיין איינציגער ציעל און שטרעבונג איז, צו בעשיטצען האמלעט'ן ער זאָל אנדערע קיין שלעכטס ניט טהון און אנדערע זאָלען איהם ניט בעריהרען. איבערהויפּט, האָט דער קעניג געזאָגט, זוכט ער צו ראטעווען האמלעט'ן פון דיעזע וואָס ווילען זיך נוקם זיין אָן איהם פאר פּאלאניוס'עס טויט.

אין דערזעלבער צייט האָט ער בעשטעלט א שיף וואָס זאָל פיהרען האמלעט'ן קיין ענגלאנד צום ענגלישען קעניג. האמלעט האָט געזאָלט בעגלייטעט ווערען פון צוויי הויפּלייט און דיעזע האָבען געפיהרט בריעף קיין ענגלאנד ערזוכענדיג דעם דאָרטיגען קעניג זאָפאָרט צו טויטען האמלעט'ן וויא ער וועט אהין אָנקומען, און אזוי וויא ענגלאנד איז געווען אונטערוואָרפען צו דענעמארק, וואָלט דער בעפעהל ווירקליך דורכגעפיהרט געוואָרען.

וויא מיר האָבען פריהער בעמערקט, איז האמלעט ניט געווען משוגע. פערקעהרט. ער איז געווען זעהר שארפזיניג און שטארק פאָרזיכטיג. ער האָט באלד פערדעכטיגט זיין אָנקעל, אז ער דענקט עפּעס א שלעכטע זאך. ער האָט דערפאר, ביי נאכט, אויף א געהיימען אופן, געקריגען דיא בריעף, זיי געעפענט און איבערגעלייענט זיין אייגענעם טויטעס אורטהייל. ער האָט דאן קונסטפאָל אויסגעקראצט זיין נאָמען און אריינגעשטעלט דיא נעמען פון דיא צוויי הויפּלייט, זיינע בעגלייטער, וועלכע האָבען איהם בעדארפט טויטען מיט דעם ענגלישען קעניג'ס איינשטימונג. דאן האָט ער וויעדער פערזיעגעלט דיא בריעף און זיי אוועקגעלעגט וואו ער האָט זיי גענומען.

ווען דיא שיף איז שוין געווען אויפ'ן ים, האָבען פּיראטען, (ים-רויבער), אָנגעגריפען דיא שיף. האמלעט, וועלענדיג צייגען זיין העלדענמוטה, האָט ער געכאפּט א שווערט און איז אריינגעשפּרונגען אין שונא'ס שיף. זיין שיף האָט דערווייל געפונען א געלעגענהייט צו ענטלויפען, און אזוי איז האמלעט געבליעבען צווישען דיא פּיראטען. דיא צוויי הויפּלייט האָבען אָבגעזעגעלט

קיין ענגלאנד און דארט האט מען זיי הינגעריכטעט לויט וויא עס איז געווען בעאויפטראגט אין דיא בריעף.

ווען דיא פיראטען האבען ערפאהרען, אז דעריעניגער וואס איז אריינגעפאלען אין זייערע הענד איז א פרינץ, האבען זיי זיך צו איהם געוויעזען אלס צערטליכע שונאים. אזוי גיך וויא זיי זיינען שוין געווען זיכער ווער ער איז, האבען זיי געוואלט ביי איהם נושא חן זיין, כדי, טאמער וועלען זיי עפעס אמאל דארפען, זאלען זיי עס ביי איהם פועל'ן. זיי האבען איהם דערפאר צוגעפיהרט צו דער נאהענטער האפען־שטאדט פון דענעמארק און איהם דארט אבגעלאזט.

האמלעט האט גלייך פון דארט געשריעבען צום קעניג און איהם בעקאנט געמאכט מיט אלעמען וואס עס האט פאסירט, און דאן האט ער אנגעצייגט, אז אויפ'ן צווייטען טאג וועט ער ערשיינען פאר זיין מאיעסטעט.

אבער ווען האמלעט איז אנגעקומען אהיים, האט איהם בעגעגענט א טרויעריגעס בילד.

עס איז נעמליך געווען דיא לויה פון דער יונגער און שעהנער אפעליא, זיין אמאליגע געליעבטע.

עס ווייזט זיך ארויס, אז אפעליא'ס פערשטאנד האט אנגעהויבען פערווירט צו ווערען זייט איהר פאטער פאלאניוס איז ערמארדעט געווארען דורך איהר געליעבטען. דאס ארעמע מיידעל האט אין אנפאנג זיך עס גאר ניט געקענט פארשטעלען, נאר ווען זיא האט עס בעגריפען, האט איהר געהירן איינפאך פערלוירען זיין קראפט ווייטער צו דיענען.

זיא האט פון דאן אן געזונגען ליעדער, מאנכע איבער ליעבע, אנדערע איבער טויט און פערצווייפלונג, און מאנכע מאל האט זיא גלאט אזוי געזונגען אליין ניט וויסענדיג איבער וואס.

עס איז געווען א טייכעל נעבען וועלכען'ס ברעג איז געשטאנען א גרויסע ווערבע, וועמעס צווייגען האבען געהאנגען איבער דעם וואסער. אט צו דיעזען טייכעל פלעגט זיא געהען יעדען טאג איינע אליין, זיך שפיעלענדיג מיט פערשיעדענע בלומען, פלעכטענדיג קראנצען און זיי אויפהייגענדיג אויף דיא צווייגען. קריכענדיג האט זיך א צווייג איבערגעבראכען און זיא איז אריינגעפאלען.

ניט האבענדיג איהר פערשטאנד און ניט וויסענדיג גענוי וואס מיט איהר האט פאסירט, האבען זיא דערווייל דיא קליידער געטראגען מיט'ן

שטראָם אין זיא האָט וויטער געזונגען. דאַן זיינען דיא קליידער נאַס גע־וואָרען און זינגענדיג איז זיא פערזונקען און דערטרונקען געוואָרען.

אַט דיעזע לויה האָט בעגעגענט האַמלעט'ן; און צו דער לויה איז נאָכגעגאַנגען אָפעליא'ס ברודער לאַערטעס, דער קעניג, דיא קעניגין און דער גאַנצער הויף. האַמלעט האָט אין אָנפאַנג ניט געוואוסט וואָס דאָס אַלעס בעדייטעט, דערפאַר איז ער געשטאַנען פון וויטען און קיינעם ניט געוואָלט שטערן.

דאַן האָט ער בעמערקט וויא בלומען זיינען אויסגעשפּרייט געוואָרען נעבען קבר, און זיין מוטער, אויך אויסשפּרייטענדיג בלומען, האָט זיא געזאָגט:

„איך האָב געמיינט, אַז איך וועל דאַרפען בעדעקען דיין כלה־בעט, אָבער ניט דיין קבר. דאַן, זיסעס קינד, האָסטו געזאָלט זיין מיין האַמלעט'ס פרוי."

האַמלעט האָט שוין פערשטאַנען.

ער האָט נאָך מעהר פערשטאַנען, ווען ער האָט געזעהען אָפעליא'ס ברודער לאַערטעס אַריינשפּרינגענדיג אין קבר, און זייענדיג פול מיט פערצווייפלונג, האָט ער געבעטען מען זאָל אַרויפשיטען ערד אויך אויף איהם, כדי ער זאָל בעגראָבען ווערען גלייך מיט זיין שוועסטער.

האַמלעט'ס געוועזענע ליעבע פאַר דער שעהנער אָפעליא האָט פּלוצלונג צוריק געקעהרט און ער האָט ניט געקענט צוזעהען וויא איהר ברודער פערליערט זיך אַזוי פון שמערץ, ווייל ער האָט גערעכענט, אַז ער האָט געליעבט אָפעליא'ן מעהר וויא פערציג טויזענד ברידער.

ביי דיעזען צושטאַנד פון זיינע געדאַנקען איז ער ערשיענען, אַריינגע־שפּרונגען אין קבר וואו לאַערטעס איז געוועזען, און נאָך מעהר פערצוויי־פעלט וויא ער. לאַערטעס, וויסענדיג, אַז ער איז געוועזען דיא הויפּט אור־זאַכע פון זיין שוועסטער'ס טויט, האָט ער איהם אָנגעכאַפּט ביים האַלז. ער וואָלט איהם געוויס דערוואָרגען ווען דיא אַנוועזענדע וואָלטען זיך ניט אַריינגעמישט און זיי צושיידט.

נאָך דער קבורה, האָט האַמלעט זיך ענטשולדיגט פאַר זיין איבער־איילטען שריט וואָס ער איז אַריינגעשפּרונגען אין קבר, „אָבער," האָט ער בעמערקט, „איך האָב מיך ניט געקענט קאָנטראָלירען פאַר שמערץ."

לאַערטעס האָט אָנגענומען דיעזע ענטשולדיגונג און דיא צוויי יונגע לייט זיינען פאָרלויפיג פערבליעבען פריינד.

דער קעניג וויעדער האָט דאָ געזעהען אַן אַנדערע געלעגענהייט. ער האָט געוואוסט, אַז אַזוי גיך קען זיך ניט פערגעסען דער טוידט פון אַ פאָטער און אַ שוועסטער; ער האָט אַלזאָ אַנגעווענדעט אַלעם מעגליכע אויפצובלאָזען דאָס פייער פון האס אין לאערטעס׳ן אום דורכצופיהרען זיין פּלאַן און אַבראַמען פון דער וועלט האמלעט׳ן.

נאָך דעם וויא עס איז איהם געלונגען נאָך אַ מאָל אויפצורעגען לאערטעס׳ן, האָט ער איהם געראַטהען, אַז אונטער דעם מאַנטעל פון פריעדען, זאָלען זיי ביידע פּרובירען זייער קונסט אין פעכטען מיט שווערטען. לאערטעס האָט געמאַכט דעם אַנטראַג, האמלעט האָט איהם אַנגענומען און אַ טאָג איז בעשטימט געוואָרען פאַר דער פעכטעריי.

צו דיעזער פאַרשטעלונג איז געוועזן בעשטימט, אַז דער גאַנצער הויף זאָל זיין אַנוועזענד. לאערטעס וויעדער, אויף דעם קעניג׳ס אַנטראַג און ראַטה, האָט פאַרבערייטעט אַ פערגיפטעטעס שווערט.

אויף דיעזער פעכטעריי האָבען פיעלע געמאַכט גרויסע וועטעס, ווייל דיא צוויי יונגע לייט זיינען געוועזן בעקאַנט אַלס דיא גרעסטע קינסטלער אין פעכטען.

דער קאַמפף האָט אַנגעפאַנגען און האמלעט, וויא דער שטייגער איז, האָט ניט פריהער בעטראַכט זיין געגנער׳ס שווערט. וויא דער מנהג איז, האָבען אַזעלכע פעכטער בעדאַרפט קעמפפען מיט שטומפּיגע שווערטען אָהן שפּיטצען. האמלעט, זייענדיג אַליין אַן עדעלער מענש, איז איהם גאָר ניט איינגעפאַלען צו פערדעכטיגען לאערטעס׳ן, מיט וועמען ער איז שוין געוועזן וויעדער פריינדליך.

ביים אָנפאַנג קאַמפף, האָט לאערטעס, וויא אומזיסטען, געלאָזט, אַז האמלעט זאָל קריגען איבער איהם עטליכע זיעגען. יעדער האָט אַפּלאָדירט האמלעט׳ן, איבערהויפּט דער קעניג איז געוועזן מלא שמחה איבער זיין קונסט און געטרונקען צו האמלעט׳ס טריאומף. ער האָט אויך געמאַכט גרויסע וועטעס אויף האמלעט׳ן. אָבער אַזוי וויא לאערטעס האָט זיך אָנגעהויבען צו דערוואַרעמען, האָט ער, פול צאָרן, געגעבען האמלעט׳ן אַ שטויס מיט זיין שווערט און איהם געטראָפען מיט׳ן שפּיטץ, וועלכער איז געוועזן פערגיפטעט און בעדייטעט טויט.

האמלעט האָט פון קיין זאַך ניט געוואוסט וואָס דיעזער שטויס בעדייטעט.

דאַן האָט מען אויסגערופען אַ רעצעז, אָדער פויזע. ווען דער קאַמפף

האט ווידער אנגעפאנגען, האט האמלעט, על־פּי טעות, גענומען לאער־טעס'עס שווערט, און ניט וויסענדיג, אז דיזעס שווערט האט א שפּיץ, האט ער גיגעבען א שטויס און שיער דורכגעבויערט לאערטעס'ן.

אין דיזען אויגענבליק האט דיא קעניגין ארויסגעלאזט א יאמערליכען געשריי, אז זיא איז פערגיפטעט.

דיא זאך דערפון איז אזוי געווען: דער קעניג, אום צו זיין זיכער, אז ער ווערט לויז פון האמלעט'ן, האט ער פארבערייטעט א בעכער מיט פער־גיפטעטען וויין, דאס הייסט, אין פאל עס זאל לאערטעס'ן ניט געלינגען דורכצופיהרען זיין פּלאן, דאן זאל ער דעם טריאומפירענדען האמלעט מכבד זיין מיט א פּארציע סם־המות. ער האט פערגעסען אנצוזאגען דער קעניגין זיא זאל ניט טרינקען פון דעם בעכער, און זיא האט געטרונקען. זיא האט נאר געגעבען איין געשריי, און איז דאן אומגעפאלען טויט.

האמלעט האט באלד פערשטאנען, אז דא איז עפּעס א פעררעטה. ער האט אנגעפאנגען צו זוכען און פארשען, אבער לאערטעס האט איהם אבגע־שטעלט און געזאגט ער זאל ווייטער ניט זוכען, ווייל ער איז דער פער־רעטהער.

אין דערזעלבער צייט האט לאערטעס געשפּירט, אז האמלעט'ס שטויס, וועט איהם, לאערטעס'ן, ניט געבען פיעל צו לעבען. ער האט דערפאר אויך אלעמען מודה געווען און צוגעגעבען, אז ער אליין איז געפאלען אלס אפּפער פון זיין אייגענע פעררעטה.

„אבער, האמלעט," האט ער ווייטער געזאגט, „אויך דו האסט העכס־טענס צו לעבען נאך א האלבע שטונדע, ווייל קיין מעדיצין אין דער וועלט וועט דיר מעהר ניט העלפען."

דאן האט ער געבעטען האמלעט'ן ער זאל איהם מוחל זיין, און ער איז געשטארבען.

אבער מיט זיין לעצטען אטהעם האט ער בעשולדיגט דעם קעניג, אז ער איז געווען דער פּלאן־מאכער פון דעם פעררעטהערישען מארד.

ווען האמלעט האט פערשטאנען, אז זיין ענדע דערנעהענטערט זיך, דאט ער זיך דערמאהנט אן דעם פערגיפטעטען שווערט. כאפּענדיג דעם אינ־סטרומענט, איז ער צוגעלאפען צו זיין אנקעל און איהם דורכגעשטאכען זיין הארץ, ערפילענדיג דאס פערשפּרעכען וואס ער האט געמאכט זיין פאטער'ס גייסט. ער האט זיך אלזא נוקם געווען פאר זיין פאטער'ס טויט.

האמלעט האט געשפּירט, אז זיין אטהעם לאזט זיך אויס און דער

טויט קומט אַלץ נעהענטער. ער האָט זיך געווענדעט צו זיין פריינד האָראַ־ציאָ, וועלכער האָט בייגעוואָהנט דיא גאַנצע טראַגעדיע.

האראציאָ, וויא עס שיינט, האָט בעשלאָסען צו שטאַרבען, צוזאַמען מיט האמלעט'ן, ווייל ער האָט געמאַכט אַ צייכען, אַז ער וויל איהם נאָכ־פאָלגען אין קבר. האמלעט וויעדער, מיט זיין לעצטען אָטהעם, האָט איהם געבעטען ער זאָל לעבען, כדי ער זאָל דערצעהלען דער וועלט דיא גאַנצע שוידערהאַפטע געשיכטע.

האָראַציאָ האָט איהם פערשפּראָכען אַזוי צו טהאָן.

ווען האמלעט האָט געזעהען זיין ראַכע דורכגעפיהרט, האָט זיין עדע־לעס האַרץ געפּלאַצט און ער איז געפאַלען טויט.

אָט אַזוי האָט זיך געענדיגט דיא טראַגעדיע אין הויף פון דעם קעניג פון דענעמאַרק, און האראַציאָ איז צוריק געבליבען צו דערצעהלען דער וועלט, וואָס ער האָט בייגעוואָהנט.



# דיא צעהמונג פון דער ארורה *).

באפטיסטא איז געווען א רייכער קויפמאן פון פאדוא. זיין עלטעסטע טאכטער, קאטהערינא, איז געווען א בעריהמטע ארורה. זיא איז געווען א פרויענצימער פון אזא העפטיגען כאראקטער, זיא האט געהאט אזא מענה לשון און געקענט אזוי זידלען, אז גאנץ פאדוא האט מיט איהר גע'שם'ט, און יעדער האט זיא גערופען דיא ארורה.

קיינער האט זיך דערפאר ניט געוואלט גלויבען, אז עס וועט זיך געפינען עפעס אן אנשטענדיגער מענש חתונה צו האבען מיט אזא שטיק סחורה. דער ארעמער באפטיסטא, איז אבער אויך דערפאר געווען געצוואונגען צו ענטזאגען פיעלע פראמינענטע יונגע לייט, וואס האבען געוואלט חתונה האבען מיט זיין אינגערע טאכטער, דיא שטילע און רוהיגע ביאנקא.

---

*) מיר האבען זיך בעמיהט איבערצוגעבען א קאררעקטע אדער ווערטליכע איבערזעטצונג פון יעדען טיטעל וויא אין אריגינאל, ביי דיעזען טיטעל זיינען מיר ניט שטארק זיכער געווען מיט דער איבערזעטצונג. דער אריגינאל הייסט „דהי טעימינג אוו דהי שריו", אין דייטשען הייסט עס, „דיא צעהמונג דער ווידערשפענסטיגען," אבער אין אידיש, וויא עס שיינט, איז ניטא קיין איבערזעטצונג אויף „טעימינג" און אויך ניט אויף „שריו". „טעימינג" זאל אייגענטליך הייסען ווען מען מאכט פון א ווילדע זאך א רוהיגע, און „שריו" איז א מין סעריכע, אדער, בעסער געזאגט, ארורה. מיר האבען אלזא איבערזעצט „די צעהמונג פון דער ארורה"; מיר דענקען, אז דאס דריקט אויס דעם געדאנק, איבריגענס, ווי זאגט שעקספיער אליין: „וואס ליעגט אין א נאמען!" דער נאמען איז גאר ניט, דאס ווערק איז דיא הויפט־זאך.
דער בעארבייטער.

דאַן האָט פּאַסירט, וואָס אַ יונגער מאַן איז געקומען קיין פּאַדוא, שפּעציעל צום צוועק אום אויפצוזוכען אַ פרוי. דער נאָמען פון דיעזען יונגען מאַן איז געוועז פּעטרוקיאָ. ער האָט געהערט פון קאַטהערינאַ׳ס ווילדען צאָרן, אָבער, אַז זיא איז אויך זעהר שעהן און רייך.

פּעטרוקיאָ איז געוועז, וויא מען זאָגט, אַ חברה־מאַן. אונגעפעהר אַזא מאַן, דאָס ווען ער דערזעהט אַ ווילד פערד, וויל ער גראַדע דאָרויף רייטען און דאָס בעזיעגען. ער האָט אויך געקריגען אַ גרויסען חשק חתונה צו האָבען מיט קאַטהערינאַ׳ן און זיא בעזיעגען, דאָס הייסט, פערוואַנדלען אין אַ רוהיגער און געלאַסענער פרוי.

עס איז אפילו געוועזען אַ געוואַגטער וואונש, אָבער מענער מיט שטאַרקע כאַראַקטערע, האָבען פּונקט ליעב וואָס עס איז שווער.

אין אמת׳ן, איז קיינער אויך ניט געוועזען אַזוי פּאַסענד פאַר אַזא אונ־טערנעהמונג וויא פּעטרוקיאָ. ער איז ניט נאָר געוועזען אַ העלדישער יונג, זאָנדערן אויך אַ גרויסער וויטצלינג און זיך ניט אָבגעשראָקען פאַר אַ שטאָך־וואָרט. דערצו איז ער אויך געוועזען קלוג, איבערלעגט און ענטשלאָסען.

דיעזער פּעטרוקיאָ איז אַלזאָ אַוועק צו קאַטהערינאַ׳ן אום זיך צו איהר צו ערקלערען אין ליעבע. פאַר אַלעמען, נאַטירליך, האָט ער זיך געווענדעט צו איהר פאָטער באַפּטיסטאַ, פערלאַנגענדיג פון איהם דיא ערלויבניס, ער זאָל זיך שדכ׳ענען צו זיין „צערטליכער טאָכטער,“ קאַטהערינאַ, און דאַן האָט ער בעמערקט:

„איך האָב געהערט, אַז זיא איז אַ שעהמעדיגע, אַז זיא איז אַ מילדע, אַז זיא קען ניט רעדען אַ הויך וואָרט, און דערפאַר בין איך אַהער געקומען פון ווראָנאַ אום צו פּרובירען זיא צו געווינען אַלס מיין פרוי.“

כאָטש באַפּטיסטאַ האָט זעהר געוואָלט, אַז קאַטהערינאַ זאָל חתונה האָבען אַ! ער אַליין זאָל פון איהר פּטור ווערען, פון דעסטוועגען האָט ער ניט געוואָלט קיינעם פערפיהרען און ערקלערט פּעטרוקיאָ׳ן, אַז דאָס אַלעס וואָס ער האָט איבער איהר געהערט, איז ניט אמת. און אַז דאָס אַלעס איז אַ פאַקט, האָט זיך ארויסגעוויזען דערפון, וואָס פּונקט דאַמאָלס איז אַריינגעלאָפען קאַטהערינאַ׳ס מוזיק־לעהרער דערצעהלענדיג, אַז דיא „צערטליכע טאָכטער“ האָט צובראָכען דיא האַרפע איבער זיין קאָפּ, בלויז דערפאַר, וויל ער האָט אויסגעזעצט אַ פעהלער אין איהר שפּיעלען.

ווען פּעטרוקיאָ האָט דאָס געהערט, האָט ער אויסגערופען:

„אַך, זיא איז אַ בראַוועס מיידעל! זיא געפעלט מיר מעהר וויא אַלעס

אין דער וועלט, און איך בין שטארק אונגעדולדיג צו האָבען מיט איהר אַן אונטעררעדונג."

דאַן זיך ווענדענדיג צו באפטיסטא'ן, האָט ער געזאָגט:

„איך האָב זעהר ווייניג צייט סיניאָר באפטיסטא, איך קען ניט קומען יעדען טאָג מיך שדכ'ענען. איהר האָט געקענט מיין פאָטער, ער איז טויט, און מיך צוריקגעלאָזט אַלס יורש פון אַלע זיינע גיטער. זאָגט מיר אַלזאָ, ווען איך זאָל געווינען אייער טאָכטער'ס ליעבע, וואָס פאר א נדן וועט איהר מיר געבען?"

באפטיסטא האָט אפילו גערעכענט, אז פאר א יונגען מאַן וואָס וויל חתונה האָבען איז עס ניט קיין גאַנץ פאַסענדע בענעהמונג, אָבער דער אמת איז, אז ער האָט געוואָלט פטור ווערען פון קאַטערינא'ן און ער האָט גע־ענטפערט, אז ער איז בערייט צו געבען זיין טאָכטער צוואַנציג טויזענד קרוינען נדן און נאָך זיין טויט, א העלפט פון זיינע גיטער.

פעטרוקיאָ האָט קיין סך שהיות ניט געמאַכט און בעשטאַנען אויף'ן שידוך. באפטיסטא איז דאַן אוועק זאָגען זיין טאָכטער וואָס עס האָט פאַ־סירט און זיא אויך געשיקט צו פעטרוקיאָ'ן צו הערען זיין ליעבעס ער־קלערונג.

דערווייל האָט פעטרוקיאָ אויסגעארבייט א פּלאַן וויא צו האַנדלען מיט דער ארורה. ער האָט צו זיך אַליין אַזוי געזאָגט:

„איך וועל זעהען איהר ערקלערען ליעבע וויא עס דאַרף צו זיין. טאָמער עפענט זיא איהר פּיסק און איז מיך מכבד מיט א פּאַרציע רייד וואָס קענען אויפוועקען א טויטען, וועל איך איהר זאָגען, אז זיא זינגט אַזוי שעהן וויא א נאַכטיגאַל; ווען זיא וועט מיך אָנקוקען בייז, וועל איך איהר זאָגען, אז זיא זעהט אויס וויא שעהנע רויזען נאָר וואָס אָבגעוואַשען פון טהוי. ווען זיא וועט גאָר שווייגען, וועל איך לויבען און ריהמען איהר פּרעכטיגע שפּראַך; ווען זיא וועט מיר הייסען געהן, וועל איך איהר דאַנקען, דערפאַר וואָס זיא לאַדעט מיך איין צו בלייבען."

ביי דיעזע ווערטער איז קאַטהערינא ערשיענען.

פעטרוקיאָ האָט צו איהר באַלד געזאָגט:

„גוט מאָרגען קייטי, ווייל איך האָב געהערט, אז דאָס איז דיין נאָמען."

קייטי איז דיא אָבקירצונג פון קאַטערינא און, וויא געוועהנליך, ערלוי־בען זיך נאָר היימישע מענשען אַזוי צו רופען א מיידיל. עס איז איהר

באלד ניט געפעלען געוואָרען אזא לשון, און פול מיט פעראכטונג האָט זיא געזאָגט:

„דיעזע וואָס רעדען צו מיר, רופען מיך קאטערינא."

„זאָגסט א ליגען," האָט פעטרוקיאָ געענטפערט, „דיין נאָמען איז קייטי, דיא ליעבליבע קייטי, און א מאָל קייטי דיא ארורה. אָבער קייטי, דו ביסט דיא שעהנסטע קייטי אין דער וועלט, און דערפאר, קייטי, נאָכדעם וויא איך האָב געהערט רעדען איבער דיין גוטסקייט אין יעדער שטאָדט, בין איך דיר געקומען אָנבאָטען מיין ליעבע און דיך נעהמען פאר מיין פרוי."

עס איז געוועזען א מערקווירדיגע ערשטע בעקאנטשאפט. זיא האָט גע־שריען און געליארעמט, איהם איבערצייגענדיג, אז זיא האָט עהרליך פער־דיענט דעם נאָמען ארורה, וועהרענד ער האָט געלויבט און געריהמט איהר מילדעס געמיטה און עדעלע ווערטער, ביז, ענדליך, ווען ער האָט געהערט, אז איהר פאטער קומט, האָט ער געזאָגט:

„זיסע קאטערינא, לאָמיר אָבלאָזען דיא פוסטע רייד, ווייל דיין פאָ־טער האָט שוין איינגעשטימט דו זאָלסט זיין מיין פרוי, איבער דעם נד־האָבען מיר זיך שוין אויך אויסגעגלייכט, און אויב דו ווילסט אָדער ניט, וועלען מיר שוין סאי־וויא־סאי חתונה האָבען."

ווען באפטיסטא איז אריין, האָט איהם פעטרוקיא דערצעהלט, אז זיין טאָכטער האָט איהם זעהר פריינדליך אויפגענומען און איהם פער־שפראָכען חתונה צו האָבען נעכסטען זונטאג.

קאטערינא האָט דאָס אָבגעלייקענט, און קריצענדיג מיט דיא צייהן האָט זיא געזאָגט:

„בעסער וועל איך איהם זעהען אויפגעהאנגען נעכסטען זונטאג!"

דאן האָט זיא געמאכט איהר פאטער ביטערע פאָרווירפע ווארום ער וויל זיא זאָל הייראטהען אזא „משוגענעם לימפ" וויא פעטרוקיאָ. אָבער פעטרוקיאָ האָט געבעטען באפטיסטא'ן ער זאָל זיך ניט קימערן איבער איהר בעס, ווייל ער האָט מיט איהר פריהער שוין אָבגערעדט, אז זיא זאָל זאָ־גען, דאָס זיא בעשטעהט ניט דארויף, וועהרענד, אין אמת'ן, ווען זיי זיינען אליין, איז זיא זעהר ליעבענסווירדיג.

„גיב מיר דיין האנד, קייטי," האָט ער געזאָגט, „איך וועל אוועק־פאָהרען קיין ווענעדיג און דיר קויפען א חתונה־קלייד". צו באפטיסטא'ן: „זעה נאָר, פאטער, און לאָד איין דיא חתונה געסט. איך וועל געוויס מיטברענגען רינגען, פיינע אויסשטאטונג און רייכע קליידער, כדי מיין

קאטערינא זאָל אויסזעהען שעהן. יעצט, קייטי, קוש מיך, ווייל נעכסטען זונטאג האָבען מיר חתונה.״

זונטאג זיינען שוין געווען אלע געסט פערזאמעלט, אָבער זיי האָבען לאנג געווארט ביז פעטרוקיאָ איז געקומען, און קאטערינא האָט געוויינט פאר שמערץ, מיינענדיג, אז פעטרוקיא האָט פון איהר נאָר חוזק גע־געמאכט.

ענדליך איז ער ערשיענען, אָבער ער האָט איהר גאָר ניט מיטגע־בראכט, ער איז אויך ניט געווען אָנגעטהאָן וויא א חתן, נאָר אין א גאַנץ וואָכעדיגען בגד, פונקט וויא ער וואָלט געוואָלט מאכען שפאַס פון דער גאַנצער געשיכטע. זיינע דיענער און זיין פערד אויף וועל־כען ער איז געקומען, זיינען אלע געווען מאָדנע פערשטעלט, אלעס מעשי חוזק.

קיינער האָט ניט געקענט בעוועגען פעטרוקיא׳ן איבערצובייטען זיינע קליידער. ער האָט בעהויפטעט, אז ער געהט חתונה האָבען מיט קאטע־רינא׳ן ניט מיט קיין קליידער. זעהענדיג, אז דיא גאַנצע טענות זיינען אומזיסט, איז מען אוועק אין קירכע. ער האָט זיך אלץ אויפגעפיהרט וויא א פעררי֑קטער, ווייל דער גלח האָט געפרעגט וויא דער מנהג איז, אויב דיא כלה וויל ווערען זיין פרוי האָט פעטרוקיא, מיט א פלוך אויס־געשריען :

„וואָס איז דאָס פאר א פראַגע ! זיא מוז, זיא דארף ווערען מיין פרוי !״

אלע אנוועזענדע האָבען זיך דערשראָקען. ביים גלח איז ארויסגעפאלען דאָס בוך פון דער האנד, און ווען ער האָט זיך אָנגעבויגען דאָס אויפ־הייבען, האָט איהם פעטרוקיא געגעבען אזא פאטש, אז דער גלח אליין איז אויך אומגעפאלען.

פעטרוקיא האָט דיא גאַנצע צייט געשאָלטען, געפלוכט, געשריען און געקלאפט מיט דיא פיס. דיא העלדישע קאטערינא האָט פערלוירען איהר גאַנצען מוטה און געציטערט פאר שרעק.

וויא דיא צערעמאָניע איז געווען פאראיבער און זיי זיינען נאָך גע־ווען אין קירכע, האָט פעטרוקיא אויסגעשריען, אז ער וויל וויין. דאן האָט ער געטרונקען צו דער געזונדהייט פון אלע אנוועזענדע, און א טהייל פון דעם וויין האָט ער ארייגעגאָסען אין גלח׳ס געזיכט.

ווילד און אומגעלומפערט איז דאָס אלעס צוגעגאנגען, אָבער פעטרו־

קיא האט געהאט זיין פלאן צו צעהמען דיא ארורה און ער האט דעם פלאן נאכגעפאלגט.

באפטיסטא האט פריהער פארבערייטעט א פרעכטיגע סעודה, אבער ווען זיי זיינען געקומען פון דער קירכע, האט פעטרוקיא אנגענומען קא־טערינא׳ן ביי דער האנד און ערקלערט, אז ער וויל זיא זאפארט אהיים פיה־רען צו זיך. קיין געבעט פון זיין שווער האט געהאלפען, קיין אויפרעגונג פון זיין כלה האט אויף איהם געווירקט.

„זיא איז מיין פרוי," האט ער געזאגט, „און איך, איהר מאן, האב א רעכט צו טהון וואס איך וויל!"

אזוי האט ער גענומען קאטערינא כמעט מיט געוואלט, און זיא אוועק־געפיהרט.

פעטרוקיא האט ספעציעל אויסגעזוכט אן אלטע, מאגערע און מיאוס׳ע שקאפע און דארויף אויפגעזעצט זיין ווייב; ער און זיין דיענער האבען זיך אויפגעזעצט אויף גוטע פערד. זיי זיינען געפאהרען איבער א בארג־און־טהאל און בלאטיגען וועג. ווען דיא אלטע שקאפע אונטער קאטע־רינא׳ן איז געפאלען, אדער ניט געקענט שנעל נאכקומען, האט פעטרוקיא געשאלטען דיא ארעמע בהמה, וועלכע האט קוים געקענט אויף זיך טראגען דיא שווערע משא.

ענדליך נאך א שווערער רייזע, וואו קאטערינא האט ניט געהערט קיין אנדערע זאך פון איהר מאן וויא געשרייען מיט געוואלטען, זיינען זיי אנ־געקומען אין פעטרוקיא׳ס וואהנונג.

פעטרוקיא האט אפילו גאנץ עדעל געוואונשען קאטערינא׳ן ווילקאמען אין איהר נייער היים, אבער ער האט בעשלאסען, אז זיא זאל זיך ניט אויסרוהען און ניט עסען דיעזע נאכט. דיא טישען זיינען געווען געדעקט און עסען איז באלד אויפגעגעבען געווארען, אבער פעטרוקיא האט זיך געמאכט, אז ער געפינט חסרונות אין עסען און אלעס ארונטערגעווארפען אויף דער ערד און געהייסען דיא דיענער עס באלד ארויסטראגען. בשעת ער האט דאס געטהאן, האט ער געזאגט קאטערינא׳ן, אז ער טהוט עס אוים ליעבע צו איהר, ווייל ער וויל ניט זיא זאל עסען פלייש וואס איז ניט גוט צובערייטעט.

דער הונגער און דיא שרעקליכע מיעדיגקייט, האבען פון איהר פער־לאנגט זיא זאל זיך ווענינגסטענס אויסרוהען, און דערפאר, ווען זיא האט געוואלט זיך לעגען שלאפען, האט ער געפונען חסרונות אין בעט. ער האט

אָנגעהויבען צו ווארפען דיא קישען איבער דעם צימער, און דאָ איז זיא געצוואונגען געווען זיך אַניעדער צו זעטצען אויף א שטוהל וואו זיא איז אַנטשלאָפען געוואָרען. איהר מאַן'ס שטימע האָט זיא אָבער באַלד אויפגעוועקט, שרייענדיג און שטורמענדיג אויף זיינע דיענער ווארום זיי האָבען אַזוי שלעכט אויסגעבעט פאר זיין כלה.

אויף'ן צווייטען טאָג האָט פעטרוקיאָ געטהאָן דאָס זעלבע. ער האָט נאָך אימער געדעדט מיט קאטערינא'ן גוט און עדעל, אָבער אַזוי שנעל וויא זיא האָט געוואָלט עסען, האָט ער באַלד געפונען א חסרון אין פריהשטיק און אַלעס ארונטערגעוואָרפען אויף דער ערד. דיא שטאָלצע קאַטערינא, דיא ארורה, האָט געבעטען ביי דיא דיענער כאָטש א שטיקעל ברויט, אָבער אַזוי וויא פעטרוקיא האָט זיי אָנגעזאָגט אין געהיים זיי זאָלען איהר גאָר ניט געבען, האָבען זיי געענטפערט, אז אָהן זייער הערר'ס איינשטימונג וואגען זיי ניט צו טהון אַזאַ זאַך.

„אַך," האָט זיא געמורמעלט פול שמערץ, „האָט ער מיט מיר חתונה געהאט אום מיך צו לאָזען שטארבען פאר הונגער? בעטלערס וואָס זיינען געקומען צו מיין פאטער'ס הויז האָבען געקריעגען צו עסען. איך, וואס האָב קיין מאָל ניט געוואוסט וואָס דאָס הייסט עפעס בעטען, געה איינפאך אוים פאר א שטיקעל ברויט; איך פאַל אום פון שלאָף, און ווען איך כאָפ שוין אַ דרעמעל, וועקט ער מיך אויף מיט זיינע ווילדע קולות. און וואָס מיך ערגערט איבערהויפט איז, וואָס ער טהוט דאָס אַלעס אונטער דעם אויסרייד, אז ער האָט מיך ליעב, בעהויפטענדיג, אז עסען אָדער שלאָפען, וואָלט מיך געטויטעט".

דיעזע געדאַנקען זיינען אונטערבראָכען געוואָרען דורך פעטרוקיא'ס ערשיינען. ניט וועלענדיג זיא זאָל ווירקליך אויסגעהען פון הונגער, האָט ער איהר געבראכט א שטיקעל פלייש און געזאָגט:

„וואָס טהוט עפעס מיין זיסע קייטי? אָט זעה, געליעבטע, וויא פלייסיג איך בין. איך אַליין האָב פאר דיר צוגעגרייט אַ שטיקעל פלייש. איך בין זיכער, אז מיין גוטסקייט פערדיענט א דאַנק. וואָס, קיין וואָרט? אַך, דאן, וויא איך זעה, געפעלט דיר ניט דאָס פלייש און מיין גאַנצע ארבייט איז געווען אומזיסט."

ער האָט גלייך אַריינגערופען דיא דיענער און געהייסען אַרויסטראָגען דאָס עסען.

יער שרעקליכער הונגער וואָס האָט שטארק ווייך געמאכט קאטערינא'ן,

האָט זיא געצוואונגגען, אָבוואָהל זעהר אויפגערעגט צו זאָגען:

„איך בעט דיך, זאָל עס שטעהען.“

אָבער פּעטרוקיא איז דערמיט ניט געווען צופריעדען און בעמערקט:

„דיא ערגסטע אַרבייט ווערט בעצאהלט מיט אַ דאנק, און דאָס זאָלסטו טהון איידער דוא עסט.“

קאַטערינאַ האָט צעגערענד אַרויסגעשטאַמעלט:

„איך דאנק דיר.“

פּעטרוקיא האָט איהר דאַן ערלויבט צו עסען דאָס שטיקעל פלייש וואָס איז געווען צו ווענינ אפילו פאר אַ האַלב זאַטען מענשען.

„זאָל עס וואויל טהון דיין גוטעס הארץ,“ האָט ער געזאָגט, „עסס, עסס, מיין גוטע קייטי; עסס וויפיעל דיין הארץ גלוסט. יעצט מיין האָניג־זיסע קייטי, וועלען מיר צוריק קעהרען צו דיין פאטער און זיך דאָרט אַ ביסעל אַמוזירען, זיך אַנטהוענדיג אין זייד און גאָלדענע רינ־גען“ . . .

און אום זיא צו מאַכען גלויבען, אַז ער וויל זיא ווירקליך אַנטהון וויא ער האָט געזאָגט, האָט ער געלאָזט רופען אַ שניידער און אַ פּוטצמאַכער, וועלכע האָבען פאר איהר געבראַכט מאַנכע קליידער וואָס ער האָט בע־שטעלט. דערווייל, נאָך איידער זיא איז פערטיג געוואָרען מיט׳ן שטי־קעל פלייש, האָט ער אַרויסגעכאַפּט דעם טעלער און אוועק געגעבען אַ דיענער.

דער פּוטצמאַכער האָט איהם איבערגעבראַכט אַ הוט מיט דיא ווערטער:

„דאָ האָט איהר דעם הוט וואָס איהר האָט בעשטעלט.“

פּעטרוקיא האָט אויסגעבראָכען אין אַ ווילדען צאָרן, זידלענדיג דעם פּוצמאַכער און שרייענדיג: אז דער הוט טויג אויף כפרות.

„ניין, ניין,“ האָט קאַטערינאַ זיך אריינגעמישט, „דער הוט איז גוט, איך וועל איהם טראָגען. אַלע דאַמען טראָגען יעצט אַזעלכע היט.“

„ווען דוא וועסט זיין אַ דאַמע,“ האָט פּעטרוקיא געענטפערט, „דאַן וועסטו אויך האָבען אַזאַ הוט, אָבער ניט ביז דאַמאָלס.“

דאָס ביסעל וואָס קאַטערינאַ האָט געגעסען, האָט איהר אַביסעל מוטה צוגעגעבען, און זיא האָט געזאָגט:

„איך רעכען, אַז איך מעג אויך עפּעס זאָגען. הער מיך אויס, איך בין שוין ניט קיין קינד. בעסערע מענשען פון דיר האָבען מיך שוין אויס־געהערט, און אויב דוא קענסט ניט הערען, דאַן זאָלסטו דיר בעסער פער־שטאָפּען דיא אויערן.“

פעטרוקיא איז ניט געווען צופריעדען פון אזעלכע ווערטער, און בעשליעסענדיג זיך וועניגער אויסצוטענה׳ען מיט איהר, האָט ער געזאָגט:

„וואָס דוא זאָגסט איז אמת; דער הוט טויג טאַקי אויף כפּרות, און איך ליעב דיך דערפאר ווארום דוא ווילסט איהם ניט."

„ליעב מיך יא אָדער ניט," האָט זיא געענטפערט, „און איך וויל האָבען דיעזען הוט אָדער קיין אנדערן."

„אָך," האָט ער געזאָגט, „איך פערשטעה, דוא ווילסט בעטראַכטען דעם מאַנטעל".

דער שניידער איז צוגעקומען און איהר געוויעזען דעם מאַנטעל וואָס ער האָט געמאַכט.

פעטרוקיא, וועלכער האָט בעאבזיכטיגט, אַז זיא זאָל ניט האָבען ניט קיין הוט און ניט קיין מאַנטעל, איז צוגעגאַנגען, בעריהרט דאָס מלבוש, און אויסגעשריען:

„זעה נאָר זעה! וואָס איז דאָס, אַן ארבעל? ער זעהט דאָך אויס וויא א קאַנאָן! פוי, אַ שאַנדע!"

„איהר האָט דאָך פערלאַנגט," האָט זיך דער שניידער פערענטפערט, „איך זאָל אַלעס מאַכען לויט היינטיגע מאָדע?"

קאַטערינא האָט דאַן געזאָגט, אַז זיא האָט נאָך ניט געזעהען קיין שעהנערן און בעסערן מאַנטעל.

דאָס איז שוין געווען גענוג פאַר פעטרוקיא׳ן. אין געהיים האָט ער געהייסען בעצאָהלען דעם שניידער און פוטצמאַכער, זיי איבערבעטען און אוועקשיקען, אָבער דערוויייל האָט ער זיי ביידע ארויסגעוואָרפען. זיך ווענדענדיג צו קאַטערינא׳ן, האָט ער געזאָגט:

„איצט, מיין קייטי, וועלען מיר פאָהרען צו דיין פאַטער אין דיא מלבושים וואָס מיר טראָגען. אַז ס׳איז ניטאָ קיין בעסערע, דאַרף מען זיך בעגעהען מיט וואָס מען האָט."

דאַן האָט ער געהייסען איינשפּאַנען דיא פערד און ערקלערט, אַז אַזוי וויא עס איז זיעבען אוהר פריה, זאָלען זיי אָנקומען צו באַפּטיסטא׳ן פונקט צו מיטאָג. נאָר אַזוי וויא עס איז שוין געווען נאָכמיטאָג, האָט קאַטערינא בעמערקט, אַז זיי קענען העכסטענס אָנקומען צו איהר פאַטער נאָך׳ן אבענד-ברויט.

אַזעלכע ווידערשפּרעכונגען האָט פעטרוקיא ניט געוואָלט. זיין וואונש

איז געווען, אז זיא זאָל זאָגען וויא ער און ניט זיין קיין זאך דאגעגען. ער האָט דאן ווידער אָנגעהויבען צו רווישען און שרייען, פונקט וויא ער וואָלט געווען בעל־הבית איבער דער זונן, אז ער זאָגט עס איז גאַנץ פריה, איז עס אזוי וויא ער זאָגט.

„הער נאָר אויס,“ האָט ער זיך געווענדעט צו איהר. „ווען וועט שוין א מאָל נעהמען א סוף צו דיינע ווידערשפּרעכונגען? וואָס איך טהו און זאָג, איז ביי דיר אַלץ פערקעהרט. היינט פאָהר איך שוין ניט, און ווען איך וועל פאָהרען, וועט עס זיין פונקט אזוי פיעל א זייגער וויא איך וועל וועלען.“

אזוי איז פאראיבער נאך א טאָג און קאטערינא האָט געלערענט געהאָרכ־זאמקייט, ביז עס איז געקומען אזוי וויית, אז זיא האָט מעהר קיין זאך ניט געזאָגט פערקעהרט וויא איהר מאן האָט בעהויפּטעט. דאן האָט פּעטרו־קיא איינגעשטימט צו פאָהרען צו איהר פאטער.

זייענדיג אויף׳ן וועג, האָט זיא געוואגט צו מאַכען עפּעס א קרומע מינע און עס האָט שוין באלד געהאַלטען דערביי זיי זאָלען זיך אומקעהרען צוריק אהיים.

דיא אורזאכע איז נעמליך געווען פאָלגענדע: עס איז געווען אין מיטען העלען טאָג, און ער האָט בעהויפּטעט, אז דיא לבנה שיינט פּרעכטיג שעהן. ווען זיא האָט געמאַכט דיא מינע, האָט ער אויס־געשריען:

„איך שווער ביי מיין מאמע׳ס זוהן, דאָס הייסט, ביי מיר אַליין, עס זאָלען זיין דיא לבנה, דיא שטערען אָדער וואָס איך וויל, און אזוי, זאָל עס פערבלייבען ביז מיר וועלען קומען צו דיין פאטער׳ס הויז!“

וועלענדיג צוריקפאָהרען, האָט קאטערינא וויא א געהאָרכזאמע פרוי, געזאָגט:

„איך ביט דיך, לאָמיר ווייטער פאָהרען, כל־זמן מיר זיינען שוין דאָ. זאָל עס זיין זונן, לבנה, אָדער וואָס דוא ווילסט, און ווען דיר געפעלט, זאָל עס זיין א ליכט אויף׳ן הימעל, איך שווער דיר אז ביי מיר איז עס גאַנץ עגאל“.

„איך זאָג עס איז דיא לבנה!“ האָט ער אויסגעשריען זיא ווייטער צו פּרובירען.

„איך ווייס עס איז דיא לבנה,“ האָט זיא געענטפערט.

„זאָגסט ליגען ! עס איז דיא שעהנע זונן !"

„דאן איז עס דיא שעהנע זונן !" האָט זיא געזאָגט שטארק אונ־טערגעגעבען. „נאָר עס איז ניט דיא זונן ווען דוא ווילסט ניט. וואָס דוא ווילסט, דאָס איז עס, און איך פערזיכער דיך, אַז אַזוי זאָל עס תמיד פערבלייבען פאר קאטערינא'ן."

ווען ער האָט דאָס געהערט, האָט ער געהייסען ווייטער פאָהרען.

אָבער אום זיא נאָך ווייטער צו פּרובירען אויב איהר גאַנצע האַרטנע־קיגקייט איז געבראָכען, האָט ער בעגעגענט אַן אַלטען מאַן און צו איהר אַזוי געזאָגט :

„גוט מאָרגען, מיין שעהן, יונג ווייבעלע."

דאן האָט ער זיך געווענדעט צו קאטערינא'ן און זיא געפרעגט אויב זיא האָט נאָך ווען עס איז געזעהען אַזא שעהנע דאַמע, יולענדיג דיא שעהנע רויטע בעקעלעך פון דעם אַלטען מאַן און פערגלייכענדיג זיינע צוויי אַלטע אויגען צו גלענצענדע שטערען. זיך ווידער ווענדענדיג צום אַלטען, האָט ער געזאָגט :

„מיין שעהן מיידעלע, איך ווינש דיר נאָך אַ מאָל גוט מאָרגען !"

קאטערינא'ן האָט ער אַזוי בעפוילען :

„געה צו צו דער שעהנער דאמע און אומארמע זיא."

אָרעמע קאטערינא, זיא איז שוין געווען אין גאַנצען בעזיעגט. זיך ווענדענדיג צום אַלטען, האָט זיא געזאָגט :

„יונגע, בליהענדע בתולה, דוא ביסט שעהן, פריש און זיס ; וואוהין געהסטו און וואו וואוינסטו ? גליקליך זיינען דיא עלטערן פון אַזא שעהן קינד !"

„וואָס איז מיט דיר, קייטי ?" האָט פּעטרוקיא פּלוצלונג געפרעגט. „איך וויל האָפען, אַז דוא ביסט ניט משוגע געוואָרען. דאָס איז אַ מאַן, אַן אַלטער, געקנייטשטער און פערוויאַנעטער, ניט קיין מיידעל וויא דוא זאָגסט."

„ענטשולדיגט מיר, אַלטער הערר," האָט קאטערינא געזאָגט, „דיא זונן האָט מיך אַזוי פערבלענדעט, אַז אַלעס זעהט ביי מיר אויס גרין. איך וויל האָפען, אַז דוא וועסט ענטשולדיגען מיין טעות."

„יא, יא, אַלטער הערר," האָט פּעטרוקיא זיך אריינגעמישט. „ענט־שולדיגט איהר און זאָג אונז אויך וואוהין דוא פאָהרסט. עס וועט אונז

זעהר פרייען צו זיין אין דיין געזעלשאפט אויב דוא פאהרסט אויף אונזער וועג.״

„שעהנער הערר און פרעהליכע דאמע,״ האט דער אלטער געענטפערט, „דיעזע בעגעגעניש מיט אייך האט מיך שטארק איבערראשט. מיין נאמען איז ווינצענטיא און איך פאהר בעזוכען מיין זוהן וואס וואהנט אין פאדוא.״

פעטרוקיא האט באלד דערקענט אין דעם אלטען לוצענטיא׳ס פאטער. לוצענטיא איז געוועזן א יונגער הערר, וועלכער האט בעדארפט חתונה האבען מיט ביאנקא׳ן, באפטיסטא׳ס צווייטע טאכטער.

דער אלטער ווינצענטיא האט אויסגעזעהען זעהר גליקליך און צו־פריעדען דערצעהלענדיג איבער דעם רייכען שידוך וואס זיין זוהן האט געטהאן.

אט אזוי האבען זיי זיך בעקאנט און צוזאמען געפאהרען ביז באפטיסטא׳ס הויז, וואו זיי האבען געטראפען א גרויסע געזעלשאפט פער־זאמעלט צו פייערן דיא חתונה פון ביאנקא׳ן מיט לוצענטיא׳ן. וויא עס שיינט, האט באפטיסטא באלד איינגעשטימט צו דיעזער הייראטה, אזוי שנעל וויא ער האט געזעהען, אז זיין עלטערע טאכטער, קאטערינא האט חתונה געהאט.

ווען פעטרוקיא מיט זיין פרוי זיינען אריינגעקומען, האט באפטיסטא זיי געוואונשען ווילקאמען און איז געוועזן זעהר צופריעדען זיי צו זעהען ביי ביאנקא׳ס חתונה. ביי דיעזער געלעגענהייט איז אויך געוועזן אן אנדער פערהייראטה פאאר פאלק.

לוצענטיא, ביאנקא׳ס מאן, און הארטענזיא, דער אנדערער יונ־גער בעל־הבית׳על, האבען צווישען זיך געלאכט און חוזק געמאכט איבער פעטרוקיא׳ס פרוי. דיעזע צוויי יונגע לייט האבען אויסגעזעהען זעהר גליק־ליך וויסענדיג, אז זייערע ווייבער זיינען אזעלכע גוטע נשמות, ווערהענד פעטרוקיא׳ס פרוי, איז א שלאנג, אן ארורה.

פעטרוקיא האט אפילו דאס אלעס בעמערקט, אבער עס האט אויס־געזעהען, אז ער מאכט זיך ניט וויסענדיג ביז מען האט אבגעגעסען מי־טאג. דאן האט ער אבער ערבליקט, אז זיין אייגענער שווער, באפטיס־טא, גיט צו, אז דיא אנדערע יונגע לייט האבען איינגעהאנדעלט א בעסערע מציאה וויא פעטרוקיא, ווייל קאטערינא איז א שטיק שלאק.

דאס האט בעהויפטעט איהר אייגענער פאטער, און פעטרוקיא, זיך

ווענדענדיג צו זיין שוועֶר, האָט ער איהם צוגעוואָרפען אַן אונצופריעדענעם בליק.

„ניין, ווירקליך, מיין זוהן,“ האָט באַפּטיסטאַ געזאָגט צו זיין על־טערן איידעם, „איז עס ניט אַ פאַקט, אַז דוא האָסט אַריינגעקריעגען דיא גרעסטע ארורה?“

„מיר דאכט, אַז ניין,“ האָט פּעטרוקיאָ געענטפערט, און ווייל מיר דאכט זיך אַזוי, וואָלט איך געוועזן אַ בעלן מיר זאָלען דאָס אויספּרו־בירען. זאָל יעדער פון אונז שיקען רופען זיין ווייב, און וועמעס פרוי עס וועט פריהער קומען, זאָל ער געווינען אַ וועטע פון דיא אי־בעריגע.“

דיא אנדערע צוויי יונגע מענער האָבען גלייך איינגעשטימט דערצו, ווייל זיי זיינען געווען זיכער, אַז זייערע גוטע און געהאָרכזאמע פרויען וועלען געוויס ערפילען זייער וואונש — געוויס גיכער וויא קאַטערינאַ.

אויף וואָס זאָל זיין דיא וועטע?

זיי האָבען פאַרגעשלאָגען צעהן קרוינען.

ווען פּעטרוקיאָ האָט דאָס געהערט, האָט ער געזאָגט מיט פעראַכטונג, אַז אַזאַ סומע פאַסט צו וועטען אויף זיין יאַגד־הונד, וועהרענד אויף זיין ווייב, וואָלט ער געוועט צוואַנציג מאָל אַזוי פיעל.

לוצענטיאָ און האָרטענזיאָ האָבען דאַן געהעכערט דיא וועטע אויף הונדערט קרוינען.

לוצענטיאָ איז געווען דער ערשטער צו שיקען רופען זיין ווייב. דער דיענער, וועמען ער האָט געשיקט, האָט צוריק געקעהרט און מיטגע־טהיילט:

„מיין הערין לאָזט אייך וויסען, אַז זיא איז יעצט צו פיעל בעשעפ־טיגט און קען ניט קומען.“

„וואָס? וואָס איז דאָס?“ האָט פּעטרוקיאָ געפרעגט, „זיא לאָזט וויסען, אַז זיא איז בעשעפטיגט און קען ניט קומען? איז דאָס אַן ענטפער פון אַ פרוי אויף דער אויפפאָדערונג פון איהר מאַן?“

זיי האָבען געלאַכט און בעהויפּטעט, אַז דאָס וואָלט נאָך ניט געווען שלעכט ווען קאַטערינאַ זאָל איהם ניט שיקען אַן ערגערן ענטפער.

דאַן איז עס געווען האָרטענזיאָ'ס רייהע צו שיקען רופען זיין ווייב. צום דיענער האָט ער אַזוי געזאָגט:

„געה בעט מיין פרוי זיא זאָל אַריינקומען.“

„הא, הא, הא ! בעטען זיא זאָל אריינקומען !" האָט פעטרוקיא גע־לאכט. „דאן רעכען איך, אז זיא דארף געווים קומען."

„איך האָב נאָר מורא," האָט הארטענזיאָ געענטפערט, „אז דיין ווייב וועט זיך אפילו בעטען אויך ניט לאָזען."

אָבער הארטענזיאָ איז שוין מעהר ניט געווען אזוי שטארק זיכער ווען זיין דיענער האָט צוריק געקעהרט אָהן זיין פרוי.

„וואָס איז דאָס ? וואו איז מיין פרוי ?" האָט ער געפרעגט א ביסעל אויפגערעגט.

„מיין הערר," האָט דער דיענער געענטפערט, „מיין הערין זאָגט, אז איהר האָט געווים דאָ עפעס א שפאָס און דערפאר וויל זיא ניט קומען. אויב איהר ווילט, האָט זיא געזאָגט, קענט איהר קומען צו איהר."

„נאָך ערגער וויא ערגער !" האָט פעטרוקיא אויסגעשריען טריומ־פיהרענד.

דאן, זיך ווענדענדיג צו זיין דיענער, האָט ער געזאָגט :

„הער אויס, געה צו דיין הערין און זאָג איהר, אז איך בעפעהל זיא זאָל באלד אריין קומען !"

דיא געזעלשאַפט האָט נאָך קיין צייט ניט געהאַט רעכט איבערצוקלערען וואָס עס האָט פאסירט, ווען באַפטיסטא, ערשטוינט, האָט אויסגערופען :

„זעהען מיינע אויגען ריכטיג ? יא, דאָס איז זיא ! קאטערינא געהט !"

וויא זיא איז אריינגעקומען, האָט זיא אונטערטהעניג געזאָגט צו פעטרוקיאָ׳ן :

„וואָס איז דיין וואונש, מיין הערר ? דוא האָסט נאָך מיר גע־שיקט."

„וואו איז דיין שוועסטער און הארטענזיא׳ס פרוי ?" האָט ער גע־פרעגט.

„זיי זיטצען ביים פייער און רעדען," האָט זיא געענטפערט.

„געה און ברענג זיי מיר אהער !"

קאטערינא איז באלד אוועק, אָהן אן ענטפער, אום צו ערפילען איהר מאן׳ס וואונש.

„אָט דאָס איז ווירקליך א וואונדער איבער אלע וואונדער !" האָט לוצענטיאָ אויסגערופען.

„ווירקליך א וואונדער,“ האט הארטענזיא געענטפערט, „איך בעגרייף בלויז ניט וואס דאס בעדייטעט.“

„עס בעדייטעט פריעדען, מיין פריינד,“ האט פעטרוקיא געענטפערט, „פריעדען און ליעבע און א רוהיגעס לעבען און דערצו דיא ריכטיגע פעסט־שטעלונג ווער עס דארף זיין בעל־הבית. קורץ, אלעס וואס דריקט אויס זיסקייט און ליעבע אין פערהייראטעטען לעבען.“

קאטערינא'ס פאטער איז געווען אזוי דערפרייט איבער זיין טאכטער'ס ענדערונג, דאס ער האט געזאגט:

„יעצט ווינש איך דיר ערשט גליק איבער א נייעס, מיין זוהן פעטרו־קיא; דוא האסט געוואונען דיא וועטע, און איך וועל דיר צולעגען נאך צוואנציג טויזענד קרוינען צו דיין נדן, פונקט וויא איך וואלט דיר געגעבען נאך א טאכטער, ווייל קאטערינא איז ווירקליך א נייער מענש.“

„ווארט,“ האט פעטרוקיא געזאגט, „איך וועל נאך בעסער געווינען דיא וועטע און אייך בעווייזען עפעס מעהר.“

קאטערינא איז דאן אריינגעקומען מיט דיא אנדערע צוויי יונגע פרויען און פעטרוקיא האט צו איהר געזאגט:

„זעהט נאר וויא זיא געהט און מיט איהר האט זיא געפאנגען דיא אנדערע צוויי דורך איהרע פרויען־רייד. קאטערינא, דעם הוט וואס דוא טראגסט, פאסט דיר ניט; ווארף איהם אוועק און צוטרעט איהם מיט דיא פיס.“

קאטערינא האט גלייך געפאלגט.

„מיין גאט!“ האט הארטענזיא'ס ווייב אויסגעשריען, „איך זאל קיין מאל ניט דערלעבען דיא צייט צו דארפען בעגעהען אזא נאריש־קייט!“

„פוי!“ האט אויך ביאנקא געזאגט. „וואס פאר א נאררישע פליכט רופסטו אן אזא האנדלונג?“

„הלוואי וואלסטו אויך געווען אזוי נארריש,“ האט ביאנקא'ס מאן געענטפערט. „שעהנע ביאנקא, לויט וויא דוא האסט פערשטאנען דיין פליכט, האט עס מיך נאר וואס געקאסט הונדערט קרוינען.“

„דאן ביסטו נאך א גרעסערער נאר,“ האט זיא געענטפערט, „ווארום דוא האסט געוועט אויף מיינע פליכטען!“

„קאטערינא,“ האט פעטרוקיא געזאגט צו זיין פרוי, „איך בעאויפ־

טראג דיך צו דערצעהלען דיעזע הארטנעקיגע פרויען וואס עס הייסט פליכ־טען, וועלכע זיי זיינען שולדיג זייערע מענער.״

צו אלגעמיינעם ערשטוינען. האט קאטערינא, דיא געצעהמטע ארורה, אבגעהאלטען אזא דרשה איבער דער פליכט וואס א פרוי האט צו פאלגען איהר מאן, דאס אלע זיינען געבליעבען איבערראשט.

קאטערינא איז דאן ווייעדער בעריהמט געווארען אין פאדוא, אבער ניט מעהר אלס דיא ארורה, זאנדערן אלס קאטערינא דיא געהארכזאמע און פליכט־שולדיגע פון איהר מאן.



# דוא קאמעדיע פון טעות׳ן.



עוועז איז דאָס אין אַלטע צייטען, ווען דיא פערשיע־
דענע גריכישע שטאַאטען זיינען געוועזן אבגעזונדערט
איינע פון צווייטען, יעדער האָט געהעררשט פאר זיך,
געמאכט פערשיעדענע געזעטצע, און ניט זעלטען
האָבען זיי געפיהרט מחלוקת, אָדער גאָר מלחמה.

דיא צוויי שטאאטען, סיראקוזע און עפעזוס האָבען זיך אַרומגעריסען איינער מיט אנאנדער און געהאַלטען איז מאַכען געזעטצע געגען דיא פרעמדע בירגער. איינעם פון דיא דומסטע, אָבער אויך באַר־באַרישטע געזעטצע, איז געוועזן דאָס געזעטץ פערפאַסט אין עפעזוס, וואָס האָט געזאָגט, דאָס אין פאַל מען וועט כאַפּען א סוחר פון סיראקוזע אין עפעזוס, זאָל מען איהם ענטוועדער הרג׳ענען, אָדער ער זאָל בעצאַהלען טויזענד מאַרק כופר נפש.

עגעאָן אַן אַלטער קויפמאַן פון סיראקוזע איז געכאַפּט געוואָרען אין עפעזוס און געבראכט געוואָרען פאַר׳ן פירסט, וואו ער האָט בעדארפט בעצאַהלען ענטוועדער טויזענד מאַרק שטראַף, אָדער בעצאַהלען מיט זיין לעבען.

מיט טויזענד מאַרק זיך אויסצוקויפען דאָס לעבען, איז אפילו ניט געפעהרליך ווען דיא טויזענד מאַרק זיינען נור דאָ. אָבער אַז מען האָט זיי ניט, איז זעהר ביטער. עגעאָן האָט קיין געלד ניט געהאַט, אָבער איידער דער פירסט האָט אויסגעשפּראָכען זיין טויטעס אורטהייל, האָט ער פערלאַנגט, אַז עגעאָן זאָל איהם פריהער דערצעהלען זיין לעבענס־גע־שיכטע און דאן וויא אזוי ער האָט געוואגט צו קומען קיין עפעזוס, וויסענ־דיג, אַז דאָס קען איהם קאָסטען זיין לעבען.

דער אלטער עגעאָן, מיט דעם שטאָלץ פון אן אלטען פרייען גרעק, האָט געענטפערט, אז פאר'ן טויט האָט ער גאָר קיין מורא ניט, אז ער קען שטאר־בען אפילו ניט געבענדיג קיין פינטעל מיט אן אויג, אָבער דיא אויפ־פאָדערונג צו דערצעהלען זיין לעבענס־געשיכטע, איז ביי איהם ערגער וויא אלעס.

דאָס אליין אָבער האָט ארויסגערופען א בעזונדערע אינטערעסע ביים פירסט, און איהם בעטענדיג. האָט דער אלטער אָנגעפאנגען און דערצעהלט בזה הלשון:

„איך בין געבוירען געוואָרען אין סיראקוזע און אויסגעבילדעט געוואָ־רען צו זיין א קויפמאַן. איך האָב געהייראטעט א פרוי מיט וועלכער איך האָב געלעבט זעהר גליקליך. איין מאָל האָב איך, אין געשעפטס־אינטע־רעסע אָבגערייזט קיין עפידאמנום, וואו איך בין פערבליעבען גאנצע זעקס מאָנאט צוליעב מיינע געשעפטען. זעהענדיג אָבער סוף־כל־סוף, אז איך וועל נאָך מוזען לענגער פערבלייבען, האָב איך געשיקט נאָך מיין פרוי. אזוי וויא זיא איז געקומען, איז זיא באלד געלעגען געוואָרען און געבוירען א צווילינג, צוויי זיהן. דאָס מערקווירדיגסטע דערביי איז געוועז, וואָס ביידע זיינען געוועז אזוי עהנליך, אז עס איז אבסאָלוט געוועז אונמעגליך צו אונטערשיידען איינעם פון צווייטען.

„אין דערזעלבער צייט אָבער וואָס מיין פרוי איז געלעגען געוואָרען און געהאט צוויי אינגלעך, איז אן אָרעמע פרוי, אין דעמזעלבען גאסט־הויז, אויך געלעגען געוואָרען און אויך געהאט צוויי אינגלעך. דיעזע צוויי זיינען אויך געוועז עהנליך איינער צום צווייטען פונקט וויא מיינע זיהן. נאָר אזוי וויא דיא עלטערן פון דיעזען לעצטען צווילינג זיינען גע־וועזען זעהר אָרעם, האָט איך אוועקגעקויפט דיא קינדער און זיי ערצויגען אום זיי זאָלען בעדיענען מיינע זיהן.

„מיינע זיהן זיינען געוועזען צוויי פיינע אינגלעך און מיין פרוי איז געוועזען זעהר שטאָלץ מיט זיי. אָבער זיא איז ניט געוועזען צופריעדען מיט דער שטאָדט און יעדען טאָג האָט זיא פערלאנגט מיר זאָלען צוריק קעהרען אהיים. אין אן אונגליקליכע שעה האָב איך איינגעשטימט צו ערפילען איהר וואונש און מיר האָבען זיך אויפגעזעטצט אויף א שיף. מיר האָבען נאָך ניט אָבגעזעגעלט קיין מייל פון עפידאמנום ווען א שרעקליכער שטורם האָט זיך אויפגעהויבען און אָנגעהויבען צו שליידערן אונזער שיף אין אלע זייטען. ווען דיא מאַטראָזען האָבען דערזעהען, אז עס איז ניטאָ מעהר

קיין האָפנונג צו ראַטעווען דיא שיף, האָבען זיי זיך אַריינגעזעטצט אין אַ קליין שיפעל אום זיך אַליין צו ראַטעווען און אונז האָבען זיי איבערגעלאָזט אין דער גרויסער שיף, וואו מיר האָבען ערוואַרטעט יעדען אויגענבליק איינגעשלונגען צו ווערען פון דעם וויטהענדען ים.

„דיא יללות פון מיין ווייב און דאָס געוויין פון דיא קינדער אויף איהר קוקענדיג, האָבען מיך זעהר בעטריעבט, כאָטש איך אַליין האָב קיין מורא ניט געהאַט צו שטאַרבען. אַלע מיינע געדאַנקען זיינען דאַן געווען וויא זיי צו ראַטעווען. איך האָב גענומען מיין איינגסטען זוהן און איהם צו־געבונדען צו איין עק פון אַ לויזען מאַסטבוים, און צום צווייטען עק האָב איך צוגעבונדען דעם איינגסטען שקלאַף. אין דערזעלבער צייט האָב איך געהייסען מיין ווייב טהון דאָסזעלבע מיט דיא אַנדערע צוויי קינדער, דאָס הייסט, זיי אויך צובינדען צו אַן אַנדערן מאַסטבוים. זיא איז אַלזאָ געווען מיט דיא זאָ־גענאַנטע עלטערע קינדער און איך מיט דיא איינגערע. מיר אַליין האָבען זיך אויך צוגעבונדען צו דיעזעלבע מאַסטבוימער.

„מיר זיינען נאָר וואָס פאַרטיג געוואָרען מיט אונזער אַרבייט, ווען דיא שיף איז אַרויף אויף אַ מעכטיגען פעלזען און איז צושמעטערט געוואָ־רען אויף שטיקער. זיך האַלטענדיג אַן דיא מאַסטבוימער זיינען מיר ניט געזונקען. נאָר אַזוי וויא איך האָב געמוזט אַכטונג געבען אויף דיא קינ־דער נעבען מיר, האָב איך מיך באַלד אָבגעטהיילט פון מיין פרוי. פון דעסטוועגען האָט זיא מיט דיא אַנדערע קינדער געהאַט מעהר גליק, דען אַ שיף מיט פישער האָבען זיי בעגעגענט און אַריינגענומען צו זיך. ווען איך האָב דאָס געזעהען, בין איך געווען צופריעדען וואָס זיי זיינען ווע־ניגסטענס אין זיכערהייט, און איך האָב מיט מעהר מוטה געקעמפפט צו ראַטעווען דיא צוויי קינדער מיט מיר.

„ענדליך איז אָנגעקומען נאָך אַ שיף און אונז אויך געראַטעוועט. אַזוי וויא דיא מאַטראָזען האָבען מיך געקענט, האָבען זיי מיך זעהר גוט עמ־פפאַנגען און מיך דאַן אָבגעפיהרט אין זיכערהייט קיין סיראַקוזע. אָבער פון יענעם טרויעריגען טאָג אָן האָב איך מעהר ניט געוואוסט וואָס עס איז געוואָרען פון מיין פרוי און קינדער.

„מיין איינגסטער זוהן, וועלכער איז געבליעבען מיין איינציגע טרייסט אין לעבען, ווען ער איז אַלט געוואָרען אַכטצעהן יאָהר, איז ער געוואָרען זעהר נייגיעריג צו וויסען וואָס עס איז געוואָרען פון זיין מוטער און ברו־דער. ער האָט מיך אָפט מאָל געבעטען איך זאָל איהם ערלויבען צו נעהמען

דעם יונגען שקלאף, וועלכער האט אויך פערלוירען א ברודער, און צו־זאמען זאלען זיי ארויספאהרען זוכען דיא פערלוירענע. איך בין נים געווען צופריעדען זיך צו שיידען מיט זיי, אבער ענדליך האב איך דערצו איינגעשטימט.

„זיעבען לאנגע יאהר זיינען שוין פאראיבער זייט מיין זוהן האט מיך פערלאזט. פינף יאהר האב איך געררייזט איבער וועלט איהם זוכענדיג. איך בין שוין געווען איבער גאנץ גריכענלאנד, איבער דיא גרענעצען פון אזיען, און פאהרענד צוריק אהיים, בין איך אנגעקומען אהער קיין עפע־זוס, כדי איך זאל נים אויסלאזען קיין פלאמץ איהם צו זוכען. אט דאס האב איך אייך געהאט צו דערצעהלען, און איך וואלט העכסט צופריעדען געווען צו שטארבען, ווען איך זאל בלויז וויסען, אז מיין פרוי און קינ־דער לעבען.“

אזוי האט דער אונגליקליכער עגעאן געענדיגט זיין טרויעריגע לעבענס־געשיכטע. דער פירסט וואס האט שטארק מיטלייד געהאט אויף איהם, האט געזאגט, דאס ווען ער זאל נים מוזען רעספעקטירען דיא געזעטצע, וואלט ער איהם געוויס בעגנאדיגט. דאך, אנשטאט איהם באלד צו לאזען הינ־ריכטען, וועט ער איהם געבען נאך א טאג צייט אום צו בעטלען אדער בארגען ביי עמיצען דאס געלד צו בעצאהלען דיא שטראף.

דיעזער איינציגער טאג האט פאר דעם אונגליקליכען עגעאן נים אויס־געזעהען שטארק גנעדיג, ווייל ער האט קיינעם נים געקענט אין עפעזוס. צו ערווארטען, אז א פרעמדער זאל איהם שיינקען אדער בארגען אזא גרוי־סע סומע געלד, איז געווען א קליינע האפנונג. ניעדערגעשלאגען האט ער זיך צוריקגעצויגען אין דער בעגלייטונג פון א וועכטער.

ווען עגעאן האט געמיינט, אז קיין מענש קען איהם אין עפעזוס, האט ער געהאט א טעות, ווייל אין עפעזוס האבען זיך דאמאלס געפונען זיינע ביידע זיהן.

אויסער דעם וואס עגעאן'ס זיהן זיינען געווען ביידע גלייך, האבען זיי אויך געהאט גלייכע נעמען; יעדער האט געהייסען אנטיפאלוס. דער שקלאפען־צווילינג האט אויך געהאט גלייכע נעמען, יעדער האט געהייסען דראמיא. עגעאן'ס אינגסטער זוהן, אנטיפאלוס פון סיראקוזע, וועמען דער אלטער מאן איז געקומען זוכען קיין עפעזוס, איז נאר וואס אהין אנ־געקומען מיט זיין שקלאף דראמיא. און אזוי וויא ער איז אויך געווען א קויפמאן פון סיראקוזע, וואלט ער געהאט דעמזעלבען סוף וויא זיין פאטער,

ווען א פריינד וואָלט איהם ניט בעגעגענט און דערצעהלט פון דעם טרויעריגען שיקזאל וואָס האָט בעפאַלען אַן אַלטען קויפמאַן פון סיראַקוזע. ער האָט איהם אַלזאָ געראַטהען זיך אויסצוגעבען פאַר א קויפמאַן פון עפּידאַמנום. אַנטיפאָלוס האָט געפאָלגט, אָבער ער איז געווען זעהר בעטריעבט הערענ־דיג, אַז זיינער אַ לאַנדסמאַן איז אין אַזאַ געפאַהר. עס איז איהם אָבער גאָר ניט איינגעפאַלען, אַז דיעזער לאַנדסמאַן איז זיין אייגענער פאַטער.

עגעאָן'ס עלטסטען זוהן וועלען מיר רופען אַנטיפאָלוס פון עפעזוס, כדי צו מאַכען אַן אונטערשיעד צווישען איהם און זיין ברודער פון סיראַקוזע. ער האָט שוין געוואוינט אין עפעזוס זייט צוואַנציג יאָהר. און זייענדיג א רייכער מאַן, האָט ער געקענט זעהר לייכט בעצאָהלען פאַר זיין פאַטער, אָבער ער האָט ליידער גאָר ניט געוואוסט פון איהם. ער איז געווען צו יונג ווען ער האָט זיך פון איהם געשיידט און ער האָט בלויז געדענקט דיא שרעק־ליכע סצענע אויף'ן ים.

יעצט ווייזט זיך אַרויס אַזאַ געשיכטע: דיא פישער־לייט, וואָס האָבען איהם געראַטעט מיט זיין מוטער און שקלאַף דראָמיאָ, האָבען בעשלאָ־סען, צום שמערץ פון דער עלענדער מוטער, צו פערקויפען דיא צוויי קינ־דער פאַר שקלאַפען.

אַנטיפאָלוס און דראָמיאָ זיינען פערקויפט געוואָרען צום פירסט מענאַ־פאָן, אַ בעריהמטער גענעראַל, וועלכער איז געווען אַן אָנקעל פון דעם פירסט פון עפעזוס. ער האָט מיטגענומען דיא קינדער קיין עפעזוס ווען ער איז אַוועק בעזוכען זיין פּלימעניק.

דער פירסט פון עפעזוס האָט שטאַרק ליעב בעקומען דעם יונגען אַנטי־פאָלוס, און ווען ער איז אויפגעוואַקסען, האָט ער פון איהם געמאַכט אַן אָפיציער אין זיין אַרמעע. דאָן האָט זיך אַנטיפאָלוס אויסגעצייכענט אין קריעג און אויך געראַטעוועט דעם פירסט'ס לעבען. ער האָט איהם דער־פאַר בעלוינט דערמיט וואָס ער האָט איהם פערהייראַטעט מיט אַ רייכער כלה, אַדריאַנאַ פון עפעזוס. אָט מיט דיעזער אַדריאַנאַ האָט ער געלעבט ווען זיין פאַטער איז אַריינגעקומען. דראָמיאָ איז נאָך אימער געווען זיין שקלאַף.

ווען אַנטיפאָלוס פון סיראַקוזע האָט גענומען אַבשיעד פון זיין פריינד, וועלכער האָט איהם געראַטהען ער זאָל זאָגען, אַז ער איז פון עפּידאַמנום, האָט ער געגעבען זיין שקלאַף דראָמיאָ געלד אַוועקצוטראָגען אין דעם גאַסט־הויז וואו ער האָט געזאָלט עסען. אין דערזעלבער צייט האָט ער ערקלערט,

אז ער וועט שפּאצירען איבער דער שטאָדט און זעהען וואָס דאָרט טהוט זיך.

דראמיא איז געוועזן א פּרעהליכער יונג. ווען אנטיפאלוס איז געוועזן טרויעריג אָדער מעלאנכאָליש, פלעגט ער איהם אמוזירען מיט וויטצען, שפּאסען און פערשיעדענע ווערטלעך. און ווייל אנטיפאלוס האָט עס איהם ערלויבט, איז צווישען הערר און דיענער געוואָרען א מנהג, אז מען האָט זיך זעהר פריינדליך פערהאַלטען.

ווען אנטיפאלוס פון סיראקוזע האָט אוועקגעשיקט דראמיאָ׳ן, איז ער געשטאַנען א היבשע צייט נאכדענקענדיג איבער זיין שווערער רייזע זו־כענדיג זיין מוטער און ברודער. דאַן, זעהר טרויעריג, האָט ער בעמערקט צו זיך אליין:

„איך בין וויא א טראָפּען וואסער אין אָקעאַן, וואָס זוכט צו געפינען זיין חבר, א צווייטען טראָפּען, און דערווייל פערלירט ער זיך אליין אין ים. אָט אזוי בין איך, אונגליקליכער! איך זוך צו געפינען מיין מוטער און ברודער און איך פערליר זיך אליין!“

אזוי דענקענדיג, האָט דראָמיא צוריק געקעהרט. אנטיפאלוס איז געוועזן ערשטוינט צו זעהען דראמיאָ׳ן זיך אומקעהרענדיג אזוי שנעל. עס איז אָבער ניט געוועזן זיין דראמיאָ, זאָנדערן דער צווילינג־ברודער פון זיין שקלאַף, וועלכער איז געוועזן צוזאמען מיט אנטיפאלוס׳ן פון עפעזוס. דיא צוויי דראמיאָ׳ס און דיא צוויי אנטיפאלוסעס, זיינען נאָך אימער געוועזן גלייך איינער צום צווייטען וויא ענגעאָן האָט דערצעהלט איבער זייער קינדהייט, דערפאר איז קיין וואונדער ניט געוועזן, ווען אנטיפאלוס האָט געמיינט, אז דאָס איז זיין שקלאַף און ער האָט איהם געפרעגט וואָרום ער איז אזוי גיך צוריק געקומען.

דראמיאָ האָט איהם אָנגעקוקט א ווײַלע ערשטוינט, אָבער דאַן האָט ער געזאָגט:

„מיין הערריין שיקט מיך אייך צו זאָגען, אז איהר זאָלט באַלד קומען צו מיטאָג. דער קאַפּ־האהן ווערט פערברענט, דאָס חזיר׳ל ווערט צושמאָל־צען אויפ׳ן בראטער, און דאָס פליייש ווערט זיין אין גאנצען קאַלט ווען איהר קומט ניט גלייך אהיים.“

„דיעזער שפּאס פּאסט ניט יעצט,“ האָט אנטיפאלוס געענטפערט, „וואו האָסטו איבערגעלאָזט דאָס געלד?“

דראמיאָ האָט אָבער נאָך אימער גע'טענה'ט, אז זיין הערין האָט איהם געשיקט רופען איהר מאַן צו מיטאג.

„וואָס פאַר אַ הערין ?" האָט אנטיפאלוס געפרעגט.

„וואָס הייסט וואָס ? אייער פרוי !"

נאָר אזוי וויא אנטיפאלוס פון סיראקוזע האָט קיין פרוי ניט געהאט, איז ער געוואָרען שטארק אין כעס און אויסגעשריען :

„דערפאר וואָס איך ערלויב דיר מאַנכעס מאָל צו רעדען מיט מיר, ערלויבסטו דיר שוין צו מאַכען מיט מיר אזא מיאוס'ן שפּאס. איך בין יעצט ניט אויפגעלעגט פאַר אזעלכע זאכען. וואו איז דאָס געלד ? אזוי וויא מיר זיינען דאָ פרעמדע, וויא וואגסטו צו מאַכען שפּאַס, ווען עס האַנדעלט זיך אום אזא גרויסער סומע ?"

ווען דראמיאָ האָט געהערט זיין הערר רעדען אזעלכע ווערטער, האָט ער געמיינט, אז ער מאַכט שפּאַס און געזאָגט :

„איך בעט אייך, מיין הערר, שפּאַסט בעסער ביים מיטאג. איהר האָט מיך ניט בעאויפטראגט קיין זאַך, אלעס וואָס איך האָב צו טהון, איז, אייך אַהיים צו פיהרען צו מיטאג, איהר זאָלט עסען מיט מיין הערין און איהר שוועסטער."

דערביי האָט שוין אנטיפאלוס פערלוירען זיין גאנצע געדולד און גוט אָנגעשלאָגען דראמיאָ'ן, וועלכער איז ענטלאָפען אהיים, וואו ער האָט דערצעהלט, אז ער זיין הערר האָט ניט געוואָלט אהיים קומען צו מיטאג און געזאָגט, אז ער האָט גאָר קיין ווייב ניט.

אדריאַנא, דיא פרוי פון אנטיפאלוס פון עפעזוס, איז געווען שטארק אין כעס הערענדיג, אז איהר מאַן האָט געזאָגט, דאָס ער האָט גאָר קיין ווייב ניט. זיא איז געווען זעהר אן אייפערזיכיגע און בעשלאָסען, אז איהר מאַן ליעבט שוין אנאנדערע. זיא האָט באלד אָנגעהויבען צו ציטערן און פלאַטערן און מאַכען פּאָרווירפע איהר מאַן, אונטער דיא אויגען, פאר זיין פאַלשקייט צו איהר. לוקיאַנא, איהר שוועסטער, וועלכע האָט גע-וואָהנט מיט איהר צוזאמען, האָט אפילו פּרובירט זיא צו בערוהיגען און איהר זאָגען, אז איהר אייפערזוכט איז אן אומזיסטער בלבול, אָבער ווער קען עס צוריקהאַלטען אַ פרויענצימער ווען זיא וואַרפט זיך אריין אין שטורם פון אייפערזוכט ?

דערווייל איז אנטיפאלוס פון סיראקוזע אוועק אין גאסטהויז און דאָרט געטראָפען דראמיאָ'ן מיט דעם געלד. זעהענדיג דראמיאָ'ן, האָט ער

איהם געוואָלט אַנזידלען איבער־אַ־נייעס פאר זיין מיאוס׳ען שפּאס. אָבער איידער ער האָט נאָך צייט געהאַט צו עפענען זיין מויל, איז אדריאנא אָנגעקומען, און ניט צווייפלענדיג, אַז ער איז איהר מאַן, האָט זיא איהם אָנגעהויבען צו מאַכען פאָרווירפע פאר וואָס ער קוקט אויף איהר מיט אַזא ערשטוינען, ווייל ער איז ווירקליך געווען איבערראַשט; זעהענדיג און הערענדיג אַ בייזע און פרעמדע פרוי רעדענדיג צו איהם.

דאַן האָט זיא אָנגעפאַנגען אַזוי:

„איז דאָס רעכט? איז דאָס אַ יושר? געדענקסטו וויא דוא האָסט מיך געליעבט ווען דוא האָסט מיט מיר חתונה געהאַט? וואָס פאר אַ חסרון האָסטו אָן מיר געפונען פאר וואָס דוא ליעבסט אָן אַנדערע? זאָג מיר נאָר, קען איך לכל־הפּחות וויסען, ווארום דוא ליעבסט מיך מעהר ניט?“

„רעדט איהר דאָס צו מיר, מיין שעהנע דאַמע?“ האָט ער געפרעגט נאָך מעהר ערשטוינט.

אומזיסט האָט ער געזוכט איהר צו ערקלערען, אַז ער איז ניט איהר מאַן, אַז ער איז בלויז זייט עטליכע שטונדען אין עפעזוס; זיא האָט בלויז פערלאַנגט ער זאָל מיט איהר געהען אַהיים, און אַזוי וויא אַנטיפאָלוס האָט פון איהר ניט געקענט פּטור ווערען איז ער מיט איהר אַוועק אין זיין ברודער׳ס הויז וואו ער האָט געגעסען מיטאָג מיט אדריאַנאַ׳ן און מיט איהר שוועסטער. איינע האָט איהם גערופען „מיין מאַן“, און דיא צווייטע „מיין שוואָגער.“

דער אָרעמער אַנטיפאָלוס האָט בשום אופן ניט געקענט בעגרייפען וואָס דאָ איז געשעהען, און ער האָט פאר זיך ערקלערט, אַז ער האָט הפּנים מיט איהר חתונה געהאַט בשעת ער איז געשלאָפען, אָדער, אַלעס וואָס קומט פאָר, איז בלויז אַ חלום.

דראָמיאָ ווידער, וועלכער איז מיט איהם מיטגעגאַנגען, איז ניט געווען ווענינער איבערראַשט, ווען דיא קעכין, זיין ברודער׳ס ווייב, האָט בעהויפּטעט, אַז ער איז איהר מאַן.

וועהרענד אַנטיפאָלוס פון סיראַקוזע האָט געהאַלטען אין עסען מיט זיין ברודער׳ס ווייב, איז זיין ברודער, דער ריכטיגער מאַן, אַהיים געקומען מיט זיין שקלאַף דראָמיאָ צו עסען מיטאָג. דיא דיענער האָבען אָבער דערווייל ערהאַלטען אַ בעפעהל ניט צו עפענען דיא טהיר, ווייל זייער הערין האָט זיי אָנגעזאָגט קיינעם ניט אַריינצולאָזען כדי מען זאָל זיי

ניט שטערען ביים עסען. ווען זיי האָבען עטליכע מאָל געקלאפּט אין דער טהיר און געזאָגט, אַז זיי זיינען אנטיפאלוס און דראמיא, האָבען דיא דיענסטען פון זיי געלאַכט און געענטפערט, אז זיי זיינען שווינדלערס, ווייל אנטיפאלוס עסט גראדע מיטאג מיט זיין פרוי און דראמיאָ איז אין קיך. אָבוואָהל זיי האָבען שיער ניט איינגעבראָכען דיא טהיר, איז זיי דאָך ניט געלונגען אריינצוקומען. ענדליך איז אנטיפאלוס שטארק אין כעס געוואָרען, און זייענדיג איבערראשט הערענדיג, אַז זיין פרוי געפינט זיך מיט אַ מאַן צו מיטאג, איז ער אוועק ניט קענענדיג בעגרייפען וואָס עס איז פאָרגעקומען.

ווען אנטיפאלוס איז פארטיג געוואָרען מיט דעם עסען, איז ער געוועזען וויא בערוישט הערענדיג וויא דיא דאמע רופט איהם נאָך אימער „מיין מאַן", און דאָס דיא קעכין רופט זיין שקלאף דראמיאָ אויך אזוי. ביי דער ערשטער געלעגענהייט איז ער אוועק פון הויז. כאָטש ער איז געוועזען גאַנץ צופריע־דען פון לוקיאנא'ס געזעלשאפט, האָט איהם אָבער אדריאנא, מיט איהר גיפטיגער אייפערזוכט, גאָר ניט אַמוזירט. דראמיא איז אויך ניט געוועזען צופריעדען מיט זיין פרוי וואָס ער האָט געטראָפען אין קיך.

דערפאר, ווען הערר און דיענער, זיינען ענדליך געוועזען פריי, זיינען זיי געוועזען העכסט צופריעדען וואָס זיי זיינען פּטור געוואָרען פון דער אונ־געבעטענער געזעלשאפט.

אַזוי גיך אָבער וויא אנטיפאלוס פון סיראקוזע איז ארויס פון הויז, האָט ער בעגעגענט אַ גאָלדשמידט, וועלכער, מיינענדיג, פונקט וויא אדריאנא, אַז דאָס איז אנטיפאלוס פון עפעזוס, האָט ער איהם דערלאנגט אַ גאָלדענע קייט, איהם דערביי אָנרופענדיג ביים נאָמען. ווען אנטיפאַ־לוס האָט דיא קייט ניט געוואָלט נעהמען, בעהויפּטענדיג, אַז זיא בע־לאנגט ניט צו איהם, האָט דער גאָלדשמידט געענטפערט, אַז ער האָט אַליין בעשטעלט דיא קייט. ער האָט איהם אַלזאָ איבערגעלאָזט דיא קייט און איז אוועק.

ווען אנטיפאלוס האָט געזעהען וואָס דאָ געהט פאָר, האָט ער בעשלאָ־סען זאָפאָרט צו פערלאָזען דיא שטאָדט וואו ער האָט געהאט אזוי פיעלע אונאנגענעהמע בעגעגענישען. ער האָט דערפאר געהייסען דראָמיאָ'ן אויפ־פּאקען זיינע זאכען אויף אַ שיף כדי ער זאָל פּטור ווערען פון דעם פערצווי־בערטען פּלאטץ.

דער גאָלדשמידט וואָס האָט געגעבען דיא קייט דעם ניט־ריכטיגען אנטי־

פאלוס'ען, איז שפעטער ארעטירט געוואָרען פאר אַ סומע געלד וואָס ער איז שולדיג געוועזן און ניט בעצאהלט. דערווייל איז אנטיפאלוס, דער פערהייראטעטער ברודער אָנגעקומען דארויף ווען דער ארעסט איז געמאכט געוואָרען. אזוי וויא דער גאָלדשמידט האָט איהם דערזעהען, האָט ער איהם געבעטען ער זאָל בעצאהלען פאר דער קייט, און אזוי וויא דיזע סומע איז געוועזן אזוי גרויס וויא דיא סומע וואָס ער איז שולדיג געוועזן, זאָל דאָס איהם בעפרייען פון ארעסט.

אנטיפאלוס האָט אָבער געלייקענט, בעהויפטענדיג, אז ער האָט קיין קייט ניט ערהאלטען, און דער גאָלדשמידט האָט געשריען, אז בלויז מיט איינציגע מינוטען פריהער האָט ער איהם געגעבען דיא קייט. יעדער בעזונדער דענקענדיג, אז ער האָט רעכט, האָבען זיי זיך צוקריגט. ענדליך האָט דער גאָלדשמידט געהייסען דעם בעאמטען וואָס האָט איהם ארעטירט, אויך ארעטירען אנטיפאלוס'ן. דער סוף איז געוועזן, וואָס אנטיפאלוס און דער גאָלדשמידט זיינען ביידע אָבגעפיהרט געוואָרען אין ארעסט.

ווען מען האָט געהאלטען אין פיהרען אנטיפאלוס'ן, האָט ער בעגעגנט דראמיאָ'ן פון סיראקוזע, דאָס הייסט, זיין ברודער'ס דיענער. מיינענדיג, אז דאָס איז זיין דיענער, האָט ער איהם געהייסען שנעל לויפען צו אדריאנא'ן און איהר זאָגען זיא זאָל איהם שנעל שיקען דאָס געלד פאר וועלכען ער איז ארעסטירט געוואָרען. דראמיא האָט זיך אפילו שטאַרק געוואונדערט וויא עס קומט, אז זיין הערר זאָל איהם צוריקשיקען אין יענעם הויז, אָבער ער האָט ניט געוואגט עפּעס צו זאָגען, אָבוואָהל ער האָט איהם געוואָלט מיטטהיילען, אז דיא שיף איז פארטיג צו אָבזעגלען. דיא אורזאכע דערפון איז געוועזן, ווייל ער האָט בעמערקט, אז זיין הערר איז זעהר ערנסט. ער איז דערפאר אוועק צוריק צו אדריאנא'ס הויז, מורמלענדיג: „אַ פלאַטץ וואו א פרעמדע פרוי זאָגט, אז איך בין איהר מאַן. אָבער עס העלפט ניט, איך מוז געהען. דיענער זיינען געשטעלט געוואָרען צו בעפאָלגען דיא אויפטרעגע פון זייערע הערען."

אדריאנא האָט איהם גלייך געגעבען דאָס געלד, און וויא דראמיאָ איז געגאנגען צוריק, האָט ער בעמערקט זיין ריכטיגען הערר, אנטיפאָלוס פון סיראקוזע, וועלכער איז געוועזן נאָך מעהר איבערראשט פון דעם וואָס מיט איהם איז פאָרגעקומען, ווייל זיין ברודער איז געוועזן גוט בעקאנט אין עפעזוס, און פארבייגעהענדיג דיא גאסען האָט איהם איינער בעגריסט, אַ צווייטער האָט צו איהם גערעדט, אָדער עפּעס געפרעגט. מאנכע האָבען

איהם אָנגעבאָטען געלד וואָס זיי זיינען שולדיג געוועזן זיין ברודער; א טהייל האָבען איהם געדאנקט פאר טובות וואָס ער האָט זיי געטהאָן. א שניידער האָט איהם צוגערופען און געוויזען זייד וואָס ער האָט געקויפט פאר איהם, און פערלאַנגט ער זאָל אונבעדינגט ווארטען ביז ער וועט איהם נעהמען דיא מאָס פאר קליידער.

אנטיפאלוס האָט אָנגעהויבען צו דענקען, אַז ער געפינט זיך עפּעס צווישען צויבערער און צויבערינס. אָט אין דיעזען צושטאַנד האָט ער בעגעגענט דראָמיאָ׳ן, וועלכער האָט איהם נאָך מעהר איבערראשט איהם פרעגענדיג וויא אזוי ער איז בעפרייעט געוואָרען פון דעם געפענגניס. דער־בּיי האָט ער איהם אויך איבערגעבען א ביטעל מיט גאָלד־שטיקלעך וואָס אדריאנא האָט איהם געשיקט צו בעצאהלען דעם חוב.

דיעזע רייד איבער דעם ארעסט, געפענגניס און דאָס געלד וואָס דראָמיאָ האָט געבראַכט פון אדריאנא׳ן, האָבען אזוי צומישט אַנטיפאלוס׳ן, וועלכער האָט געזאָגט:

„אָרעמער דראָמיאָ, ער איז געוויס משוגע געוואָרען און מיר ביידע — וואנדערן דאָ ארום וויא פער׳כישוף׳ט.“

זיך דערשרעקענדיג פאר זיינע אייגענע געדאנקען, האָט ער אויס־געשריען:

„גערעכטער גאָט! ראטעווע אונז פון דיעזען ווילדען געטומעל!“

אָבער דיא רעכטע צרות האָבען זיך ערשט אָנגעפאנגען. וויא אנטי־פאלוס איז אזוי געשטאַנען, איז צוגעקומען א דאמע, איהם אָנגערופען בּיים נאָמען און איהם דערצעהלט, אַז ער האָט מיט איהר געגעסען מיטאג און פון איהם פערלאנגט דיא גאָלדענע קייט וואָס ער האָט איהר פער־שפּראָכען.

אנטיפאלוס האָט שוין פערלוירען זיין גאנצע געדולד, זיא אָנגערופען מכשפה און געלייקענט אַז ער האָט זיא נאָך וועו עס איז געזעהען אין זיין לעבען. דיא דאמע האָט זיך אָבער איינגעשפארט, אַז ער האָט דוקא מיט איהר געגעסען מיטאג און איהר ווירקליך פערשפּראָכען א גאָלדענע קייט, און דאָס זיא האָט איהם געגעבען א ווערטהפאָלען רינג, און ווען ער גיט איהר ניט דיא קייט, זאָל ער איהר כאָטש אָבגעבען דעם רינג.

ווען אנטיפאלוס האָט דאָס אלעס געהערט, איז ער אריין אין א ווילדען צאָרן, שרייענדיג, אַז זיא איז א מכשפה, און ער איז פון איהר ענטלאָפען, זיא איבערלאָזענדיג איבערראשט און ערשוינט.

דא וועלען מיר ערקלערען וואס מיט דיעזער דאמע האט פאסירט :

ווען אנטיפאלוס פון עפעזוס האט געזעהען, אז זיין פרוי וויל איהם ניט אריינלאזען אין הויז, איז ער אוועק אין ווילדען צארן. ער האט זיך געטראכט, אז דאס איז עפעס א מין אויסברוך פון זיין ווייב'ס אייפערזוכט, פון וואס זיא האט אפט געליטען. ער האט זיך דערמאהנט, אז זיא האט איהם אימער בעשולדיגט, אז ער געהט צו אנדערע פרויען, און אום זיך נוקם צו זיין אן איהם, האט זיא פאר איהם פערשלאסען זיין אייגענעם הויז. יעצט ווידער איז ער אוועק בעזוכען א דאמע, וועלכע האט איהם זעהר גוט עמפפאנגען. און וויל זיין אייגענע פרוי האט איהם אזוי שטארק בעליידיגט, האט ער איהר פערשפראכען צו געבען א גאלדענע קייט, וואס ער האט בעשטעלט פאר זיין פרוי. עס איז געווען דיעזעלבע קייט וואס דער גאלדשמידט האט אוועקגעגעבען זיין ברודער.

דיא דאמע ווידער, זייענדיג גליקליך פון דעם געדאנק צו האבען א גאלדענע קייט, האט זיא דעם פערהייראטעטען אנטיפאלוס געגעבען איהר רינג. מען קען זיך אלזא פארשטעלען איהר איבערראשונג, ווען אנטיפאלוס האט דאס אלעס אבגעלייקענט. און פאר דער גרויסער בעליידיגונג, האט זיא אויך בעשלאסען צו נעהמען ראכע. זיא איז דערפאר אוועק צו אדריאנא'ן אום איהר אלעס צו דערצעהלען.

וועהרענד זיא האט איהר אבגעשילדערט דיא גאנצע געשיכטע איז אדריאנא'ס ווירקליכער מאן, אנטיפאלוס פון עפעזוס, אנגעקומען אהיים, בעגלייט פון א וועכטער, אום ער זאל נעהמען דאס געלד און בעצאהלען דעם חוב, ווייל דאס געלד וואס אדריאנא האט איין מאל געגעבען דראמיא'ן, איז יעצט געווען ביים אנדערן אנטיפאלוס.

אדריאנא האט זיך פארגעשטעלט, אז איהר מאן איז געווען משוגע, דען ווען דיא דאמע האט איהר מיטגעטהיילט, דאס אנטיפאלוס האט איהר מיטגעטהיילט, אז זיא האט איהם ניט אריינגעלאזט אין הויז, האט זיא זיך איבערצייגט, אז ער ווייסט ניט וואס ער רעדט. אויסער דעם האט זיא זיך דערמאהנט וויא זיטצענדיג ביים עסען, האט ער אזוי פיעל מאל ווידערהאלט, אז זיא איז ניט זיין פרוי און ער איז ביז צו יענעם טאג נאך אין עפעזוס ניט געווען. אזוי שנעל אלזא וויא זיא האט דערזעהען איהר מאן צוריק, האט זיא גלייך בעצאהלט דעם וועכטער דאס געלד און איהם געהייסען געהען. דאן האט זיא גערופען איהרע דיענער, זיי געהייסען נעהמען שטריק און בינדען איהר מאן.

איהר וואונש איז ערפילט געוואָרען. מען האָט איהם, געבונדענער־הייט, אוועקגעפיהרט אין א פינסטערעס צימער און מען האָט געשיקט נאָך א דאָקטאָר איהם צו קורירען פון זיין שגעון. אנטיפאלוס האָט וועהרענד דעם פּראָטעסטירט געגען דיא פאַלשע בעשולדיגונג, אָבער עס האָט איהם גאָר ניט געהאָלפען. וואָס מעהר ער האָט געשריען און געלארמט, אַלץ מעהר האָבען זיי זיך איבערצייגט, אז ער איז פערריקט. און אזוי וויא דראָמיאָ האָט בעהויפּטעט דאָסזעלבע וויא זיין הערר, האָט מען איהם אויך געבונדען און אוועקגעלעגט נעבען זיין הערר.

מיט א קורצע צייט שפּעטער, איז ערשיענען א דיענער און מיטגע־טהיילט אדריאנא'ן, אז אנטיפאלוס און דראָמיא האָבען געמיזט אויסברע־כען פון זייער געפאנגענשאַפט, ווייל מען האָט זיי געזעהען פריי און פראנק ארומגעהענדיג איבער דער גאס.

ווען אדריאנא האָט דאָס געהערט, איז זיא ארויסגעלאָפען אום צו קענען אהיים ברענגען איהר מאַן. זיא דאָט אויך מיטגענומען עטליכע מענשען איהר צו העלפען, וויא אויך איהר שוועסטער איז מיטגע־גאנגען.

ארויסקומענדיג אויף דער גאס, האָבען זיי געזעהען, נעבען א נאָנען־קלויסטער, אנטיפאלוס'ן און דראָמיאָ'ן.

אנטיפאלוס פון סיראקוזע האָט נאָך אימער געטראָגען דיא גאָלדענע קייט אויף זיין האלז, און דער גאָלדשמידט, וועלכער האָט איהם בעגעגענט, האָט איהם געמאכט ביטערע פאָרווירפע פאר וואָס ער האָט אַלעס אָבגע־לייקענט און בעהויפּטעט, אז ער ווייסט פון גאָר ניט צו זאָגען. אנטי־פאלוס ווידער האָט געזאָגט, אז דער גאָלדשמידט האָט איהם אליין געגע־בען דיא קייט ניט געבעטען, און זייט דאַמאַלס האָט ער איהם נאָך אין דיא אויגען ניט געזעהען.

דערווייל איז צוגעקומען אדריאנא און בעהויפּטעט, אז ער איז איהר משוגענער מאַן, אנטלאָפען פון זיינע וועכטער, און זיא וויל איהם נעה־מען צוריק אהיים. איהרע בעגלייטער האָבען אויך מיטגעבראכט שטריק און געוועזען בערייט זיך אויף איהם צו וואַרפען און איהם בינדען צוזאמען מיט דראָמיאָ'ן.

אנטיפאלוס האָט בעמערקט, אז איצט איז עס שוין ווירקליך צו ערנסט געוואָרען, און, ווען ער וועט שטעהען און וואַרטען, וועט ניט זיין קיין גוטער סוף. ער האָט זיך אַלזאָ ארומגעקוקט, בעמערקט דעם נאָנען־

קלויסטער מיט אן אָפענער טהיר און בעשלאָסען, אז עס איז בעסער זיך אהין צו ראַטעווען. ער איז שנעל אריינגעלאָפען אין קלויסטער.

דער טומעל און געוויש זיינען געוואָרען זעהר גרויס, און דיא אַלטע נאָנען־אויפזעהערין איז אַרויס הערען וואָס דאָס בעדייטעט. דיעזע איז געוועזן אן ערנסטע דאַמע, מיט שפּורען פון שעהנהייט אויף איהר געזיכט, און איהרע קלוגע אויגען האָבען עדות געזאָגט אויף איהר ערפאהרונג אין דער וועלט. זיא האָט באַלד בעשלאָסען זיך ניט צו איילען און ארויסגעבען דעם יונגען מאַן וואָס האָט געזוכט ביי איהר שוטץ.

זיא האָט אַלזאָ באַלד אָנגעהויבען אויסצופרעגען אדריאַנא׳ן איבער איהר מאַן. אדריאַנא האָט געענטפערט, אז ער איז פּלוצלונג משוגע געוואָרען.

„פּלוצלונג משוגע געוואָרען?“ האָט דיא אַלטע געפרעגט. „וואָס איז דיא אורזאכע? האָט ער פערלוירען זיין פערמעגען אויף׳ן ים? אָדער דער טויט פון זיינעם א טהייערן פריינד האָט צורודערט זיין שכל?“

„ניין, ניין, קיין איינציגע פון דיעזע אורזאכען,“ האָט אדריאַנא געענטפערט.

„פיעלליייכט,“ האָט דיא אַלטע ווייטער געזאָגט, „האָט ער זיך פער־ליעבט אין אן אנדערער און דאָס האָט איהם געטריבען צו זיין צו־שטאַנד?“

אדריאַנא האָט ערקלערט, אז זיא האָט שוין לאַנג געטראַכט, אז דער־פאַר וואָס ער ליעבט אן אנדערע קומט ער אָפט ניט אהיים.

דער אמת איז אָבער געוועזן, אז אנטיפאָלוס פון עפעזוס האָט דערפאַר אָפט אויסגעפעהלט פון זיין הויז, ווייל זיין פרוי האָט איהם געמאַרטערט מיט איהר אייפערזוכט. דיא נאָנען־אויפזעהערין האָט דאָס באַלד פערשטאַנען וויא זיא האָט זיך געמערקט אדריאַנא׳ס אייפערזיכטיגען צאָרן. און אום ווייטער צו ערפאהרען, האָט זיא געזאָגט:

„מיין טאָכטער, דוא האָסט עס איהם בעדארפט זאָגען, פאַרהאַלטען.“

„דאָס האָב איך אויך געטהאָן.“

„פיעלליייכט ניט גענוג.“

אדריאַנא, וועלענדיג איבערצייגין דיא אַלטע, אז זיא האָט געטהאָן איהר פליכט בשלימות, האָט זיא אַזוי אָנגעפאַנגען:

„דאָס איז אויך געוועזן דער בעשטענדיגער אינהאַלט פון אונזערע גע־שפּרעכען: אין בעט האָב איך איהם ניט געלאָזט שלאָפען און איהם פאַר־

געהאַלטען איבער זיינע פרעמדע ליעבעס. ביים טיש האָב איך איהם ניט געלאָזט עסען און נאָר געערגערט דאריבער. ווען איך בין מיט איהם גע־ווען אַליין, האָב איך נאָר וועגען דעם גע'טענה'עט. אין געזעלשאַפט, האָב איך איהם אָפט דערמאהנט מיט אַ וואונק. אָבער אַלע מיינע רייד האָבען ניט געהאָלפען."

נאָכדעם וויא דיא נאָנען־אויפזעהערין האָט אַלעס ערפאהרען וואָס זיא האָט געוואָלט ווי סען, האָט זיא געזאָגט:

„אָט דערפאַר איז טאקי דיין מאַן משוגע געוואָרען. דיא גיפטיגע אנטשעפּענעש פון אַן אייפערזיכטיגער פרוי איז געפעהרליכער וויא דער ביס פון אַ משוגענעם הונד. עס ווייזט אויס, אַז דיינע ווערטער האָבען איהם אפילו ניט געלאָזט שלאָפען. עס איז אַלזאָ קיין וואונדער וואָס זיין קאָפּ איז צומישט געוואָרען. זיין עסען איז אויסגעמישט געוואָרען מיט דיין ביטערער אייפערזוכט. אונרוהיגע מיטאָגען פיהרען צו אַ שלעכטער פער־דייאונג און דאָס האָט איהם געפיהרט צו זיין יעצטיגען צושטאַנד. דוא זאָגסט, אַז אפילו אין געזעלשאַפט האָסטו איהם דערמאהנט כאָטש מיט אַ וואונק, דאָס הייסט, דוא האָסט איהם פערטריעבען זאָגאַר פון אַמוזירען זיך, וואָס דען האָט געקענט זיין דער רעזולטאַט פון אַזאַ לעבען ווען ניט משוגעת? דיין אויפפיהרונג און דיין בייזע צונג, האָבען איהם געטריעבען צו זיין יעצטיגען צושטאַנד."

לוקיאַנאַ האָט פערטהיידיגט איהר שוועסטער, בעהויפּטענדיג, דאָס ווען זיא האָט איהם פאָרגעהאַלטען, איז דאָס געווען אויף אַ מילדען אופן, און דאַן, זיך ווענדינדיג צו אדריאַנאַ'ן, האָט זיא געזאָגט:

„וואָס הערסטו אויס דיעזע קריטיק איבער דיר און ענטפערסט גאָר ניט אפילו?"

אָבער דיא נאָנען־אויפזעהערין האָט זיא איבערצייגט, אַז זיא אַליין איז שולדיג, און אדריאַנאַ האָט בעמערקט:

„איך האָב מיך ווירקליך אַליין פערראַטען."

כאָטש אדריאַנאַ האָט זיך געפיהלט שולדיג, האָט זיא, פון דעסט־וועגען, נאָך אימער פערלאַנגט מען זאָל אַרויסגעבען איהר מאַן. אָבער דיא נאָנען־אויפזעהערין האָט קיינעם ניט געוואָלט לאָזען אריין געהען אין קלויסטער און אויך ניט אַרויסגעבען דעם מאַן צו זיין אייפערזיכטיגע פרוי. און אום ניט ווייטער איינצו'טענה'ען, איז זיא אריין אין קלויסטער, פער־

מאכט דיא טהיר און בעשלאָסען אַליין צו זעהען דעם אונגליקליכען יונגען מאַן און איהם פרעגען וואָס דאָ איז.

וועהרענד דיעזען מערקווירדיגען טאָג פון אונגליקליכע טעות'ן, האָט זיך דערווייל דערנעהנטערט דיא טויטעס־שטונדע פון דעם אַלטען עגעאָן, דער פאטער פון דיא צוויי ברידער. עס איז געוועזן בעשטימט, דאָס אויב מען וועט איהם ניט אויסלעזען ביז זונענאונטערגאנג, דאן מוז ער שטאַרבען.

דער פּלאַטץ פון דער הינריכטונג האָט געזאָלט זיין ניט ווייט פון דעמזעלבען קלויסטער וואו דיא לעצטע בהלה איז פאָרגעקומען. דיא פּראָצעסיאָן מיט דעם פעראורטהיילטען איז אָנגעקומען אין יענער געגענד גראדע ווען דיא נאָנען־אויפזעהערין האָט זיך צוריקגעצויגען אין איהר וואָהנונג. דער פירסט אַליין איז נאָכגעגאנגען דער פּראָצעסיאָן, כדי, ווען איינער וועט אויסצאָהלען דאָס געלד, זאָל ער זיין אויף'ן פּלאַטץ אום צו בעפרייען דעם אַלטען קויפמאַן.

ווען אדריאַנא האָט דערזעהען דעם פירסט אין דער פּראָצעסיאָן, האָט זיא אָבגעשטעלט דעם גאנצען עולם און אויסגעשריען צום פירסט, אַז זיא פערלאנגט גערעכטיגקייט. דאן האָט זיא דערצעהלט, אַז דיא נאָנען־אויפזעהערין וויל איהר ניט אַרויסגעבען איהר משוגענעם מאַן.

אָבער וועהרענד זיא האָט אַזוי גערעדט, איז איהר ריכטיגער מאַן מיט זיין דיענער דראָמיאָ אָנגעקומען; זיי איז געלונגען צו ענטלויפען פון זייער געפענגניס. ער איז אויך צוגעגאנגען צום פירסט און פערלאנגט גערעכטיגקייט, בעהויפטענדיג, אַז זיין פרוי האָט איהם אָבגעשפּאַרט אונטער דער פאַלשער קלאגע פון משוגעת. דאן האָט ער דערצעהלט וויא אַזוי ער האָט צוריסען דיא שטריק און ענטלאָפען.

אדריאַנא איז געוועזן אויסער זיך פאר איבעררעשונג צו זעהען איהר מאַן וועמען זיא האָט גערעכענט אַז ער איז אין קלויסטער.

ווען עגעאָן האָט דערזעהען אנטיפאלוס'ן פון עפעזוס, האָט ער איהם גערעכענט פאר זיין זוהן פון סיראקוזע; ער איז אַלזאָ געוועזן זיכער, אַז זיין געליעבטער זוהן וועט איהם געוויס אויסלעזען. ער איז אַלזאָ צוגעגאנגען צו זיין זוהן, און מיט פאטערליכער צערטליכקייט און פול פרייד, האָט ער צו איהם גערעדט האָפענדיג, אַז ער איז שוין זיכער פריי.

עגעאָן איז אָבער ערשטוינט געוואָרען ווען ער האָט געהערט, אַז זיין זוהן לייקענט אָב אַלע זיינע בעהויפטונגען. דער אמת איז, אַז דיעזער

אנטיפאלוס האָט ווירקליך ניט געזעהען זייז באַטער זייט זיין פריהער קינד־הייט ווען דער שטורם האָט זיי צושיידט. אָבער וועהרענד עגעאָן האָט ווייטער פּרובירט צו דערמאהנען זיין זוהן, האָט זיך געעפענט דיא טהיר פון דעם קלויסטער, און דיא נאָנען־אויפזעהערין צוזאַמען מיט דעם אַנדערן אנטיפאלוס און דעם דיענער דראָמיאָ, זיינען ערשיענען.

מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען דאָס ווילדע שטוינען פון אדריאנא'ן, ווען זיא האָט פאר זיך דערזעהען צוויי מענער און צוויי דראָמיאָס.

יעצט האָבען דיא מעקווירדיגע רעטענישען זיך אָנגעפאַנגען אויפצוקלע־רען. עס איז שוין אויך געווען דיא העכסטע צייט דערפאר.

ווען דער פירסט האָט געזעהען דיא צוויי אנטיפאלוס'עס און דיא צוויי דראָמיאָס, וועלכע האָבען אויסגעזעהען אַזוי עהנליך, האָט ער זיך באַלד געטראַכט, אַז ער ווייסט שוין אַלעס און האָט דעם שליעסעל צום געהיימ־ניס. ער האָט זיך דערמאהנט אַן דער געשיכטע וואָס עגעאָן האָט איהם דערצעהלט אין דעם פריהמאָרגען פון דעמזעלבען טאָג, און ער האָט בע־שלאָסען, אַז פאר איהם שטעהען ביידע צווילינג זיהן פון דעם אַלטען עגעאָן צוזאמען מיט זייערע ביידע דיענער.

דער פירסט האָט דאָס אויך באַלד ערקלערט פאר אַלע אַנוועזענדע.

דיא פרייד פון דעם אַלטען מאַן איז געווען אונבעשרייבליך. דאָס וואָס ער האָט דערצעהלט אין דער פריה אין טיעפען שמערץ, אונטער דעם אורטהייל פון טויט, האָט זיך פערוואַנדעלט אין שמחה. נאָר דאָס איז נאָך ניט געווען אַלעס. דיא אַלטע נאָנען־אויפזעהערין איז צוגעגאַנגען נעהנטער און זיך אויסגעגעבען פאר עגעאָן'ס פרוי, דיא מוטער פון דעם צווילינג.

עגיאָן האָט אַלזאָ ניט נאָר געפונען זיינע קינדער, זאָנדערן אייך זיין ווייב!

דאַן האָט זיך דיא געשיכטע אַזוי אויפגעקלערט: ווען דיא פישער־לייט האָבען פון איהר צוגענומען איהר זוהן און שקלאַף, איז זיא אריין אין א נאָנען־קלויסטער, און דורך איהר גוטע און קלוגע אויפפיהרונג, האָט זיא דערגרייכט דיא שטעלע אלס אויפזעהערין. זיא איז אויך גיווען בע־ריהמט פאר איהר גוטסקייט צו עלענדע וואַנדערער, און וועהרענד זיא האָט אויפגענומען אנטיפאלוס'ן און איהם געגעבען שוטץ, האָט זיא דאָס בלויז געדעכענט פאר א פליכט צו א פערפאָלגטען, ניט דענקענדיג דאמאלס, אַז דאָס איז איהר זוהן.

דיא אַלגעמיינע פרייד, האָט דערוויל געמאַכט דיא בעטהייליגטע פערגעסען, אַז דער אַלטער עגעאָן איז נאָך אימער אונטער דעם אורטהייל פון טויט. אָבער ווען זיי האָבען זיך אביסעל בערוהיגט, האָט אַנטיפאָלוס פון עפעזוס באַלד אָנגעבאָטען דעם פירסט דיא סומע געלד וואָס האָט בעדאַרפט אויסלעזען זיין פאָטער.

נאָכדעם איז דער פירסט מיטגעגאַנגען מיט דער גאַנצער פאַמיליע אין קלויסטער אום נאָך אַ מאָל צו הערען דיא איינצעלהייטען פון דיעזער וואונדערבאַרער פעראייניגונג.

מען דאַרף אָבער אויך ניט פערגעסען אַן דער פרייד פון דיא צוויי אָרעמע דראָמיאָס. זיי האָבען זיך אויך בעגריסט, זיך געהאַלזט און געקושט, און יעדער האָט געמאַכט אַ קאָמפּלימענט דעם צווייטען וויא שעהן ער איז, וויסענדיג, אַז דערמיט מאַכט ער זיך אַליין אויך אַ קאָמפּלימענט, וויל זיי זיינען ווירקליך געוועזען אַזוי עהנליך וויא צוויי טראָפּענס וואַסער.

דערוויל האָט אַדריאַנאַ זעהר פיעל געלערענט פון איהר נייער שווינגער-מוטער. דיא אייפערזוכט איז ניט נאָר פון איהר פערשוואונדען, זאָנדערן זיא האָט אויך זיך געשעהמט פאַר איהר אייפערזיכטיגער פערגאַנגענהייט.

אַנטיפאָלוס פון סיראַקוזע האָט חתונה געהאַט מיט דער שעהנער לוקיאַנאַ, דיא שוועסטער פון זיין שוועגערין. דער גוטער אַלטער עגעאָן, האָט נאָך געלעבט פיעלע גליקליכע יאָהרען מיט זיין פרוי אין עפעזוס נעבען זיינע קינדער.

אין דער צוקונפט, וויסענדיג, אַז דיא עהנליכקייט פון דיא אַנטיפאָלוס'עם וועט אַרויסרופען פיעלע קאָמעדיען פון טעות'ן, האָבען זיך ביידע צווילינגען אָפּט מאָל אַמוזירט און דער עולם האָט זיך טועה געווען און גערעכענט איינעם פאַר'ן צווייטען.



# די צוועלפטע נאכט אדער וואס דו ווילסט




עבאסטיאן פון מעסאלינע און וויאָלא פון מעסאלינע, זיינען געווען ברודער און שוועסטער. דער וואונדער דערביי איז געווען, וואָס אָבוואָהל א מאַנספּאַרשוין און א פרויענצימער, ווען ניט דער אונטערשיעד אין זייער קליידונג, וואָלט מען זיי ניט דערקענט דורך זייער שטאַרקע ענליכקייט.

זיי זיינען געווען א צווילינג, געבוירען אין איין שטונדע, אָבער אויך אין איין שטונדע זיינען זיי געשטאַנען אין געפאהר ביידע דערטרונקען צו ווערען, וויל, פאָהרענדיג ביידע אויף'ן ים, איז זייער שיף צושמעטערט געוואָרען ניט ווייט פון דעם ברעג ביי אילירא.

א שטורם האָט געוויטהעט און אַרויפגעשליידערט דיא שיף אויף א פעלזען. דיא שיף איז איינפאך איבערגעריסען געוואָרען אין צווייען, און זעהר וועניג מענשען האָבען געראַטעוועט זייער לעבען.

דער קאַפּיטאַן פון דער שיף, צוזאמען מיט עטליכע מענשען, דארונ־טער וויאלא, האָבען זיך געראַטעוועט אין א קליין שיפעל און עס איז זיי געלונגען צוצוקומען צום האַפען. אזוי וויא זיי האָבען געלאַנדעט, אנשטאט וויאלא זאָל זיין פרעהליך, האָט זיא אָנגעהויבען צו וויינען און קלאַגען אויף דעם פערלוסט פון איהר געליעבטען ברודער. דער קאַפּיטאַן ווידער האָט זיא געטרייסט און פערזיכערט, אז ער האָט געזעהען איהר ברודער סע־באסטיאן, ווען דיא שיף איז צושמעטערט געוואָרען, זיך צובינדען צו א גרויסען מאַסטבוים, און דאן האָט ער געזעהען וויא דיא כוואַליעס האָבען איהם געטראָגען, דאָס הייסט, אז ער איז ניט דערטרונקען גע־וואָרען.

ווען וויאלא האָט דאָס געהערט, האָט זיא זיך א ביסעל געטרייסט,

און אָנגעפּאַנגען צו קלערען וואָס עס זאָל ווערען פון איהר אַליין. זיא איז געווען פרעמד, אין א פרעמד לאַנד און ניט געוואוסט וואָס זיא זאָל טהון.

זיא האָט געפרעגט דעם קאַפּיטאַן אויב ער ווייסט עפּעס איבער אילליריאַ.

„יא, מאַדאַם, געוויס ווייס איך," האָט דער קאַפּיטאַן געענטפערט, „איך בין געבוירען געוואָרען בלויז דריי שטונדען רייזע פון דאַנען."

„ווער רעגיערט דאָ?" האָט וויאָלא ווייטער געפרעגט.

דער קאַפּיטאַן האָט איהר ערקלערט, אַז אילליריאַ ווערט רעגיערט פון פירסט אָרסינאָ, א נאָבעלער און עהרענהאַפטער מאַן.

וויאָלא האָט זיך דאַן דערמאָהנט, אַז איהר פאָטער האָט איהר אַמאָל דערצעהלט איבער איהם, דאַמאַלס איז פירסט אָרסינאָ נאָך ניט געווען פערהייראַטעט.

„און יעצט איז ער אויך ניט פערהייראַטעט," האָט דער קאַפּיטאַן געזאָגט, „אָדער, ווענינגסטענס, איז ער אין דער לעצטער צייט נאָך ניט געווען פערהייראַטעט, ווייל עס איז בלויז א מאָנאַט זייט איך בין פון דאַנען אַוועקגעפאָהרען. דאַמאַלס געדענק איך, האָט מען איבעראַל גערעדט, אַז אָרסינאָ האָט זיך גע'שדכ'ענט צו דער שעהנער אָליוויא, א טוגענדהאַפטעס מיידעל, דיא טאָכטער פון א גראַף וואָס איז מיט צוועלף מאָנאַט צוריק געשטאָרבען, איבערלאָזענדיג אָליוויא'ן אונטער דעם שוטץ פון איהר ברודער, וועלכער איז אויך באַלד נאָך דעם געשטאָרבען. אויס ליעבע צו דיעזען ברודער, זאָגט מען, האָט זיא געשוואוירען זיך מעהר ניט צו געפינען אין דער געזעלשאַפט פון מענער."

אזוי וויא וויאָלא איז אויך געווען אין אזא לאַגע, דאָס הייסט אויך טרויערנדיג נאָך א ברודער, האָט זיא זיך געוואונשען צו לעבען צוזאַמען מיט דיעזער דאַמע, וועלכע קען אזוי אויפריכטיג טרויערען נאָך א ברודער.

זיא האָט געפרעגט דעם קאַפּיטאַן אויב ער קען זיא פאָרשטעלען פאַר אָליוויא'ן, און זיך ערקלערט בערייט צו דיענען ביי איהר. דער קאַפּיטאַן האָט געענטפערט, אַז דאָס וועט זיין זעהר שווער דורכצופיהרען, נאַכדעם אָליוויא לאָזט קיינעם ניט. אריין אין איהר הויז זייט דעם ברודער'ס טויט, און אפילו דער פירסט קען צו איהר ניט צוקומען.

דאַן איז וויאָלא געפאַלען אויף אַן אַנדערן פּלאַן, דאָס הייסט, זיא זאָל זיך פערקליידען אַלס מאַן און דיענען ביי אָרסינאָ'ן.

עס איז אפילו געווען אַ מערקווירדיגער איינפאַל פאר אַ יונגער דאַמע, זיך צו פערקליידען אַלס מאַן, אָבער אַזוי וויא וויאָלא האָט געוואוסט, אַז זיא איז זעהר שעהן און געפינט זיך אין אַ פרעמד לאַנד, וועט זיין בּאַר איהר פיעל בעסער זיך צו פערשטעלען אַלס מאַן.

וויאָלא האָט בעמערקט, אַז דער קאַפּיטאַן איז אַן אַנשטענדיגער מענש און ער אינטערעסירט זיך זעהר אין איהר טרויעריגער לאַגע. זיא האָט פאר איהם אַלזאָ פערטרויעט איהר פּלאַן, און ער האָט איהר פערשפּראָכען צו העלפען.

דאָס מיידעל האָט איהם געגעבען געלד און געבעטען ער זאָל זיא בעזאָרגען מיט אַ פּאַסענדען אַנצוג. זיא האָט זיך דערמאַהנט וויא איהר ברודער סעבאַסטיאַן פּלעגט זיין געקליידעט, און זיא האָט פערלאַנגט אַן אַנצוג פּונקט וויא יענער.

ווען זיא האָט זיך אָנגעטהאָן אין דיעזע בגדים און זיך אָנגעקוקט אין שפּיעגעל, האָט זיא פאר זיך ערבליקט איהר ברודער סעבאַסטיאַן.

דאָס האָט געפיהרט צו אַ מערקווירדיגען טעות שפּעטער, ווייל סעבאַסטיאַן איז געראַטעוועט געוואָרען און — אָבער דאָס אַלעס וועט באַלד ערקלערט ווערען.

וויאָלא'ס גוטער פריינד, דער קאַפּיטאַן, נאָכדעם וויא ער האָט בּערוואַנדעלט דאָס שעהנע מיידעל אין אַ מאַן, איז ער אַוועק אין פירסטליכען הויף וואו ער האָט געהאַט אַנדערע געשעפטען צו בעזאָרגען, און ביי דיעזער געלעגענהייט האָט ער פאָרגעשטעלט וויאָלא'ן פאַר'ן פירסט אונטער דעם נאָמען צעזאַריאָ.

דעם פירסט איז שטאַרק געפעלען געוואָרען דיא שפּראַך און בענעהמען פון דעם שעהנעם יונגען מאַן און איהם באַלד געמאַכט פאר זיין פּאַזש, אָדער קאַמער יונגע. דאָס האָט אויך וויאָלא געוואָלט.

וויאָלא האָט אַזוי ערפילט איהרע פליכטען, זיך געצייגט אַזוי בערייטוויליג צו טהון אַלעס פאר איהר הערר, אַז צעזאַריאָ איז באַלד געוואָרען זיין גרעסטער ליעבלינג.

פאר צעזאַריאָ'ן האָט אָרסינאָ פערטרויעט דיא גאַנצע געשיכטע פון זיין ליעבע פאר אָליוויאַ'ן. ער האָט איהם דערצעהלט וויא לאַנג דאָס איז וויט ער בעמיהעט זיך צו קריעגען איהר האַנד, און וויא זיא פעראַכטעט איהם

און וויל איהם אפילו ניט אריינלאָזען אין איהר הויז. און אלץ אויס דיע־זער האָפנונגסלאָזער ליעבע, האָט דער נאָבעלער אָרסינא אויפגעגעבען זיינע יאַגד פערגעניגענס און אלעס אַנדערע און איז געוואָרען אַ פויללענצער, פער־ברענגענדיג זיין צייט הערענדיג מוזיק און ליעבעס־ליעדער. ער האָט אויך אויפגעגעבען דיא געזעלשאַפט פון דיא געלערענטע מענער מיט וועמען ער פלעגט זיך אָפט בעגעגענען און פערלוירען דיא אינטערעסע אין דער גאַנ־צער וועלט.

דאַן, ווען צעזאַריאָ איז געקומען צו איהם, פלעגט ער פערברענגען כמעט זיין גאַנצע צייט רעדענדיג מיט איהם איבער זיין אונגליקליכע ליעבע.

דאָס איז אפילו ניט געווען קיין פּאַסענדער קאָמפּאַניאָן פאַר אַ נאָבע־לען און מעכטיגען פירסט, אָבער דיא ליעבע איז אימשטאַנדע צו מאַכען פון העלדען דיא שוואַכסטע ברואים.

אין דערזעלבער צייט מוזען מיר בעמערקען, אַז עס איז ווירקליך אַ געפאהר פאר אַ יונג מיידעל צו זיין דיא בוזים־פערטרויעטע פון אַ יונגען און שעהנעם פירסט אין זיינע ליעבעס אנגעלעגענהייטען. דאָס האָט וויאלא, צו איהר בעדויערן, אויך באַלד אויסגעפונען. וויil אלעס וואָס ארסינא האָט איהר דערצעהלט, אַז ער ליידט פאַר דער ליעבע צו אָלי־וויא׳ן, האָט זיא געשפּירט, אַז זיא ליידט פאַר דער ליעבע צו איהם. וויאלא האָט זיך מעהרערע מאָל געוואונדערט אויף אָליוויא׳ן, וויא זיא קען פערבלייבען אַזוי גלייכגילטיג צו אַ שעהנעם און פּרעכטיגען מאַן. אָבער אָליוויא האָט וויאלא׳ן זעהר ווייניג געקימערט; זיא איז געווען שטאַרק נעערגערט איבער ארסינא׳ן און זיא האָט פּרובירט איהם לאַנגזאַם אויפמערק־זאַם צו מאַכען איבער זיינע אייגענע גרויסע מעלות און דאָס עס פּאַסט ניט פאַר איהם ער זאָל זיך אַזוי אַרונטערלאָזען.

„ווען אַ דאַמע זאָל אייך אַזוי ליעבען,“ האָט זיא צו איהם געזאָגט, „וויא איהר ליעבט אליוויא׳ן, (און פיעללייכט ליעבט אייך טאַקי אַזוי אַ דאַמע,) יא, ווען דאָס זאָל זיין דער פאַל, און איהר זאָלט זיא ווידער ניט ליעבען, וואָלט איהר ניט מיטגעטהיילט דיעזער דאַמע, אַז איהר קענט זיא ניט ליעבען און זיא זאָל צופריעדען זיין מיט דעם ענטפער?“

אָבער דער פערליעבטער ארסינא האָט זיך גאָר ניט געוואָלט אריינלאָ־זען אין אַזא חקירה; ער האָט בעהויפּטעט, אַז עס איז גאָר אונמעגליך, אַז אַ פרויענצימער זאָל אַזוי ליעבען וויא ער ליעבט.

„ניין, ניין," האָט ער געזאָגט, „קיין פרויען האַרץ איז אַזוי גרויס צו ענטהאַלטען אַזוי פיעל ליעבע, און דערפאַר פּאַסט עס גאָר ניט צו פערגלייכען אירגענד אַ פרויענליעבע צו דער ליעבע וואָס איך טראָג אין מיין ברוסט."

כאָטש וויאָלא האָט געהאַט דיא העכסטע אכטונג פאַר דעם פירסט'ס מיינונגען, האָט זיא דאָך געטראַכט, אַז וואָס ער זאָגט איז ניט אמת, ווייל זיא איז געווען זיכער, אַז זיא ליעבט דעם פירסט פּונקט אַזוי פיעל וויא ער קען ליעבען, אָדער, אפשר נאָך מעהר.

„אָך, מיין הערר," האָט זיא געזאָגט, „איך ווייס" . . .

„וואָס ווייסטו, צעזאַריאָ?" האָט ער געפרעגט.

„איך ווייס זעהר גוט וואָס פאַר אַ ליעבע אַ פרויענצימער קען האָבען פאַר אַ מאַן. פרויען קענען פּונקט אַזוי ליעבען וויא מיר מענער. מיין פאַטער האָט געהאַט אַ טאָכטער, וועלכע האָט געליעבט אַ מאַן, וויא איך פיעללייכט, ווען איך וואָלט געווען אַ פרוי, וואָלט אייך געליעבט."

„און וואָס איז געווען מיט דיין שוועסטער'ס ליעבע?"

„קיינער ווייסט ניט, מיין הערר. זיא האָט עס קיינעם ניט דערצעהלט. זיא האָט אין זיך געטראָגען דאָס מאַטערענדע געהיימניס, וועלכעס האָט זיא פערצעהרט וויא דער וואָרם, וואָס ליעגט אין גלעקעלע פון דער רויז, פרעסט אויף איהרע רויטע באַקען. זיא האָט געטראָגען דעם שמערץ אין איהר גע־דאַנק, און מיט אַ גרינער און געלער מעלאַנכאָליע איז זיא געזעסען וויא דיא גערולד אויף אַ מאָנומענט שמאַכטענדיג פון שמערץ."

דער פירסט האָט זעהר געוואָלט וויסען אויב דיזע דאַמע איז גע־שטאָרבען פון שמערץ אוים ליעבע, אָבער וויאָלא האָט אויסגעמיעדען צו געבען אַ דירעקטען ענטפער, ווייל דיא בעצייכנונג איז געווען איבער איהר אַליין, וועלכע האָט אַזוי פיעל געליטען פון איהר בעהאַלטענער ליעבע.

וועהרענד זיי זיינען געזעסען און אַזוי גערעדט, איז אריינגעקומען אַ מאַן וועמען דער פירסט האָט געשיקט צו אָליוויא'ן. דער מאַן האָט אָבגע־געבען פאָלגענדען בעריכט :

„ערלויבט מיר, מיין הערר, אייך מיטצוטהיילען, אַז אָליוויא האָט מיך ניט צוגעלאָזט. זיא האָט בלויז אַרויסגעשיקט איהר קאַמער־פרוי אייך צו געבען דיעזען ענטפער : ביז זיעבען יאָהר פון היינט, זאָלען דיא עלע־מענטען אַליין ניט זעהען איהר געזיכט ; זיא וועט, וויא אַ נאָנע, אַרומ־

געהען מיט אַ שלייער אויף איהר פּנים בעשפּריצענדיג איהר צימער מיט טרערען פאַר דער טרויעריגער עראַינערונג אן איהר ברודער.״

ווען דער פירסט האָט דאָס געהערט, האָט ער אויסגעשריען:

„אַך, דיעזע וואָס האָט אַזאַ נאָבעלעס האַרץ, וואָס קען אַזוי טרויערן נאָך אַ ברודער, וויא וועט זיא ליעבען, ווען איהר האַרץ וועט איין מאָל בעריהרט ווערען פון דעם גאָלדענעם ליעבעס־שטאַב!״

דאַן זיך ווענדענדיג צו וויאָלאַ׳ן, האָט ער געזאָגט:

„דוא ווייסט, צעזאַריאָ, דיר האָב איך ענטדעקט אַלע געהיימניסע פון מיין האַרצען; דערפאַר, גוטער יונגע, בעט איך דיך, געה דוא אַרי־בער צו וויאָלאַ׳ן. לאָז דיך ניט אָפּטרייבען; שטעל אַוועק דיין פוס אויף איהר שוועל און זאָג איהר, אַז דוא וועסט פון דאָרט ניט אַוועק־געהען ביז זיא וועט דיך אויפנעהמען און הערען וואָס דוא האָסט צו זאָגען.״

„און ווען איך וועל רעדען צו איהר, וואָס וועט זיין דאַן?״

„דאַן, צעזאַריאָ, ערקלער איהר מיין גאַנצע ברענענדע ליעבע. דער־צעהל איהר פון מיין טריישאַפט. יאָ, צעזאַריאָ, רעדט צו איהר, ווייל זיא וועט דיך געוויס אויספרעגען.״

דיא אָרעמע וויאָלאַ איז אַוועק אין דיעזער אוּנאַנגענעהמער שליחות, זיא, וואָס האָט געליעבט דעם פירסט, איז אַוועק שפּיעלען דיא ראָלע פאַר איהם און ערקלערען ליעבע פאַר איהם צו דער פרוי וואָס זיא האָט אַמבעסטען ניט געוואָלט זעהען אין איהר וועג.

אָבער נאָכדעם וויא וויאָלאַ האָט איין מאָל אונטערגענומען דיעזע שליחות, איז זיא געווען בערייט אַלעס דורכצופיהרען וויא עס דאַרף צו זיין, אָבוואָהל איהר האַרץ האָט דערוייל געבלוטעט.

עס האָט ניט פיעל געדויערט און אָליוויאַ׳ס דיענסט האָט אָנגעזאָגט איהר הערין, אַז אַ יונגער מאַן וויל זיא זעהען.

„איך האָב איהם געזאָגט,״ האָט זיך דיא דיענסט פערטהיידיגט פאַר אָליוויאַ׳ן, „אַז איהר זייט קראַנק; און ער האָט געענטפערט, אַז ער ווייסט דערפון, און טאַקי דערפאַר וויל ער אייך זעהען. איך האָב איהם געזאָגט, אַז איהר שלאָפט, און, וויא עס שיינט, האָט ער דערפון אויך געוואוסט, און געזאָגט, אַז טאַקי דערפאַר דאַרף ער רעדען מיט אייך. וואָס נאָך זאָל איך איהם זאָגען? ער זעהט אויס ענטשלאָסען מיט אייך זיך צו בעגעגענען אויב איהר ווילט עס יאָ אָדער ניט.״

אליוויא איז געוואָרען נייגיעריג.

מיט אַ שמייכעל האָט זיא זיך אַליין געפרעגט:

„ווער קען דאָס זיין וואָס איז אַזוי צודרינגליך?"

זיא האָט דאן געהייסען מען זאָל איהם אריינלאָזען.

זיך מערקענדיג, אז דאס מוז ווידער זיין אַ שליח פון ארסינא'ן, האָט זיא אַרויפגעוואָרפען דעם שלייער אויף איהר געזיכט און גע־מורמעלט:

„אדרבא, לאָמיך הערען וואָס ער האָט צו זאָגען."

וויאלא איז ערשינען און אנגעווענדעט אַלעם מעגליכע אויסצוזעהען ווי אַ מאַן.

ערבליקענדיג פאר זיך די פערשלייערטע דאמע, האָט וויאלא, אלס מאן, אזוי געזאָגט:

„גרויסארטיגע, ערהאבענע און אונפערגלייכליכע שעהנהייט, איך בעט דיך, זאָג מיר, ביסטו די הערין פון דיעזען הויז? איך פרעג דאָס, ווייל איך וואָלט ניט וועלען פערצעהרען מיינע ווערטער אומזיסט פאר אן אנדערער. אונגעאכטעט דארויף וואס איך זאָג אַלעס ארויס אזוי גוט, האָב איך פיעל שטודירט ביז איך האָב דאָס אויסגעלערענט."

„פון וואַנען ביסטו?" האָט אליוויא געפרעגט.

„מעהר ווי איך האָב איינגעשטודירט, קען איך ניט זאָגען, און דיעזע פראגע וואָס דוא האָסט מיר געשטעלט, געפינט זיך ניט אין מיין ראָלע."

„ביסטו אן אקטיאָר?" האָט אליוויא געפרעגט.

„ניין, און דאָך בין איך ניט דאָס וואָס איך שפּיעל יעצט."

וויאָלאַ האָט געמיינט דערמיט צו זאָגען, אז זיא איז אַ פערשטעלטעם פרויענצימער.

דאן האָט זיא ווידער געפרעגט אליוויא'ן אויב זיא איז די הערין פון דעם הויז. אליוויא האָט איהר ענדליך געענטפערט: „יא."

דאן איז וויאָלא אויך געוואָרען נייגיעריג און געוואָלט זעהען ווי אר־סינאָ'ס געליעבטע זעהט אויס.

„גוטע דאמע," האָט וויאָלא אָנגעהויבען, „לאָז מיך זעהען דיין גע־זיכט."

דאָס איז אפילו געווען אַ שטאָלצער פערלאנג, אָבער אליוויא איז געווען בערייט צו ערפילען דעם וואונש. די אורזאכע דערפון איז געווען גאנץ איינפאך: דיעזעלבע וועמען דער פירכט האָט אזוי שטארק געליעבט,

ווען זיא האט דערזעהען דעם שעהנעם צעזאריא, האט זיא זיך באלד פער־ליעבט אין איהם.

ווען וויאלא האט פערלאנגט צו זעהען איהר געזיכט, האט וויאלא גע־ענטפערט:

„האסטו ערהאלטען אירגענד אן אויפטראג פון דיין העררן צו אונטער־האנדלען וועגען מיין געזיכט?"

דאן, פערגעסענדיג איהר ענטשלוס צו געהען פערשלייערט וועהרענד געזאגט:

„אט דא נעהם איך אוועק דעם פארהאנג און דוא קענסט זעהען דאס בילד, זאג אליין, איז דאס א פיין שטיקעל ארבייט?"

„עס איז א שעהנהייט," האט וויאלא געענטפערט א ביסעל איבער־ראשט, „ריכטיג און פינקטליך דורכגעמישט; דאס רויטע און ווייסע אויף דיינע באקען איז דיא ארבייט פון נאטור'ס קינסטלער האנד. דוא וועסט זיין דיא גרויזאמסטע דאמע וואס לעבט ווען דוא וועסט אוועקפיהרען דיינע גראציען אין קבר אריין און ניט איבערלאזען פאר דער וועלט קיין קאפיע."

„אך," האט אליוויא געענטפערט, „אזוי גרויזאם וועל איך ניט זיין. דיא וועלט וועט מעגען האבען א פערצייכנים פון מיין שעהנהייט. ערשטענס, צוויי ליפען, אונוויכטיג רויט; צווייטענס, צוויי גרויע אויגען מיט דעקעלעך אויף זיי; איין האלז; איין קינבאק, און אזוי ווייטער. זאג מיר נאר, יונגער מאן, האט מען דיך געשיקט אהער מיך צו לויבען?"

„איך זעה שוין ווער דוא ביסט," האט וויאלא געענטפערט. „דוא ביסט צו שטאלץ, אבער אויך צו שעהן. מיין הערר ליעבט דיך. אך, ווען אזא ליעבע וואלט נאר געקענט בעלוינט ווערען, אפילו ווען דוא זאלסט זיין געקרעהנט אלס דיא קעניגין פון שעהנהייט! ווייל ארסינא ליעבט דיך מיט דער גרעסטער פערעהרונג און מיט טרערען, מיט קרעכצען וואס דונערן מיט ליעבע, און זיפצען פון פייער —"

„דיין הערר," האט אליוויא אונטערבראכען, „ווייסט שוין גאנץ גוט מיין מיינונג, אז איך קען איהם ניט ליעב האבען. איך ווייס, אז ער איז א נאבעלער און פיינער מאן, פון א פרישער און אונבעפלעקטער יוגענד. אלע שטימען פראקלאמירען איהם אלס דעם געלערנטען, גאלאנטען און מוטהי־גען; דאך קען איך איהם ניט ליעב האבען, און דאס האט ער שוין לאנג בעדארפט פערשטעהען."

„ווען איך וואלט דיך געליעבט וויא מיין הערר ליעבט דיך," האט

וויאלא געזאָגט, „וואָלט איך מיר געמאַכט אַ שטיבעל פון ווערבעס נעבען דיין טויער, אַנגערופען דיין נאָמען און געשריעבען גנקלאַנגענדע סאָנעטען איבער אליוויא׳ן, און זיי געזונגען אין דער שטילקייט פון דער נאַכט. דיין נאָמען וואָלט געקלונגען איבער דיא בערג, און דער ווידער־קול וואָלט אָבגעהילכט אין דער לופט און צוריקגעשריען — אליוויא! אַך, דוא וואָלכט האָמאָלס ניט מעהר געשטאַנען צווישען דיא עלעמענטען פון דער ערד און לופט, נאָר דוא וואָלסט אויף מיר רחמנות געהאַט.“

„דוא וואָלסט געקענט פיעל אויפטהון,“ האָט אליוויא געזאָגט. „אָבער, דערצעהל מיר, ווער זיינען דיינע עלטערן ?“

„זיינען זיי איבער מיין גליק,“ האָט וויאָלא געענטפערט, „און דע־נאָך בין איך רייך, איך בין אַן עהרענמאַן.“

אונווילענדיג האָט אליוויא דאַן ענטלאסען וויאָלא׳ן און בעמערקט :

„געה זאָג דיין הערר, אַז איך קען איהם ניט ליעבען. זאָל ער שוין מעהר קיינעם אהער ניט שיקען, אָדער פיעללייכט מעגסטו קומען מיר דער־צעהלען וויא ער פיהלט נאָך דעם וואָס איך בעפעהל איהם יעצט.“

וויאלא איז אוועק ווינשענדיג דער דאמע „אדיע,“ און זיא אָנגערופען „שעהנע גרויזאמקייט.“

ווען וויאלא איז אוועק, איז אליוויא געשטאַנען אַ היבשע צייט און איהר נאָכגעקוקט, און דאַן האָט זיא געמורמעלט ווידערהאָלענדיג איהרע ווערטער : „איך בין אַן עהרענמאַן !“

„יא,“ האָט זיא ווייטער געזאָגט, „ער איז אַן עהרענמאַן ! זיין צונג, זיין געזיכט, זיינע פיס, זיינע בענעהמונגען און גייסט, קורץ אַלעס צייגט, אַז ער איז אַן עהרענמאַן !“

דאַן האָט זיא זיך געוואונשען, אַז הלוואי וואָלט צעזאַריאָ געווען דער פירסט, און בעמערקענדיג וויא שנעל און ברענענדיג איהר ליעבע איז גע־וואָרען, האָט זיא זיך אַליין געמאַכט פאָרווירפע פאר דיעזער פלעטצליכער ליעבע. אָבער דיעזען מין פאָרווירפע וואָס מענשען מאַכען געגען זיך אליין, האָבען זעלטען אַ ווירקונג.

עס האָט אויך ניט פיעל געדויערט און אליוויא, דיא עדעלע דאמע פון הויכער געבורט און גרויסען אדעל, האָט באַלד אַרויסגעוויעזען וואָס עס הייסט ווען דיא פייערדיגע און ברענעדיגע ליעבע געהט אַריין אין דעם האַרץ פון אַ יונגער און שעהנער דאמע.

אליוויא האָט פערגעסען אַן אַלע פאָרזיכטיגקייטען, און דערפאַר האָט

זיא גענומען אַ קאָסטבּאַרען בּריליאַנטענעם רינג, איהם געגעבּען צו אַ דיענער און געהייסען מען זאָל נאָכלויפען צעזאַריאָ׳ן און איהם געבּען דעם רינג, בּעהויפּטענדיג, אַז ארסינאָ האָט איהר געשיקט דעם רינג און זיא וויל איהם ניט האָבּען. זיא האָט דערמיט געוואָלט ערשטענס צעזאַריא זאָל האָבּען אַ שעהנעם רינג, און, צווייטענס, איהם אויפמערקזאם מאַכען, אַז זיא ליעבּט איהם, אָדער, ווענינגסטענס, פערזיכערען ער זאָל נאָך אַ מאָל צוריק קומען כּדי זיא זאָל קענען מיט איהם רעדען.

דער דיענער האָט געטראָפען וויאָלאַ׳ן אויף דער גאַס און איהר איבּער־געגעבּען דעם רינג.

עס האָט ניט פיעל געדויערט און וויאָלאַ האָט פערשטאַנען וואָס דאָס בּעדייטעט.

„אַך!“ האָט זיא אויסגערופען צו זיך אַליין, „דיא אָרעמע דאַמע וואָלט פּונקט אַזוי געמעגט ליעב האָבּען אַ חלום וויא מיך. פערשטעלען זיך איז אַ פערבּרעכען, ווייל דאָס האָט געפיהרט אַליוויאַ׳ן אויסצואָטהמען פּונקט אַזעלכע פּרוכטלאָזע זיפצען נאָך מיר וויא איך פאַר אָרסינאָ׳ן.“

וויאָלאַ האָט נאָכהער צוריק געקעהרט אין פּאַלאַץ און מיטגעטהיילט דעם פירסט איבּער דעם שלעכטען ערפאָלג וואָס זיא האָט געהאַט אין איהרע אונטערהאַנדלונגען מיט אַליוויאַ׳ן. אין דערזעלבּער צייט האָט זיא איהם אויך דערצעהלט, אַז אַליוויא וויל ער זאָל זיא שוין מעהר ניט בּעלעסטיגען מיט זיין ליעבּע.

פון דעסמוועגען האָט דער פירסט נאָך געהאָפט, אַז דעם גוטען צעזאַריא וועט דאָך געלינגען ארויסצורופען ווענינגסטענס רחמנות בּיי דער גרויזאַמער אַליוויא. דערווייל האָט ער זיך געלאָזט זינגען אַ ליעבּעס ליעד פון שמערצע און פערצווייפלונג.

דאָס ליעד האָט אויף וויאָלאַ׳ן אויך געמאַכט אַן איינדרוק פון טרויער און פערצווייפלונג. ווען ארסינאַ האָט בּעמערקט איהר געזיכט, האָט ער געזאָגט:

„איך שטעל מיין לעבּען דאַרויף, צעזאַריא, דאָס אָבּוואָהל דוא בּיסט נאָך אַזוי יונג, האָסטו שוין אויך געבּליקט אויף אַ געזיכט וואָס דוא ליעבּסט. זאָג דעם אמת, מיין יונגע, איז דאָס ניט אַזוי?“

„יאַ, אַביסעל, מיט אייער ערלויבּנים,“ האָט וויאָלאַ געענטפערט.

„און וואָס פאַר אַ פרוי איז דאָס, וויא אַלט איז זיא?“ האָט דער נייגיעריגער פירסט געפרעגט.

„זיא איז פון אייערע יאָהרען, און איהר געזיכט איז עהנליך צו אייערן, מיין הערר,“ האָט זיא געענטפערט.

דאָס האָט דעם פירסט ניט ווניג איבערראשט. ער האָט געשמייכעלט קוקענדיג אויף דעם יונגען צעזאריא מיט זיין ווייסעם און לויטערעם געזיכט, אז ער האָט זיך פערליעבט אין א פרוי פיעל עלטער וויא ער, און פון אזא טונקעלעם געזיכט וויא ער האָט.

דער אמת איז אָבער, אז וויאָלא האָט דערמיט ניט געמיינט קיין פרויענ־צימער, זאָנדערן דעם פירסט אליין.

ווען וויאָלא האָט בעזוכט צום צווייטען מאָל אליוויא׳ן, איז איהר שוין ניט געווען שווער צוצוקומען. דיענער ענטדעקען באלד דעם סוד ווען זייערע הערינס ליעבען צו רעדען און איינטענה׳ען מיט שעהנע און יונגע לייט.

אזוי שנעל וויא וויאָלא איז אהין געקומען, האָט מען פאר איהר באלד געעפענט אלע טהירען, און דעם פירסט׳ס פאזש איז אריינגעפיהרט געוואָרען צו אליוויא׳ן.

ווען וויאלא האָט מיטגעטהיילט אליוויא׳ן, אז זיא איז ווידער געקומען בעטען פאר איהר הערר, האָט זיא אליוויא אונטערבראָכען מיט דיעזע ווערטער:

„איך האָב דיך שוין איינמאָל געבעטען דוא זאָלסט איבער איהם מעהר ניט רעדען אין מיין געגענווארט. אָבער ווען דוא ווילסט אונטערנעהמען צו בעטען פאר דיר אליין, פערזיכער איך דיך, אז איך וואָלט בעסער דיך ווען אויסהערען וויא דיא מוזיק פון דיא ספערען.“

דיא קאַטץ איז ארויס פון זאק!

דאָס איז געווען א גאנץ דייטליכע שפראך.

אויפ׳ן פלאַטץ האָט וויאָלא גאָר ניט געוואוסט וואָס צו זאָגען, אָבער באלד האָט אליוויא זיך נאָך דייטליכער ערקלערט ווען זיא האָט בעמערקט וויאָלא׳ס אונצופריעדענהייט.

„אך!“ האָט זיא אויסגעשריען, „א וועלט מיט שעהנהייט ליעגט אין דער פעראכטונג און צאָרן אויף זיינע ליפען! צעזאריא, ביי דיא רויזען פון דעם פריהלינג, ביי דער מיידעלשאפט, ביי מיין עהרע, און ביי דער וואהרהייט, שווער איך דיר, אז איך ליעב דיך! — און, איך ליעב דיך טראָטץ דיין שטאָלץ, און איך האָב ניט קיין שארפזין און ניט קיין שכל וויא צו בעהאלטען מיין ברענענדע ליעבע!“

ארעמע אליוויא! אומזיסט זיינען געוועזן איהרע העלליש־פייערדיגע ליעבעס ווערטער.

וויאלא האט זיך אויפגעהויבען און איז ענטלאָפען, סטראשענדיג זיך אליין מעהר ניט צו קומען בעטען פאר ארסינא׳ן. דעם איינציגען ענטפער וואס זיא האט געגעבען אליוויא׳ן, איז געוועזן, אז זיא וועט „קיינמאל ניט ליעבען אירגענד א פרוי!“

מען האט עס איהר געמוזט גלויבען.

אזוי שנעל וויא וויאלא איז ארוים אויף דער גאס, האט זיך צום ערשטען מאל געמאכט דיא געלעגענהייט וואס מען האט ביי איהר געפאדערט ארויס־צוצייגען איהר מענליכען מוטה.

א יונגער מאן, וועמען אליוויא האט צוריק געוויעזען זיין ליעבע, האט ערפאהרען, אז אליוויא האט זיך פערליעבט אין דעם פירסט׳ס שליח. דיעזער יונגער מאן האט בעגעגענט וויאלא׳ן און זיא ארויסגעפאדערט אויף א דועל.

יא, וויאלא האט געטראגען מענליכע קליידער, אבער אונטער איהר ברוסט האט געקלאפט א מיידעל׳ס הארץ. זיא האט אפילו מורא געהאט צו קוקען אויף א שווערט, שוין ניט רעדענדיג פון קעמפפען מיט א שווערט.

ווען זיא האט געזעהען איהר געגנער ארויסציהענדיג זיין שווערט און זיך דערנעהנטערענדיג, האט עס שוין געהאלטען דערביי זיא זאל זיך מודה זיין, אז זיא איז א פרויענצימער. אבער עס האט עפעס פאסירט, וואס האט זיא בעפרייעט אי פון דער מורא, אי פון דער אונאנגענעהמער לאגע זיך צו ענטדעקען.

א ווילד־פרעמדער איז פלוצלונג צוגעקומען, וועלכער האט זיך ארייג־געמישט צווישען זיי, און ערקלערענדיג, גלייך וויא ער קען זיא שוין פון לאנג, אז זיא איז זיין טהייערסטער פריינד, האט ער זיך געווענדעט צום יונגען מאן וואס האט געוואלט דועלירען.

„ווען דיעזער יונגער הערר האט דיר עפעס געטהאן,“ האט דער פרעמ־דער געזאגט, „דאן נעהם איך אלעס אויף מיר. ווען דוא טהוסט איהם עפעס, דאן זאלסטו וויסען, אז דו ביסט צו מיר פעראנטווארטליך מיט דיין לעבען!“

נאך איידער וויאלא האט צייט געהאט איהם צו דאנקען פאר זיין שוטץ, אדער פרעגען ווער ער איז, זיינען פלוצלונג אנגעקומען עטליכע בעאמטע און ארעטירט דעם פרעמדען פאר א פערברעכען וואס ער האט בעגאנגען.

איידער מען האט איהם אוועקגעפיהרט, האט ער זיך געווענדעט צו וויאליא׳ן מיט פאלגענדע ווערטער:

„דאָס איז געקומען דערפון וואָס איך בין געגאַנגען דיך זוכען. אָבער, וויא דיא זאַך איז, מיין לאַגע פאָדערט פון מיר איך זאָל האָבען געלד. גלויב מיר, אז מיך ערגערט מעהר דיין לאַגע וויא מיינע. גיב מיר דעם בייטעל געלד וואָס איך האָב דיר געגעבען. דוא זעהסט אויס זעהר איבערראַשט, אָבער זאָרג ניט פאר מיר."

זיינע ווערטער האָבען ווירקליך איבערראַשט וויאָלא'ן, און זיא האָט בעהויפטעט, אז זיא קען איהם ניט און האָט פון איהם קיינמאָל קיין געלד ניט גענומען. אָבער אזוי וויא ער האָט איהר נאָר וואָס געטהאָן א גרויסע טובה, האָט זיא ארויסגענומען א קליינע סומע געלד, איהר גאַנצעס פערמע־גען, און איהם אוועקגעגעבען.

דאַן האָט דער פרעמדער ארויסגעוויעזען א גרויסען צאָרן, און זיא בעשול־דיגט אין אונדאַנקבאַרקייט.

„אָט דיעזען יונגערמאַן," האָט ער געזאָגט צו דיא ביישטייענדע צוי־גענדיג אויף וויאָלא'ן, „האָב איך געראַטעוועט פון טויט, און צוליעב איהם אליין בין איך געקומען קיין איליריא און בין אריינגעפאַלען אין דיעזען אונגליק!"

דיא געאַמטע אָבער האָבען זיך זעהר ווייניג געקימערט אום דער גאַנ־צער געשיכטע און דעם מאַן אוועקגעפיהרט אין געפענגניס.

ביים אוועקגעהען האָט ער אָנגערופען וויאָלא'ן סעבאַסטיא, איהם נאָך אמאָל מאַכענדיג פאָרווירפע פאר זיין פאַלשקייט.

ווען וויאָלא האָט געהערט, אז דער פרעמדער רופט זיא ביי איהר ברו־דער'ס נאָמען, איז זיא געבליעבען שטעהען און נאָכגעדענקט וואָס דאָס קען בעדייטען. עס האָט אָבער ניט פיעל געדויערט, און זיא האָט זיך געמערקט דערפון, אז איהר ברודער לעבט געוויס און געהאָט עפּעס א בעקאַנטשאַפט מיט דיעזען פרעמדען.

און אזוי איז אויך געווען דער פאַל.

דער פרעמדער, וועלכער האָט געהייסען אַנטאָניאָ, איז געווען א זעע־קאַפּיטאַן. ער האָט דאָס געראַטעוועט סעבאַסטיאַנען פון ים, ווען ער איז שוין געווען כמעט האַלב טויט. אַנטאָניא האָט נאָכהער ארויסגעוויעזען אזא פריינדשאַפט פאר סעבאַסטיאַנען, אז ער האָט בעשלאָסען איהם צו בע־גלייטען וואו־הין ער האָט געוואָלט געהען. ווען סעבאַסטיאַן האָט ערקלערט, אז ער וויל בעזוכען דעם הויף פון פירסט ארסינא, האָט אַנטאָניא אין אַנ־פאַנג ניט איינגעשטימט דערצו אָבער איידער זיך צו שיידען פון איהם,

האָט ער בעסער איינגעווילּיגט מיט איהם צו געהען און זיך אויסזעטצען צו לעבענס־געפאהר.

דיא געשיכטע דערפון איז געווען פאָלגענדע: אַנטאָניא האָט זיך שטאַרק פערזינדיגט געגען פירסט אָרסינאָ, ווייל איינמאָל, אין אַ ים־שלאַכט, האָט ער מיטליך פערוואונדעט דעם פירסט׳ס פּלימעניק. דאָס איז אויך געווען דיא אורזאכע, ווארום ער איז געפאנגען געוואָרען, אזוי שנעל וויא ער האָט זיך בעוויזען אין איליריא.

אַנטאָניא און סעבאסטיאַן האָבען געלאַנדעט צוזאמען בלויז מיט עטליכע שטונדען פריהער איידער אַנטאָניא האָט זיך בעגעגענט מיט וויאָלא׳ן. אַנטאָניא האָט געגעבען סעבאסטיאנען אַ ביימעל געלד און איהם אָנגעזאָגט ער זאָל זיך דערמיט גאַנץ פריי בעדיענען, זיך פערגינגען, קויפען וואָס זיין הארץ גלוסט, און וועהרענד ער וועט זיין אין שטאָדט, וועט ער דערווייל פערבלייבען אין גאַסט־הויז. אָבער סעבאסטיאַן איז ניט צוריק געקומען צו דער בעשטיממטער צייט, איז אַנטאָניא אוועק איהם זוכען.

אַנטאָניאָ׳ס ארויסגעהען איבער דער גאַס, איז געווען זעהר געוואגט, נאָר אזוי וויא ער איז ארויסגעקומען און געזעהען וויאָלא׳ן אזוי פערקלייד דעט וויא איהר ברודער, האָט ער זיכער געמיינט, אז דאָס איז סעבאסטיאַן.

דעם רעזולטאט ווייסען מיר שוין.

ווען אַנטאָניא איז אוועק, האָט דיא שוואכע וויאָלא מורא געהאט פאר אַ צווייטער איינלאַדונג צו אַ דועל. אום עס זאָל ניט קומען דערצו, איז זיא אוועק אז׳ שנעל וויא דיא פיס האָבען זיא געטראָגען. עס האָט אָבער ניט פיעל געדויערט נאָכדעם וויא וויאָלא איז אוועק, ווען איהר געגנער האָט געמיינט, אז זיא קומט צוריק. ער האָט זיך אוועקגעשטעלט מוכן ומזומן צום דועל איבער־אַ־נייעס.

אָבער דאָס איז מעהר ניט געווען וויאָלא, עס איז געווען איהר ברודער סעבאסטיאַן, וועלכער איז פונקט דאמאלס אהין אָנגעקומען.

אזוי וויא דער אייפערזיכטיגער האָט דערזעהען סעבאסטיאנען, איז ער צו איהם צוגעגאנגען און געזאָגט:

„גוט וואָס איך האָב דיך בעגעגענט. נאַ דיר דערווייל אַן אנפאנג!"

ביי דיזע ווערטער האָט ער איהם דערלאַנגט אַ העפטיגען קלאַפּ.

סעבאסטיאַן איז אָבער ניט געווען קיין פייגלינג, און אָבוואָהל איהם האָט שטאַרק געוואונדערט וואָס דאָס בעדייטעט, האָט ער איהם באַלד צוריקגעגעבען דעם קלאַפּ נאָך מיט פּראָצענט.

דאן האָט סעבאסטיאן אויך ארויסגעצויגען זיין שווערט.

ביידע זיינען געווען אין דער ווילדעסטער אויפרעגונג, און עס איז קיין ספק, אז אין יענעם מאָמענט וואָלט פערגאָסען געוואָרען בלוט, ווען א דאַמע וואָלט זיך ניט שנעל אריינגעמישט און געמאַכט א סוף פון אן אומזיסטיגען דועל.

דיעזע דאַמע איז געווען אליוויא.

דיא געשיכטע איז אזוי געווען: אליוויא איז ארויס פון איהר הויז און דערזעהען סעבאסטיאנען. זיא האָט געמיינט, אז דאָס איז צעזאריא, (וויאָלא), איהר געליעבטער, און זיך מערקענדיג, אז ער שטעהט אין געפאהר, איז זיא באַלד אריין אין מיטען, אָבגעשטויסען איהר אמאָליגען פערעהרער, און פאר סעבאסטיאנען האָט זיא זיך ענטשולדיגט, אויסגעדריקט איהר טיעפסטעס בעדויערן וואָס מיט איהם האָט פאַסירט אזא זאַך נעבען איהר הויז.

סעבאסטיאן איז געווען מעהר וויא איבערראַשט — ערשטוינט, זעהענדיג דיעזע וואונדערשעהנע דאַמע זיך אָננעהמענדיג פאר איהם. אָבער דאַמאַלס איז ניט געווען קיין צייט צו שטעלען פראַגען. ווען זיא האָט איהם איינגעלאַדען מיטצוגעהען אין איהר הויז, איז ער באַלד מיטגעגאַנגען.

אליווא איז געווען אויסער זיך פאר פרייד וואָס צעזאריא (וויעדער האָבענדיג א טעות,) איז געוואָרען אביסעל ווייכער און געהט ווען זיא רופט איהם.

נאָך מעהר, אליוויא האָט עפּעס בעמערקט וואָס איז איהר זעהר געפעלען געוואָרען. סעבאסטיאן'ס און וויאָלא'ס געזיכטס־ציגע זיינען געווען דיעזעלבע; אָבער וועהרענד וויאָלא האָט געשפּיעלט דיא ראָלע פון צעזאַריא'ן און זיא האָט זיך איהר ערקלערט אין ליעבע, איז אויף וויאָלא'ס געזיכט געלעגען אן אויסדרוק ניט נאָר פון פערלעגענהייט, זאָנדערן אויך פון אבשיי. סעבאסטיאן'ס פּנים וויעדער האָט ניט געהאַט קיין אבשיי, ניט קיין צאָרן, זאָנדערן עפּעס מילדעס, אנגענעהמעס וויא מען קען אָפט זעהען אויף א מענער־געזיכט, ווען א שעהנע און ליעבענסווירדיגע פרוי רעדט.

און ווען אליוויא האָט וויעדער אָנגעהויבען צו שפּיעלען דיא צערטליכע און ליידענשאפטליכע געליעבטע, האָט סעבאסטיאן גאָר ניט געהאַט דאַגעגען. פערקעהרט, ער איז יעדעס מאָל געווען אליץ צופריעדענער און גליקליכער.

פון דעסטוועגען האָט דאָס אלעס אויסגעזעהען ביי סעבאסטיאנען זעהר אונגעוועהנליך, און ער האָט גערעכענט, אז אליוויא איז אביסעל געריהרט

אין איהר פערשטאנד. דאן האט ער אבער בעמערקט, אז זיא איז דיא הערריין פון א שעהנעם פאלאץ און זיא פיהרט אלעס ריכטיג און אין גרעסטער ארדנונג, האט ער זיך אפילו נאך אימער געוואונדערט, און בלויז געטראכט, אז זיא איז נאר געריהרט אין איהר פערשטאנד מיט דעם פלעצליכען אנפאל פון ליעבע צו איהם.

אבער וואס האט עס איהם בעדארפט ארען? שעהן איז זיא, ליעבענסווירדיג איז זיא, און רייך אויך, האט ער אנגענומען איהרע ליעבעס־ערקלערונגען און איינגעזעהען, אז עס וואלט גאר ניט געווען קיין שלעכטער שידוך.

ווען אליוויא האט זיך צוגעבויגען נעהנטער צו איהם, האט ער זיא אומארמט און געקושט.

אליוויא'ס גליק האט אריבערגעשטיגען אלע גרענצען. אבער זיא האט מורא געהאט טאמער וועט ער חרטה האבען, און אום עס זאל ניט קומען דערצו, האט זיא געמאכט א פארשלאג, דאס אזוי וויא זיא האט געהאט א גייסטליכען אין הויז, זאל מען ניטווארטען אויף ווייטערע צערעמאניען און חתונה האבען.

סעבאסטיאן האט זיך געטראכט, אז אין ערגסטען פאל וועט ער זיך ניט אבנארען און ער האט איינגעשטימט צו איהר פארשלאג.

עס האט ניט לאנג געדויערט און סעבאסטיאן מיט אליוויא'ן זיינען געווען געזעצליכע מאן און ווייב.

דאן האט סעבאסטיאן בעשלאסען ארויסצוגעהען און אויפזוכען זיין פריינד אנטאניא און איהם מיטטהיילען וואס פאר א גליק עס האט איהם געטראפען. ער האט פערלאנגט ערלויבניס פון אליוויא'ן און זיא האט איהם געהייסען געהען, נאר ער זאל אן איהר ניט פערגעסען.

דערווייל איז פירסט ארסינא אוועק צו בעזוכען אליוויא'ן, ער האט נאך געוואלט אליין פרובירען טאמער וועט זיא דאך אויסהערען זיינע ליעבעס־ערקלערונגען.

אנקומענדיג נעבען אליוויא'ס הויז, האבען דיא בעאמטע געפיהרט דעם געפאנגענעם אנטאניא און זיך אבגעשטעלט נעבען פירסט איהם מיטצוטהיילען וועמען זיי האבען געכאפט.

וויאלא איז געווען מיט איהר הערר ארסינא. ווען אנטאניא האט זיא דערזעהען, האט ער נאך אימער געמיינט, אז זיא איז סעבאסטיאן, און איידער וואס ווען האט ער אנגעהויבען צו דערצעהלען דעם פירסט וויא ער האט

געראַטעוועט דעם יונגען מאַן פון טויט אויפ'ן ים, וויא אזוי ער האָט איהם אוועקגעגעבען זיין פריינדשאַפט און זיין געלד. ער האָט געענדיגט מיט דיא ווערטער, בעהויפּטענדיג, אז זייט דריי מאָנאַט איז ער געווען מיט איהם צוזאַמען, טאָג און נאַכט, און ענדליך, וואָס פאר אן אונדאַנקבארקייט ער האָט ארויסגעוויעזען.

אין דערזעלבער צייט איז אליוויא ארויסגעקומען פון איהר הויז. ווען דער פירסט האָט זיא דערזעהען, האָט ער זיך מעהר ניט געוואָלט בעשעפ־טיגען מיט אנטאָניא'ן, און קוקענדיג אויף אליוויא'ן, האָט ער געזאָגט פול בעגייסטערונג:

„אָט קומט דיא גרעפין, יעצט איז ארונטער דער הימעל אויף דער ערד! אָבער וואָס עס אנבעלאַנגט דיר" (צו אנטאָניא'ן), „זאָלסטו וויסען, אז דוא ביסט משוגע. עס איז שוין פּונקט דריי מאָנאַט זייט דיעזער יונגער מאַן איז מיט מיר, מיין פּאַזש."

דאַן האָט דער פירסט געהייסען מען זאָל אוועקפיהרען אנטאָניא'ן.

עס האָט ניט פיעל געדויערט און ארסינא'ס הימלישע גרעפין האָט געגעבען דעם פירסט גענוג אורזאכע צו בעשולדיגען צעזאריא'ן פּונקט אין אזוי פיעל אונדאַנקבארקייט וויא אנטאָניא האָט איהם בעשולדיגט. ווייל דער פירסט האָט געמוזט צו הערען וויא אָליוויא האָט גערעדט אלע צערט־ליכע און ליעבעס־ווערטער צו צעזאריא'ן.

ווען דער פירסט האָט זיך געמערקט, אז זיין פּאַזש האָט פערנומען זיין פּלאַטץ ביי אָליוויא'ן, האָט ער איהם געסטראשעט מיט אלערליי מאַ־טערניסע און נקמה. ווען ער האָט ענדליך געוואָלט אוועקגעהען, האָט ער געזאָגט צו וויאָלא'ן:

„קום, יונגע, מיט מיר. דיינע געדאַנקען זיינען שוין רייף גענוג פאר שאַדען."

אָבוואָהל עס האָט אויסגעזעהען, אז דער פירסט, אין זיין ווילדען און אייפערזיכטיגען צאָרן וועט ער זיא פיעלייכט פעראורטהיילען צום טויט, האָט אָבער וויאָלא'ס ליעבע צום פירסט זיא מעהר ניט געמאַכט פאר קיין פייגלינג.

„יא, מיין הערר," האָט זיא געענטפערט, „מיט פערגעניגען בין איך בערייט צי שטאַרבען אום אייך צו בערוהיגען."

דערווייל איז אליוויא צוגעקומען און געפרעגט וויאָלא'ן:

„און וואוהין געהט עס יעצט מיין צעזאריא?"

„מיט איהם, ווענען איך ליעב מעהר וויא מיין לעבען!" האָט וויאָלאַ נעענטפערט צייגענדיג אויף'ן פירסט.

אָבער אַליוויא איז דערמיט ניט געווען צופריעדען. זיא האָט אָנגע־הויבען צו שרייען און ערקלערען, אַז צעזאַריא איז איהר געזעצליכער מאַן, און עס זיינען נאָך קיינע צוויי שטונדען פאַראיבער זייט זיי האָבעןביידע חתונה געהאַט ביי איהר אין הויז.

וויאָלאַ האָט איהר צוגעוואָרפען אַ פערראַכטענדען בליק, ערקלערט, אַז דאָס איז ליעגען און זיא האָט מיט איהר ניט חתונה געהאַט.

נאָר דאָס האָט ניט געהאָלפען, דען אַליוויא האָט באַלד ארויסגערופען דעם גייסטליכען, וועלכער האָט בעשטעטיגט איהרע ווערטער.

ארסינא האָט געגלויבט אַליוויאַ'ן און זיך איבערצייגט, אַז זיין פּאַזש האָט פון איהם גערויבט דאָס טהייערסטע אין לעבען.

ד'ער פירסט האָט אָבער אויך באַלד בערעכענט, אַז דאָס איז געווען אַ פערפאַלענע זאַך, און ווינשענדיג אַליוויאַ'ן „אַדיע," האָט ער זיך געווענדעט צו צעזאַריאַ'ן און איהם געוואָרענט מעהר ניט צו קומען פאַר זיינע אויגען — אָבער, וואָס איז דאָס? אַ וואונדער איז געשעהען!

נאָך איין צעזאַריא איז ערשיענען!

און דיעזער צעזאַריא איז צוגעגאַנגען צו אַליוויאַ'ן און זיא געפרעגט:

„וויא געהט עס דיר, מיין ליעבע פרוי?"

דיעזער נייער צעזאַרא וויא מען שטויסט זיך אָן, איז געווען סעבאַסטיאַן, טאַקי אַליוויאַ'ס ריכטיגער מאַן.

אין אָנפאַנג איז דאָס בעוואונדערן און ערשטוינען געווען אונגעהייער. יעדער איז געבליעבען שטעהען ערשטוינט, דאַן האָבען זיי געבליקט אויף ביידע צעזאַריאַס און מען האָט ניט געוואוסט ווער עס איז ווער.

ווען דיא איבערראַשונג האָט זיך אביסעל אָבגעקיהלט, איז ברודער און שוועסטער צוגעגאַנגען איינער צו אַנאַנדער.

נאַטירליך האָט פריהער וויאָלאַ דערקענט איהר ברודער. וויא זיא האָט אָנגעהויבען מיט איהם צו רעדען, האָט ער זיא באַלד דערקענט.

זיי האָבען זיך פריהער אומאַרמט, דאַן אויסגעפרעגט וואָס עס איז געווען, וואָס עס האָט פּאַסירט און ביידע האָבען געוויינט פאַר פרייד וואָס זיי האָבען זיך ענדליך געטראָפען, ווייל זיי האָבען זיך גערעכענט פאַר טויט.

עס האָט אויך ניט פיעל געדויערט, און דער גאַנצער עולם האָט ערפאַה־

רען פון דעם סוד, אז דער ערשטער צעזאריא, דעם פירסט'ס פּאַזש, איז א פּרויענצימער, א מיידעל, סעבאסטיאן'ס שוועסטער וויאָלא.

ווען אַלעס האָט זיך ערקלערט און אַלע טעות'ן האָבען זיך ארויסגעוויע־זען, האָט מען ערסט אָנגעהויבען זיך צו דערמאָהנען גענוי וואָס עס איז געווען און דער עולם האָט געהאַט א ביסעל שפּאַס פון אָליוויאַ'ן, לאַבענדיג פון איהר וויא זיא האָט זיך פערליעבט אין א מיידעל.

אָליוויא האָט אויך מיטגעלאַכט, ווייל עס האָט זיא גאָר ניט פערדראָ־סען ווארום זיא האָט געהאַט א טעות, ווייל דאָס האָט זיא געפיהרט חתונה צו האָבען מיט א מאַן וואָס זיא האָט געליעבט.

אין דערזעלבער צייט האָט דער פירסט געמוזט איינזעהען, אז אַלע זיינע האָפנונגען צו הייראַטהען אָליוויאַ'ן, זיינען סאַי־וויא־סאַי צושטערט געוואָרען.

אָבער, מערקווירדיג איז דיא ליעבע; זיא טאַנצט און פלאַטערט ארום וויא א זומער־פייגעלע. דער פירסט האָט זיך באַלד ארומגעקוקט און ער האָט זיינע אויגען ניט געקענט ארונטערנעהמען פון זיין פּאַזש, בעסער געזאָגט, פון וויאָלאַ'ן, וועלכע איז נאָך געשטאַנען נעבען איהם.

ער האָט אויף איהר אויפמערקזאַם געקוקט און זיך דערמאָהנט וויא שעהן זיא האָט ביי איהם אויסגעזעהען אַלס צעזאריא, און ער האָט בעשלאָ־סען, אז זיא מוז זיין וואונדערבאַר אַלס א פּרויענצימער. ער האָט זיך אויך דערמאָהנט וויא אָפט זיא האָט איהם געזאָגט, אז זיא ליעבט איהם, וואָס ער האָט דאַמאַלס ניט פערשטאַנען און געמיינט, אז דאָס קומט פון דער פליכט וואָס דער פּאַזש איז איהם שולדיג. יעצט אָבער איז ער שוין מעהר ניט געווען בלינד, און פיעלע זאַכען וואָס זיינען פאַר איהם פריהער ערשיע־נען אַלס רעטענישען, האָבען זיך יעצט אויפגעקלערט.

ער האָט באַלד געפּאַסט דעם בעשלוס, אז אזא ליעבענסווירדיגעס מיי־דעל מעג ווערען זיין ווייב.

ארסינאָ פלעגט אימער רופען צעזאריאַ'ן „יונגע". זיא זעהענדיג נאָך אימער אין דיא מענליכע קליידער, האָט ער, לויט געוואָהנהייט, צו איהר געזאָגט:

„יונגע!" דוא האָסט מיר אזוי פיעל מאָל דערצעהלט, אז דוא וועסט קיינמאָל ניט אזוי ליעבען א פרוי וויא מיך, און פאַר דיין געטרייע דיענסט וואָס דוא האָסט פאַר מיר געטהאָן, וואָס איז געווען געגען דיין צאַרטער פרויען נאַטור, וויא אויך דערפאַר וואָס דוא האָסט מיך גערופען הערר, זאָלסטו יעצט ווערען דיא פירסטין „ארסינאָ."

ווען אליוויא האָט געזעהען וויא אלעס האָט זיך אויסגעדרעהט, האָט זיא אלעמען איינגעלאַדען צו זיך אין הויז. דאן האָט זיא פאָרגעשלאָגען, דאָס נאָכ׳ן דער גייסטליכער איז נאָך דאָ וואָס האָט זיא פערהייראַטעט מיט סעבאַסטיאַטען, וואָלט עס געווען גאַנץ פּאַסענד דערזעלבער גייסטליכער זאָל אויך פערהייראַטהען דעם פירכט מיט וויאָלא'ן.

וויאָלא האָט זיך איבערגעטהאָן אין פרויען קליידער און דער פירסט האָט זיך ווירקליך פערליעבט אין איהר.

דיא התונה איז באַלד געפייערט געוואָרען, און ארסינא האָט שפּעטער קיינמאָל ניט בערייהעט וואָס אלעס האָט זיך אזוי אויסגעדרעהט.



# טימאן פון אטהען.



ין אטהען, גריכענלאנד, האט אין אלטע צייט געלעבט א הערר, א הערשער, מיט דעם נאמען טימאן.

ער איז געווען איינער פון יענע מענשען וועמען דיא נאטור און דאס לעבען האט בעשאנקען מיט אלעם: יוגענד, קראפט, מאכט, עהרע, אויסצייכנונג, רייכטהום און גוטסקייט.

טימאן איז געווען רייך, זעהר רייך, און ער האט ווירקליך געקענט מיינען, אז צו זיין רייכטהום וועט קיינמאל ניט נעהמען קיין סוף. זייענדיג גוט, אדער ליבעראל, האט ער געווארפען מיט געלד רעכטס און לינקס, קיינמאל ניט דענקענדיג, אז עס קען קומען א צייט ווען זיינע אוצרות וועלען זיך אויסלאזען.

און אז איינער איז גוט און עדעל, איז ער גוט און עדעל צו אלעמען, פריהער, נאטירליך, איז ער געווען גוט צו דיא ארעמע, ליידענדע און נויט־בעדארפטיגע, אבער ער האט אויך ליעב געהאט גוט צו לעבען און שווימען אין לוקסוס און פערגעניעגען.

זיין ליבעראליזמוס, אדער פרייגעביגקייט האט געגרייכט אזוי וויית, דאס ניט נאר ארעמע זיינען געווען בעקאנט אלס זיינע אונטערשטיצטע, זאנדערן אויך דער גרויסער און הויכער אדעל האט זיך ניט געשעהמט זיך צו צעהלען אינטער דיעזע וואס האבען גענאסען פון זיין פערמעגען.

זיין טיש איז אימער געווען געדעקט מיט מעדני־מלכים וואו עס זיינע געזעסען דיא שעהנסטע און בעסטע בירגער פון אטהען און מיט איהם גע־געסען. זיין הויז איז בעזוכט געוואָרען פון דיכטער, פילאָזאָפען און דראַמאַטורגען. מען האָט דאָרט געקענט הערען הויכע פילאָזאָפישע ויכוחים, פּאָעטישע שילדערונגען און אויך קאָמישע איינפעלע.

מיט איינעם וואָרט, זיין געזעלשאַפט האָט צוזאַמענגעשטעלט אַלעס און יעדער איז געווען צופריעדען זיך צו וואַרעמען, וויא אן דער זונן, ביי דעם ליכט פון טימאָן׳ס גוטסקייט און פריינעבינקייט.

מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען, אַז אונטער אַזא געזעלשאַפט, האָבען אויך ניט געפעהלט קיין חנפים, שמייכלערס, וועלכע האָבען אַבגעשאַטען דעם עדעלען און גוטען טימאָן מיט פערשיעדענע בעריהמערייען.

און דאָ איז געלעגען דאָס הויפּט אונגליק. קינדער און שעהנע פרויען ווערען קאַליע דורך צו פיעל שמייכלעריי; גרויסע מענשען קענען אויך ניט פיעל איבערשטעהען אַזא צושטאַנד. טימאָן איז טאַקי געווען אַ גוטער, אָבער ער איז געווען בלויז אַ מענש. דיא שמייכלערייען האָבען איהם אַזוי פערטומעלט, אַז ער האָט פערגעסען וואו ער איז אין דער וועלט און זיך קיין מאָל ניט גענומען דיא צייט ריכטיג נאָכצודענקען וואָס ער טהוט.

ווען אַ דיכטער האָט עפּעס פערפאַסט און געוואָלט אויסנעהמען ביי דער וועלט, האָט ער נאָר בעדאַרפט דעדיקירען (מקדיש זיין) דאָס ווערק צו טימאָן פון אַטהען. דאָס געדיכט האָט זיך דאַמאַלס ערשטענס גוט פערקויפט, און צווייטענס, איז ער זיכער געווען, אַז טימאָן וועט איהם גע־ווים צושיקען אַ בייטעל געלד, און ער האָט אויך קיין טעות ניט געהאַט. ווען אַ מאַהלער האָט געהאַט עפּעס אַ בילד, אפילו ניט פון קיין אויסער־אָרענטליכער קונסט, האָט ער נאָר בעדאַרפט געהען צו טימאָן׳ען. בעהויפּטען, אַז ער וויל האָבען זיין מבינות דאַרויף, און בעהויפּטענדיג, אַז קיינער פערשטעהט ניט אַזוי גוט דיא קונסט וויא טימאָן, איז שוין גענוג געווען טימאָן אַליין זאָל דאָס קויפען און איהם בעצאַהלען דערפאַר אַ גרויסען פּרייז.

ווען אַ יוועליר האָט געהאַט עפּעס אַ קאָסטבאַרען ברילּיאַנט, ווען אַ סוחר האָט געהאַט טהייערע זייד, אָדער עפּעס אַנדערש, האָבען זיי גע־פונען אין טימאָן׳ס הויז אַ זיכערן מארק דערפאַר. דאָרט האָבען זיי געקענט אַלעס פערקייפען, און פון הויכע פרייזען איז גאָר קיין רייד ניט געווען. נאָך מעהר, דער גוטמוטהיגער טימאָן פלעגט זיי נאָך דאַנקען פאַר דער מיה

וואָס זיי האָבען זיך גענומען איהם צו ברענגען דיא מציאות. אין אַלגע־מיינעם האָט עס אימער אויסגעזעהען, גלייך וויא זיי האָבען איהם גע־טהאָן א טובה, ניט ער זיי.

אויף דיעזער ארט, איז זיין פּאַלאַץ אָנגעפּילט געוואָרען מיט פּוסטע און איבריגע זאכען, אין וועלכע קיינער האָט זיך ניט בענעטהיגט.

אָבער זיין אייגענע פּערזאָן איז נאָך געווען מעהר בעלעסטיגט מיט א מחנה פּוסטע־פּאַסניקעס, ליגנערישע פּאָעטען, מאַהלערס, שווינדלערישע סוחרים, העררען, דאַמען, פּעראַרעמטע שמייכלערס, וועלכע האָבען טאָג אַזוי נאַכט געפּלאַטערט ארום איהם וויא ביענען אַרום זייער ביענענשטאָק און איהם אָנגעבעטען פּונקט וויא ער וואָלט געווען א גאָט. זיי האָבען פּער־הייליגט (אַזוי האָבען זיי וועניגסטענס געזאָגט,) אפילו דעם פּוס־האַלטער פון דעם זאטעל ווען ער האָט זיך אויפגעזעצט אויף זיין פערד, און עס האָט אויסגעזעהען, אַז זיי זיינען גליקליך וואָס זיי קענען איינאטהמען כאָטש דיעזעלבע לופט וואָס ער אטהעמט איין.

מאַנכע פון דיעזע בעשטענדיגע געסט אין זיין הויז, זיינען געווען יונגע לייט פון דעם אדעל, וועלכע האָבען פריהער פערשווענדעט זייער פער־מעגען, געזונקען אין חובות, און דאָן אריינגעוואָרפען אין געפענגנים דורך זייערע קרעדיטאָרען. טימאָן וויעדער איז געווען דעריעניגער וואָס האָט פאַר זיי בעצאַהלט און זיי בעפרייעט. דיעזע יונגע לייט, וועלכע האָבען זיך בעדאַרפט געפינען פערפליכטעט צו איהם, האָבען אנשטאָט דעם געלעבט אין לוקסוס און פערשווענדונג אויף זיין חשבון.

איינער פון דיעזע חברה־לייט, איז געווען א געוויסער ווענטידיוס, וועלכער האָט פערלומפּט א פערמעגען, זיינעם און פרעמדעס, און ער איז ענדליך אריינגעוואָרפען געוואָרען אין געפענגניס. טימאָן האָט פאַר איהם בעצאַהלט דיא גרויסע סומע פון פינף טאַלענטען און איהם בעפרייעט.

אינטערעסאַנט איז געווען, אַז צווישען דיעזע אַלע וואַמפּירען, איז געווען דיא גרעסטע וואַמפּיר־קלאַסען, וועלכע האָט געגעבען טימאָן׳ען פּרע־זענטען. דאָס מוז ערקלערט ווערען: ווען טימאָן האָט א מאָל דערזעהען א הונד, א פערד אָדער א שטיקעל אונבעדייטענדע מעבעל און ער האָט געזאָגט, אַז דאָס געפעהלט איהם, האָט ער דאָס באַלד געקריגען צוגעשיקט אַהיים מיט א גליקס־וואונש פון דעם געבער ער זאָל דאָס פּאָזשייען געזונדערהייט. אין דערזעלבער צייט האָט זיך דער געבער שטאַרק ענטשולדיגט וואָס זיין

פרעזענט איז אזוי קליין און אונבעדייטענד. און ער ווינשט, הלוואי וואָלט דאָס געהאַט מעהר ווערטה.

דיעזע וואמפירען האָבען אָבער געוואוסט, אז זייער מתנה וועט זיך גוט בעצאהלען. דען טימאָן האָט אימער אָבגעשיקט צוריק א מתנה וואָס האָט ווערטה געהאַט צעהן מאָל אזוי פיעל, אָדער הונדערט מאָל.

אזוי האָט עס פאסירט, וואָס א געוויסער לוקיוס האָט געשיקט טימאָן'ען א פרעזענט א פּאָאר מילך־ווייסע פערד מיט כאמעטעס בעפּוצט מיט זילבער. ער האָט עס געטהאָן דערפאר, ווייל טימאָן, איין מאָל זעהענדיג דיא פערד, האָט זיך אויסגעדריקט, אז זיי זיינען זעהר שעהן. און אנדערער, ליקולוס, אויף דעמזעלבען אופן, האָט ער איהם געשיקט עטליכע יאגד־הינט, איבער וועלכע טימאָן האָט געהערט, אז זיי לויפען זעהר שנעל.

דיעזע פרעזענטען פלעגט טימאָן אָננעהמען מיט פערגניגען, און, אזוי וויא ער איז אליין געווען איין עדעלער מענש, האָט ער קיין שום פערדאכט ניט געהאַט, אז דערביי איז דאָ עפּעס א שלעכטע מחשבה. און ניט וועלענדיג בלייבען הינטערשטעליג, האָט ער, פאר אזעלכע אונבעדייטענדע פּרעזענטען, צוריק געשיקט א דיאמאנט, אָדער אן אנדערע טהייערע מתנה, וואָס האָט ווערטה געהאַט פיעל מעהר וויא דאָס וואָס ער האָט ערהאלטען.

אויסער דעם האָבען דיעזע בלוטזויגערס געהאַט נאָך מיטלען וויא אויסצוצאפּען דעם אונשולדיגען און ניט־פערדעכטיגען טימאָן. אזוי האָט עס פאסירט, דאָס ווען איינער האָט עפּעס דערזעהען ביי טימאָן'ען פון א זעלטענעם ווערטה, דאן האָט ער נאָר בעדארפט אָנהויבען צו לויבען דיעזען געגענשטאנד, אויסדריקען זיין טיעפע בעוואונדערונג דאריבער, און, מיט א זיפץ, זיך מאכען, וויא איינער זאָגט: „רייך און גליקליך דארף מען זיין צו בעזיצען אזעלכע זאכען." דאָס איז שוין געווען גענוג, דען טימאָן האָט זיך גלייך אָנגעשטויסען וואָס יענער מיינט און איהם באלד אוועקגעגעבען וואָס ער האָט בעוואונדערט, זיך ניט קימערענדיג אום דעם גרויסען פרייז וואָס ער האָט דערפאר בעצאהלט.

אזוי האָט איין מאָל פאסירט, וואָס איינער פון דיא ניעדריגע שמייכלערס האָט דערזעהען טימאָן'ען אויסרייטען אויף א טהייערעס פערד און דער שמייכלער האָט באלד אָנגעהויבען אויסדריקען זיין בעוואונדערונג, און טימאָן, ניט מאכענדיג קיין סך רייד, האָט ער דאָס איהם געשענקט.

טימאָן האָט געהאַט ביי זיך א כלל, אז „קיין מענש ליובט אויפריכטיג א זאַך, ביז ער וויל דאָס ניט אליין האָבען." און דערפאַר האָט ער ניט געוואָלט יענער זאָל האָבען וואָס ער וויל, כל־זמן ער קען דאָס איהם געבען. טימאָן האָט אימער געמאָסטען יענעם לויט זיינע געפיהלע, און ער האָט געוואוסט וויא עס דאַרף איינעם ערגערן ווען ער וויל עפּעס האָבען און קען דאָס ניט בעקומען.

און טימאָן איז געווען בערייט אלעס אוועקצוגעבען וואָס איינער האָט פערלאַנגט דירעקט אָדער אינדירעקט; ווען ער וואָלט געהאַט קעניגרייכען וואָלט ער זיי אויך פערטהיילט צווישען דיעזע וואָס ער האָט גערעכענט פאַר פריינד.

און טימאָן האָט זיך ניט אָבגעשטעלט בלויז דערביי, דאָס הייסט, גליקליך צו מאַכען זיינע רייכע פריינד און שמייכלענדען אדעל. ער איז אויך געווען גוט און עדעל צו אָרעמע. איין מאָל האָט פּאַסירט וואָס זיי־נער א דיענער האָט זיך פערליעבט אין דער טאָכטער פון א רייכען אטהענער. ער האָט זיא אָבער ניט געקענט דערגרייכען, ערשטענס, ווייל ער איז ניט געווען פון דעם ראַנג, און צווייטענס, ווייל ער האָט ניט געהאַט גענוג געלד מיט איהר חתונה צו האָבען. ווען טימאָן האָט דאָס געהערט האָט ער זיין דיענער געגעבען הריי אטהענישע טאַלענטען אום ער זאָל בעזיטצען אזוי פיעל וויא זיין צוקינפטיגער שווער האָט פערלאַנגט זיין איידעם זאָל האָבען.

אזעלכע גוטע זאַכען טהון, וואָלט נאָך ניט שלעכט געווען, דאָס אונ־גליק איז אָבער געווען, וואָס ער האָט אנגעשטאָפּט מיט גאָלד און רייכ־טהימער אלע לומפּען און פאַראזיטען וואָס האָבען אויסגעזעהען צו האָבען א פאָלשטענדיגע שליטה איבער זיין גאַנצעס פערמעגען. דיעזע זיינען אום קיינעם פּרייז ניט געווען זיינע פריינד, זאָנדערן פאַלשע און לאַכענדיגע שמייכלערס.

ווען עס האָט א מאָל פּאַסירט דאָס ער איז געזעסען ביים טיש און גע־געסען, געטרונקען און זיך אמוזירט מיט דיעזע פאַלשע פריינד וואָס האָ־בען אויסגעזויגען זיין פערמעגען, וויא א פּיאווקע זויגט דאָס בלוט פון א מענשען, האָט ער קיין מאָל ניט געקענט אונטערשיידען צו וויסען דעם חילוק פון אן אמת'ן פריינד ביז צו א פאַלשען. פאַר זיינע פערבלענדעטע אויגען האָבען אלע אויסגעזעהען גלייך, אלע זיינען פאַר איהם ערשיענען וויא ברידער.

אָרעמער, פערפיהרטער און פערנאַרטער טימאָן!

אזוי איז עס תמיד, דער עהרליכער קען זיך ניט פאַרשטעלען, אז עס זיינען דאַ גנבים אויף דער וועלט; דער אנשטענדיגער דענקט ניט, אז עס זיינען דאַ לומפּען, און דער אויפריכטיגער, קען זיך גאַר קיין בעגריעף ניט מאכען, אז מען קען רעדען מיט דיא ליפּען אנדערש וויא דאס געהירן דענקט.

אָבער וועהרענד טימאָן האָט געוואָרפען מיט זיין גאָלד, בעדרייכערט אנדערע, אָנגעפּרעסען און אָנגעזויפען פרעמדע און פאַלשע ברואים; וועהרענד ער האָט קיינמאָל ניט געוואָלט וויסען, אז עס קען נעהמען א סוף פון דיא גרעסטע אוצרות ווען מען פיהרט זיך אזוי, האָט טאַקי זיין רייכטהום, וואס איז ניט געווען אונענדליך, געזונקען פון טאָג צו טאָג אלץ ניעדריגער און ניעדריגער.

אָבער ווער זאָל איהם דארויף אויפמערקזאם מאכען? זיינע שמייכלערס? אָה, ניין, זיי האָבען געהאט אן אינטערעסע ער זאָל גאָר קיינמאָהל זיך ניט אויפכאַפּען פון זיין בעטויבונג.

ער האָט אָבער געהאט איין מענשען ארום זיך, טאַקי בלויז איין־איינציגען, וועלכער איז איהם געווען אן אמת'ער גוטער פריינד. דיעזער איז געווען זיין הויז־האַלטער פלאַוויוס, וועלכער האָט אָפט געזוכט געלעגענהייטען איהם צו דערצעהלען, אז דאס פערמעגען ווערט וועניגער, איהם בעטענדיג ער זאָל איהם ענטשולדיגען ווייל ער נעהמט זיך די פרייהייט אלס א דיענער מיט איהם אזוי אָפען צו רעדען, איהם אויפפאָדערענדיג ער זאָל זיך ארומקוקען וואו ער איז אין דער וועלט.

אָבער, וויא אן ארבעס אן דער וואנדט.

טימאָן האָט קיין געדולד ניט געהאט פאר אזעלכע "קליינינקייטען,,

און ווען פלאַוויוס האָט זיך צוגעזעצט צו איהם און איהם ניט געוואָלט אָבלאָזען, האָט טימאָן אלץ אָבגעלעגט דיא חשבונות אויף אן אנדער מאָל, ווען ער וועט האָבען מעהר צייט. דערווייל האָט ער אימער פערדרעהט דאס געשפּרעך אויף עפּעס אנדערס.

אך, מערקווירדיג! אזוי איז עס תמיד מיט דעם מענשען וואָס געהט איבער פון גרויס רייכקייט צו אָרעמקייט; ער וויל קיינעם הערען, ער האָט קיין געדולד און גלויבט זיך אפילו ניט, אז מען זאָגט איהם, דאס ער שטעהט שלעכט. מען דערמאָהנט זיך ערשט שפּעטער, ווען דיא קאטאסטראָפע קומט שוין, אז מען האָט בעגאנגען א פעהלער וואָס מען האָט זיך פריהער פערשטאָפּט דיא אויערן פאר א גוטען ראטה.

אָפט מאָל האָט עס פּאסירט, וואָס דיעזער געטרייער הויז־האלטער, ווען

דער פּאלאַטץ איז געוועז פולל מיט לומפּיגע שיכורים, וועז דער באַדען האַט געוויינט פון דעם וויין וואָס מען האָט אויף איהם אויסגעגאָסען, און אָפט־מאָל, אין אזעלכע צייטען, פלעגט ער זיך צוריק ציהען אליין אין זיין צימער און וויינען, גיסען מיט טרעהרען, זעהענדיג וואָס עס ווערט פון זיין גוטהער־ציגען הערץ, וועלכער לאָזט זיך פּערפיהרען פון יעדען שמייכלער און שורקע.

נאָר אייביג האָט דער צושטאַנד אזוי ניט געקענט אָנהאַלטען; עס האָט געמוזט קומען אַ סוף, און דער סוף איז אויך געקומען, וועז טימאן האָט שוין מעהר ניט געקענט פערשטאָפּען זיינע אויערן הערענדיג זיין געטרייען הויז־האַלטער׳ס רייד.

קיין געלד איז שוין מעהר ניט געוועז, דאס האָט איהם פלאוויוס גע־זאָגט. דאן האָט טימאָן איהם געהייסען פערקויפען אַ טהייל פון זיינע גיטער אום צו קריעגען געלד. אבער פלאוויוס האָט איהם מיטגעטהיילט, וואָס ער האָט פריהער ניט געוואָלט הערען, אז ער האָט שוין לאַנג פערקויפט זיינע גיטער און וואס עס איז געבליעבען איז ניט גענוג אפילו צו בעצאָהלען דיא חובות.

טימאָן איז ניט געוועז דערשראָקען, בלויז ערשטוינט.

דאן האָט ער בעמערקט:

„איך פערשטעה ניט. דאכט זיך מיינע גיטער האָבען פערנומען דיא גאַנצע געגענד פון אטהען ביז לאַקעדעמאָן?“

„יא, מיין הערר“, האָט פלאוויוס געענטפערט, „אזוי איז דאס געוועז, אָבער, פערגעסט ניט, אז די ערד איז אויך ניט מעהר וויא אַן ערד און האָט עקען, ברעגעס. אפילו וועז איהר זאָלט האָבען די גאַנצע ערד, לויט אייער פרייגעביגקייט, וואָלט אויך דערפון גאָר ניט געבליעבען.“

דאן האָט טימאָן זיך אָנגעהויבען צו טרייסטען, מיינענדיג, אז ער האָט קיינמאָהל ניט געגעבען דאָרט וואו מען האָט ניט בעדאַרפט און וואו עס איז ניט נעטהיג געוועז.

וועז ער האָט געזעהען, אז זיין גוטער הויז־האַלטער איז זעהר געערגערט און וויינט מיט ביטערע טרעהרען, האָט ער איהם געבעטען, ער זאָל זיך ניט אזוי נעהמען צום הארצען, ווייל, כל־זמן זיין הערר האט אזוי פיעלע גוטע און עדעלע פריינד, קען איהם גאָר ניט פעהלען.

„אלעס וואָס איך האָב צו טהאָן“, האָט ער געזאָגט, „איז, צו שיקען צו מיינע פריינד און פערלאַנגען אַ גמילת חסד. וואַרט, דוא וועסט זעהען וואָס עס הייסט צו האָבען אזוי פיעלע פריינד.“

אָרעמער און נאַררישער טימאָן, אַזוי האָט ער געמיינט, אַזוי האָט ער געגלויבט!

זייענדיג גאַנץ מונטער און אויך זיכער מיט דעם וואָס ער האָט געזאָגט, האָט ער בעשלאָסען טאַקי באַלד צו מאַכען אַ פּראָבע און איבערצייגען דעם נאַרישען הויז־האַלטער, אַז ער איז געוועזען אומזיסט בעזאָרגט. ער האָט איהם אוועקגעשיקט צו עטליכע פון זיינע פריינד, וויא צו לוקיוס׳ן, צו לוקולוס׳ן און סעמפּראָציוס, אַזעלכע מענער אויף וועמען ער האָט אויסגעבראַכט אַן עשירות, קיינמאָהל ניט פרעגענדיג וויפיעל. ער האָט אויך געשיקט צו ווענטידיוס׳ן, וועלכען ער האָט בעפרייעט פון געפענגנים, נאָכדעם ווי ער האָט פאַר איהם בעצאָהלט די חובות. ווענטידיוס איז געוואָרען אַ רייכער מאַן. ווייל מיט אַ קורצער צייט צוריק איז געשטאָרבען זיין פאָטער און איהם איבערגעלאָזט אַ גרויסע ירושה. אַלעס וואָס ער האָט פערלאַנגט פון ווענטידיוס׳ן איז געוועזען ער זאָל איהם אָבגעבען די פינף טאַלענטען וואָס ער האָט פאַר איהם בעצאָהלט. אין דערזעלבער צייט האָט טימאָן ניט געצווייפעלט קיין אויגענבליק, אַז ניט נאָר פינף טאַלענטען, זאָנדערן פינף הונדערט מאָל פינף וועט ער קריגען ביי זיינע טהייערע, טרייע, גוטע פריינד.

דער ערשטער צו וועמען דער הויז־האַלטער האָט זיך געוועגדעט, איז געוועזען לוקולוס, עס איז אָבער מערקווירדיג ווי דאס האָט פּאַסירט. לוקולוס האָט גע׳חלום׳ט אין יענער נאַכט איבער אַ זילבערנער שיסעל און אַ זילבערנעם בעכער. ווען טימאָן׳ס דיענער איז צו איהם געמעלדעט געוואָרען, האָט ער פּאָזיטיוו גערעכענט, אַז זיין חלום ווערט מקוים און טימאָן האָט איהם גראַדע געשיקט דעם פּרעזענט איבער וועלכען ער האָט געטרוימט. עס האָט פון דעסטוועגען ניט פיעל געדויערט און ער האָט פערשטאַנען, אַז טימאָן׳ס דיענער איז געקומען אין אַן אַנדער שליחות.

אין אָנפאַנג האָט ער גאָר זיינע אייגענע אויערן ניט געוואָלט גלויבען וואָס זיי הערען, נאָר ווען ער האָט זיך איבערצייגט גענוי אום וואָס דאס האַנדעלט זיך, האָט זיך זיין וואַסערדיגע פריינדשאַפט באַלד ארויסגעוויזען. אָנשטאָט צו געבען דאס געלד, אַדער, גלאַט אַזוי ענטזאַגען, האָט ער גאָר אָנגעהויבען צו זאָגען דעם דיענער מוסר פאַר טימאָנען. לוקולוס האָט געטענה׳עט, אַז ער האָט שוין לאַנג ארויסגעזעהען, דאס סוף־כל־סוף וועט זיך אַלעס מוזען אַזוי ענדיגען, אַז ער האָט פיעלע מאָל, ווען ער איז געקומען צו טימאָנען, איהם געוואָרענט, ער זאָל ניט זיין אַזא אויסברענגער, ער זאָל ניט פערשווענ־

דען זיין געלד, אָבער ער, טימאָן, האָט זיינע גוטע עצות, זיינע טהייערע כלע־נער, ניט געוואָלט הערען און וויסען.

„אמת׳, האָט ער ווייטער געזאָגט. „איך האָב טאַקי אָפט בעזוכט טי־מאָנען, געגעסען ביי זיין טיש, אַמאָל גענומען פון איהם אַ פּרעזענט, אָבער איך בין אימער געקומען פון זיין טובהדוועגען, ניט פאר מיר. איך האָב איהם תמיד געוואָלט ווארנען געגען זיין אויסברענגעריי.״

אָבער דאָס איז געווען אַ פערדאמטער ליעגען. ער האָט גאָר קיין מאָל ניט געוואגט טימאָן׳ען אויסצורעדען אַ וואָרט. פערקעהרט, ער האָט איהם גאָר ניט געוואָלט אויפמערקזאם מאַכען, כדי ער זאָל דערביי ניט פערלירען זיינע אייגענע איינקינפטע. וויא דיא זאַך איז, האָט לוקולוס גענענדיגט דער־מיט וואָס ער האָט אָנגעבאָטען דעם דיענער אַ ביסעל געלד כדי ער זאָל גע־העז צו טימאָן׳ען און איהם זאָגען, אַז ער האָט איהם ניט געטראָפען אין דער היים.

און עהנליכען ערפאָלג האָט געהאַט דער שליח וואָס איז געשיקט געוואָ־רען נאָך געלד צו לוקיוס׳ן. דיעזער לומפּ, וואָס איז פעט געוואָרען פון טימאָן׳ס סעודות, וואָס איז אָנגעשטאָפּט געוואָרען פון טימאָן׳ס פּרעזענ־טען, אַזוי שנעל וויא ער האָט בעמערקט, אַז דאָס רעדעל האָט זיך איבער־געדרעהט, האָט ער זיך אין אָנפאנג גאָר ניט געוואָלט גלויבען, אַז דאָס איז אַזוי. נאָר, ווען ער האָט זיך איבערצייגט, אַז דאָס איז אַ פאקט, האָט ער אויסגעדרעהט דאָס טיעפּסטע בעדויערן, אַז ער וואָלט איהם ווע־לען העלפען, נאָר ער קען ניט. ער האָט געזאָגט, (וואָס איז געווען אַ ליע־גען,) אַז ער האָט, מיט אַ טאָג פריהער געמאַכט גרויסע בעשטעלונגען אויף פערשיעדענע זאַכען, און דאָס האָט איינפאַך אויסגעלעדיגט זיין הויז פון מזומן געלד.

„עס טהוט מיר הערצליך לייד,״ האָט ער געשלאָסען, „וואָס איך בין ליידער ניט אימשטאַנד צו העלפען אַזא עהרענהאַפטען פריינד. נאָר אַז מען האָט ניט, קען אפילו דאָס בעדויערן ניט העלפען.״

אויב טימאָן האָט פאר עמיצען עפּעס געטהאָן, דאַן האָט ער פאר לו־קיוס׳ן געטהאָן מעהר וויא פאר אַלע. ער איז צו איהם ניט נאָר געווען וויא אַ פריינד, זאָנדערן וויא אַן אייגענער פאטער; ער האָט תמיד געהאַלטען אָפען זיין קאַסע, כדי לוקיוס׳עס קרעדיט זאָל ניט פאַלען. ער האָט בע־צאָהלט זיינע דיענער, ער האָט בעצאָהלט דיא ארבייטער וואָס האָבען פאר איהם געבויעט אַ פּאַלאַץ. און דאָך, ביי דער ערשטער פּראָבע האָט זיך

לוקיוס ארויסגעוויעזען אלט אזא אונדאנקבארע בריאה ! לוקיוס האט יעצט ענטזאגט צו לייהען טימאן'ען א סומע, וועלכע איז ניט נאר ניט געווען אן אבצאהלונג פאר אלע טובות, זאנדערן ניט מעהר וויא אן איינפאכע נדבה.

סעמפראניוס און אלע איבריגע בלוטזויגערישע לומפען צו וועמען טימאן האט זיך געווענדעט אין זיין נויט, האבען אונגעפעהר אויך אזוי געהאנדעלט. יעדער האט געגעבען אן אנדערן תירוץ. אפילו ווענטיליוס, וועמען טימאן האט בעפרייעט פון געפענגנים, האט זיך ענטזאגט איהם אבצוגעבען דיא פינף טאלענטען וואס ער האט בעצאהלט זיינע בעלי־חובות.

און אז מען ווערט א קבצן, וויא בעקאנט, דאן דערקענען ישוין ניט דיא בעסטע גוטע פריינד. אזוי גיך וויא דער עולם האט ערפאהרען, אז דיא הוהן האט אויפגעהערט צו לייגען גאלדענע אייער, האט יעדער אויסגעמיעדען טימאן'ען. זיי האבען אפילו ניט געוואלט געהען אין דיעזע וועגען וואו זיי פלעגען איהם א מאל בעמערקען.

נאר דאס איז נאך ניט אלעס. דיעזעלבע מיילער וואס זיינען פריהער געווען פול מיט אלערליי שמייכלערייען, האבען יעצט אנגעהויבען צו זידלען און בעליידיגען דעם פערשווענדער.

טימאן'ס פאלאץ, וואס איז פריהער כמעט אימער געווען געפאקט מיט געסט, איז יעצט געווארען לעדיג און שטיל, קיינער פון דיא געוועזענע גוטע פריינד איז ניט געקומען. אנשטאט דעם זיינען געשטאנען ביי דיא טהירען פערשיעדענע קרעדיטארען, פראצענטניקעס, הויט־שינדער, סוחרים, אויסבייטער און יעדער, אויף א הויכען און אונפערשעהמטען קול, האט פערלאנגט געלד. דיעזע זיינען געווארען אונערטרעגליך. קיין זאך האט געהאלפען זיי אבצולעגען, קומען אן אנדער מאל, שפעטער — אלע האבען שוין געוואלט מען זאל זיי בעצאהלען דיא חובות.

טימאן'כ פאלאץ איז יעצט געווארען זיין געפענגנים. ער האט מורא געהאט ארויס צו קומען אויף דער גאס. איינער האט פערלאנגט פופציג טאלאנטען, אן אנדערער האט געבראכט א חשבון אויף טויזענד קרוינען, א דריטער אן אנדער סומע, און אלע, אהן רחמנות, האבען איהם ניט געוואלט לאזען רוהען און זיינען געוועזען בערייט איהם אבצוצאפען זיין בלוט, אבי צו קריעגען זייער געלד.

וועהרענד דיעזער קריזיס, וועהרענד דיעזען גרויסען מאנגעל און באנקראט, האט עפעס פאסירט וואס האט יעדען מיט א מאל שטארק איבער־

ראשט. אונערוואַרטעט האָט מען בעמערקט ווידער א מאָל דעם אַלטען גלאַנץ אויפפרישען, און טימאָן האָט בעקאַנט געמאַכט, אז ער גיט א גרויסען באַנקעט, איינלאַדענדיג געסט, הערען און דאַמען, קורץ דעם גאַנצען יחוס פון אטהען.

לוקיוס, לוקולוס, ווענטיליוס, סעמפּראָניוס און אַלע אַנדערע זיינען באַלד געקומען.

זיי זיינען געקומען און אויסגעדריקט זייער גרעסטע פריידע, וואָס אנ־שטאָט, וויא זיי האָבען געדענקט, אז טימאָן איז פעראָרעמט געוואָרען, איז דאָס בלויז געווען אן אנשטעל, און ער איז ווידער אזוי רייך און מעכטיג וויא געווען.

יא, זיי האָבען גערעכענט, אז טימאָן האָט זיי נאָר געוואָלט אויספּרו־בירען און אויסגעפינען אויף וויא וויט זיי זיינען איהם געטריי.

וועהרענד יעדער האָט געהאַלטען אין פערענטפערן זיך, האָט טימאָן זיי געבעטען זיי זאָלען פערגעסען אן אזעלכע קלייניגקייטען, פערטרייבען דיעזע אַלע געדאַנקען, ווייל ער אַליין האָט זיי אויך שוין פערגעסען.

און דיעזע לומפּען, וואָס האָבען געגען איהם אזוי געהאַנדעלט, האָבען ווידער געזוכט צו געפינען ביי איהר חן, זעהענדיג, וויא זיי האָט זיך געדאַכט, אז אַלעס איז ווידער וויא עס איז געווען אמאָל.

דיא מוזיק האָט געשפּיעלט, און דיא דיענער האָבען ארויפגעבראַכט דאַמפּפענדע שיסלען.

עס האָט ניט פיעל געדויערט, און דיא פאַלשע ברואים האָבען אויס־געפונען וואו זיי זיינען אין דער וועלט.

אויף אן אָבגעמאַכטען סיגנאַל, זיינען דיא שיסלען אָבגעדעקט געוואָ־רען און טימאָן'ס פּלאַן האָט זיך בעוויעזען. אנשטאָט דיא טהייערע מאכלים וואָס מען האָט ערוואַרטעט, איז עפּעס ערשיענען וואָס האָט אויסגעדריקט טימאָן'ס וואהרע לאַגע — שיסלען מיט דאַמפּפענדעס וואַסער!

דער עולם איז געבליעבען זיטצען ערשטוינט און איבערראַשט.

„הינט!" האָט טימאָן אויסגעשריען. „בייגט זיך איין און לעקט, ווייל דאָס איז דאָס לעצטע וואָס מיר איז איבערגעבליעבען!"

אָבער נאָך איידער זיי האָבען זיך געקענט ערהאָלען פון זייער אי־בערראַשונג, האָט טימאן געכאַפּט שיסעל נאָך שיסעל מיט דעם וואַרעמען וואַסער און דאָס געשליידערט אין זייערע געזיכטער. דיא הערהען און

דאַמען זיינען אויפגעשפּרונגען, געכאַפּט וואָס זיי האָבען געקענט פון זייערע מלבושים און זיינען עגטלאָפען.

טימאָן האָט זיך אוועקגעשטעלט און זיי נאָכגעשריען:

„שמייכלענדע פּאַראַזיטען, צושטערער אונטער דער מאַסקע פון ערעל־קייט, ווילדע וועלף, אונטערטהעניגע בערען, נאַרען פון גליק, טיש־פריינד, פליעגען וואָס ערשיינען אמאָל!" — זיי וויעדער, איהם וועלענדיג אויס־מיידען, זיינען שנעלער אוועק וויא זיי זיינען געקומען. מאַנכע האָבען צוריקגעלאָזט זייערע מאַנטלען, היט, אנדערע אויך זייער ציערונג, אבי זיי זאָלען קענען שנעלער ענטלויפען.

דאָס איז געוועזען דער לעצטער באַנקעט וואָס טימאָן האָט געגעבען און דערביי האָט ער אויך פערלאָזט אַטהען מיט דער געזעלשאַפט פון מענשען.

טימאָן איז באַלד אוועק אין וואַלד מיט א פלוך אויף זיינע ליפּען געגען דער פערהאַסטער שטאָדט און געגען דער גאַנצער מענשהייט. ער האָט געוואונשען, אז דיא ווענט פון דיעזער שטאָדט זאָלען איינזינקען און דיא שטאָדט זאָל ארויפפאַלען אויף אַלע איהרע איינוואָהנער און זיי בע־גראָבען לעבעדיגערהייט. ער האָט זיי געפלוכט מיט קריעג, פּעסט, ארעמ־קייט, קראַנקהייט און אַלערליי פּלאָגען. ער האָט געבעטען דיא געטער צו פערדאַמען אַטהען און דיא אַטהענער און פערניכטען אַלט, יונג, מענער, פרויען און קינדער.

אָט מיט דיעזער שרעקליכער קללה איז ער אוועק אין וואַלד וואו ער האָט גערעכענט צו געפינען מעהר פריינדשאַפט צווישען דיא ווילדע חיות וויא צווישען מענשען.

טימאָן האָט פון זיך ארונטערגעוואָרפען דיא קליידער, זיך אויסגע־טהאָן איינפאַך נאַקעט אום ער זאָל ניט האָבען אויף זיך קיין סימן פון דער וועלט וואו ער האָט געלעבט. דאָן האָט ער אליין זיך אויסגעגראָבען א העהל און זיך דאָרט איינגעקוואַרטירט, לעבענדיג וויא דיא חיות פון פעלד, עסענדיג דיא ווילדע וואָרצלען און טרינקענדיג וואַסער פון דעם קוואַל וואָס האָט געפלאָסען צווישען דיא שטיינער. ער האָט אָנגעווענדעט אַלעס מעג־ליכע אויסצומיידען א מענשען, פּאָרציהענדיג דיא ווילדע טהיערע אַלס זיינע קאַמעראַדען, וועלכע, לויט זיין מיינונג, זיינען זיי געוועזען וועניגער שעדליך וויא מענשען.

וואָס פאַר א פערוואַנדלונג פון טימאָן דעם רייכען, דער וואָהלטהעטי־

גער, דער גוטער און עדעלער, ביז טימאן דער נאקעטער, דער האסער פון מענשען!

וואו זיינען אהינגעקומען זיינע שמייכלערס? וואו זיינען דיא באנדעס פיאוועקעס און וואמפירען אין מענשען־געשטאלט? וואו זיינען אלע זיינע בעגלייטער, פריינדע, קאמעראדען און דיענער?

אלעס איז אוועק, אלעס איז פערשוואונדען. עס איז בלויז איבערגע־בליעבען דער קאלטער צוג־ווינט אנשטאט זיין ווארעמעס און ווייכעס העמד; דיא דונקלע ווענט פון דער הייהל, דיא שטומע און שטילע בוימער און דער שטורם וואס האט געוויטהעט צווישען זיי, זיינען געבליעבען אלס זיינע איינציגע קאמפאניאנען. אבער דיעזע זיינען געווען גוט און אנגענעהם, זיי האבען איהם ניט געשמייכעלט, ניט אבגענארט, ניט בעטראגען.

יעדען טאג פלעגט טימאן ארויסגעהען פון זיין העהל אין וואלד, גראב־בענדיג אין דער ערד צו געפינען ווארצלען אום זיך צו ערנעהרען.

אין א טאג, וועהרענד ער איז געשטאנען, אין אדם'ס קאסטיום, גראב־בענדיג טיעף אין דער ערד נאך א ווארצעל, האט זיין גראב־אייזען זיך אנ־געשטויסען אן עפעס הארטעס, מעטאל. ער האט זיך אנגעבויגען צו בע־מערקען וואס דאס איז, און ער האט אויסגעפונען, אז ער האט ענטדעקט אן אוצר — א גרויסער הויפען מיט גאלד וואס עפעס א קמצן, אין דיא פער־גאנגענע דורות, האט דארט בעהאלטען; א קמצן וואס האט געדענקט צו־ריק צו קומען און נעהמען דאס גאלד, אבער דער טויט האט זיך מקדים געווען און איהם אוועקגערופען אויף א וועלט וואו מען בעדארף גאר ניט, וואו מען בענעטהיגט קיין זאך. ער האט אלזא צוריקגעלאזט דאס גאלד אין שויס פון דער ערד, און עס איז געלעגען אזוי לאנג, קיינעם ניט שא־דענדיג, קיינעם ניט פערריכטענדיג, ביז טימאן'ס גראב־אייזען האט דאס געפונען.

טימאן האט אויסגעגראבען דאס גאלד, עס איז געווען פיעל, אונגעהייער פיעל, א געוואלטיגעס רייכטהום! ווען טימאן'ס אידעען איבער וועלט און מענשען וואלטען זיך ניט געוועקסעלט, דאן וואלט ער געקענט איבער־א־נייעס אנפאנגען א לעבען פון לוקסוס און וועלטליכעס פערגעניגען. אבער טימאן איז שוין געווען זאט דערפון, ער האט אלעס געהאסט צוזאמען מיט דעם גאלד. פאר איהם האט דאס גאלד אויסגעזעהען וויא א פלוך, א פלאג, און ער האט עס אין אנפאנג גאר ניט געוואלט בעריהרען, גלייך וויא דאס וואלט געווען א שטיק פעסט.

ער האָט דערזעהען אין דעם דיא אורזאַכע פון רויב, אונטערדריקונג, אונגערעכטיגקייט, כאַבאַר, באַרבאַריי, טיראַניי, און מאָרד צווישען מענשען. ער האָט אזוי געהאַסט דיא מענשען, אז ער האָט אין דעם בעמערקט אַ מיטעל וויא צו ברענגען נייע אונגליקען אויף דער וועלט.

וועהרענד ער איז אזוי געשטאַנען און נאכגעדענקט, האָט ער בעמערקט מחנות סאָלדאַטען דורכקרייצען דעם וואַלד. דיעזע סאָלדאַטען זיינען געוועזען אַ טהייל פון דער אַרמעע וואָס דער אַטהענישער גענעראַל אלקיביאַדעס האָט קאָמאַנדירט. דיעזער אלקיביאדעס איז יעצט געגאַנגען געגען זיין אייגענער שטאָדט.

דיא געשיכטע דערפון איז אזוי געווען : דיא אטהענער האָבען געטראָגען אַ נאָמען אלס דיא אונדאַנקבאַרסטע ברואים. זייערע בעסטע פריינד און פערטהיידיגער, האָבען זיי בעלוינט מיט שאַנדע און פעראכטונג. אלקיביאַדעס איז געווען איינער פון זייערע קרבנות, און האָבענדיג אַ גוטע אורזאכע, האָט ער בעשלאָסען צו געהען מיט דערזעלבער ארמעע, וואָס האָט אַמאָל געקעמפּפט און געזיעגט פאר דיא אַטהענער, צו בעקעמפּפען און בעזיעגען דיא אַטהענער.

עס האָט ניט פיעל געדויערט און טימאָן האָט ערפאַהרען וואוהין זיי געהען און צו וועלכען צוועק. דאָס איז איהם זעהר געפעלען געוואָרען. ער האָט דאַן געהייסען צו איהם שיקען אלקיביאדעס׳ן און איהם אוועקגעגעבען דאָס גאַנצע גאָלד, כדי ער זאָל האָבען מיט וואָס צו בעצאָהלען דיא סאָלדאַטען און קענען פיהרען דעם קריעג געגען אַטהען. זיין איינציגער וואונש איז געווען, אז אלקיביאָדעס זאָל איינגעהמען דיא שטאָדט און זיא צושטערען; אין דערזעלבער צייט זאָל ער קיין רחמנות ניט האָבען אויף אַלט און יונג, זאָנדערן אויסמאָרדען אלעמען, אפילו דיא קליינע קינדער, וועלכע וועלען אויסוואַקסען צו זיין פערדאָרבענע ברואים, און דיא אַלטע מענער, וועלכע זיינען ניט מעהר וויא פּראָצענטניקעס און בלוט־זויגערס. ער האָט געבעטען אלקיביאדעס׳ן ער זאָל פערשטאָפּען זיינע אויערן, פערשטעלען זיינע אויגען, אום ניט צו הערען דיא פערצווייפעלטע געשרייען און זיך ניט מערקען דיא טייכען בלוט — אַלעס, אַלעס זאָל פאַלען אונטער זיין שווערט.

ווען אלקיביאדעס איז אַוועק, האָט טימאָן געבעטען דיא געטער זיי זאָלען איהם אויך פערדאַמען נאכדעם וויא ער וועט זיעגען, כדי עס זאָל פון אלעמען ניט איבערבלייבען קיין שריד ופליט.

אָט אזוי טיעף און שרעקליך האָט טימאָן געהאַסט אלע מענשען!

אלקיביאדעס מיט דער ארמעע זיינען אוועק צו זייער ווערק פון צו־שטערונג און טימאָן האָט געשפּירט, אז ער איז גליקליך וויסענדיג, אז זיי וועלען ברענגען גענוג אונגליק אויף דיעזע וואָס ער האסט.

ויהי היום, אזוי וויא טימאָן האָט געפיהרט זיין שרעקליכע עקזיסטענץ, איז ער איינמאָל שטארק איבעררּאשט געוואָרען זעהענדיג ביי דער טהיר פון זיין העהל שטעהענדיג א מענשען.

דיעזער איז געוועזן פלאוויוס, זיין געוועזענער הויז־האלטער און דער איינציגער אמת'ער פריינד וואָס טימאָן האָט געהאט צווישען מענשען. דיא ליעבע און טרייהייט צו טימאָנען, האָבען איהם געטריעבען ער זאָל איהם אויפזוכען, זעהען וואָס פון איהם איז געוואָרען און ער זאָל זיך אָנבאָטען צו איהם פאר איהם עפּעס צו טאָהן.

ביי'ם ערשטען בליק וואָס ער האָט געוואָרפען אויף זיין געוועזענעם הערר, וועלכער איז יעצט געווען נאקעט און אויסגעזעהען אזוי אונגליקליך, האָט פלאָוויוס אויפגעציטערט. ער איז געבליעבען שטעהען א היבשע צייט און ניט געקענט אויסרעדען אפילו א וואָרט.

דאן, ווען ער האָט שוין געפּאסט מוטה און אָנגעהויבען צו רעדען, איז זיין שטימע דערשטיקט געוואָרען מיט טרערען. טימאָן האָט געהאט גענוג מיה איהם צו בערוהיגען און איהם פרעגען צו וועלכען צוועק ער איז אהין געקומען.

ווען פלאָוויוס האָט איהם דערצעהלט, האָט טימאָן זיך עס ניט געוואָלט גלויבען.

וויא קען עס מעגליך זיין? פלאָוויוס איז נאָך אלעמען א מענש גלייך מיט יעדען? וויא קען ער זיין בעסער וויא אנדערע ?

אָבער פלאָוויוס האָט איהם ענדליך איבערצייגט, אז ער מיינט קיין זאך, אויסער וואהרע פריינדשאפט.

טימאָן האָט דאן געמוזט מודה זיין, אז עס געפינט זיך דאך נאָך, ווע־ניגסטענס, איין אנשטענדיגער מענש אין דער וועלט. אָבער, ער איז דאך א מענש, זעהט אויס וויא אלע אנדערע, און ווייל ער האסט אלע מענשען, האָט ער פון איהם אויך פערלאנגט ער זאָל איהם לאָזען צורוה און זיך געהען פון וואנען ער איז געקומען.

שמערצהאפט איז געווען דער אבשיעד. נאָר פלאָוויוס האָט זיך איבער־צייגט, אז עס וועט גאָר ניט העלפען און ער איז אוועק.

ווען טימאָן האָט אָבער געמיינט, אז ער האָט שוין אָבגעשניטען יעדען

פערקעהר מיט דיא מענשען, האט ער געהאט א טעות. עס האט ניט פיעל געדויערט און איניגע זעהר וויכטיגע געסט האבען איהם אויפגעזוכט אין זיין העהל. יעצט איז געקומען דיא צייט, אז דיא אונדאנקבארע הערען פון אטהען זאלען האבען א ביטערע חרטה, ווארום זיי האבען אזוי בעהאנדעלט דעם גוטען טימאן. עס איז געוועזן פונקט צו יענער צייט, ווען אלקיביאדעס וויא א וויטהענדע חיה, האט געשטורמט ביי דיא טויערן פון אטהען און גע־סטראשעט צו פערוואנדלען דיא גאנצע שטאדט אין אש.

דיא הערען פון אטהען האבען זיך דערמאהנט אן טימאן׳ס אמאליגע גרויסע העלדענטהאטען, וויא ער האט זיי פיעלע מאל געראטעוועט, דורך זיין מיליטערישע קונסט, פון שונאים, און אין זייער גרויסער נויטה האבען זיי איינגעזעהען, אז ער איז דער איינציגער וואס קען זיי ווידער ראטעווען פון אלקיביאדעס׳עס צארן.

מען האט דערפאר אויסגעקליעבען א דעפּוטאציע פון סענאטארען און זיי אוועקגעשיקט צו טימאן׳ען איהם בעטען ער זאל קומען העלפען דער שטאדט אין איהר פערצווייפלונג.

זיי זיינען אלזא געקומען צו דעמזעלבען מאן וואס זיי האבען בעשוויג־דעלט און בעטראגען און פערלאנגט ער זאל זיי העלפען.

דיא סענאטארען, ערניעדריגט און פול מיט חרטה, האבען איהם געבעטען מיט טרערען אין זייערע אויגען ער זאל צוריק קעהרען און ראטעווען דיא שטאדט פון וואנען ער איז לעצטענס פערטריעבען געווארען. זיי זיינען געוועזן בערייט איהם רייך צו מאכען, גיבען וואס ער פערלאנגט און בעלוינען טויזענד־פאך ווען ער וועט נאר איינשטימען מיט זיי צו געהען.

אבער דער נאקעטער טימאן, דער מענשען־האסער, האט שוין מעהר ניט געהאט אזעלכע אמביציעס אין לעבען. ווען אלקיביאדעס זאל אויס׳הרג׳ע־נען אלע זיינע לאנדסלייט, האט עס איהם מעהר ניט געקימערט, פערקעהרט, ווען אלקיביאדיעס׳ן זאל געלינגען צו פערוואנדלען דיא שטאדט אין אש, וועט עס איהם שטארק פרייען.

ער האט זיי מיטגעטהיילט וואס ער מיינט און דענקט.

„נאך מעהר,“ האט ער בעמערקט, „עס איז נישטא קיין זאך אין דער וועלט וואס איך האלט טהייערער וויא א מעסער מיט וועלכען איך אליין זאל קענען איבערשניידען דעם האלז פון אייער געעהרטעסטען און געאכ־טעטסטען בירגער.“

אט דאס איז געווען אלעס וואס ער האט געהאט צו ענטפערן אויף דיא געבעטע און געוויין פון דיא סענאטארען.

איידער זיי זיינען אוועק, האט ער זיי געזאגט, אז ער האט נאך בלויז איין עצה פאר זיינע לאנדסלייטע איידער אלקיביאדעס מארדעט זיי אוים.

דיא סענאטארען האבען אין דעם געזעהען א שטיקעל האפנונג און גע־בליעבען שטעהען צו הערען וואס ער האט זיי מיטצוטהיילען.

„איך האב א בוים," האט ער געזאגט, „וואס וואקסט דא נאהענט פון מיין העהל, דיעזען בוים וועל איך באלד מוזען ארונטערהאקען. אלע דיעזע וואס ווילען לויז ווערען פון אלקיביאדעס'עס שווערט, זאלען קומען אהער און זיך אויפהיינגען אויף דיעזען בוים."

דיא סענאטארען, פערצווייפעלט און בעטריעבט, זיינען אוועק.

מיט א קורצער צייט שפעטער, האט מען געקענט בעמערקען א קבר ניט ווייט פון דעם ים־ברעג. דארט איז געלעגען טימאן — רוהיג און שטיל, מעהר ניט געפלאגט דורך דער פערדארבענער מענשהייט. אויפ'ן קבר זיינען געווען אויסגעקריצט פאלגענדע ווערטער:

„וועהרענד ער האט געלעבט, האט ער געהאסט אלע לעבעדיגע מענשען, און שטארבענדיג האט ער געוואונשען, אז א פעסט זאל אויסכאפען אלע לע־בעדיגע שופטען."

אט אזוי האט זיך געענדיגט דיא קאריערע און דאס לעבען פון איינעם וואס איז געווען עדעל און גוט, און וועלכער איז נאכהער געווארען א מענשען־האסער דורך דער בעהאנדלונג פון דיעזע וואס ער האט געטרויעט.



# פאָררעדע

שעקספּיער האָט געשריבען עטליכע פּאָעמען, נאָר דיעזע „דהי רעיפּ אָוו לאָקרים" (דיא פערגוואלטיגונג פון לוקראציא'ן,) איז דיא שטארקסטע. מיר זאָגען שטארקער, מיינענדיג אין דראמאטישער פאָרמע, ווייל פּאָעטישער איז „ווינאָס ענד עדאָניס" (ווענוס און אדאָניס.) אין דער לעצטער פּאָעמא, האָט שעקספּיער געוויעזען ווער און וואָס ער איז ווירקליך געווען — דער גרויסער ערהאבענער דיכטער. אין דיעזער פּאָעמא, האָט שעקספּיער ווידער געצייגט, אז ניט פון יעדען מאטעריאל לאָזט זיך שאפען א דראמא.

עס איז קיין צווייפעל, אז אין דער „פערגוואלטיגונג פון לוקראציא'ן" געפינען זיך גענוג שטארקע שטעלען אום עס זאָל זיין א דראמא, אָבער שעקספּיער, וועלכער האָט אזוי גוט געקענט דיא ביהנע, האָט געוואוסט, אז ווען דער קלימאקס, אָדער מיטעלפּונקט פון א דראמא, איז ניט קיין סצענע ארויפצוברענגען אויף א ביהנע, האָט ער דערפון ניט געוואָלט מאכען קיין דראמא.

מיר ווילען עס בעסער ערקלערען.

דיא ביהנע האָט פיינד ערצעהלונגען; זיא ציהט פאָר האנדלונגען. מען קען אפילו יא אמאָל עפּעס דערצעהלען, וויא אין דער „קאמעדיע פון טעות'ן", וואו עגעאָן שילדערט אָב זיין לעבענס-געשיכטע, אָבער דאָס איז נאָר דא־מאָלס, ווען דאָס איז ניט דער קלימאקס פון דער דראמא. וויא דער לעזער האָט געוויס בעמערקט, איז עגעאָן'ס ערצעהלונג ניט מעהר וויא א טפל, און דיא דראמא אליין, פאָלגט ווייטער.

דאָ ווידער, אין דער „פערגוואלטיגונג פון לוקרעציא'ן", וואָלט דער אקט פון דער פערגוואלטיגונג געמוזט בילדען דעם קלימאקס, און אזא זאך ארויפצוברענגען אויף א ביהנע, איז אונמעגליך. ווידער, אז דאָס זאָל זיין אין ערצעהלונגס פאָרמע, וואָלט עס פערלוירען דעם גאנצען עפעקט.

## פאררעדע

מיר מאכען דיעזע בעמערקונג אום צו צייגען פיעלע אונגעאיבטע דראַ־מאטישע שרייבער, אז זיי זאָלען וויסען, דאָס ניט יעדער מאטעריאל קען נוטצען פאר א דראמא. מיר ווען דאָס בעסער איללוסטרירען:

דער מאטעריאל פון דיעזער פאעמא, טראָגט א גרויסע עהנליכקייט צו דער ביבלישער געשיכטע פון „פלגש בגבעה“. אין „פלגש בגבעה“ אלזאָ גע־פינט זיך גענוג ראָמאן און גענוג האנדלונג פאר א דראמא. דאָך קען „פלגש בגבעה“ ניט ארויסגעפיהרט ווערען אויף א ביהנע, ווייל דער קלימאַקס פון דער דראמא וואָלט, לכל־הפחות, געווען וויא דער איש מבית לוי צושניידט דעם טויטען קערפער פון זיין פרוי, וועלכע איז געשטאָרבען פון פערגוואל־טיגונג, און ער שיקט דיא שטיקער צו דיא אידישע שבטים. דאָס איז ניט צום פאָרשטעלען אויף א ביהנע,, שוין ניט רעדענדיג פון דעם פערגוואלטיגונגס אקט.

שעקספיער האָט זיך ניט געשעהמט אריינצוגעבען אין מויל פון זיינע העלדען אזעלכע ווערטער וואָס קיין מאָדערנער דראָמאטורג וואָלט זיך ער־לויבט. וואָס איז אָבער נוגע האנדלונגען, האָט ער אימער אויסגעמיעדען וואָס קען ארויסרופען אן עקעל פאר א נפש היפה. דיעזע פאָעמא בעווייזט עס.

שעקספיער איז אויך געווען גענוג רעאליסט ארויסצוברענגען מאָרד אויף דער ביהנע, נאָר פון דיעזען מאטעריאל, דאָס הייסט, פון „דהי רעיפ אָוו לאָקרים“, וואָס איז א היסטאָרישער, האָט ער העכסטענס געקענט שאפען א פאָעמא. און שעקספיער האָט תמיד געזוכט טהעמאס אויף פיעסען. עס ווערט בעוויעזען, אז אלע זיינע טהעמאָס זיינען ענטנומען. ווען ער וואָלט געשפירט, אז ער קען דערפון מאכען א דראמא, וואָלט ער עס געווים געטהאָן.

יעצט וועלען מיר איבערגעהען צו דעם אינהאלט פון דער פאָעמא, און מיר וועלען זיך ערלויבען אויף צו־צוגעבען עפּעס פון דער היסטאָריע וואָס שעקספיער האָט ניט דערמאָהנט אין דער פאָעמא גופא: —

# דיא פערגוואלט׳יגונג פון לוקרעציא׳ן



וקיום טארקוויניוס איז געוועזן איינער פון דיא בעריהמ־טעסטע עדעללייט פון רוים. ער איז אָבער אויך געוועזן א שטאָלצער מענש און א גרויסער טיראַן.

דורך זיין שטאָלץ, האָט ער זיך אויך א נאָמען גע־געבען סופּערבוס, דאָס הייסט, דער ערהאַבענער, און ווייל ער איז געוועזן א טיראַן, האָט ער געלאָזט היינריכטען זיין אייגענעם שוויגער־פאטער, סערוויוס טולליוס. דאָס האָט ער געטהאָן געגען דיא רוימישע געזעטצע, וואָס האָבען געפאָדערט, אַז קיין מענש קען פערלירען זיין לעבען אָהן דין ומשפט. ער האָט אויך ניט געפרעגט אויף דעם ווילען פון פאָלק און איז מיט געוואַלט געוואָרען קעניג.

נאָכדעם וויא ער האָט עראָבערט דיעזע הערשאַפט, האָט ער צוזאַמענ־גערופען אַן אַרמעע מיט דעם גאַנצען אַדעל פון רוים, און צוזאַמען מיט זיינע זיהן, וועלכע זיינען געוועזן שטאַרק געראָטהען אין זייער פאָטער, איז ער אַוועק און בעלאַגערט ארדעא, מיט דער אבזיכט, נאַטירליך, דאָס צו עראָבערען.

ארדעא איינצונעהמען איז ניט געוועזן אַזוי גרינג. דערהווייל האָט דיא גרויסע אַרמעע מיט דעם קעניג און זיינע זיהן, געלאַגערט אַרום דער שטאָדט.

אין א נאַכט זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אַלע פּראָמינענטע קאָמאַנדאַנ־טען אין לאַגער פון דעם פּרינץ סעקסטוס טארקוויניוס, דעם קעניג׳ס זוהן. דאָרט האָט מען געגעסען, געטרונקען און פערבראַכט אין געשפּרעך.

וועהרענד דיעזע פּראָמינענטע מענער זיינען געזעסען, האָט מען אָנגע־פאַנגען צו רעדען איבער פרויען. יעדער האָט געריהמט, וויא דער שטעגער איז, זיין פרוי. צווישען דיעזע האָט זיך געפונען דער אַדעליגער קאָלאַטינוס, וועלכער האָט גאָר ניט געהאַט גענוג ווערטער אויסצודריקען דיא עהרליכקייט, **פרומקייט און אנשטענדיגקייט פון זיין בעריהמטער שעהנער פרוי לוקרעציא.**

מענער בלייבען מענער. מען האט נאטירליך ערוואַרטעט דעם טויט ביי דיעזער בעלאַגערונג, אָבער אין דיעזען געשפרעך האט מען פערגעסען אַן אַלעמען. איינער האט דערצעהלט אַזעלכע מעלות איבער זיין פרוי, אַ צווייטער אַנדערע און אַזוי ווייטער. אום זיך צו איבערצייגען וועמעס פרוי עס בעזיטצט מעהר מעלות, האט מען בעשלאָסען, אַזוי יויא עס איז ניט געווען וויט פון רוים, זאָל מען, אין אַ טאָג, גאַנץ אונערוואַרטעט, אריינפאָהרען קיין רוים און זעהען מיט וואָס יעדען'ס פרוי איז בעשעפטיגט.

אַזוי איז געשעהען.

עס איז שוין אפילו געווען שפעט אין דער נאַכט, אָבער בלויז קאָלאַטינוס'עס פרוי, דיא שעהנע לוקרעציא, האט מען געטראָפען זיטצענדיג מיט איהרע דיענסט־מיידלעך, שפינענדיג וואָל. אַלע אַנדערע פרויען האָבען זיך ענטוועדער אַזוי אונטערהאַלטען, אָדער געטאַנצט און זיך אַמוזירט.

דאָס האט געפיהרט הערצו, וואָס יעדער האט צוגעגעבען, אַז קאָלאַטינוס האט געוואונען, און זיין פרוי קומט יעדע עהרע.

ביי דיעזער געלעגענהייט האט דער פרינץ סעקסטוס טאַרקוויניוס דערזעהען צום ערשטען מאָל לוקרעציא'ן. זיא איז ווירקליך געווען אַ וואונדערבאַרעס פרויענצימער; אויסער אַלע אַנדערע מעלות פון אַ גוטער הויז־פרוי, איז זיא געווען אַזוי שעהן און אַזוי ליעבענסווירדיג וויא אַ געטטין.

ווען סעקסטוס האט זיא נאָר דערזעהען, איז ער געבליעבען שטעהען ערשטוינט און איבערראַשט. אין איהם האט אָנגעהויבען צו ברענען ליעבע און ליידענשאַפט צוזאַמען. וואָס מעהר ער האט אויף איהר געקוקט, אַלץ גרעסער איז געוואָרען דאָס וויטהענדע פייער אין זיין ברוסט.

אָבער אין דער געגענוואַרט פון איהר מאַן און פון אַלע אַנדערע הערען, האט ער ניט געוואַגט זיך צו פערראַטהען אפילו מיט אַ מיענע.

דערווייל איז געקומען דיא צייט צוריק צו פאָהרען און אַלע האָבען וויעדער אָבגערייזט אין לאַגער.

אויב סעקסטוס האט געמיינט, אַז דיא רייזע צוריק אין לאַגער וועט איהם בערוהיגען, האט ער אָבער באַלד איינגעזעהען, אַז ער איז נאָך מעהר אויפגערעגט געוואָרען. סעקסטוס, אויך וויא ווייט ער האט געקענט אורטהיילען פרויענצימער, האט ער בעמערקט, אַז לוקרעציא איז איינע פון יענע פרויען וואָס וועלען זיך ניט לאָזען איבררעדען און וועט ניט בעטריגען איהר מאַן הינטער דיא פּלייצעס.

דאָס אַלעס האט סעקסטוס בעגריפען און טראָטץ דעם האט ער בעז־

שלאָפען, אז זאָל פּאַסירען וואָס עס וויל זיך, ער מוז בעזיטצען דיא שעהנע לוקרעציא.

ער האָט זיך אַרויסגע'גנב'עט פון דעם לאַגער, אוועק קיין רוים און איז אַריינגעפאָהרען אין קאָלאַטינוס'עס פּאַלאַץ. לוקרעציא, וויסענדיג זיין ראַנג, האָט איהם נאַטירליך זעהר שעהן עמפּפאַנגען. סעקסטוס ווייעדער, האָט איהר דערצעהלט, אז ער האָט וויכטיגע געשעפטען און איהר מיטגעטהיילט, אַז איהר מאַן האָט איהם געשיקט איינצושטעהען ביי איהר און דערביי האָט ער איהר אויך געבראַכט אַ שעהנעם גרוס פון קאָלאַטינוס'ן.

אַלס אַ גאַסט, האָט זיא איהם אונטערהאַלטען ביז עס איז נאַכט געוואָרען. דאַן האָט זיא איהם אָנגעצייגט זיין שלאָף־צימער, געוואונשען גוטע נאַכט, און זיך צוריק געצויגען אין איהר שלאָף־צימער.

אָבער סעקסטוס האָט ניט געקענט שלאָפען. זיין געהירן איז געווען וויא אין פייער. דיא ליידענשאַפט האָט איהם ניט געלאָזט רוהען. ער האָט געוואוסט וואָס פאַר אַ פערברעכען ער וויל בעגעהען; ער האָט פערשטאַנען דיא בעדייטונג דערפון, אָבער ער איז מעהר ניט געווען קיין בעל־הבית איבער זיך. זאָל דיא גאַנצע וועלט אונטערגעהען, האָט ער זיך געטראַכט, נאָר זיין וואונש מוז ערפילט ווערען!

וויא געטריעבען פון טויזענדער טייוולען, אזוי האָט עס איהם אַרויסגעיאָגט פון זיין בעט. ער איז אויפגעשטאַנען. אַרום־און־אַרום איז געווען טונקעל און שטיל: עס האָט געהערשט דיא הייליגע רוה פון אַ הויז, וואו עס געפינט זיך אַ טוגענדהאַפטע ווירטהין.

סעקסטוס האָט זיך בענוצט מיט דיעזער רוה און שטילקייט, אום אויפצוזוכען דאָס שלאָפצימער פון דער שעהנער און פרומער לוקרעציא.

ער איז געגאַנגען, נאָר ער איז אויך געבליעבען שטעהען. אונצעהליגע געדאַנקען האָבען געשאָסען דורך זיין קאָפּ. וואָס געהט ער טהון? וויא וואָגט ער צו פערלעטצען דיא גאַסט־פריינדשאַפט? וויא וואָגט ער צו געהען בעריהרען אַזא פרוי? וואו איז זיין עהרע אַלס עדעלמאַן, אַלס ריטער, אַלס קעמפּפער, אַלס פרינץ?

יא, דיעזע אַלע פראַגען האָט ער זיך געשטעלט און פאַר זיך אויך געזעהען דאָס בילד וואָס עס קען ווערען.

דאַן האָט ער געמורמעלט צו זיך אַליין:

„יא, אפילו ווען איך וועל שטאַרבען, וועט דער סקאַנדאַל מיך איבערלעבען, און דאָס וועט זיין אַן אייביגער פלעק אויף מיינע גאָלדענע עפּאָלע־

טען. מען וועט דאָס אַלעס פערשרייבען, אַז מיינע נאַכקומען זאָלען זיך דאַרפען בעגראָבען פאַר שאַנדע, שעלטען מיינע ביינער, און דאָס גאָר ניט רעכענען פאַר קיין פערברעכען, ווען זיי וועלען זיך ווינשען, אַז הלואי וואָלט זייער פאָטער גאָר ניט געבוירען געוואָרען.

„וואָס וועל איך פערדיענען, ווען איך וועל שוין געפינען וואָס איך זוך? אַ טרוים, אַ הויך, אַ שוים פון פאַראיבערגעהענדען תענוג. ווער קויפט עס דיא פרייד פון אַ מינוט אום צו וויינען אַ גאַנצע וואָך, אָדער ווער פערקויפט דיא אייביגקייט פאַר אַ שפּיעלכעל? פאַר איין זיסען וויינטרויב ווער צו־שטערט עס אַ גאַנצען ווינשטאָק? אָדער וועלכער בעטלער, אום צו בע־ריהרען דיא קרוין, וועט איינשטימען אַז מען זאָל איהם דערפאַר דערשלאָגען מיט׳ן סצעפּטער?

„ווען קאָלאַטינוס זאָל חלום׳ן איבער מיין אבזיכט, וועט ער ניט ער־וואַכען און אין ווילדער אויפרעגונג לויפען אַהער אום מיך אָבצוהאַלטען פון מיין אבשייליכער אָבזיכט? דיעזער פלעק אויף דער יוגענד, דיעזער שמערץ פאַר דער עלטער, דיעזע שטאַרבענדע טוגענד, דיעזע איבערלעבענדע שאַנדע, וועמעס פערברעכען טראָגט אַן אייביגע שאַנדע — אַך, וואָס פאַר אַן ענט־שולדיגונג קען איך אויסטראַכטען ווען דוא וועסט מיך אָנקלאַגען מיט דיעזער שוואַרצער טהאַט?״

אָט אזוי האָט ער גע׳טענה׳עט מיט זיך אַליין און ווייטער געזאָגט:

„זיא האָט מיך אָנגענומען אזוי צערטליך ביי דער האַנד, געבליקט אין מיינע אויגען צו הערען וואָס פאַר אַ שליחות איך האָב איהר געבראַכט, מורא האָבענדיג פאַר אַ שלעכטער נאַכריכט וועגען איהר געליעבטען מאַן אין קריעג. אַך, וויא דיא מורא האָט געבראַכט דיא קאָלירען אין איהר פּנים, פריהער רויט וויא דיא רויזען וואָס ליגען אויף דער וייסער לאַנדשאַפט, דאַן, וויים וויא דיא לאַנדשאַפט פון וואַנען דיא רויזען זיינען אַוועקגענומען״....

דאָס מויל האָט גערעדט, נאָר דאָס געהירן איז געווען אין פלאַם־פייער. פערשטאַנד האָט אויפגעהערט, איבערלעגונג האָט קיין פּלאַטץ געהאַט.

ער איז געגאַנגען פאָרווערטס. ער האָט געעפענט איין טהיר נאָך דער צווייטער און אין דער האַנד האָט ער געהאַלטען אַ ליכט צו בעלייכטען דעם פינסטערען וועג. געהענדיג האָט ער בעמערקט לוקרעציא׳ס אַ הענטשקע מיט דער העקעל־נאָדעל וואָס זיא האָט געאַרבייט. ער האָט דאָס געכאַפּט אין זיין האַנד, צונויפגעדריקט און דיא נאָדעל האָט צושטאָכען זיין פינגער. אָבער אויך דאָס האָט איהם ניט אָבגעהאַלטען. ווייטער איז ער געגאַנגען,

געיאָגט פון זיין אייגענעם שלעכטען געוויסען און פערברעכערישע געדאַנקען.

ענדליך איז ער צוגעקומען צו דער טהיר פון איהר שלאָף־צימער. א מאָ־מענט האָט ער געצעגערט. אָבער דאַן, מיט א ווילדער ענטשלאָסענהייט האָט ער געעפענט דיא טהיר און איז אריין אין צימער.

דאָרט איז זיא געלעגען — זיא, לוקרעציא!

זיא איז געלעגען אויף איהר בעט. איהר ליליען־האַנד האָט אונטער־געשפּאַרט איהר רויזיגע באַק, צוזאַמען אָנגעשפּאַרט אויפ׳ן קישען. דאָרט, וויא א מאָנומענט פון טוגענד איז זיא געלעגען בעוואונדערט צו ווערען פון אונהייליגע תאוה־אויגען.

אויף דער גרינער דעק איז געלעגען איהר אנדערע שעהנע האַנד: אזוי ווייס וויא אַן אפּריל „דעיזי" אויפ׳ן גרינעם גראָז, בעגאָסען מיט פּערלדיגען שוויס, עהנליך צו דעם טהוי פון דער נאַכט. איהרע אויגען, וויא בריליאַנטען, זיינען געווען צוגעדעקט, געשלאָסען. איהרע האָאר, וויא גאָלדענע פעדים, האָ־בען זיך געשפּיעלט און געשטיפּט פון דעם הויך פון איהר זיסען אטהעם... איהרע בריסט וויא צוויי עלעפאַנטביינערנע קוגלען ארומרינגלענדיג א בלויען צירקעל, זיינען געווען א פּאָאר מיידעל־וועלטען נאָך אונבעזיעגט — אויסער זייער הערר האָט קיינער אויף זיי קיין רעכט ניט געהאַט, און יעצט איז גע־שטאַנען א רויבער פערטיג צו עראָבערן דיעזען טראָהן.

ער האָט בעמערקט איהר אזור־אָדערן, איהר אַלבאַסטער הויט, איהרע קאַראַלען־ליפּען, איהר שנעע־ווייסען האַלז.

אָבער וויא דער אונבאַרמהערציגער לייב וואָס איז בערייט זיך צו וואַר־פען אויף זיין אָפּפער, אזוי איז יעצט סעקסטוס טאַרקוויניוס געשטאַנען, אויסגעשטרעקט זיין האַנד און זיא געלעגט אויף איהר ווייסע ברוסט.

דיא דעקלאַך פון דיא אויגען האָבען אויפגעשפּרונגען און זיא האָט ער־וואַכט!

שרעק, ציטערניס, און וויא א פרישגעטויטעט פויגעלע, אזוי איז זיא געלעגען. זיא האָט ניט געוואַגט צו קוקען, אָבער אונווילענדיג האָט זיא בעמערקט ווער עס שטעהט נעבען איהר.

זיין האַנד, וואָס איז נאָך אימער געלעגען אויף איהר ברוסט, האָט גע־שפּיערט דעם וויטהענדען שטורם וואָס דאָרט איז פאָרגעגאַנגען.

זיא האָט פערשטאַנען און זיך אָנגעהויבען צו בעטען ביי איהם.

ער האָט איהר ערקלעהרט אלעס וואָס ער מיינט און בעאבזיכטיגט, און איהר דערצעהלט, אז ער איז דער שקלאַף פון זיינע ליידענשאַפטען.

„לוקרעציא!“ האָט ער אויסגעשריען, „דיעזע נאכט מוז איך דיך האָבען! ווען דוא שטימסט ניט איין מיט גוטען, דאן וועט דיך מאכט צווינגען, ווייל איך דיין איינגענעם בעט וועל איך דיך פערניכטען, ערמאָרדען. דאן וועל איך ערמאָרדען איינעם פון דיינע שקלאַפען אום צו טויטען דיין עהרע צוזאַמען מיט דיר. אין דיינע טויטע ארעמס וועל איך איהם אריינלעגען און שווערען, אז איך האָב איהם ערמאָרדעט צוזאַמען מיט דיר, וועהרענד איך האָב אייך געכאַפּט צוזאַמען אין זינד. אויף אַזאַ אופן וועט דיין מאַן צוריקבלייבען צו שאַנד און צו שפּאָט פאַר יעדען. דיינע קרובים וועלען אַרונטערלאָזען דיא קעפּ פאַר חרפּה, און דיינע קינדער וועלען טראָגען דעם נאָמען פון ממזרים. דוא אַליין, דיא פערפאַסערין פון דעם אַלעמען, וועסט זיין ביי יעדען אין מויל... אָבער, ווען דוא גיסט זיך אונטער, דאן פערבלייב איך דיין געהיימער פריינד: אַ פעהלער וואָס ווערט ניט בעקאַנט געמאַכט, איז וויא אַ געדאַנק וואָס איז ניט דורכגעפיהרט געוואָרען... צוליעב דיין מאַן, צוליעב דיינע קינדער, גיב דיך אונטער און ערפיל מיין וואונש“...

איהרע אויגען האָבען פערלאַנגט מיטלייד, ערבאַרמען. זיא האָט איהם אָנגעהויבען צו בעשווערען ביי דיא געטער, ביי דער ריטערשאַפט, ביי דעם אַדעל צו וועלכען ער האָט בעלאַנגט און ביי דער פריינדשאַפט צו איהר מאַן; זיא האָט איהם בעשוואוירען ביי איהרע טרעהרען, ביי איהר מאַן׳ס ליעבע, ביי דיא הייליגע מענשליכע געזעטצע, ביי הימעל און ערד, ביי אַלע קרעפטען, אַז ער זאָל זיך צוריק ציהען און זיך לאָזען בעזיעגען פון דער עהרע ניט פון קיין שמוטציגע תאוה.

„אַך, טארקווין“, האָט זיא זיך געבעטען, „בעלויין ניט דיא גאַסטפריינדשאַפט מיט אַזאַ שוואַרצער דאַנקבאַרקייט, וואַרף ניט אריין קיין בלאָטע אין דעם ברונען וואָס האָט דיר געגעבען צו טרינקען; פערביטער ניט וואָס דוא קענסט ניט פערזיסען... מיין מאַן איז דיין פריינד, צוליעב איהם לאָז מיך צורוה; דוא אַליין ביסט מעכטיג און צוליעב דיר בעט איך דיך לאָז מיך געהען. זעה, איך בין שוואַך, כאַפּ מיך ניט אין דיין נעטץ. דוא זעהסט ניט אויס וויא אַ שווינדלער, בעשווינדעל מיך ניט. אויב אַ מאַן איז נאָך ווען עס איז געריהרט געוואָרען פון אַ פריי׳ס זיפצען, דאן ווער דוא געריהרט פון מיינע טרעהרען, זיפצען און וועהקלאָגען“.

„גענוג!“ האָט ער אויסגעשריען, „מיין אונבעזיעגבארער שטראָם קעהרט זיך ניט צוריק, זאָנדערן ער ווערט גרעסער און שטירמישער. קליינע פייער-

לעך געהען אויס, גרויסע פלאמען צופלאקערן זיך נאך גרעסער פון דעם ווינט."

ביי דיעזע ווערטער האט ער אויסגעלאשען דאס ליכט, ווייל ליכט און תאוה זיינען זיך דיא גרעסטע שונאים. דיא שאנדע וויקעלט זיך איין אין דער פינסטערער נאכט, און וואס מעהר זיא זעהט זיך ניט, אלץ א גרעסערע טיראנין איז זיא. דער וואלף האט ענדליך געפאקט זיין אפפער; דאס שעפסעלע שרייט אויס — ביז עס ווערט פערשטיקט מיט זיין אייגענעם פעלכעל. ער האט פערשטיקט איהר שטימע מיט איהרע אייגענע נאכט־קליידער און פעראונהייליגט דיא הייליגקייט פון איהר בעט.

זיא האט פערלוירען וואס עס איז ביי איהר געווען טהייערער וויא איהר לעבען און ער האט געוואונען דאס, וואס ער האט געמוזט באלד ווידער פערלירען. דיעזע געצוואונגענע פעראייניגונג האט ארויסגערופען א גרעסערע דערוויטערונג; דיא פרייד פון דעם מאמענט האט געפיהרט צו מאנאטען פון שמערצען; דיעזע הייסע תאוה האט אלעס פערוואנדעלט אין קאלטער פעראכטונג. ריינע טוגענד איז בערויבט געווארען, און תאוה איז געבליעבען נאך ארעמער וויא געווען.

דאן, מיט אויסגעמאגערטע און בלאסע באקען, מיט מיעדע אויגען, גע־קנייטשטען שטערן און שוואכע שריט, איז ער אוועק.

ער, וויא א רויבערישער הונד איז טרויעריג אוועק, און זיא, וויא א מיעד לעמעלע איז געבליעבען ליעגען סאפענדיג. ער איז אוועק זיך האסענדיג פאר דעם פערברעכען וואס ער האט בעגאנגען, און זיא, פערצווייפעלט, האט זיך אויסגעריסען דאס פלייש מיט איהרע אייגענע נעגעל.

ארעמע, אונגליקליכע לוקרעציא! עס האט געדויערט א היבשע צייט און זיא האט אלץ ניט געקענט בעגרייפען וואס עס איז געשעהען. אלעס האט ביי איהר אויסגעזעהען וויא א שרעקליכער און פינסטערער חלום. ווען זיא האט נאך אמאל אלעס גענוי בעגריפען, האט זיא אויפגעשווידערט.

זיא האט ווידער געריסען איהר פלייש; דיא טרעהרען האבען אזוי לאנג גערונען און געפלאסען, ביז איהרע אויגען האבען מעהר ניט געקענט וויינען.

שרעקליך איז פאר איהר ערשיענען דאס פערברעכען!

דיא אונשולד איז געווען טויט, בערויבט און ערמארדעט אין איהר אייגענעם לאגער.

## דיא פערגוואלטיגונג פון לוקרעציא'ן.

לאנג זיינען דיא מינוטען פון אונגעדולד, אבער קורץ זיינען אויך דיא מאמענטען ווען מען וויל דער שמערץ זאל זיי פערלענגערן.

ווען זיא האט געוואגט צו עפענען איהרע אויגען, האט זיא דערזעהען דורך'ן פענסטער וויא עס ברעכט אויף טאג.

טאג! ליכט! דאס האט זיא ניט געוואלט. זיא האט בעסער געוואלט זיך פערלירען אין אייביגער נאכט, פערזינקען אין אייביגער פינסטערניש!

טאג! ליכט! זיא האט געוואוסט, אז זיא וועט מוזען ערוואכען און דער־זעהען דיא שיין; אנדערע וועלען זיא זעהען, און, יעדער וועט לעזען אויף איהר געזיכט דיא שאנדע, דיא בעליידיגונג און ערניעדריגונג פון דער נאכט! יעדער וועט לעזען איהר פערברעכען, און וויא וועט זיא זיך קענען בעוועגען אונטער מענשען, וואס האבען געגלויבט אין איהר עהרע, אין איהר אונשולד?

וויא דער שטורם האבען געוויטהעט איהרע געדאנקען און זיא האט ניט געקענט ענטשליעסען וואס עס זאל זיין, וואס עס זאל געשעהען.

ענדליך איז געקומען דער טאג. זיא איז ארונטערגעקראכען פון בעט, פעסט ענטשלאסען צו געפינען עפעס אן אינסטרומענט אום צו מאכען א סוף פון איהר געשענדעטעס לעבען.

זיא האט קיין טויטען אינסטרומענט ניט געפונען און דאס לעבען האט אנגעהויבען צו ווינקען צו איהר און זיך בעטען ווייטער צו עקזיסטירען.

„ניין!" האט זיא אויסגעשריען, „איך וועל ניט לעבען! ניין, קאלאטין, דוא זאלסט ניט בעפלעקט ווערען מיט געשענדעטער עהרע! איך וועל דיך ניט בעטריגען, איך וועל דיך ניט נארען מיט א שבועה וואס איז פערשוועכט געווארען. דיעזער ממזר וואס קען זיך ענטוויקלען אונטער מיין ברוסט זאל קיינמאל ניט אויפוואקסען. ער זאל זיך קיינמאל ניט קענען בעריהמען, אז ער האט פערדאונהייליגט דיינע נאכקומען און דוא ביכט א פאטער צו דעם וואס האט קיין רעכט הערצו! ניין, איך וועל דיך ניט פערגיפטען מיט מיין בעפלעקטער עהרע, און איך וועל אויך ניט זוכען קיין ענטשולדיגונג פאר מיין אונגליק. איך וועל ניט אבפארבען דיא וואהרהייט — מיין צונג זאל אלעס דערצעהלען!"

דיא קליינע פייגעלעך האבען אנגעהויבען אבצוגעבען זייער מארגען־קאנצערט, און דאס האט זיא נאך מעהר בעטריבט, וויל פרייד מאכט דעם טרויער גרעסער.

דער געדאנק זיך אליין צו טויטען, זיך פערניכטען אין איהר שאנדע,

איז אוועק. אנשטאָט העם האָט זיך ביי איהר ערוועקט א אידעע פון ראַכע, בימערע און שרעקליכע ראַכע!

„שטאַרבען וועל איך", האָט זיא געזאָגט, „שטאַרבען מוז איך, ווייל א פרוי וואָס פערלירט דאָס טהייערסטע אין איהר לעבען, דיא עהרע, טאָר ניט לעבען. אָבער איידער איך וועל שטאַרבען, זאָל קאַלאַטין האָבען אויסגעהערט אַלעס וואָס דאָ איז פּאָרגעגאַנגען. ער האָט א רעכט דאָס צו וויסען, פּונקט וויא ער האָט געוואוסט איבער מיין טוגענד. ווען ער וועט דאָס וויסען, דאַן זאָל ער האַנדלען וויא ער פערשטעהט — דאַן האָב איך א רעכט צו שטאַרבען. דאָס שוידערהאַפטע און שרעקליכע געהיימניס, טאָר ניט שטאַרבען מיט מיר. דאַן, יא דאַן, וועל איך איבערגעבען מיין לעבען צום מעסער, ווייל עס איז אַן עהרע אוועקצוגעבען אַן אונעהרענהאַפטעס לעבען. מיין מאַן! פאַר דעם טהייערען בריליאַנט וואָס איך האָב פערלוירען, וואָס זאָל איך דיר איבערלאָזען פאַר א ירושה? אָבער, געליעבטער, איך וועל דיר צוריקלאָזען מיין ענטשלוס און דאָס זאָל זיין דיין שטאָלץ דורך וועלכען דוא וועסט דיך קענען נוקם זיין."

ווען דיעזער פּלאַן איז פערטיג געוואָרען, איז ערשיענען איהר קאַמער-מיידעל. זיא דערזעהענדיג, האָט זיא געפרעגט:

„זאָג מיר, מיידעל, ווען איז סעקסטוס פון דאַנען אוועק?"

„מאַדאַם", האָט זיא געענטפערט, „נאָך איידער איך בין אויפגעשטאַנען."

א טיעפער און שווערער זיפץ האָט זיך ארויסגעריסען פון איהר ברוסט. איהר בלאַסעס געזיכט און פערוויינטע אויגען האָבען איבערצייגט דאָס קאַמער-מיידעל, אז מיט איהר הערריין האָט פּאַסירט עפּעס אונגעוועהנליכעס.

„מאַדאַם", האָט זיא געזאָגט, „אויב איך מעג מיר ערלויבען, וואָלט איך אייך פרעגען וואָס איהר זייט היינט אַזוי בעטריבט?"

„אָה, פרעג ניט!" האָט דיא אָרימע לוקרעציא געענטפערט, „ווען איך זאָל דיר דערצעהלען וועט דער שמערץ ניט קלענער ווערען. געה בעסער ברענג מיר אַהער פּאַפּיר, טינט און פּען — אָבער, געה ניט, איך האָב אַלעס דאָ. וואָס זאָל איך זאָגען? וואָס וויל איך? יא, רוף מיר אַהער איינעם פון דיא דיענער און זאָג איהם ער זאָל זיין בעריט אָבצופיהרען א בריעף צו מיין מאַן, צו מיין געליעבטען און טהייערן מאַן! זאָג איהם נאָר, ער זאָל זיך שנעל פּאָרבערייטען אין וועג, ווייל דאָס וואָס איך בענעטהיג, דאַרף דורכגע-פיהרט ווערען אין גרויסער איילעניש."

דאָס קאַמער־מיידעל איז אַרויס און זיא האָט זיך פאַרבעריייט צו שרייבען. זיא האָט אין אנפאַנג ניט געוואוסט וויא אָנצוהייבען און זיא האָט געטראַכט און געטראַכט ביז זיא האָט ענדליך אויפגעשריעבען פאָלגענדען בריעף:

„טהייערער מאַן! דיין אונווירדיגע פרוי בעגריסט דיך און ווינשט דיר „געזונד. דאַן בעט איך דיך מיין געליעבטער, אויב דוא ווילסט נאָך זעהען „דיין לוקרעציא, זאָלסטו קיין אויגענבליק פערלירען און שנעל קומען מיך בע־„זוכען. אָט דאָס שרייב איך דיר פון אונזער הויז פול מיט שמערצען — „מיין וועהטאָג איז גרויס, און דערפאַר איז מיין בריעף אַזוי קורץ."

זיא האָט נאָך אַמאָל איבערגעלעזען, פערוויקעלט און פערזיגעלט דעם בריעף. דאַן איז אריינגעקומען דער דיענער וועמען זיא האָט איבערגעגעבען דעם בריעף און געזאָגט:

„נעהם דיעזען בריעף און לויף אַזוי שנעל וויא נאַר מעגליך, צו מיין מאַן קיין ארדעא."

ער איז אַוועק, און לוקרעציא האָט זיך אַוועקגעזעצט וואַרטען — וואַרטען מיט דער גרעסטער אונגעדולד וויא דער פעראורטהיילטער אויף זיין טויט, ווינשענדיג אַז אַלעס זאָל שוין זיין פאַראיבער.

ווען קאָלאטין האָט ערהאַלטען זיין פרוי'ס בריעף, האָט ער פערשטאַנען, אַז עס האָט פאַסירט עפּעס אונגעוועהנליכעס. ניט וואַרטענדיג פיעל, האָט ער צוזאַמענגערופען אייניגע פון זיינע בעסטע פריינד, וועלכע האָבען צוזאַמענגעשטעלט רוים'ס גרעסטען אַדעל. ער האָט זיי מיטגעטהיילט איבער דער אונגעוועהנליכער פאַסירונג און זיי געבעטען זיי זאָלען איהם בעגלייטען אַהיים.

זיי האָבען איינגעשטימט.

ווען דיא גאַנצע געזעלשאַפט איז ענדליך אָנגעקומען, האָט קאָלאטין צום ערשטען בעגעגענט זיין פרוי, דיא שעהנע לוקרעציא, געקליידעט אין שוואַרצען, אין טרויער. אַרום איהרע פערוויינטע אויגען זיינען געוועזען גרויסע בלויע רינגען וויא רעגענבויגענס אויפ'ן הימעל.

ווען ער האָט בעמערקט איהר טויט־בלייכעס געזיכט, איז ער אויפגעציטערט געוואָרען. אַלע זיינע בעגלייטער זיינען געשטאַנען וויא פערשטיינערט. וואָס האָט פאַסירט מיט דער שעהנער לוקרעציא? וואָס איז מיט איהר געשעהען?

ענדליך איז איהר מאַן צוגעגאַנגען, זיא אָנגענומען ביי איהר בלאַסע האַנד און זיא געפרעגט:

„לוקרעציא, מיין פיעל־געליעבטע, וואָס איז געשעהען מיט דיר? וואָס פאַר אַן אונגליק האָט דיך בעפאַלען, ווארום ציטערסטו אזוי? זאָג, מיין גע־ליעבטע פרוי, דערצעהל דיין מאַן דיין שמערץ, און אויב עס ליעגט נאָר אין מיין מעגליכקייט דיר צו העלפען, דאַן זאָל עס געשעהען."

זיא האָט געשוויגען. עס האָט אויסגעזעהען, אַז זיא וויל רעדען, נאָר זיא האָט ניט געקענט. ענדליך האָט אַ ציטער זיא אויפגעשוידערט און זיא האָט אזוי געזאָגט:

„בלויז איינינע ווערטער זאָלען אייך דערצעהלען וואָס עס איז פאָרגע־גאַנגען; בלויז איינינע ווערטער, ווייל דער גרויסער שמערץ וואָס וויטהעט אין מיר קענען קיין ווערטער ניט שילדערן. פיעל געליעבטער מאַן! אַ פרעמ־דער איז אַהער געקומען, און מיט בעטרוג האָט ער זיך דאָ איינגעקוואַרטירט. אויף דעם קישען, וואו דוא פלעגסט אנשפּאַרען דיין מיעדען קאָפּ, האָט ער זיך געלעגט, און דורך געוואַלט, צוואַנג און שמוציגע מיטלען האָט ער פון דיין לוקרעציא'ן אַוועקגערויבט דאָס, וואָס בעלאַנגט צו דיר אַליין. אין דער שטילער טויטקייט פון דער נאַכט האָט ער איינגעדרונגען אין מיין שלאָף־צימער; איינגעדרונגען וויא אַ קריכעדיגע חיה מיט אַ ליכט אין האַנד, און מיך אויפוועקענדיג האָט ער געזאָגט: „רוימישע דאַמע, מאַך דיך פאַרטיג מיך צו אַמוזירען אין מיין ליעבע, ווען ניט וועל איך אויף דיר ברענגען איי־ביגע שאַנדע. ווען דוא שטימסט ניט איין צו מיין אַנטראַג, דאַן וועל איך פריהער דיך ערמאָרדען, דאַן איינעם פון דיינע דיענער, איהם אַריינלעגען אין דיינע אַרעמס, און דערמיט וועל איך דיין מאַן און דיינע קינדער אויף אימער בראַנדמאַרקען מיט שאַנדע צוליעב דיר." איך האָב אָנגעהויבען צו וויינען און בעטען זיך, אָבער ער האָט אַרויסגעצויגען זיין שווערט, צוגעלעגט צו מיין ברוסט, שווערענדיג, דאָס ווען איך גיב מיך ניט אונטער, דאַן וועל איך מעהר ניט לעבען דעם צווייטען אויגענבליק, און מיין שאַנדע וועט טרעפען אַלע דיעזע וואָס איך ליעב אַם בעסטען. מיין שונא איז געווען שטאַרק, איך אַליין שוואַך, און נאָך שוואַכער וויא געוועהנליך פאַר מורא. אַך, לערן מיך וויא אויסצודריקען מיין ענטשולדיגונג און בעווייזען מיין אונשולד, ווייל ריין און אונבעפלעקט איז געבליעבען מיין געדאַנק, דען דיעזען האָט ער ניט געקענט צווינגען, פערגוואַלטיגען."

וויא געטראָפען פון א דונער זיינען אלע געבליעבען שטעהען שפראכ־לאָז, קיינער האָט ניט געקענט רעדען א וואָרט.

דאן האָט לוקרעציא פאָרטגעזעטצט:

„יעצט, הער מיך. מיין גאנצער ציעל איז, אז דוא זאָלסט זיך נוקם זיין פאר מיר — אזוי נוקם זיין, אז דאס זאָל זיין א ביישפיעל פאר אנדערע. דער לומפ, דער פערעטהער, מוז שטארבען, אָבער איידער איך רוף אָן זיין נאָמען, בעט איך דיך, צוזאמען מיט אלע דיעזע הערען, וועלכע זיינען דאָ פערזאמעלט מיט דיר, איהר זאָלט מיר שווערען, ביי אייער עהרע, דורכצו־פיהרען דיעזע ראכע!"

ביי דיעזע ווערטער האָבען אלע צוזאמען אויפגעהויבען זייערע הענד און געשוואוירען, אויך פערשפרעכענדיג ניט צו רוהען ביז זיי וועלען זעהען דעם פערברעכער בעשטראפט.

זיא האָט זיי געדאנקט און געפרעגט:

„מיט וואָס אָבער קען איך ריין וואשען דעם פלעק אויף מיין אייגענער עהרע?"

אלע האָבען זיא פערזיכערט, אז כל־זמן איהר געדאנק איז פערבליעבען ריין, האָט זיא ווייטער ניט וואָס זיך צו בעקימערן.

„ניין", האָט זיא געענטפערט, „דיא וואָס ווערט דורכמאכען אזא טרויע־ריגע ערפאהרונג אין לעבען, זאָל קיין ענטשולדיגונג ניט קענען געבען!"

דאן האָט זיא מיטגעטהיילט דעם נאָמען פון איהר שענדער און פער־גוואלטיגער.

ביי דיעזע ווערטער, צו יעדען'ס ערשטוינען, האָט זיא ארויסגעצויגען א לאנגעם און שארפעם מעסער, און אזוי שנעל וויא דער בליטץ, האָט זיא דערמיט דורכגעשטאָכען איהר הארץ.

פאלענדיג האָט זיא געמורמעלט, ווייזענדיג אויף איהר מאן:

„ער, ער, מיינע הערען, זיין עהרע, האָט געפיהרט דיעזע האנד צו דיעזער ארבייט".

מען איז צוגעלאָפען צו איהר, זיא דערכאפט, אָבער עס איז שוין געוועזען צו שפעט. איהר געזיכט האָט בלויז אויסגעדריקט א רוהיגע צופריעדענהייט, און פון איהר ברוסט האָט געפלאָסען א שטראָם ווארעמעס בלוט ארונטער רינענדיג אויף'ן באדען.

דער אלטער לוקרעציוס, לוקרעציא'ס פאָטער, וועלכער האָט בייגעוואָהנט דיעזע סצענע, האָט אויסגעשריען:

„טאַכטער, טהייערע טאָכטער! אַט דיעזעם לעבען וואָס דוא האָסט יעצט אוועקגערויבט, איז געווען מיינעם! מעהר און ווייטער לעבען ווען זיא איז טויט, איז אונמעגליך! אך, קינד, וואָס האָסטו געטאָהן, וואָס האָסטו געטהאָן?"

שרעקליך איז געווען דער שמערץ פון דעם אַלטען מאַן און דיא אַנוועזענדע זיינען געווען געריהרט צו טרעהרען.

ביי דיעזער סצענע האָט קאַלאַטין ערוואַכט וויא פון אַ חלום.

אין טיעפסטען שמערץ האָט ער זיך געוואָרפען איבער איהר קערפּער, געקושט דיא בלאַסע און טויטע באַקען און מיט איהר לעבענס-בלוט האָט ער זיך אויסגעשמירט זיין געזיכט און זיך צאַפּלענדיג, האָט עס אויסגעזעהן גלייך וויא ער וויל שטאַרבען נעבען איהר. פּלוצלונג אָבער איז צו איהם געקומען דאָס געפיהל אַלס מאַן, אַלס מוטהיגער מאַן וואָס דאַרף לעבען און ניט שטאַרבען, אום זיך נוקם צו זיין פאַר איהר שאַנדע און פאַר איהר טויט.

דער גרויסער שמערץ אין זיין זעעלע, האָט פריהער געלעהמט זיין צונג. דאַן האָט זיך דורך זיין ברוסט ארויסגעריסען דער וויטהענדער שטורם פון זיין נשמה. און וועהרענד דער אונגליקליכער אַלטער פאָטער האָט געוויינט און געקלאַגט, האָט קאַלאַטין אויסגעשריען:

„ניין, אַלטער! נעהם ניט אוועק אַ טהייל פון מיינע שמערצען! זאָל קיינער נאָך איהר ניט טרויערען אָדער וויינען, זיא בעלאַנגט אין גאַנצען צו מיר, און איך אַליין דאַרף זיין דעריעניגער נאָך איהר אויסצודריקען דעם גרעסטען שמערץ און פערצווייפלונג!"

איינער פון דיא העררען, אַ געוויסער ברוטוס, וועלכער איז דערביי געשטאַנען און ארויסגעצויגען דאָס מעסער פון לוקרעציא'ס ברוסט — דיעזער ברוטוס איז געווען בעקאַנט אַלס אַ גרויסער וויטצלינג, אָבער דאָס בילד פאַר זיינע אויגען האָט איהם געמאַכט פאַר ערנסט.

„קאַלאַטין!" האָט ער געזאָגט, „ווערסטו מיט דיעזען שמערץ היילען אַן אנדערן שמערץ? אזא קינדישע בענעהמונג פּאַסט ניט פאַר דיר. דיין עדעלע פרוי האָט זיך געטויטעט און דערמיט האָט זיא אויסגעשפּראָכען דעם טויטעס אורטהייל פון דיין שונא. מוטהיגער רוימער! וויין ניט, דערטרינק ניט דיין הארץ אין טרעהרען, זאָנדערן קניע דאַ מיט מיר און לאָמיר ערוועקען דעם צאָרן פון דיא רוימישע געטער, אז זיי וועניגסטענס זאָלען ניט צולאָזען אזא ניעדערטרעכטיגקייט ווען דאָס רוימישע פאָלק ועט שווייגען. לאָמיר שווערען. ביי דיעזען הייליגען בלוט, ביי'ם הימעל, ביי דער זונן און ביי דער

ערד און ביי אונזער פאטערלאנד, וויא אויך ביי דיעזען מעסער, אז מיר וועלען זיך נוקם זיין פאר דעם בלוט פון דיעזער עדעלער דאמע!"

ביי דיעזע ווערטער האט ער מיט זיין האנד זיך געגעבען א קלאפ אויף זיין ברוסט און געקושט דאס מעסער וואס האט געענדיגט דיא שבועה.

דאן האבען אלע אנוועזענדע ווידערהאלט דיעזעלבע שבועה. נאכהער האבען זיי גענומען לוקרעציא׳ס טויטען קערפער און איהם אוועקגעפיהרט קיין רוים.

אנקומענדיג קיין רוים, האבען זיי דעם קערפער צוגעבראכט נעבען קאפיטאל, וואו א גרויסע מענגע מענשען האט זיך פערזאמעלט.

ברוטוס, אין פייערדיגע ווערטער, האט אנגעפאנגען צו רעדען צום רוימישען פאלק. ער האט אנגעוויעזען אויף דער טויטער אלס דער קרבן פון געמיינהייט און לומפעריי, און אנגעצייגט, אז דאס אלעם קומט פון דעם קעניגליכען הויז.

דאס האט אזוי אויפגעבראכט דאס רוימישע פאלק, אז עס האט אנגעפאנגען אן אלגעמיינע בעוועגונג וואס האט געפיהרט דערצו, אז דער קעניג מיט זיין גאנצער פאמיליע זיינען פערטריעבען געווארען פון רוים, און אנשטאט א מאנארכיע, איז אין רוים געגרינדעט געווארען א רעפובליק, וואו קאנסולען האבען רעגיערט דאס פאלק.

— ענדע —

# יוליוס צעזאַר.



ען דאַרף זיין אַ גרויסער און אַ נאָבעלער מענש, אום צו קענען בעשטייגען דעם טראָהן פון וועלטליכער בע־ריהמטקייט און בעוואונדערונג.

יוליוס צעזאַר, דער אונגעקרוינטער הערשער פון רוים, איז דאָס אַלעס געווען.

אָבער ווען מען בעשטייגט דעם טראָהן פון וועלטליכער בעריהמט־קייט און בעוואונדערונג, ווערט מען שטאָלץ, אָפטמאָל אַ ביסעל פרעך, און מען שטרעבט צו נאָך העכערעס. מען וויל דאַן בעשטייגען די וואָלקען, און דאַן דעם הימעל. זעהר ווייניג מענשען האָבען געקענט איבערשטעהן די נסיונות פון ניט וועלען שטייגען העכער, ווי עס איז זיי ערלויבט.

רוים האָט פיעל געליטען פון איהרע אויטאָקראַטען, דיקטאַטאָרס און טיראַנען. זי האָט דערפאַר געוואָלט זיין פריי פון אַזעלכע ברואים.

ווי געזאָגט, איז יוליוס צעזאַר געווען רוים'ס אונגעקרוינטער הער־שער. ער איז געווען אַ גרויסער גענעראַל, אַ גרויסער שטאַאַטסמאַן, אַ היס־טאָריקער, אַ געלערנטער, בקיצור, אַ מושלם בכל המעלות. ער האָט זעהר פיעל אויפגעטהאָן פאַר רוים, און רוים איז געווען בערייט איהם צו בעלוינען מיט פיי־וואָס, אפילו מיט אַ קרוין.

אמת, ער האָט זיך געקוויינקעלט, נאָר יענע, וועלכע האָבען איהם גוט געקענט, האָבען געוואוסט, אז דאָס איז נאָר אַ פראַגע פון צייט, און יוליוס צעזאַר וועט, פריהער אדער שפּעטער, ווערען רוים'ס אימפּעראַטאָר.

צווישען זיינע געגנער האָבען זיך געפונען צווייערליי מענשען, איינע, וועלכע האָבען זיך גלאַט אַן איהם מתקנא געווען, און די אַנדערע, וואָס האָ־

בען איהם זעהר געליעבט פאר זיין גרויסער טהעטיגקייט, נאָר זיי האָבען מעהר געליעבט זייער פאָטערלאַנד, און אום צו בעשיטצען דיעזעס פאָטער־לאַנד, זיינען זיי געווען בערייט צו שטירצען זייער בעסטען פריינד.

אין דער שפּיטצע פון די קאָנספּיראַטאָרס זיינען געשטאַנען צוויי מענער, וואָס האָבען רעפּרעזענטירט די צווייערליי מענשען. דער ערשטער איז געווען קאַסיוס, וועלכער האָט געהאַט אַלטע חשבונות מיט צעזאַר'ן. ער האָט איהם געהאַסט, בעסער געזאָגט, זיי האָבען זיךביידע ניט ליעב געהאַט. דער צווייטער איז געווען מאַרקוס ברוטוס, איינער פון די מעכטיגסטע בירגער אין רוים און אַ פּערזענליכער פריינד פון צעזאַר'ן. ברוטוס האָט ווירקליך געליעבט צעזאַר'ן און צעזאַר האָט דיעזע ליעבע ערווידערט. אָבער ברוטוס האָט זיך געמערקט ניט נור צעזאַר'ס וואַקסענדע פּאָפּולאַריטעט, נאָר אויך זיין וואַקסענדען חשק צו מעהר קראַפט און מאַכט אין אריינקריגען די קרוין.

צווישען צעזאַר'ס פריינדע און בלינדע פערעהרער האָט זיך געפונען מאַרקוס אַנטאָניוס, אַ טיכטיגער גענעראַל און אַ פּאָפּולערער מענש. מאַרקוס אַנטאָניוס האָט טאַקע ליעב געהאַט רוים, אָבער ער האָט ליעבער געהאַט צעזאַר'ן. ער איז עס געווען איינער פון יענע, וואָס האָט געוואָלט ארויפ־זעטצען אַ קרוין אויף צעזאַר'ס קאָפּ, און צעזאַר האָט בלומר'שט ניט געוואָלט.

די קאָנספּיראַטאָרס האָבען אָבגעהאַלטען פערזאַמלונגען און בע־שפּראָכען די לאַגע.

איינמאָל, בשעת די קאָנספּיראַטאָרס זיינען געווען פערזאַמעלט, האָט דאָס פאָלק געמאַכט צעזאַר'ן אַ געוואַלטיגע אָוואַציע, און מאַרקוס אַנטאָניוס האָט איהם דריי מאָל דערלאַנגט אַ קרוין, און ער האָט דאָס צוריקגעוויעזען.

די קאָנספּיראַטאָרס האָבען בעשלאָסען, ניט מעהר צו וואַרטען נאָך אויף אַזאַ נסיון.

צעזאַר פלעגט געהן אין קאַפּיטאָל, וואו די סענאַטאָרען זיינען געווען פערזאַמעלט, אום דאָרט צו פאַסירען געזעטצע און שאַפען מאַסרעגעלען פאַר רוים'ס רעגיערונג.

ביי דיעזער געלעגענהייט האָבען זיך פערזאַמעלט די קאָנספּיראַטאָרס און איינער פון זיי האָט אויך געבעטען פון צעזאַר'ן אַ קלייניגקייט, בעפרייען

זיין פערשיקטען ברודער. אלע קאָנספּיראַטאָרס האָבען פאַר איהם געבעטען, אפילו ברוטוס אויך. אָבער צעזאַר איז געבליעבען האַרט ווי א שטיין, און זיך ניט געלאָזט בויגען.

דאַן האָט דער קאָנספּיראַטאָר קאַסקאַ אויסגעשריען:

„רעדט איהר, הענד, פאַר מיר!“

דאָס איז געוועזען דער סיגנאַל.

קאַסקאַ האָט געשטאָכען צעזאַר׳ן אין האלז. צעזאַר האָט אָנגעכאַפּט זיין אָרים. אָבער נאָכהער האָבען איהם די איבריגע קאָנספּיראַטאָרס אויך געשטאָכען. דער לעצטער איז געוועזען ברוטוס.

צעזאַר האָט די גאַנצע צייט געשוויעגען. נאָר ווען ער האָט געזעהען זיין פריינד ברוטוס איהם שטעכען, האָט ער אויסגעשריען:

„עט טו ברוטע?“ (אויך דו ברוטוס?), „דאַן פאַלל, צעזאַר!“

מיט דיעזע ווערטער איז ער געשטאָרבען.

„פרייהייט! פרייהייט! טיראַניי איז טויט!“ האָבען געשריען די קאָנספּיראַטאָרס.

עס איז געוואָרען א גרויסער טומעל, און ברוטוס, מיט ענטשלאָסענהייט, האָט אויסגערופען:

„פאָלק און סענאַטאָרען, דערשרעקט זיך ניט; ענטלויפט ניט, בלייבט שטיל — אמביציע האָט בעצאָהלט איהר חוב!“

אָבוואָהל כמעט אלע קאָנספּיראַטאָרס האָבען געוואָלט, אז אַנטאָניוס זאָל אויך שטאַרבען, נאָר ברוטוס האָט זיי אָבגעהאַלטען דערפון. ער האָט אויך געטהאָן לפנים משורת הדין און ערלויבט, ערשטענס, א גרויסע לויה פאַר צעזאַר׳ן, און צווייטענס, אז מאַרקוס אַנטאָניוס זאָל איהם מספיד זיין.

ברוטוס איז געוועזען זיכער, אז דאָס פאָלק וועט האַלטען מיט די קאָנספּיראַטאָרס, און קיינער קען גאָר ניט קאַליע מאַכען. אָבער דאָ האָט ער געהאַט א ביטערען טעות, פאַר וועלכען ער האָט טהייער בעצאָהלט.

בשעת צעזאַר׳ס קערפּער איז נאָך געלעגען אויף דער ערד, אין בלוט, האָט ברוטוס איבערגעגעבען דיעזען קערפּער צו אַנטאָניוס׳ען מיט דער בעדינגונג, אז ער זאָל איהם צובערייטען צום קבר און אָבהאַלטען א הספד,

אַבער, ער זאָל זיין פּאָרזיכטיג מיט זיין שפּראַך. אַנטאָניוס האָט פּער־שפּראָכען.

אַלע זיינען דאַן אוועק און אַנטאָניוס האָט זיך געווענדעט צום טויטען צעזאַר:

„אַך, ענטשולדיג מיר, דו שטיק בלוטענדע ערד,
„וואָס איך בין אזא עניו, אזוי צאַרט מיט די קצבים!
„דו ביסט די חורבות פון דעם נאָבעלסטען מענשען
„וואָס האָט נאָר ווען עס איז געלעבט אין די צייטען.
„וועה צו די הענד, וואס האָבען פערגאָסען דיעזעם טהייערע בלוט!
„איבער דיינע וואונדען, יעצט, פּראָפּעצייהע איך, —
„וואונדען וואס עפענען זייערע שטומע מיילער מיט רובינען ליפּען
„צו בעטען מיין צונג זאָל יעצט ריידען, —
„א פלוך זאָל זיין אויף די גליעדער פון מענשען;
„היימישע איבערקעהרעגנישען און ווילדע פּאָלקס' מחלוקת,
„זאָלען צושמעטערען אַלע טהיילען פון איטאַליען.
„בלוט און צושטערונג זאָלען אזוי געברויכט ווערען,
„און שרעקליכע זאַכען זאָלען זיין אזוי אָפּט,
„אז מוטערס זאָלען בלויז שמייכלען ווען זיי וועלען זעהען
„זייערע עופה'לאַך צופערטעלט מיט די הענד פון מלחמה,
„יעדעס ביסעל רחמנות זאָל דערוואָרגען ווערען!
„און צעזאַר'ס גייסט, פערלאַנגענדיג נקמה,
„מיט אַלע ביי זיין זייט, קומענדיג היים פון גיהנום,
„זאָל אין דיעזען לאַנד מיט א מאָנאַרכען־שטימע
„אויסשרייען: „פערניכטונג!" און אָבלאָזען די קריעגס־הינד;
„אז דיעזע שמוטציגע טהאַט זאָל שמעקען איבער דער ערד
„מיט נבלה־מענשען, קרעכצענדיג פאַר א קבר".

דאָס זיינען אַנטאָניוס'עס ווערטער, אזוי שנעל ווי ער איז געווען אַליין. און מיר מערקען זיך באַלד וואָס אין זיין נשמה האָט זיך אָבגעטהאָן.

דערפאַר איז רוים געגאַנגען אויף רעדלאַך, און ברוטוס איז אוועק

צום פארום, וואו א גרויסער אונרוהיגער עולם איז געווען פערזאמעלט. דארט האט ער אזוי געזאגט:

„רוימער, לאנדסלייט און געליעבטע מיינע! הערט מיך אין מיין אנגעלעגענהייט. זייט רוהיג, כדי איהר זאלט קענען הערען. גלויבט מיר אויף מיין עהרע, און רעספעקטירט מיין עהרע, כדי איהר זאלט מיר קענען גלויבען. זאל זיך אין אייך ערוועקען א געפיהל, כדי איהר זאלט קענען זיין בעסערע ריכטער. אויב צווישען דיעזע פערזאמעלטע געפינט זיך א טהייערער פריינד צעזאר'ס, צו איהם זאג איך, אז ברוטוס'עס ליעבע צו צעזאר'ן איז ניט געווען קלענער ווי זיינע. ווען דיעזער פריינד וועט דאן פרעגען, ווארום ברוטוס איז אויפגעשטאנען געגען צעזאר'ן, וועט דאס זיין מיין ענטפער: ניט ווייל איך האב געליעבט צעזאר'ן וועניגער, נאר ווייל איך האב געליעבט רוים מעהרער. וואלט איהר בעסער וועלען, אז צעזאר זאל לעבען, און איהר זאלט אלע שטארבען אלס שקלאפען, ווי אז צעזאר זאל זיין טויט און איהר זאלט לעבען אלס פרייע מענשען? אזוי ווי צעזאר האט מיך געליעבט, וויין איך פאר איהם; אזוי ווי ער איז געווען גליקליך, פרעה איך מיך פאר איהם; אזוי ווי ער איז געווען בראוו, עהרע איך איהם; אזוי אבער ווי ער איז געווען אמביציעז, האב איך איהם געטויט. איך האב טרעהרען פאר זיין ליעבע, פרייד פאר זיין עטהיק, עהרע פאר זיין בראווקייט, און טויט פאר זיין אמביציע. ווער איז דא אזוי ניעדריג, וואס וואלט וועלען זיין א שקלאף? אויב עס איז דא אזעלכער, זאל ער זיך אברופען, ווייל איהם האב איך בעליידיגט. ווער איז דא אזוי גראב, וואס וויל ניט זיין קיין רוימער? אויב עס איז דא אזעלכער, זאל ער זיך אברופען, ווייל איהם האב איך בעליידיגט. ווער איז דא אזוי געמיין, וואס ליעבט ניט זיין פאטערלאנד? אויב עס איז דא אזעלכער, זאל ער זיך אברופען, ווייל איהם האב איך בעליידיגט. איך בלייב שטעהן ווארטען פאר אן ענטפער“.

דאס גאנצע פאלק האט אויסגעשריען: „קיינער, ברוטוס, קיינער!“

ברוטוס האט דאן פארטגעזעצט:

„דאן האב איך קיינעם קיין בייז ניט געטהאן!“

וועהרענד דיעזען טומעל איז אנגעקומען צעזאר'ס קערפער בעגלייטעט פון פאלק און מארקוס אנטאניוס.

דאָ פאָלגט דער פיעל־בעריהמטער הספד פון מאַרקוס אַנטאָניוס:

„פריינדע, רוימער, לאַנדסלייט, לייהט מיר אייערע אויערן.
„איך קום בעגראָבען צעזאַר'ן, ניט לויבען איהם,
„דאָס גוטע ווערט אָפט אריינגעלעגט מיט זייערע ביינער.
„אזוי זאָל עס זיין מיט צעזאַר'ן. דער נאָבעלער ברוטוס
„האָט אייך געזאָגט, אז צעזאַר איז געווען אַמביציעז.
„אויב דאָס איז אזוי געוועז, דאָס איז געווען א ביטערער חסרון.
„און ביטער האָט צעזאַר דערפאַר בעצאָהלט.
„דאָ, מיט דער ערלויבנים פון ברוטוס'ען און די אנדערע —
„ווייל ברוטוס איז אן עהרען־מאַן,
„אזוי זיינען די אנדערע, אלע עהרענלייט, —
„קום איך צו ריידען ביי צעזאַר'ס לויה.
„ער איז געווען מיין פריינד, געטריי און גערעכט צו מיר,
„אָבער ברוטוס זאָגט, ער איז געווען אמביציעז,
„און ברוטוס איז אן עהרען־מאַן.
„ער האָט אהיים געבראַכט פיעלע געפאַנגענע קיין רוים,
„מיט וועמענס אויסלייז־געלד ער האָט אָנגעפילט די לאַנדס־קאַסע.
„האָט דאָס אויסגעזעהען אמביציעז אין צעזאַר'ן?
„ווען די ארימע האָבען געשריען, האָט צעזאַר געוויינט.
„אמביציע איז געמאַכט געוואָרען פון א האַרטערען מאַטעריאַל.
„דאָך, זאגט ברוטוס, אַז ער איז געווען אמביציעז,
„און ברוטוס איז אן עהרען־מאַן.
„איהר האָט אלע געזעהען, אז אויף ליפערקאַל
„האָט מען איהם דריי מאָהל איבערגערייכט א קעניגליכע קרוין
„וואָס ער האָט דריי מאָהל צוריקגעוויזען: איז דאָס אַמביציע?
„דאָך, זאָגט ברוטוס, אז ער איז געווען אמביציעז,
„און, געוויס, ער איז דאָך אן עהרען־מאַן.
„איך רייד ניט אָבצולייקענען וואָס ברוטוס האָט געזאָגט,
„אָבער איך בין דאָ צו ריידען וואָס איך וויים;
„איהר האָט איהם אלע אמאָל געליעבט, ניט אָהן אורזאַכע,

„וואָס האַלט אייך אַלזאָ צוריק, ניט צו בעקלאָגען איהם ?
„אַך, פערשטאַנד, ביזט אנטלאָפען צו ברוטאַלע חיות
„און מענשען האָבען פערלאָרען זייער שכל ! האַלט מיט מיר ;
„מיין האַרץ איז אין ארון, דאָרט, מיט צעזאַר'ן,
„און איך מוז אויסוואַרטען, ביז עס וועט צו מיר צוריק קומען".

דער הספד האָט געמאַכט א גרויסען רושם אויף די אנוועזענדע. דער עולם האָט אָנגעהויבען צווייפלען, וועך עס האָט רעכט. מען האָט ארויס־געזעהען, אז אַבוואָהל ברוטוס איז אַן עהרענמאַן, פונדעסטוועגען איז אַ גרוי־סער ספק, אויב ער האָט געהאַט א רעכט צו טויטען צעזאַר'ן.

אַנטאָניוס האָט פאָרטגעזעצט :

„ערשט נעכטען וואָלט צעזאַר'ס וואָרט
„געשטאַנען געגען דער וועלט ; יעצט ליעגט ער דאָרט,
„און קיינער איז ניטאָ ארום, איהם אָבצוגעבען כבוד.
„אַך, הערדען, ווען איך וואָלט געוועזען גענייגט אויפצורעגען
„אייערע הערצער און געדאַנקען צו אויפשטאַנד און צאָרן,
„וואָלט איך געוועזען אונגערעכט צו ברוטוס'ען און צו קאַסיוס'ען,
„וועלכע, ווי איהר אַליין ווייסט, זיינען עהרענהאַפטע מענער,
„איך וויל זיי ניט טהאָן קיין אונרעכט ; איך קלייב בעסער אויס
„צו זיין אונגערעכט געגען די טויטע, אונגערעכט צו מיר, צו אייך,
„ווי צו זיין אונגערעכט צו אזעלכע עהרענמענער.
„אָבער דאָ האָט איהר א פּאַרמענט, מיט צעזאַר'ס זיעגעל, —
„איך האָב עס געפונען אין א שראַנק, — עס איז זיין צוואה.
„זאָל בלויז דאָס פּראָסטע פאָלק האָבען זיין צוואה, —
„וועלכע, ענטשולדיגט מיר, איך דענק ניט פאָרצולעזען, —
„און זיי וואָלטען באַלד געלאָפען און געקושט צעזאַר'ס וואונדען
„און געטונקט זייערע האַנד־טיכלעך אין זיין הייליגען בלוט.
„יא, געבעטען א האָאר פון איהם, אלס אנדענקען,
„און שטאַרבענדיג, דאָס דערמאָהנען אין זייער צוואה,
„דאָס איבערלאָזענדיג אלס א טהייערע זאַך
„צו זייערע נאָכקומען".

אַט אזוי האָט אנטאָניוס גערעדט סאַרקאַסטיש, צווײדײטיג, געהײמ־ניספאָל, און ארויסגערופען גרויסע נײגיעריגקײט צווישען פאָלק.

אַנטאָניוס, אָהן א ספק, איז געווען, אין אָנפאַנג, א פּאָליטיקער. ער האָט ניט געוואַגט עפענטליך ארויסצוטרעטען געגען די קאנספּיראַטאָרס; ער האָט מורא געהאַט פאַר זײ. אין זײן הארצען אָבער, האָט געקאָכט דער צאָרן פאַר אויפרעגונג־געגען יענע, וואס האָבען געטויטעט צעזאַר'ן.

דער כאַראַקטער פון מאַרקוס אַנטאָניוס איז געווען זעהר אַן אינטע־רעסאַנטער. ער אַלײן איז געווען א לעבע־יונג, העכסט אריסטאָקראַטיש ערצויגען און געזאָנגען, און ווען ער האָט איבערדרייכט צעזאַר'ן א קרוין, האָט ער געוואָלט, מיט ליבע און זעלע, זעהען צעזאַר'ן אלס אימפּעראַטאָר פון רוים.

רוים אלס מאָנאַרכיע וואָלט איהם בעסער געשמעקט, מעהר פערגע־ניגען פערשאַפט.

אין דער זעלבער צײט האָט אַנטאָניוס גאַנץ גוט געוואוסט, אז צעזאַר וויל די קרוין; אז דאָס איז זײן אײנציגע שטרעבונג. אָבער צעזאַר איז געווען פאָרזיכטיג. ער האָט מורא געהאַט, טאָמער איז נאָך די צײט ניט געקומען פאַר אַזאַ האנדלונג, און ער האָט געוואַרט.

ווען אנטאָניוס האָט איבערדרייכט צעזאַר'ן די קרוין, האָט דאָס פּאָלק אפּלאָדירט; ווען צעזאַר האָט צוריקגעוויזען די קרוין, האָט דאָס פּאָלק ווידער אפּלאָדירט.

דאָס איז געווען, איז און וועט, וואהרשײנליך, נאָך אויף זעהר לאַנג, פערבלײבען דער כאַראַקטער פון פּאָלק: מען וועט איהם קענען בויגען אהין און אַהער, און ער וועט בעגײסטערט ווערען, אדער אויפגערעגט, צושטימען אָדער צוריקווײזען דיעזעלבע זאַך אין דער זעלבער צײט.

אנטאָניוס איז געווען בערײט אויף אַלעמען, דאָס הײסט, געהן מיט דער ברוטוס־חברה און אויפטרעטען געגען דער ברוטוס־פּאַרטײ. ער האָט אָבער געוואָלט פריהער זײן זיכער, אויב ער איז אויף א פעסטען באָדען.

און דאָס פּאָלק איז געווען בערײט אויסצופאלגען אירגענד א סענ־טימענט, וואָס וועט צו איהם מעהר אַפּעלירען.

אַט איז דאָס פאָלק געווען אויף ברוטוס'עס זייט, אַט איז עס געווען אויף דער אנדערער זייט.

אנטאָניוס האָט דערמאָהנט א צוואה, און דערביי בעמערקט, אז דאָרט איז עפּעס דאַ פאַר'ן פּראָסטען פאָלק. די מאַסע איז געוואָרען נייגיע־ריג און שוין געוואָלט וויסען. פון אַלע זייטען האָט מען געפאָדערט ער זאָל זאָגען, וואָס אין דער צוואה שטעהט.

הערט זיין פּאָליטישען ענטפער:

„האָט געדולד, צארטע פריינד, איך דארף עס ניט לעזען;
„עס פּאַסט גאָר ניט, איהר זאָלט וויסען, ווי צעזאַר האָט אייך געליעבט.
„איהר זייט ניט קיין האָלץ, קיין שטיין, נאָר מענשען,
„און זייענדיג מענשען, האָבענדיג צעזאר'ס צוואה,
„וועט דאָס אייך אָנצינדען, עס וועט אייך משוגע מאכען.
„עס איז בעסער, איהר זאָלט וויסען, אז איהר זייט ניט זיינע יורשים;
„וויל, ווען איהר זאָלט וויסען, אָך, וואָס עס וואָלט געוואָרען!"

ער האָט זיי מיט דיעזע ווערטער נאָך מעהר נייגיעריג געמאכט. מען האָט אָנגעפאנגען צו שטורמען פון אַלע זייטען, און ער האָט געענטפערט:

„ווילט איהר זיין געדולדיג? ווילט איהר ווארטען א ביסעל?
„איך בין ארויס פון די כלים, וואָס איך האָב עס אייך געזאָגט.
„איך האָב מורא, איך בין אונגערעכט געגען די עהרען־מענער,
„וועמענס קינזשאַלען עס האָבען דערשטאָכען צעזאַר'ן; איך האָב מורא!"

אזוי האָט אנטאָניוס ארויסגעלאָזען די קאַטץ פון זאַק, אז ער האָט מורא, און דאָס פאָלק איז אָנגעצונדען געוואָרען.

„פעררעטהער!" האָט זיך געהערט פון אַלע זייטען, געגען די היג־יכטער פון צעזאר'ן.

אנטאָניוס האָט געענטפערט:

„איהר צווינגט מיך, אַלזאָ, איך צו לעזען די צוואה?
„מאכט דאן אן עיגול ארום צעזאַר'ס קערפּער,
„און לאָמיך אייך ווייזען איהם, וואָס האָט געמאכט די צוואה.
„זאָל איך ארונטערגעהן? וועט איהר מיר ערלויבען?"

די אויפרעגונג פון דער מאַסע איז געשטיגען, און אַנטאָניוס, צו־געהענדיג צו צעזאַר׳ס קערפּער, האָט ער פאָרטגעזעצט:

„אויב איהר האָט טרעהרען, זייט פאַרבערייטעט זיי יעצט צו פערגיסען.
„איהר קענט אַלע דיעזען מאַנטעל; איך געדענק
„דאָס ערשטע מאָהל, ווען צעזאר האָט איהם אָנגעטהאָן.
„עס איז געווען א זומער־אבענד, אין זיין געצעלט,
„אין דעם טאָג, ווען ער האָט בעזיעגט די נערוויס.
„זעהט, אין דיעזען פּלאַץ איז דורכגעגאנגען קאסיוס׳עס קינזשאַל;
„זעהט נור וואס פאר א ריס קאסיוס האָט געמאכט.
„דורך דיעזען האָט דער בעליעבטער ברוטוס געשטאָכען,
„און ווי ער האָט ארויסגעצויגען זיין פערפלוכטען שטאָהל,
„מערקט זיך, ווי צעזאַר׳ס בלוט האָט איהם נאָכגעפאָלגט,
„וואו ארויסלויפענדיג פון דער טהיר, צו זיין ענטשלאָסען
„אויב ברוטוס האָט אזוי אונבארמהערציג געקלאַפּט, אָדער ניין,
„וייל ברוטוס, ווי איהר ווייסט, איז געווען צעזאר׳ס ענגעל.
„אורטהיילט, איהר געטער, ווי צעזאר האָט איהם געליעבט!
„דאָס איז געווען דער ערגסטער שניט פון אַלע.
„וייל, ווען דער נאָבעלער צעזאר האָט איהם געזעהען שטעכען,
„אונדאַנקבארקייט, מעהר ווי דעם פעררעטהער׳ס האנד,
„האָט איהם גאנץ בעזיעגט; דאַן האָט געפּלאַצט זיין מעכטיגעס הארץ.
„און, אין דיעזען מאַנטעל, איינהיעלענדיג זיין געזיכט,
„ביים פוס פון פּאָמפּעיוס׳עס סטאַטוע,
„וואו עס האָט זיך געגאָסען אין מיטען בלוט, איז צעזאר געפאַלען.
„אך, וואס פאר א פאַל דאָס איז געווען, מיינע לאַנדסלייט!
„דאַן זיינען מיר, איהר און אַלע פון אונז געפאַלען,
„ווערהענד בלוטיגער פעררעטהע האָט געשוועבט איבער אונז.
„אך, איצט וויינט איהר, און איך בעמערק, אז איהר פיהלט
„דאָס מיטלייד, דיעזע זיינען רחמנות־טרעהרען.
„גוטע נשמות, וואָס, איהר וויינט, ווען איהר זעהט בלויז
„אונזער צעזאר׳ס מלבוש פערוואונדעט? קוקט נאָר אהער,

„דאָ איז ער אַליין, צוריסען, װי איהר זעהט, פון פעררעטהער".

אַנטאָניוס איז ארױס אין זיין אמת'ער פארב. די אױפרעגונג פון פּאָלק איז געװאָרען אונגעהײער. און אום נאָך מעהר אָנצוצינדען דעם פּאָלק'ס צאָרן, האָט ער זײ איבערגעגעבען דעם אינהאַלט פון דער צוואה בזה הלשון:

„צו יעדען רוימישען בירגער גיט ער·

„צו יעדען מאַן, פינף־און־זיעבציג דראכמאַס".

דער עולם איז געװאָרען װילד פאר אױפרעגונג. אַנטאָניוס זאָגט װײטער:

„נאָך מעהר, ער האָט איבערגעלאָזען אַלע זײנע טעראַסען,

„זײנע פּריװאַט גערטנער און זײנע נײ־געפּלאַנצטע פרוכט־גערטנער,

„אױף דיעזער זײט טיבער; ער האָט זײ געלאָזען פאר אייך,

„און צו אײערע יורשים אױף אײביג, אַלגעמײנעס פערגעניגען,

„דאָרט צו שפּאַציערען, װאו איהר זאָלט זיך ערהאָלען.

„דאָס איז געװען צעזאַר! װען װעט איהר האָבען נאָך אזוינעם!"

זיין ציעל איז שוין פאָרלױפיג געװען עררײכט. ער האָט גענוג צורײצט דאָס פּאָלק.

קאסיוס האָט רעכט געהאַט, אין אָנפאַנג, װען ער האָט געראַטהען ברוטוס'ען, אבצוראַטען אַנטאָניוס'ען פון װעג. ברוטוס האָט עס ניט געװאָלט. ער האָט זאָגאר ערלױבט אנטאָניוס'ען מספּיד צו זיין צעזאַר'ן, און דאָס איז געװען דער סוף פון דעם הספד.

בשעת דאָס איז אָנגעגאַנגען, איז אָנגעקומען א דיענער און מודיע געװען אַנטאָניוס'ען, אז יוליוס צעזאַר'ס ברודער, אָקטאַװיוס צעזאַר, איז אָנ־געקומען קיין רױם.

די געגען־קאָנספּיראַציע איז געװען אין פולען גאַנג.

מען קאָן ניט אָבלײקענען, יוליוס צעזאַר איז געװען א גרױסער מענש און א פעהיגער מענש. ער האָט פיעל גוטעס געטהאָן פיר רױם. דאריבער האָט דאָס פאלק געװאוסט. דאָס פּאָלק האָט ניט געקענט בליקען אזױ װײט װי ברוטוס האָט געבליקט. פונדעסטװעגען זעהט מען, אז אין אָנפאַנג האָט דאָס פּאָלק געגלױבט ברוטוס'ען און גערענקט, ניט װיסענדיג, מסתמא האָט ער רעכט.

און, עס איז צום אורטהיילען, דאס אין פאַל ברוטוס וואָלט גע־שפּיעלט דעם טיראַן, דערשטיקט יעדע שטימע פון פּראָטעסט און געוואָרען באַלד א דיקטאַטאָר, וואָלט זיך צעזאַר׳ס טויט אַנדערש געענדיגט. אַזוי אָבער, ווי ברוטוס האָט צופיעל געטרויט אויף זיך און אויף דעם געוויסען פון פאָלק, האָט די גאַנצע אנגעלעגענהייט אָנגענומען אַן אנדער ווענדונג.

די געגען־קאָנספּיראַציע האָט געמאַכט פּאָרשריטע.

עס איז תמיד גרינג ארויסצורופען א צד שכנגדו, גערעכט אָדער אונגערעכט. אַנטאָניוס, דער אריסטאָקראַט, דער פערגעטערער פון צעזאַר׳ן, האָט געארבייט אויף טיש און אויף ביינק און צוזאמענגעשטעלט אַן ארמעע. מיט זיך האָט ער גענומען אקטאַוויוס צעזאַר. דאַן האָבען זיי צוגעצויגען עמיליוס לעפּידוס און אַלע צוזאמען האָבען געבילדעט א טריומ־וויראַט אָדער רעגענטשאַפט נאָך צעזאַר׳ן.

מיר טרעפען זיי אַלע דריי אין אנטאָניוס׳עס הויז, און דאָרט קומט פאָר פאָלגענדעס געשפּרעך:

בשעת אנטאָניוס האלט א ליסטע אין דער האנד, זאָגט ער אַזוי:

„אָט דיעזע אַלע, דאָ בעצייכענט, מוזען שטאַרבען“.

„און דיין ברודער וועט אויך מוזען שטאַרבען,“ האָט אקטאַוויוס בעמערקט, זיך ווענדענדיג צו לעפּידוס׳ן, „בעשטעהסטו דאַרויף?“

„יאַ, איך בעשטעה“, האָט לעפּידוס געענטפערט, „אָבער מיט דער בעדינגונג, אַז סובטיוס, דער זוהן פון מארקוס אנטאָניוס׳עס שוועסטער, זאָל אויך ניט לעבען.“

„ער זאָל ניט לעבען!“ האָט מארקוס אנטאָניוס ערקלעהרט, און אַזוי בעצייכענט זיין נאָמען אין דער ליסטע.

מיר מערקען זיך אַלזאָ דאָ, ערשטענס, אַז די געגען־קאָנספּיראַציע האָט שטאַרק אויסגעוואַקסען און אָנגענומען אַן ערענסטען כאראקטער, און, צווייטענס, אַז די אָריגינעלע קאָנספּיראַציע האָט אין זיך געהאַט די פּראָ־מינענטעסטע פּערזאָנען פון רוים און עס זיינען דאָרט געווען פערטרעטען די מיטגליעדער פון די העכסטע פאַמיליען.

די אָריגינעלע קאָנספּיראַטאָרס, וואָס האָבען אָבגעשאַפט צעזאַר׳ן פון וועג, האָבען שנעל ערפאַהרען ווי געפעהרליך עס איז געווען צו לאָזען לעבען

מארקוס אַנטאָניוס און ווי נאַרריש עס איז געוועזן איהם צו לאָזען אָבהאַלטען דעם הספד ביי צעזאַר׳ס לויה.

אָבער ווי שנעל עס איז געוועזן, איז עס אויך געוועזן צו שפּעט. פון אַלע זייטען האָבען זיי ערהאַלטען די נאַכריכט, אז דעם שונא׳ס מאַכט שטייגט. טענות, ווערטער, האָבען זיי מעהר ניט גענוצט. מאַכט האָט דאָ געדאַרפט ענטשיידען ווער עס האָט רעכט.

ברוטוס און קאַסיוס זיינען געשטאַנען אַן דער שפּיצע פון דער פרייהייטס־בעוועגונג. זיי זיינען אויך געוועזן די אויבער־קאָמאַנדאַנטען איבער צוויי גרויסע אַרמעען, וואָס האָבען געדאַרפט ערשיינען אויפ׳ן שלאַכט־פעלד געגען די אַרמעען פון דעם טריומוויראַט.

עס איז קיין צווייפעל, אז ברוטוס און קאַסיוס האָבען זיך געליעבט ווי ברידער, און אפשר נאָך מעהר ווי ברידער. דאָך, וועהרענד ברוטוס איז געוועזן די אָפענע עהרליכקייט און ערנסטקייט, איז קאַסיוס געוועזן אַ מענש מיט אַ פערביסענעם כאַראַקטער און מאַנכע האָבען געמורמעלט געגען זיין עהרליכקייט.

ווי די זאַך איז, ברוטוס האָט געהאַט אורזאַכען צו זיין געגען איהם אין כעס. ער האָט אָבער קיין געלעגענהייט ניט געהאַט מיט איהם זיך אויס־צוטענה׳ן, ביז ער האָט געהייסען קאַסיוס זאָל צוקומען מיט זיין אַרמעע.

קאַסיוס איז געקומען אוןביידע האָבען געזאָלט אַרויסרוקען געגען שונא.

אָבער די בעגעגנונג פון ברוטוס און קאַסיוס, איז געוועזן זעהר אַ דראַמאַטישע און זי דאַרף איבערגעגעבען ווערען.

ברוטוס, דער רוהיגער און איבערלעגטער, האָט אונטערדריקט זיין צאָרן. קאַסיוס האָט שוין פון לאַנג געהערט קלאַגען געגען זיך און ער האָט געוואָלט געניי וויסען וואָס דאָס איז. ער האָט זיך אַלזאָ געוואָלט אויס־טענה׳ן מיט איהם אין פראָנט פון דער אַרמעע. ברוטוס האָט איהם אריינ־גערופען אין געצעלט.

„ברוטוס!“ האָט קאַסיוס אָנגעפאַנגען מיט ערביטערונג, „דו האָסט געגען מיר זעהר מיאוס געהאַנדעלט.“

„לאָמיך דיר זאָגען, קאַסיוס“, האָט ברוטוס געענטפערט, „דו אליין

האָסט אַ בייסענדע דאָלאָניע צו פערקויפען און פערשאַכערען דיינע אָפיצירען פאר גאָלד צו אונווירדיגע."

„איך, א בייסענדע דאָלאָניע?" האָט קאַסיוס געדונערט. „דו ווייסט, אַז דו ביזט ברוטוס, וואָס זאָגט אזעלכע ווערטער. זאָנסט, ביי די געטער שווער איך, אַז דאָס וואָלט געווען דיין לעצטעס וואָרט."

„דיין נאָמען קאַסיוס", האָט ברוטוס וויטער בעמערקט, „עהרט דיעזע קאָרופּציאָן. וואָס זאָל איינער פון אונז זאָגען — איינער, וועלכער האָט ניעדערגעשלאָגען דעם גרעסטען מענשען אין דער וועלט — איהם זאָל מען בעשולדיגען מיט כאַבאַר? איך וואָלט בעסער זיין א הונד און בילען צו דער לבנה, ווי צו זיין אזא רוימער."

„ברוטוס!" האָט קאַסיוס אויסגעשריען, „ביל ניט געגען מיר, ווייל איך וועל עס ניט דערלאָזען, דו פערגעסט דיך. איך בין א סאָלדאַט, עלטער אין פּראַקטיקע, רוהיגער ווי דו צו מאַכען בעדינגונגען!"

„געה שוין געה, דו ביזט ניט קאַסיוס!"

„איך בין עס!" האָט קאַסיוס אויסגעדונערט.

„איך זאָג דו ביזט עס ניט!"

„רייץ מיך ניט מעהר, ווייל איך וועל מיך פערגעסען, גיב אכטונג אויף דיין געזונד, ברענג מיך ניט צו קיין נסיון."

„אוועק פון דאַנען, דו קליינליכער מענש!"

„איז דאָס מעגליך?" האָט קאַסיוס געפרעגט אַנגעצונדען מיט צאָרן.

„הער מיך אויס", האָט ברוטוס געזאָגט, „איך וויל רעדען: מוז איך מיך אונטערגעבען צו דיינע איבעראיילטע אויפרעגונג? זאָל איך מיך דערשרעקען, ווען א משוגענער בליקט צו מיר אַזוי?"

„געטטער! געטטער! מוז איך דאָס אַלעס פערטראָגען?" האָט דער פערצווייפעלטער קאַסיוס געשריען.

„דאָס אַלעס? ניין, מעהר, פיעל מעהר! ביז דיין שטאָלצעס האַרץ וועט צובראָכען ווערען. געה, וויז דיינע שקלאַפען וואָס פאר אַן אויפגערעגטע בריאה דו ביזט. מאַך זיי זאָלען ציטערן. מוז איך דיך אַכטען? מוז איך מיך קימערן? איך שווער דיר ביי די געטער, דו זאָלסט אַליין אויפעסען דיין

איינענעם גיפט, ווען דו זאָלסט אפילו מוזען פּלאַטצען. פון הײנט אָן און ווייטער וועל איך מיך בענוטצען מיט דיר מיר פרעהליך צו מאַכען."

„האָט עס שוין אזוי ווייט דערגרייכט?" האָט קאַסיוס געפרעגט ניט ווימענדיג ווייטער וואָס צו זאָגען.

„דו בעהויפּטעסט, אַז דו ביזט אַ בעסערער סאָלדאַט. גוט, בעווייז עס. ווען דו וועסט עס טהון, וועט עס מיר אויך געפעלען ווערען. פון מיין זייט, וועט עס מיך פרעהען צו לעהרנען פון נאָבעלע מענשען".

„דו ביזט אונגערעכט געגען מיר," האָט קאַסיוס געענטפערט ווערענ־דיג ווייכער. „אונגערעכט ברוטוס! איך האָב געזאָגט אַן עלטערער סאָלדאַט, ניט קיין בעסערער. האָב איך געזאָגט אַ בעסערער?"

„אויב דו האָסט עס געזאָגט, קימערט עס מיך ניט."

„יא, ווען צעזאר האָט געלעבט, האָט ער ניט געוואַגט מיך אַזוי אָנצוריהרען."

„שטיל, שטיל, דו וואָלסט ניט געוואַגט איהם צו ברענגען צו אַזאַ נסיון."

„איך וואָלט ניט געוואַגט?"

„ניין!"

„פאר וואָס?"

„פאר דיין לעבען!"

„ברוטוס, ברוטוס, שטעל ניט צו פיעל אויף מיין ליעבע צו דיר. איך קען נאָך טהון עפּעס פאר וועלכען איך זאָל חרטה האָבען."

„דו האָסט שוין געטהון דאָס, פאר וועלכען דו דאַרפסט חרטה האָבען. קאַסיוס, אין אַלע דיינע סטראַשונקעס ליעגט ניט קיין שרעקליכעס, ווייל איך בין אַזוי גוט בעוואָפענט מיט עהרליכקייט, אַז אַלעס געהט נעבען מיר פאַראיבער ווי אַ פוסטער ווינד. דו ווייסט, איך האָב צו דיר געשיקט נאָך געוויסע סומען געלד, וואָס דו האָסט זיך ענטזאָגט מיר צו געבען, איך קען ניט צוזאַמענברענגען קיין געלד אויף אַ שמוטציגען אופן. ביים הימעל, שווער איך, אַז איך וואָלט בעסער אויסגעשמאָלצען מיין הארץ און געמאַכט פון מיין בלוט דראַכמעס, ווי ארויסצורייסען עפּעס פון די שווער פערהאָרעוועטע הענד פון די בויערן. איך האָב צו דיר געשיקט נאָך געלד צו בעצאָהלען מיינע

לעגיאָנען, אָבער דו האָסט זיך ענטזאַגט. האָסטו געהאַנדעלט ווי קאַסיוס האָט בעדאַרפט האַנדלען? וואָלט איך דיר אויך אַזוי געענטפערט?"

„איך האָב דיר ניט ענטזאַגט."

יא, דו האָסט יא ענטזאַגט!"

„ניין, יענער וואָס האָט דיר צוריקגעבראַכט מיין ענטפער, איז געווען א דומקאָפּ. ברוטוס, דו האָסט צוריסען מיין האַרץ. א פריינד זאָל דולדען זיין פריינד'ס חסרונות. ברוטוס האָט גרעסער געמאַכט מיינע פעהלער ווי זיי זיינען."

„איך האָב עס ניט געטהון, ביז דו האָסט מיר ניט פּוגע געווען."

„דו ליעבסט מיך ניט."

„איך ליעב ניט דיינע פעהלערען."

„א פריינד'ס אויגען זאָלען קיינמאָל ניט זעהן אזעלכע פעהלערען;"

„א שמייכלער'ס אויגען זעהען ניט אזעלכע פעהלערען, אָבוואָהל זיי ערשיינען אַזוי גרויס און אַזוי הויך ווי דער באַרג אָלימפּ".

דאַן האָט קאַסיוס אויסגעשריען:

„קומט אנטאָניוס און יונגער אָקטאַוויוס, קומט,
„זייט איהר אליין די נוקמים אן קאַסיוס'ען,
„ווייל קאַסיוס איז שוין מיעד פון דער וועלט.
„געהאַסט פון דעם וואָס ער ליעבט, געררייצט פון זיין ברודער,
„צוריקגעהאַלטען ווי א שקלאַף, אלע זיינע חסרונות בעמערקט,
„פערשריעבען אין א נאָטיץ־בוך, אויסגעלערנט און אויסגעשטעלט
„מיר זיי צו וואַרפען אין פּנים אריין. אך, איך וואָלט געקענט
„אויסוויינען דעם גייסט פון מיינע אויגען! דאָ איז מיין קינזשאַל,
„און דאָ האָסטו מיין נאַקעטע ברוסט; אינווענינ איז דאָ א האַרץ,
„טהייערער פון פּלוטוס'עס מינע, רייכער פון גאָלד;
„און אזוי ווי דו ביזט א רוימער, נעהם עס ארויס.
„איך, וואָס האָב דיר ענטזאַגט גאָלד, וועל דיר געבען מיין האַרץ.
„שטעך אריין, ווי דו האָסט געטהאָן צעזאַר'ן, ווייל איך ווייס,
„ווען דו האָסט איהם שטאַרק געהאַסט, האָסטו איהם בעסער געליעבט,
„ווי דו האָסט ווען געליעבט קאַסיוס'ען".

ברוטוס איז געווען אויסער זיך, ווען, זייענדיג שטארק געריהרט, האט ער אויסגעשריען:

„שטעק צוריק אריין דיין קינזשאל...
„אך, קאסיוס, ביזט פעראייניגט מיט א ליב,
„וואס טראגט כעס, ווי דאס פלינט־האלץ טראגט פייער,
„ועלכעס, ווען שטארק גערייקט, ווייזט עס א שנעלעז פונק
„און באלד איז עס ווידער אפגעקיהלט".

אט אזוי האבען די צוויי אלטע פריינד זיך באלד איבערגעבעטען.

זייער געגענזייטיגער פריעדען איז געווען שטארק נעטהיג, אום ניט צו דעמאראליזירען די ארמעע. אבער פון זייער געשפרעך קען מען זיך מערקען אז יענע מוטהיגע ענטשלאסענהייט, יענע געגענזייטיגע פערשטענדניס פון אמאל, האט שוין געפעהלט צווישען זיי.

אמת, זיי האבען זיך איבערגעבעטען, זיך פערצייהעט, נאר עס איז געווען געצוואונגען.

דאך האט מען בעדארפט פיעלעס ערווארטען פון אזא שטארקען כאראק־טער ווי ברוטוס איז געווען, אבער עס האט נאך עפעס פאסירט אין זיין לעבען פונקט צו יענער צייט.

ברוטוס האט געהאט א פרוי, פארטיא, מיט אלע מעלות. זי איז געווען וואונדער שעהן, קלוג און מיט אלע מעלות. זי האט געליעבט ברוטוס'ן מיט דער גאנצער מאכט פון איהר יונגע ברוסט. און ברוטוס האט ערווידערט דיעזע ליעבע.

אט דיעזע נאבעלע פרוי, האט ברוטוס צוריקגעלאזען אין רוים, וועה־רענד ער האט זיך צוריקגעצויגען מיט דער ארמעע אויפ'ן שלאכטפעלד, דער־וויל האבען מארקוס אנטאניוס און אקטאוויוס צעזאר געהאט א גרויסען ערפאלג און צוזאמענגענומען א מעכטיגע ארמעע.

פארטיא האט דאס אלעס בעמערקט און שטודירט. אויס ערגערניס און שמערץ איבער איהר מאן'ס געפאהר, איז זי קראנק געווארען, און געשטארבען.

ווען דיעזע שרעקליכע בשורה האט דערגרייכט ברוטוס'ען, האט דאס איהם געמאכט איינפאך גאר אויס מענש.

אָבער ווען יעדער האָט זיך צוריקגעצויגען אין זיין לאַגער, האָט ברו־טוס ניט געקענט ענטשלאָפען ווערען, ער האָט גערופען זיין דיענער און זיך געהייסען געבען וויין — פיעל וויין, ביז ער זאָל קענען אָן אַלעמען פערגעסען.

זיין פערשטאַנד איז געווען א וואונדערבאַרער, ער האָט געקענט געבען קלאָהרע פלענער וועגען שלאַכט, אָבער דער שמערץ פון זיין פרוי'ס טויט האָט איהם צוזאַמענגעדריקט.

שמאַכטענדיג אונטער דעם גרויסען שמערץ פון איין זייט און זייענדיג בעטרונקען פון דער צווייטער זייט, האָט ער דערוויייל איינגעדרעמעלט, און איהם האָט זיך געדוכט, אַז צעזאַר'ס גייסט ערשיינט אין זיין געצעלט ביים שיין פון ליכט.

„ווער קומט דאָרט?", האָט ברוטוס געפערגט אין טויט־שרעק.

„דיין שלעכטער גייסט, ברוטוס," האָט צעזאַר'ס גייסט געענטפערט.

„צו וואָס קומסטו?"

„דיר צו זאָגען, אַז דו וועסט מיך זעהען אין פיליפי".

פיליפי איז געווען דער פלאַטץ, וואו עס איז בעשטימט געוואָרען, אַז די מלחמה זאָל אויסגעקעמפפט ווערען.

„אויב אזוי," האָט ברוטוס שטאָלץ געענטפערט, „וועל איך דיך זעהן אין פיליפי."

דאַן איז דער גייסט פערשוואונדען געוואָרען.

אָט דאָס אלעס צוזאַמען האָט געהאַט זעהר פיעל צו טהון מיט ברו־טוס'עס שטימונג.

מיר בעגעגענען דאַן אלע קעמפפענדע ארמעען אויפ'ן שלאַכט־פעלד ביי פיליפי.

ווי עס האָט אָפטמאָל פּאַסירט אין אלטע צייטען, פלעגעןביידע פיינדליכע אַרמעען לאַגערן נאָהענט פון אַן אַנדער, און איידער מען האָט גע־געבען דעם סיגנאַל צו דער שלאַכט, האָבען די גענעראַלען פון ביידע זייטען זיך דערוויייל בעגעגענט און זיך אָפטמאָל אויסגערעדט זייערע הערצער.

אַנטאָניוס, אָקטאַוויוס, ברוטוס און קאַסיוס קומען זיך אַלזאָ אלע צוזאַמען.

וועהרענד דיעזען געשפּרעך, האָט מאַרקוס אַנטאָניוס וויעדער אויסגעבראָכען אין צאָרן פון זידלען און בעליידיגען פאַר צעזאַר׳ס טויט.

קאַסיוס האָט זיך געווענדעט צו ברוטוס׳ן און געזאָגט:

„זעהסטו ברוטוס, דאָס קומט דיר צו פערדאַנקען, דומע צינגער וואָלטען היינט קיינעם ניט בעליידיגט ווען קאַסיוס וואָלט רעגיערט.“

ביידע מענער, אי ברוטוס, אי קאַסיוס, האָבען אויסגעזעהן לאַנגזאַם צו פערליערען זייער מוטה.

קאַסיוס האָט צוגערופען זיין אַדיוטאַנט מעססאַלא און צו איהם אזוי געזאָגט:

„מעססאַלא, היינט איז מיין געבורטסטאָג, גיב מיר דיין האַנד מעססאַלא, עס איז געגען מיין ווילען, וואָס מיר שטעלען אַלע אונזערע פרייהייט׳ען אויף איין שלאַכט. איך הייב אָן צו גלויבען אין זאַכען, וואָס צייגען אָן פאָראויס אויף דער צוקונפט. קומענדיג פון סאַרדיס, זיינען אַנגעפאַלען צוויי מעכטיגע אָדלערס אויף אונזער פריהעריגען לאַגער. זיי האָבען זיך דאָרט׳ען אָבגעשטעלט זיך אָנפרעסענדיג מיט פלייש פון אונזערע סאָלדאַטען, דאַן האָבען זיי אונז נאָכגעפאָלגט קיין פיליפּי. היינט אין דער פריה זיינען זיי אוועקגעפלויגען. אַנשטאָט זיי זיינען געקומען וואָראָנעס, סאָראָקעס און רויבפייגעל. פליהענדיג איבער אונזערע קעפּ און קוקענדיג ארונטער אויף אונז, פּונקט ווי מיר וואָלטען געוועזען קראַנקע אָנגעגרייט פאַר זייער רויב; זייערע שאַטענס זעהען אויס ווי אַ געפעהרליכע דעק איבער אונזערע ארמעען.“

מעססאַלא האָט געענטפערט: „גלויב ניט אין דעם.“

זיך ווענדענדיג צו ברוטוס׳ן, האָט קאַסיוס געזאָגט:

„יעצט, נאָבעלער ברוטוס,
„די געטער זיינען היינט פריינדליך צו אונז, אז מיר זאָלען
„געליעבטע אין פריעדען, פיהרען אונזערע טעג ביז צו דער עלטער!
„אזוי אָבער ווי דאָס מענשליכע שיקזאַל איז אונזיכער,
„לאָמיר זיך פאָרשטעלען דאָס ערגסטע, וואס קען קומען.
„אויב מיר פערליערען דיעזע שלאַכט, דאַן איז דאָס
„דאָס לעצטע מאָל וואס מיר ריידען צוזאַמען.
„וואס ביזטו ענטשלאָסען צו טהאָן?“

ברוטוס איז געווען צומישט, ער האט ניט געקענט בעשליסען וואס עס זאל זיין, וואס עס זאל געשעהען. קאסיוס האט פארטגעזעצט:

„אויב אזוי, דאן, ווען מיר פערליערען דיעזע שלאכט,
„ביזטו צופריעדען צו זיין געפיהרט אין טריאומף
„דורך די גאסען פון רוים?"

ברוטוס האט אויסגעשריען:

„ניין, קאסיוס, ניין. קענסטו דאס דענקען איבער א נאבעלען רוימער,
„אז ברוטוס וועט געהן א געפאנגענער קיין רוים?
„ער טראגט צו א הויכען געדאנק. אבער דיעזער טאג
„מוז קריעגען אלעס, וואס דאס מערץ שיקזאל האט אנגעפאנגען.
„אויב מיר ווערען זיך נאך אמאל בעגעגענען, ווייס איך ניט.
„דערפאר, לאמיר זיך געזעגענען אויף אייביג
„אויף אייביג און אייביג. אדיע, קאסיוס!
„אויב מיר וועלען זיך נאך אמאל בעגעגענען, וועלען מיר שמייכלען,
„ווען ניט, דאן איז דיעזעס געזעגענען גוט".

אט אזוי האבען זיי זיך געשיידט, יעדער איז אוועק צו זיין ארמעע אום אנצופאנגען די לעצטע ענטשיידענדע שלאכט.

די שלאכט האט אנגעפאנגען. וויטהענד האבען געקעמפפט ביידע צדדים.

קאסיוס איז אהנע צווייפעל געווען א גרויסער גענעראל, אבער גלייך ווי דאס שיקזאל וואלט איהם פערפאלגט. אזוי האט עס זיך געפיהרט, דאס אנשטאט ער זאל זיך אויסצייכענען, האט גאר ברוטוס געפיהרט זיין ארמעע צו ערפאלג, וועהרענד קאסיוס האט ערליטען א גרויסע ניעדערלאגע.

איז דאס געווען דערפאר, ווייל ער האט זיך בעריהמט, אז ער איז א בעסערער קאמאנדאנט און קריעגער פון ברוטוס'ן?

טיטינוס, איינער פון קאסיוס'עס בעסטע אפיציערען, אויף וועמען קאסיוס האט פיעל געשטעלט, איז געפאנגען געווארען פון שונא, פונקט דא־מאלס, ווען קאסיוס האט גערעכענט, אז יענער פליעגעל וועט נאך פיעללייכט ראטעווען דיא שלאכט פאר איהם.

קאַסיוס האָט געהאט א דיענער, פינדאַריוס. ער האָט איהם צוגעווי־פען און אַזוי געזאָגט:

„קום נאָר אהער, דו.
„אין פּארטהיא האָב איך דיך געפאַנגען.
„דאַן האָסטו מיר געשוואָרען, פאַר ראַטעווען דיין לעבען,
„אַז אַלעס וואס איך וועל דיר הייסען טהאָן, וועסטו טהאָן.
„יעצט האָסטו א געלעגענהייט. האַלט דיין שבועה.
„דו ביזט א פרייער מענש, און מיט דיעזען גוטען שווערד,
„וואָס האָט דורכגעשטאָכען צעזאַר'ס קישקעס, בעזוך דיעזען בוזים.
„ענטפער מיר ניט; דאָ, נעהם אָן דאָס שווערד ביים שטיעל;
„און ווען מיין געזיכט איז באדעקט, ווי יעצט,
„שטעך אריין דאָס שווערד. — צעזאַר, עס איז דיין נקמה,
„מיט דעם זעלבען שווערד, וואס האָט דיך דערשטאָכען!"

מיט דיעזע ווערטער, דורכגעבויערט פון דעם שווערט אין פינדאַרוס'עס האַנד, איז קאַסיוס געפאַלען טויט.

דערווייל איז בעקאַנט געוואָרען, אז ברוטוס האָט דערגרייכט א גרוי־סען זיעג. די ניעדערלאַגע פון קאַסיוס'ען איז אַלזאָ נייטראַליזירט געוואָרען דורך ברוטוס'ען, און עס האָט נאָך ניט געהייסען, אז דער טאָג איז פערלאָרען.

אָבער דערווייל האָט מען געפונען קאַסיוס'עס טויטען קערפּער. די נאַכריכט איז געבראַכט געוואָרען צו ברוטוס'ען, און דאָס האָט איינפאַך פאַ־ראַליזירט די גאַנצע טהעטיגקייט.

ברוטוס איז געוועזען אויסער זיך. ער האָט איבערגעלאָזט האַק און פאַק און איז געלאָפען זעהן קאַסיוס'עס טויטען קערפּער.

„אך, יוליוס צעזאַר, דו ביזט נאָך אימער מעכטיג!
„דיין גייסט וואַנדערט ארום און קעהרט אום אונזערע שווערטען
„אין אונזערע אייגענע בייכער אריין".

ברוטוס איז געבליעבען ווי פון א דונער דערשלאָגען איבער דיעזער קאַטאַסטראָפע. דאַן האָט ער פאָרטגעזעצט:

„פריינדע, איך בין דיעזען טויטען שולדיג מעהר טרעהרען
ווי איהר וועט מיך זעהען יעצט בעצאָהלען.

„איך וועל געפינען צייט, קאסיוס, איך וועל געפינען צייט.
„נעהמט און פיהרט אוועק זיין קערפער קיין טהאסאס.
„זיין לויה זאל ניט זיין אין אונזער לאגער.
„פיעלייכט וועט עס אונז ענטמוטהיגען. קום, לוסילוס,
„און קום, יונגער קאטא, לאמיר געהן אויפ'ן שלאכטפעלד.
„לאבעא און פלאוויוס, פאנגט אן די שלאכטען,
„עס איז בלויז דריי א זייגער, און, רוימער, ביז נאכט
„זאלען מיר פרובירען אונזער גליק אין א צווייטער שלאכט"

וואלט קאסיוס געלעבט, וואלט ער ניט בעגאנגען קיין זעלבסטמארד, דאן וואלט ער, אלס געאיבטער גענעראל, געקענט פיעל העלפען ברוטוס'ן אין זיין לעצטער אנשטרענגונג געגען דעם שונא. אבער ער האט זיך גענומען דאס לעבען און דערמיט האט ער געבראכט א דאפעלטען שאדען. ערשטענס, וואס ער האט אוועקגענומען א פעהיגען קריעגער, און צווייטענס, וואס ער האט שטארק ענטמוטהיגט זיינע פריינדע.

אונטער דיעזע אומשטענדען, האט אנגעפאנגען די לעצטע אנשטרענגונג.

ברוטוס מיט זיינע אנהענגער זיינען געווען ענטמוטהיגט. אנטאניוס מיט זיינע אנהייגער, זיינען געווען ערמוטהיגט. ברוטוס האט פונדעסטוועגען פרובירט צו אפעלירען צו זיינע נאכפאלגער מיט פאלגענדע מוטהיגע ווערטער:

„איהר, לאנדסלייט מיינע, האלט אייערע קעפ אין דער הויך!"

קאטא האט געענטפערט:

„װעלכער ממזר טהוט עס ניט? ווער וועט געהען מיט מיר? איך בין דער זוהן פון מארקוס קאטא, א שונא פון טיראנען און דער פריינד פון מיין פאטערלאנד. איך בין דער זוהן פון מארקוס קאטא, פאלגט מיר נאך!"

„און איך בין ברוטוס!" האט ברוטוס אויסגעשריען, „מארקוס ברוטוס, מיין פאטערלאנד'ס פריינד; איהר קענט מיך אלע אלס ברוטוס".

אט מיט דיעזע ווערטער האבען זיי זיך געשטירצט אין דער שלאכט.

ניין, מוטה האט ניט געפעהלט, אבער קאטא איז געווען דער ערשטער

צו פערליערען זיין לעבען. ביי א צווייטען אנגריעף, האט מען געפאנגען לוסילוס׳ן, און אנדערען וויכטיגען גענעראל.

אויף אזא ארט האט עס זיך עם אנגעפאנגען, און מען האט זיך שוין געקענט מערקען דעם רעזולטאט.

מיר זעהען פערזאמעלט פאלגענדע פערזאנען: ברוטוס מיט זיינע מענשען און אדיוטאנטען דארדאניוס, קליטוס, סטראטא און וואלומינוס.

„קומט, איהר ארעמע איבערגעבליעבענע!" האט ברוטוס געזאגט, „לאמיר זיך אברוהען אויף דיעזען שטיין. קום אהער קליטוס, זעטץ זיך דא נעבען מיר. הרג׳ענען איז היינט דאס פאסיר־ווארט. עס איז אין דער מאדע. הער נאר..."

דערביי האט ער איהם עפעס איינגערוימט אין אויער.

„וואס!" האט קליטוס אויסגעשריען. „וואס רעדט איהר, מיין הערר? ניט פאר דער גאנצער וועלט!"

„ש־ש־ש . . . קיין ווארט," האט ברוטוס געמורמעלט.

„איך וואלט מיך בעסער אליין גע׳הרג׳עט," האט קליטוס ווייטער גע־זאגט שוידערענדיג.

„הער נאר דארדאניוס," האט ברוטוס פארטגעזעצט און איהם אויך עפעס איינגערוימט אין אויער.

„זאל איך טהון אזא זאך?" האט דארדאניוס אויסגערופען דע־ר שראקען.

„וואס פאר א שלעכטען אנטראג האט דיר ברוטוס געשטעלט?" האט קליטוס געפרעגט.

„איהם צו הרג׳ענען", האט דארדאניוס געענטפערט.

„יעצט," האט קליטוס געזאגט, „איז די נאבעלע כלי אזוי פול מיט שמערצען, אז זי לויפט איבער ביי די אויגען."

וואס פאר א פראכטפאללער אויסדרוק דאס איז פאר וויינען!

„קום נאר אהער, גוטער וואלומינוס," האט זיך ברוטוס געבעטען. „הער אוים בלויז איין ווארט."

„וואס ווילט איהר מיר זאגען, מיין הערר?"

„אט הער, וואלומינוס, צעזאר׳ס גייסט איז צו מיר ערשיענען איינינע

מאָל ביי נאַכט, איין מאָל אין סאַרדוס, און לעצטע נאַכט דאָ, אויפ'ן שלאַכט־פעלד פון פיליפי. איך פערשטעה אז מיין לעצטע שטונדע איז געקומען."

„אָה ניין, מיין הערר!" האָט וואלומינוס געענטפערט טרייסטענד.

„ניין, ניין, וואלומינוס. איך בין זיכער. דו זעהסט דאָך ווי עס געהט אונז, וואלומינוס, אונזערע שונאים האָבען אונז בעזיעגט."

דערוייל הערט זיך אַ גרויסער קריעגס־געשריי און טומעל.

„גוטער וואלומינוס," האָט ברוטוס פאָרטגעזעצט, „דו געדענקסט דאָך ווען מיר זיינען ביידע צוזאמען געגאַנגען אין שולע. איך בעט דיך, ביי אונזער ליעבע, האַלט דו מיין שווערד, ווערענד איך פאַל דארויף".

„אָך, ברוטוס, דאָס איז ניט די עבודה פון אַ פריינד".

דער גערויש פון מלחמה שטאַרקט זיך פון אַלע זייטען.

„ענטלויפט, מיין הערר!" האָט קליטוס זיך געבעטען ביי ברוטוס'ען. „איהר קענט דאָ מעהר ניט פערווייլען."

„אַדיע אייך אַלע!" האָט דאַן ברוטוס געזאָגט. „סטראַטאָ, דו ביזט די גאַנצע צייט געשטאַנען. אַדיע אייך אַלע, מיינע לאַנדסלייט. מיין האַרץ איז נאָך אַלץ פול מיט פרייד, וואָס איז מיין גאַנצעם לעבען, האָב איך נאָך ניט געפונען קיין מענשען וואָס איז מיר ניט געווען טריי און איבערגעבען. איך האָב עהרע אין דיעזען טאָג פון פערלוסט — מעהר עהרע ווי אָקטאַוויוס און מאַרקוס אַנטאָניוס וואָס זיי קענען דערגרייכען פון דיעזען זיעג. אַדיע אייך אַלע, ווייל ברוטוס'עס צונג האָט שוין ביינאַהע געענדיגט זיין געשיכטע. די נאַכט הייננגט איבער מיינע אויגען. מיינע ביינער ווילען רוהען, נאָכדעם ווי זיי האָבען געאַרבייט צו דערגרייכען דיעזע שטונדע."

דער קריעגס־געשריי ווערט גרעסער און גרעסער. מען בעט ברוטוס'ן פון אַלע זייטען צו אַנטלויפען. ער וויל ניט. אַלע פערלאָזען איהם אויסער סטראַטאָ.

זיך ווענדענדיג צו סטראַטאָ'ן האָט ער געזאָגט:

„איך בעט דיך, בלייב דו מיט דיין הערר. דו ביזט אַ גאַנץ גוטער יונג. דיין לעבען האָט אין זיך געהאַט אַ ביסעל עהרענהאַפטעס. האַלט דו מיין שווערד און ווענד אָב דיין געזיכט, ווערענד איך וואַרף זיך דארויף."

„גיב מיר פריהער דיין האנד," האט סטראטא געזאגט. „אדיע מיין הערר!"

„אדיע גוטער סטראטא!" ער האט איהם געגעבען די האנד. דאן האט ברוטוס פארטגעזעצט: „צעזאר, יעצט זיי שטיל. איך האב דיך ניט גע'הרג'עט אפילו מיט א העלפט פון אזא גוטער ענטשלאָסענהייט."

זאגענדיג דיעזע ווערטער, האט סטראטא אויפגעהויבען דאס שווערד, אויף וועלכען ברוטוס האט זיך געווארפען און געפאלען טויט.

מארקוס אנטאניוס, וועלכער האט מספיד געווען צעזאר'ן, האט אויך מספיד געווען ברוטוס'ן.

אנטאניוס האט געטראפען ברוטוס'עס טויטען קערפער און ער האט אזוי געזאגט:

„ער איז געווען דער נאבעלסטער רוימער פון אלע.
„אלע קאנספיראטארס, מיט אויסנאהמע פון איהם,
„האבען געטהאן וואס זיי האבען געטהאן אויס קנאה צו צעזאר'ן.
„בלויז ער, אין אלגעמיינעם עהרליכען געדאנק
„און פאר דאס גוטע פון אלעמען, איז ער געווען איינער פון זיי.
„זיין לעבען איז געווען צערטליך; און די עלעמענטען
„זיינען אין איהם געווען אזוי אויסגעמישט, אז נאטור וואלט
„געמעגט זאגען צו דער וועלט: דאס איז געווען א מענש!"

—— ע נ ד ע. ——



